# לייענט אין קומענדיקן נומער

■

צום 70־טן געבורטסטאָג פון פּערעץ מאַרקיש — ווערק פון דעם דיכטער: אַן אָקטיאַבער־ליד, פראַגמענטן פון דער ניט־פאַרענדיקטער פּאָעמע „דער פּערציקיאָריקער מאַן“.

■

דעם צווייטן טייל פון **הערשל פּאָליאַנקערס** ראָמאַן „דער בעקער פון קאַלאַמייע“.

■

די לעצטע קאַפּיטלען פון **אַווראָם קאַהאַנס** היסטאָרישן ראָמאַן „פאַרברעכן און געוויסן“.

■

א לידער־ציקל פון דעם ייִדיש־סאָוועטישן דיכטער **פּייסעך בינעצקי**.

■

„נאָטיצן פון אַן אויספּרוּוו־פּליִער“ פונעם העלד פון סאָוועטן־פאַרבאַנד **מאַרק גאַליי**.

■

רייזע־פאַרצייכענונגען פון **אַרן ווערגעליס**.

■

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסטר

פינפטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

10

אָקטיאַבער

1965

# אינהאלט

זײַט



## טריבונע פון לעבן



## ליטעראַטור און קונסט

# פון דער הײַנטצײַטיקער
# רוסישער סאָוועטישער דיכטונג



ס ע ר ג ײ   נ א ר אָ ו ו ט ש א ט אָ ו ו

## ראַס״ע

איך בין פארליבט אין דיר, ראסייע!
עס האָט פארקישעפט מיך דײַן ערד,
אָף קוליקאָווער פעלד, אין שנייען,
דער סויבע קניט אונטער דײַן שווערד.

איך בין פארליבט אין דיר, ראסייע!
עס קלאפט אין ברוסט בא מיר דער טראָט
פון דײַנע דרייסטע זין, וואָס גייען
מיט קעפ געהויבענע צום עשאפאָט.

נאָר ס׳קלינגט דײַן ליד דורך ציין פארפרעסטע
און א באפליגלטע זי זאָגט שוין אָן:
אָף באריקאדן פון דער רויטער פרעסניע
עס פלאטערט זיגעריש דײַן פאָן.

יאָ, אלץ געדענק איך! איך — דײַן זון און דיכטער,
דו ביסט, ראסייע, מײַן פרימאָרגנדיקע שײַן,
נאָר זאָג, פארוואָס דײַן רומפולע געשיכטע
איז דורכגעוועבט מיט וויי און פײַן?

ווײַל ביסט געווען, ווי יענער אָדלער,
פארשפארט — א מעכטיקע — אין שטײַג פון נויט.
דײַן הייליק בלוט אין די געזונטע אָדערן
האָט וויפל מאָל באזיגט דעם טויט.

און ענדלעך האָט א פלייץ געטאָן דײַן צאָרן
אָף די, וואָס האָבן דיך געפײַניקט און געיאָגט,
ווען ס׳האָט דער קנאל פון דער „אווראָרע“
דעם אָנקום פון באגינען אָנגעזאָגט.

דײַן ליד פאר דוירעס בלײַבט דאָס לעבעדיקע ברויט,
און דײַן געדולד — דער זיג איבערן טויט.
האָסט דײַנע סאָנים אָף די קני געשטעלט,
קעדיי צו שטעלן אָף די פיס א האלבע וועלט.

יִדיש — מ. ט יי ף.



## יעווגעני יעווטושענקאָ

# דער ליכט-דיספּעטשער

איך, דער ליכט־דיספּעטשער איזי קראַמער,
באַ דעם פּולט, ווי אַ סאָלדאַט, איך שטיי.
טאָק איך גיב די הײַזער און די קראַנען,
און קינאָ־קאָמעדיעס איך דריי.

אין די שטילע געסעלעך, אין סקווערן,
פֿאַרלעך בלאָנקען, ווי פֿון שטענדיק אָן...
עפּשער צופֿיל שײַנען די לאַמטערנס?
קאָן איך מאַכן טונקעלער, איך קאָן.

אוי, פֿאַרליבטע פּאָרלעך, איר געפֿעלט מיר!
שווער איז אָפּצוזוכן זיך אַ פּאָר.
פֿערציק יאָר — דאָס איז נאָך ניט די עלטער,
אָבער ס׳איז ניט ווייניק — פֿערציק יאָר.

נאָר איך וועל מײַן גורל ניט באַוויינען,
ס׳טרעפֿט, עס נייגט דער קאָפּ זיך אַף אַראָפּ...
אינעם מויל — אַרײַנגעשטעלטע ציינער,
און אינגאַנצן גרוי איז שוין מײַן קאָפּ.

די טורבינעס דרייען זיך און דרייען,
דאָ, אין בראַטסק, איך האָב אַ שטיקל שעם.
ערגעץ טיף אין מיר עס לעבן צווייען,
נאָר עס ווייסט ניט קיינער וועגן דעם.

איך בין דאָ און, ווי איר זעט מיך, דאָרטן,
דאָרט — אַ קאָרבן, דאָ — אַ גאַנצער העלד.
ריגער געטאָ, שטעכעדיקע דראָטן
האָבן מיך צעריסן אַף דער העלפֿט.

ביידע איזיס אין איין הויט פֿאַרבאָרגן —
איינער פֿרײַ, דער צווייטער איז געשמידט.
איינעם שרײַט מען: „כאַווער, אַ גוט־מאָרגן!“
און דעם צווייטן: „היי, פֿאַרשיווער זשיד!“

איינעם אויסגעפֿאַלן איז דער קאָוועד, —
ס׳ווערט עלעקטרע־שײַן דורך אים פֿאַרשפּרייט.
באַ דעם צווייטן איז אַ מאָגן־דאָוויד
צו זײַן גרויען אַרבל צוגענייט.

אָבער אין די פֿרילינג־נעכט די שפּעטע
שיט זיך ווײַסער צוויט אַף זײַנע האָר.
אַכצן יאָר — אַפֿילע אין דער געטאָ
זײַנען זיי ניט מער ווי אַכצן יאָר.

שרײַט אַרויס דאָס לײַב דורך אַלטע שמאַטעס
און כאַפּט אויף פֿון וועסנע יעדן קלאַנג.
ווי דאָס דאַווענען פֿון די אַלטע טאַטעס,
זײַנען ריווקעס האָר פֿאַרנעפּלט־לאַנג.

אַ פֿאַרשמאַכטע שעפּטשעט זי אַ טפֿילע,
נאָר די טפֿילע אַף די ליפּן צאַנקט.
און איך ווייס אַליין גאָר ניט אַפֿילע,
ווי צו מיר איר אָטעם־צוג דערלאַנגט...

אונדז אין אַ באַראַק מע האָט פֿאַרופֿן, —
אַ קאָנצערט וועט הײַנט אין געטאָ זײַן.
אויסגעצערטע, הויקערדיקע גופֿן,
שענערע מע לייגט אין גרוב אַרײַן.

שאָטנס נעמען דעם באַראַק פֿאַרפֿילן,
ריר זיי אָן — גלײַך ווערן זיי צעשטויבט...
ליודוויג וואַן בעטהאָווענען צו שפּילן,
ווײַל ער איז אַ דײַטש, האָט מען דערלויבט.

מוזיקאַנטן האָבן זיך געפֿונען.
פֿידעלע, אוי פֿידעלע, ניט וויין...
אַן אַנטבלויזטער נערוו איז יעדע סטרונע,
ס׳קאָן פֿון דעם צעוויינען זיך אַ שטיין.

ס׳קלאַפּט דער פּויק און וויל די שרעק פֿאַרטויבן,
פֿון דער טרויב איז איימעדיק דאָס קאָל,
ס׳דוכט זיך, אַז עס יאָמערן די טרויבן
פֿון די אויוונס, וווּ מע ברענט מײַן פֿאָלק...

אַלץ צוזאַמען זינגט שוין ניט, עס שרײַט שוין,
יעדע האַנט פֿאַרבײַלט זיך אין אַ פֿויסט.
און דער דײַטש בעטהאָווען קעגן דײַטשן,
ווי אַ גיבער, גייט אַרויס פֿאָרויס...

מיטן נאָמען פונעם גרויסן גאָען
האָבן זיי אהערצו אונדז פאַרנאַרט...
פּלוצעם אין א שיקערן שיגאָען
טוען די עסעסאָווצעס א שפּאַר.

א מעהומע ווערט און א געפּלאָנטער,
איינציקווייַז מע שלעפּט אונדז צו דער טיר.
אָפּגעריסן מיך פון מייַנע נאָ׳נטע,
אָפּגעריסן ריוועלען פון מיר...

...ס׳וויל קיין פרילינג־ווינטל דאָ ניט שוועבן,
פויגלען זינגען דאָ ניט זייער ליד,
מייַז אפילע ווילן דאָ ניט לעבן,
אונדז צום אָרט מע האָט דאָ צוגעשמידט.

דורך די נעכט צום אייבערשטן איך טייַנע
אָף דער נאַרע — שמוציק, האַרט און שמאָל:
— גאָט, באַפרייַ מייַן ריוועלען פון פּייַנען,
מאַך, אַז זי זאָל שטאַרבן מיטאַמאָל! —

גראָבנדיק באַם פּרויען־לאַגער ריוון,
האָב איך איינמאָל ריוועלען באַמערקט,
שיר זיך ניט צעשריגן: ריווע, ריווע! —
כ׳האָב דערפילט — א קנויל אין האַלדז מיך ווערגט.

צו דער ערד דעם קאָפּ אראָפּגעבויגן,
שוואַך און אומבאַהאָלפן, ווי א קינד,
איז זי מיר געקומען פאַר די אויגן,
ווי א טונקל רויכל אין א ווינט...

כ׳האָב געמיינט, אַז ס׳וועט מייַן האַרץ באַלד פּלאַצן, —
ניט געגלייבט, אַז דאָס איז אָף דער וואָר:
אין די ברייטע דייַטשישע מאַטראַצן
שטאָפּט זי יִדישע געקרויזטע האָר.

א קאַפּאָ איז פּלוצעם אָנגעקומען,
שווייַגנדיק א ווייַלע נאָכגעשפּירט.
נייַע שטיוועלעך האָט זי באַקומען,
נאָר זיי זייַנען ענג א ביסל איר.

אָט באַווייַזט זי אירע שווערע פויסטן,
עפנט אוף איר עקלהאַפטן פּיסק,
און זי צווינגט, אַז ריוועלע זאָל אויסטאָן
איר די שטיוול פון די גראָבע פיס.

„האָסט דעם קאַנטשיק מייַנעם ניט פאַרזוכט נאָך?
ניט צערייַס דעם זאָק! — זי טוט א ברום. —
נעם צעטראָג זיי, יִדישקע פאַרפלוכטע,
טו די שטיוול אָן און לויף אַרום!“ —

ריווקע שלאָגט אַרויס זיך פון די קויכעס, —
לויפט און לויפט און טוט א פאַל אָף דר׳ערד.
דייַטשן פון די וואַך־טורעמס די הויכע
קוקן צו און הירזשען, ווי די פערד.

— גאָט מייַן גאָט! — א וויסטער גרויל
באַפאַלט מיך. —
ראַטעווע מייַן ריווקען מיט א קויל...
כ׳וויל צו איר זיך לאָזן, מע פאַרהאַלט מיך,
ס׳האָט פאַרשטאָפּט א כאַווער מיר דאָס מויל.

און זי מאַכט א קרייַז, און צען, און הונדערט...
לויפט, און לויפט, און פאַלט, און שפּייַט מיט בלוט.
— גאָט, אויב דו ביסט דאָ, באַווייַז א וווּנדער,
מאַך, אַז זי זאָל שטאַרבן די מינוט!

לאָז זי אָף דער ערד אַן אויסגעשטרעקטע,
זאָל זי זיך ניט אופהייבן צוריק... —
ס׳ברענט די זון — א לאַגערנער פּראָזשעקטאָר,
פול מיט גרויל און וואַנזין אין איר בליק...

ס׳טוט א לעצטן פאַל איר גוף איר דאַרער,
ס׳ליגט דעם מיידלס גרויער קאָפּ אין קויט.
— סאָפּקאַלסאָף האָסטו זיך, גאָט,
דערבאַרעמט, —
ריווקע פילט מער גאָרניט — זי איז טויט... —

איך, דער ליכט־דיספּעטשער איזי קראַמער,
קוק אָף אייַך מיט פייַערן פון „געס“.
כ׳רויש אין צעכן מיט עלעקטרע־האַמערס,
מיט עלעקטרע־צוגן וועגן כ׳מעסט.

פאָרלעך האָבן ליב קאָנצערטן הערן.
אָף בעטהאָווענס א קאָנצערט איז פול.
נו, און איך? איך קלייַב זיך אייַך ניט שטערן,
כ׳זעץ זיך אָף א צוגעשטעלטן שטול.

אָבער ניין — ניט איך זעץ צו זיך דאָרטן,
און ניט דאָס איז וויכטיק, ווי איך קלער...
אָף פּיופּיטערס איך באַלויכט די נאָטן,
דאָ אין טייַגע שלינגענדיק א טרער.

יעדן מאָל, ווען אויסקומען עס וועט אייַך
צאָלן פאַר עלעקטרע־שייַן, איר זאָלט
זיך דערמאָנען יענע פרייַז, איך בעט אייַך,
וואָס ס׳האָט קראַמער פאַר דער שייַן באַצאָלט.

שיק איך ליכט אָף ווייַטע קילאָמעטערס,
יעדער טראָט זאָל באָדן זיך אין שייַן!
ס׳זאָל קיין שטעכעדיקער דראָט פון געטאָס
און קיין געלע לאַטעס מער ניט זייַן!

יִדן־סינע זאָל פאַרשווונדן ווערן,
פעלקער־פרייַנטשאַפט — זאָל זי זייַן געבענטשט!
זאָל מען מער דעם נאָמען „זשיד“ ניט הערן,
וואָס דערנידעריקט דעם נאָמען „מענטש“.

איזי קראַמערס נייַע וועלט — אָט איז זי, —
בראַטסק איז אייגן אים מיט יעדן שרויף.
נו, און ערגעץ וויינט און וויינט אַלץ איזי,
און זייַן ריווקע לויפט נאָך אַלץ און לויפט...

יִדיש — ראָכל בוימוואָל, זיאַמע טעלעסין.



אלעקסאנדער מעזשיראָוו

# דערמאָנונג
# וועגן דער פעכאָטע

די קוילן —
זיי קערן ביט אום זיך צוריק,
זיי קלאפן, קלאפן פארדומפן.
דאָס פײַער פון קוילנווארפער שנײַדט דאָס גראָז,
ווו עס ליגט די געפאר.
איך שלאָף,
און צוקאָפנס בא מיר
ליגן די סיניאווינער זומפן,
די פיס מײַנע
שפארן זיך אָן

אין דער לאדאָגע און אין דער ניעווא.

איך הייב אוף די וויִעס.
איך ליג אין א טאָג אין א הייסן.
איך בין מיד און פארשלאָפן.
איך טרינק פון א שײַטער ליכט.
און ווען איך קערעווע זיך אויס
פון דער רעכטער זײַט אף דער פלייצע,
נעמען סיניאווינער זומפן
כליפען אונטער מיר.

כ'שטיי אוף, און ווען איך מאך
דעם ערשטן טראָט אין אטאקע,
פארשווינדט דער פארבאָט אף ווינט,
פארשווינדט אף שלאכט דער פארבאָט,
עס קאטשעט זיך אָפ דער פראָנט,
די מילכאָמע דערגרייכט דעם רייכסטאג אויך.

ווען איך מאך
מײַן צווייטן
טראָט.
און ווײַסע פאָנען
הענגען ארויס
פײַנטלעכע גארניזאָנען.
זיי לייגן צונויף דאָס געווער
און אין א זײַט גייען אָפּ.
און אף מײַנע אקסל,
אף די גרינע מילכאָמע־פאָגאָנעס
קאפעט אין מײַ א רעגן,
און כ׳שטעל אים אונטער דעם קאָפּ.

אַלץ ווײַטער און ווײַטער איך גיי.
פון די אופרײַסן
קראכן פעלדזן,
און איך שפאן אריבער א יאם,
א וואסערפאל שטעל איך אָפּ.
דעם שוים פון פלזענער ביר
בלאָז איך אראָפּ אין פלזען,
בא די בראנדענבורגער טויערן
דאָס אש פון ציגײַער
איך טרייסל אראָפּ.

דער פרילינג ווערט שטארקער און שטארקער.
דאָס אײַז אף דער וועלט נעמט זיך רירן.
און איך —
אף די וועגן א שטויב הייב איך אוף,
און איך גיי, און איך מאָן:
איך פאָדער, דער קעגנער
זאָל פולשטענדיק קאפיטולירן,
צו די פיס פונעם מאָסקווער קרעמל
זײַנע פענער א שלײַדער כ׳זאָל טאָן.

ווען אין האלב־נאכט דרעמל איך אײַן,
נעמט עפעס כליופען פארדומפן,
כ׳לאָז אראָפּ די שווערע וויִעס
און איך זע א כאָלעם אזא:
איך שלאָף, און צוקאָפּנס בא מיר
ליגן די סיניאווינער זומפן,
די פיס מײַנע
שפארן זיך אָן
אין דער לאדאָגע און אין דער ניעווא.

יידיש — א. וו.



באָריס סלוצקי

# א כאָלעם

א שפּראָץ אָף טאָג,
און ס׳שפּריצט א רעגן.
איך ליג אפן וואָקזאַל
זיך שטיל.
איך בין נאָך יונג, און בין א געלער,
און גוט איז מיר
צו ליגן אפן דיל.

איך בין ניט גראָוו,
כ׳האָב גאָרנישט ניט פאַרלאָרן,
אין רייען פון די פריינט איך שליס זיך איין.
זיי זיינען שיטערער דאָ ניט געוואָרן —
ניט פון זיגן,
ניט פון פיין.

כ׳וועל אנשלאָפן,
כאָלוימעס זיך פלעכטן —
מיט זאמד מיך פאַרשיט און פאַרשיט
דער כאָלעם, וואָס ציט זיך פון נעכטן
און צעריסן ער איז אין דער מיט.

אָט־אָ זע איך: איך שטיי אין קאַפּטיאָרקע[1],
אינעם פייער פון קוילן־געשיט.
גימנאַסטיאָרקעס[2], יאָ, גימנאַסטיאָרקעס!
מע גיט אונדז ארויס, יאָ, מע גיט!

אין ניינצעטן יאָר כ׳בין געבוירן,
צוויי און צוואַנציק אָט באַלד וועט מיר זיין.
פאַר מיין גורל איך שטיי ניט פאַרלוירן,
עס לויכט, ווי פון שטערן, די שיין.

כ׳גיי ארויס, מיר איז צוויי און צוואַנציק,
כ׳בין ניט שיין, נאָר דאָס בלוט מיינס זידט.
כ׳גיי אין שלאַכט, אינעם לעצטן געראַנגל,
ווי פאַרויסגעזאָגט ס׳איז אין דער ליד.

לענינס דענקמאָל איך זע אינעם כאָלעם,
ער שטייט באַם וואָקזאַל אינדערשטיל.
ער דערלאַנגט מיר די האַנט,
זאָגט מיר: שאָלעם,
און זיין וואַרעמקייט איך דערפיל.

ייִדיש — א. גאַנטאַר.

1 אין דער ארמיי: דאָס אָרט, ווו עס געפינט זיך קליידונג פאַר די מיליטער־לייט.
2 א מיליטעריש אויבערהעמד.

אווראָם קאַהאַן

# פאַרברעכן און געוויסן

## היסטאָרישער ראָמאַן

### באַם אויספאָרשער



ווינט מיט א רעגן האָט געשמיסן אין די פענצטער. צי האָט זיך איר אויסגעדוכט, צי האָט טאקע געפּלאצט א שויב און צעשאָטן א קריצנדיקן קלונג איבער דער שטוב, נאָר קיינער האָט זיך ניט אופגעכאפּט. ווי שטענדיק, שלאָפט דער מאַן אף דער פּלייצע מיט אַן אָפן מויל, כאָטש נעם און גיס אין אים אריַין אַן עמער וואסער. זיַין נימעס כראָפּען גיסט זיך צונויף מיט זשעניעס אומרויִקן קרעכצן פונעם שלאָף. ווערע טשעבעריאַק פילט, אז אַנשלאָפן ווערן וועט זי שוין ניט קאָנען. זי איז גרייט זיך אופהייבן, ארויס פון דער שטוב און זיך לאָזן צום פּראַנצויז. וואָס וויל ער ווידער פון איר? וואָס רופט ער זי? נאָר צוגיין וועט מען מוזן. עס פעלט איר נאָך, ער זאָל איצט אופהייבן א סקאַנדאַל.

עס טאָגט. דורך די לאָדן־שפּארונעס שליַיכט זיך אריַין די טאָג־שיַין און צעלייגט זיך אף די טונקעלע ווענט. די ווילדע שאָטנס מאַטערן זי. אָט זעט זי א פּאַריסענע האַנט, א פארנייגטן קאָפּ, א שטיק אָפּגעריסענע באָרד, און... וואָס איז מיט איר? זי איז דאָך שטענדיק אזא פעסטע, א מוטיקע, ניט קיין נערוועזע. ניט איין מאָל האָט איר געזאָגט דער ברודער אירער פּעטיע סינגאַיעווסקי: „דער איקער, ווערקע, מאַך זיך ניט וויסנדיק. מע פרעגט דיך — האָסטו ניט געזען און ניט געהערט. „נא ניעט סודא ניעט“[1]. איר בראַטאַק מיטן כיטרע צונעמעניש פליס וויסט גוט, וואָס ער זאָגט. די נערוון וועלן שטענדיק זי ארויספירן פון אַלע געפאַרן.

אָבער מע דאַרף זיך אָנטאָן. זי וואַרפט אף זיך ארוף א כאַלאַט, שטעלט זיך ניט ווילנדיק אָפּ לעבן זשעניעס געלעגער — דאָס יינגל ליגט מיטן פּאָנעם אראָפּ און אָטעמט שווער. זי קערעוועט אים אויס פּאָרזיכטיק, לייגט אים אוועק אף דער רעכטער זיַיט. ער נעמט אָטעמען לייַכטער, רעגלמעסיקער. זי דעקט אים איַין מיט דער קאָלדרע. זי וויל ניט, דאָס יינגל זאָל זיך אופכאפּן. די צוויי מיידלעך שלאָפן אויך אין צוויטן צימער א קעפּל צו א קעפּל, ווי שעפּעלעך. זי כאַפּט א קוק אפן שלאָפנדיקן מאַן. פונעם אָפענעם מויל און פון די צעשפּרייטע נאָזלעכער רייַסן זיך ארויס קלאַנגען ווי פון א בלאָזזאַק.

ווערע טשעבעריאַק סטאַרעט זיך ניט קוקן אפן שלאָפנדיקן מאַן. זי טוט פון פאַרדראָס זיך א קערעווע אויס צו זיַין געלעגער און שפּיַיט אויס הילכיק און ביטלדיק: „טפו זאָלסטו ווערן, שיקער!“

זי וואַרפט אָפּגיך אראָפּ פון זיך דעם כאַלאַט, גייט צו צום וואַסער־קראַן אין קיך, פרישט זיך אָפּ מיט קאַלטער וואַסער, און דערפון ווערן די רונדע הענט אירע באַדעקט מיט דריבנע געגנדזענע פּופּקעלעך. ווערע נעמט אָן אין מויל וואַסער און שווענקט לאַנג דעם האַלדז. דערנאָך טוט זי אָן דאָס קליידל, דאָס קאָפּטל, פאַרשנורעוועט די שטיוועלעך אף די הויכע אָפּצאַסן, כאַפּט אף זיך ארוף דעם מאַנטל, א שאַלכל אפן קאָפּ און, ניט פאַרשפּיליעטערהייט, לאָזט זי זיך אין דרויסן ארויס.

דער פרימאָרגן באַגעגנט ווערען מיט ווינט און מיט רעגן. ערשט איצט דערפילט זי זיך מונטער. זי ציט ארוף די הענטשקעלעך, און די הענט דערפילן זיך ווי אין א ווייכער הויט. דערפון ווערט איר געמיטלעכער, לינדער.

---

פּאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד“, נומ. 9, פאַרן 1965 יאָר.

[1] פאַר „ניין“ קאָן מען ניט מישפּעטן.

ווערע טשעבעריאק שפאנט מיטן באקאנטן וועג און באשליסט בא זיך איינמאָל פאר אלע־מאָל פארענדיקן מיט דעם פראנצויז... און זאָלן זי מער ניט מאטערן די ווײַט ניט אָנגענעמע זיכרוינעס...

דער רעגן בייגט די ליפּע, וואָס שטייט א צעוויקטע און איינזאמע לעם פראנצויזס שטוב. ארום איז פוסט. בא דער טיר פארהאַלט זי זיך.

א פארסאָפּעטער איז אומגעריכט אָנגעלאָפן איר ייִנגל אין צעכראַסטעטן העמדל, אף וועלכן ס׳איז נאכלי‌ִעש געווען ארופגעוואָרפן אן אלטער צעטריפעטער מאלבעש.

— מאמע, מאמע! — האָט ער געשריִען נאָך פונדערווײַטנס.

— וואָס איז, וואָס איז געשען?

— מאמע, ס׳איז ווידער געקומען ... אָט יענער.

— ווער?

— פון פּאָליציע.

בא ווערען הייבט אָן האַסטיק קלאַפּן דאָס הארץ. זי קערעוועט אויס דעם זון אף צוריק.

— לויף אהיים און זאָג, אז דו האָסט מיך ניט געפונען.

דאָס ייִנגל בלײַבט שטיין אָפּהענטיק און רירט זיך ניט פונעם אָרט.

— וואָס זשע גייסטו ניט?

— כ׳האָב מוירע, מאמע, כ׳האָב מוירע. יענער האָט געזאָגט, ער וועט נעמען מיך און דעם טאטן...

— גיי גיכער, זאָג איך דיר, אניט... — זי הייבט אוף די האנט איבער זײַן קאָפּ.

נאָר דאָס ייִנגל גייט ניט. ער לייגט זיך אנידער אף דער נאסער ערד און שרײַט:

— מאמע, כ׳האָב מוירע. אנדריושקע האָט מיך באנאכט געוואָרגן... מאמע, כ׳האָב מוירע!

— שווײַג, אניט...

— מאמע, קום אהיים. דער טאטע האָט געהייסן דיר זאָגן...

— שווײַג!

— כ׳האָב מוירע, מאמע, כ׳וועל ניט דערציילן, איך שווער דיר! — און ער נעמט זיך ציילעמען.

ווערע באשליסט גיין אהיים. מיט זשעניען וועט זי דערנאָך ווי־ניט־איז דורכקומען. און פון דער פּאָליציי וועט זי זיך אויסדרייען, ניט דאָס ערשטע מאָל... דאָס האָט עמעצער פון די ייִדן ווידער אונטערגעקויפט די שפּיקעס, איז מען געפאַלן אף א שפור...

ווערע טשעבעריאק נעמט אָן זשעניען בא דער האנט. נישקאָשע, קלערט זי, גאָלוביאָוו מיט זײַנע כעוורע וועלן זי ניט פארלאָזן. אָ, זי ווייסט גוט, וואָס זי האָט צו טאָן.

אָט איז זי אין שטוב, דער מאן איז שוין אופגעשטאנען,ביידע מיידעלעך — ליודמילע און וואַליע — שטייען האַלב־נאַקעטע לעם טאטן און הערן ניט אוף צו קוקן אפן פּאָדפּאָלקאָווניק פון דער זשאַנדארמעריע קוליאבקאָ, וואָס זיצט צעלייגט אף א בענקל און שרײַבט עפּעס ארײַן אין א פּאַפּיר. לעם אים פון ביידע זײַטן — נאָך צוויי זשאַנדארמען.

— וואָס איז געשען, הער פּאָלקאָווניק?! — שרײַט אויס טשעבעריאק דערשראָקן. — וואָס שרײַבט איר דאָרט? מײַנע קינדער ווייסן גאָרנישט.

— בארויִקט זיך, מאדאם טשעבעריאקאָווא. ערשטנס, בין איך א פּאָדפּאָלקאָווניק... טשעבעריאטשקע טוט שעלמיש א שמייכל. זי האָט דאָס גאַנץ גוט געוווּסט.

— און צווייטנס, מאדאם טשעבעריאקאָווא, רעד איך ניט מיט אײַערע קינדער. אײַער מאן האָב איך געפרעגט, ווו איר זײַט.

— מײַן מאן ווייסט גאָרנישט און פארשטייט גאָרנישט... — זי טוט א קוק אפן מאן ביטלדיק, און גלײַך מאכט זי א ראכמאָנעס־פּאָנעם: — ער איז, נעבעך, קראנק, א גאנצע נאכט געקרעכצט.

— ווו זײַט איר געווען? — שלאָגט איבער קוליאבקאָ.

— בא א שכיינע.

— איר וועט גיין מיט אונדז.

דערזען, אז די מאמע זוכט א מאלבעש אף איבערצוטאָן זיך, האָבן ביידע מיידעלעך אופגעהויבן א ביטער געוויין, אָנגעטשעפּעט זיך אין דער מוטער און ניט געלאָזט זי גיין.

— אנו, טרעט נאָר אָפּ! — טוט א הוקע אף די קינדער דער זשאנדארם. — ס׳איז, דוכט זיך, אײַך, טײַבעלעך, ניט צום ערשטן מאָל.

די קינדער הייבן אוף נאָך א שטאַרקערן געשריי. טוט דער זשאנדארם א ווונק צום פּאָטער, גלײַך ער זאָל האָבן מיט אים פריִער וועגן עפּעס אָפּגערעדט. וואסילי טשעבעריאק פירט אָפּ די קינדער אין צווייטן צימער און זאָגט צום ווײַב:

— קאָנסט גיין, ווערא וולאדימיראָוונא, איך וועל אף זיי אכטונג געבן.

די קינדער וויינען. טשעבעריאַטשקע פאַרקוטעט זיך אין אן אַלטמאָדישן מאַלבעש, שלעפּט ארויף אַף זיך א היטעלע, ציט אָן אַף די הענט די הענטשקעלעך און מאַכט קאָקעטיש צו קוליאַבקאַן:

— נו, הער פּאַלקאָווניק, פירט מיך אין אייַער דעפּאַרטאַמענט! — און צו די קינדער שרייַט זי אַרייַן דורך דער אָפענער טיר: — וויינט ניט, טייַבעלעך מייַנע, איך וועל אינגיכן זיך אומקערן.

— נו, ווערא וולאַדימיראָוונא, גאָט פירט אַזוי, אַז מיר מוזן מיט אייַך ווידער זיך באַגעגענען. איר, אַלס רעליגיעזע פרוי, גלייבט מיסטאַמע, אַז ס'איז א באַשערטע זאַך...

אַזוי הייבט אָן זייַן געשפּרעך דער אויספאָרשער פון קיִעווער קרייַז־געריכט פאַר באַזונדערס וויכטיקע איניאַנים וואַסילי איוואַנאָוויטש פענענקאָ.

טשעבעריאַק קוקט אים גלייַך אין די אויגן, באַטראַכט אויפמערקזאַם זייַנע גלאַטע גלאַנציקע האָר, וואָס זייַנען פאַרקעמט מיט א שרונט, אַף די קונציק פאַרדרייטע וואָנצעלעך.

— וואָס באַטראַכט איר מיך אַזוי, ווערא וולאַדימיראָוונא?

א שטיל יעכידנע שמייכעלע שוועבט אַף טשעבעריאַטשקעס פּאָנעם. זי שנורעוועט צונויף אירע פולבלעכע ליפּן.

— מע טאָר אַף אייַך ניט קוקן? איר געפעלט מיר זייער, — קאָקעטירט זי.

— אַזוי, איך געפעל אייַך? — דער אויספאָרשער שטעלט זיך אויף, שפּאַנט זיך אַדורך איבערן צימער. — איך האָב עס ניט געוווּסט ביז איצט, — זאָגט ער, אָפּשטעלנדיק זיך אנטקעגן דער פרוי.

— וואַסילי איוואַנאָוויטש, כ'האָב אייַך שוין אַמאָל געזאָגט וועגן דעם.

באַם אויספאָרשער ווערן רויט די באַקן. פון פאַרלוירנקייַט נעמט ער מיט די פינגער ציפּען די שפּיצן פון די וואָנצעלעך, ער ווייסט ניט וווּהין אהינצוטאָן די אויגן, גראָבט ער זיי אייַן אין די פּאַפּירן.

— איר האָט פאַרגעסן, וואַסילי איוואַנאָוויטש, — גיט צו ווערע טשעבעריאַק.

דער אויספאָרשער געפינט א פּאַפּירל, טייַטלט דערויף מיטן פינגער:

— אָט דאָ ווערט געזאָגט, אַז אַנדריי יושטשינסקי איז דערמאָרדעט געוואָרן באַ אייַך אין שטוב, ווערא וולאַדימיראָוונא.

א פּאוזע.

— וואָס קאָנט איר זאָגן דערויף, ווערא־טשינאָווניצאַ?

זי שווייַגט. מיט א קליין טיכעלע ווישט זי אויס די ווינקלען פון די ליפּן, פאַרהייבט די ברעמען העכער צום שטערן, קנייטשט פאַרכידעשט מיט די אַקסלען.

— זאָגט מיר, וואַסילי איוואַנאָוויטש, וויפל מאָל האָט איר מיך שוין אויסגעפרעגט און וויפל מאָל האָט מען מיך געהאַלטן אין אייַער מאַלינע אומזיסט און אומנישט.

— איצט איז גאָר עפּעס אַנדערש. איר האָט דערמאָרדעט אן אומשולדיק קינד, — זאָגט פענענקאָ שטרענג. ער ציט אַרויס א פּאַפּיראָס פונעם פּאָרטסיגאַר, פאַררייכערט. — איר הערט, וואָס איך זאָג, מאַדאַם טשעבעריאַק?

— איך בין נאָך נישט טויב, וואַסילי איוואַנאָוויטש. ווער האָט אייַך אָנגעקאַרקעט אַף מיר?

— דאָס האָבן אונדזערע אַגענטן זיך דערקונדיקט.

— אייַערע אַגענטן... נאַרישקייַטן! זיי זייַנען אונטערגעקויפט. די ייִדן האַלטן זיי אין די הענט.

— פאַרוואָס באַרעדט איר אָרנטלעכע מענטשן? איך וועל אייַך דערפאַר צוציִען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייַט.

— וואַסילי איוואַנאָוויטש, איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין ניט פון די דערשראָקענע...

— דאָס מאָל מעגט איר זיך שרעקן. אַלע שפּורן פונעם מיִעסן מאָרד פירן צו אייַער שטוב.

— א פרישער ליגן פונעם קיִעווער סיסקי[1].

דער אויספאָרשער שפּאַנט זיך ווידער דורך איבערן צימער, בייַסט אָפּ דעם צעוויקטן שפּיץ פונעם פּאַפּיראָס, קוקט אָנגעשטרענגט אַף טשעבעריאַטשקען און זאָגט אומגעריכט:

— פּליס, סינגאַיעווסקי — אייַער בראַטאַק — האָט אַליין אַלדעס געזאָגט.

— ער וועט מיך ניט פאַרקויפן... — דרייט זי מיטן קאָפּ.

— און דער מיניסטאַרישער קאָפּ אייַערער — רודזינסקי — האָט אויך צוגעשיקט א פּאַפּיר.

---

[1] אויסשפּיר־אָפּטייל.

— א ליגן! ער וועט מיך ניט פארקויפן...

— אויך וואנקע דער געלער — לאטישעוו — איז זיך מוידע געווען.

— ס'א ליגן! ער וועט אף מיר קיין שלעכטס ניט זאָגן.

דער אויספאָרשער איז אזש אונטערגעשפרונגען און ווידער אָנגעהויבן ארומשפאנען איבערן צימער.

— אלץ איז ליגן און ליגן... א פרומע נעשאָמע, א הייליקע מאָנאשקע ביסטו, ווערא וולאָדימיראָוונא.

— איר האָט ניט קיין רעכט מיך צו דוצן, וואסילי איוואנאָוויטש! — זאָגט זי בייז און מיט א צוגעשטילטער שטים גיט זי צו: — איך ווייס, ווּהין מע קאָן זיך זשאלעווען.

פענעטקאָ האָט אזש א קריץ געטאָן מיט די ציין פון דערשטיקטן קאס. מיט דער לינקער האנט האָט ער א צופּ געטאָן דעם לאץ פון זײַן מונדיר. טשעבעריאק באמערקט עס און זאָגט:

— נערווירט ניט, וואסילי איוואנאָוויטש, איר קענט דאָך מיך...

— טאקע דערפאר, וואָס איך קען אײַך זייער גוט, גלייב איך אין אלע מיטיילונגען פון די אָרנטלעכע אגענטן.

— די אגענטן, — צעלאכט זי זיך אף א קאָל, — ווייסן באגלײַך מיט מיר, אז יושטשינסקין האָבן דערהארגעט די ייִדן...

— דאָס האָט איר אויסגעטראכט, איר מיט א פאָר שיקאָרניקעס, ווי דער פאָנארשטשיקי[1] שאכאָווסקי מיט זײַן ווײַב און די דולע וואָלקיווּנע.

— וואסילי איוואנאָוויטש, איר זײַט דאָך אויך אן עכט־רוסישער מענטש, אזוי ווי גאָלוביאָוו און טשאפלינסקי...

— איז וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן, ווערא־טשינאָווניצא? בעסער וואָלט געווען, איר זאָלט דערציילן דעם עמעס, וואָלטן מיר מילדער געווען צו אײַך, זעט, מע זאָל אײַך ניט פארשיקן קיין סיביר...

אומגעריכט פארקאטשעט טשעבעריאטשקע א היסטעריקע, זי צעכליפעט זיך און צעשרײַט זיך אף א קאָל. פענעטקאָ דערלאנגט איר א גלאָז וואסער, נאָר זי שטויסט אָפּ זײַן האנט מיט דער גלאָז, דאָס וואסער צעפליוסקעט זיך אף פענעטקאָס מונדיר און אפן דיל. ער טרייסלט פון זיך אָפּ די טראָפּנס און רעדט ווידער שטרענג:

— פעסטעט זיך דאָ ניט, מאדאם, מע וועט אײַך פארשיקן אף קאטאָרגע, און איר וועט פון דאָרטן קיינמאָל זיך ניט אומקערן.

טשעבעריאק מאכט עטלעכע שריט אף צוריק און אָטעמט ארויס:

— וואסילי איוואנאָוויטש, מײַן זשעניע האָט אליין געזען, ווי דער ייִד מיט דער שווארצער באָרד האָט געשלעפּט אנדריושקען. דאָס אומגליקלעכע ייִנגל האָט, נעבעך, געשריגן צו מײַן זון: „ראטעווע מיך!" און דער ייִד צו זשעניען: „אוועק פונדאנען, איכ'ל דיך אויך נעמען". אנדריושקע איז ארײַנגעפאלן צו די מערדער אין די הענט, און זיי האָבן פון אים אויסגעצאָפּט דאָס בלוט. צו ביילּיסן זײַנען געגאנגען ייִדן מיט לאנגע פייעס. פענעטקאָ, וואָס מאכט איר זיך ניט וויסנדיק און לייגט אף מיר ארוף דעם קלאָץ? איך וועל ניט טראָגן אף זיך און אף מײַן געוויסן די שרעקלעכע זינד פון א מערדער.

— ווער, זאָגט איר, האָט געזען?

— זשעניע, מײַן זשעניע. רופט אים ארויס, וועט איר הערן.

פלוצעם האָט די טיר זיך צעפראלט, און אין קאבינעט פונעם אויספאָרשער איז א צעפאליעטער ארײַן גאָלוביאָוו.

— וואָס מאטערט איר אן אומשולדיקע פרוי, געערטער הער פענעטקאָ? ווערא וולאדימיראָוונא איז א פאָטאָמסטווענע דוואָריאנקע[2]. אלס פאָרשטייער פון געזעלשאפטלעכן געוויסן האָב איך אליין זיך פארינטערעסירט מיט דעם שוידערלעכן מאָרד פון דעם קריסטלעכן ייִנגל און אויסגעפאָרשט די זאך. אײַערע אגענטן זײַנען פארקויפטע נעשאָמעס. איך ווייס שוין גענוי, אז זײַצעווס פריקאזטשיק האָט געקוילעט און צעשטאָכן יושטשינסקין... מיר זײַנען אויך באוווסט די מאָטיוון פונעם דאָזיקן מאָרד...

פענעטקאָ איז געווען אופגעבראכט דערפון, וואָס אָט דאָס סקאנדאליעזע סטודענטל איז ארײַן צו אים, צום אָנפאָרטרויטן אויספאָרשער פון קיִעווער קרײַז־געריכט, אָן א דערלויבעניש. נאָר, דערמאָנענדיק זיך, מיט ווּעמען ס'וועט אים אויסקומען האָבן צו טאָן, האָט פענעטקאָ אָפּגעשוויגן. ערשט אין א פאָר מינוט ארום, ווען גאָלוביאָוו האָט שוין געהאט אָפּגערוישט און אויסגעשריִען זײַנע פארגרייטע ווערטער, איז פענעטקאָ אופגעשטאנען און שטרענג געפרעגט:

[1] לאמטערן־צינדער; [2] אן אדעליקע פון דאָר־דוירעס.

— ווער האָט אײַך דערלויבט אַרײַנגײן, ווען איך פֿיל אויס מײַנע פֿליכטן?

— איר אַלע שפּילט זיך אין באַהעלטעניש, אונטער אײַערע מונדירן באַהאַלט איר אויס די עמעסע פֿאַרברעכער — די ייִדן. קומט, — כאַפּט ער אָן וועראַ טשעבעריאַק פֿאַר דער האַנט.

— קיינער האָט אײַך ניט דערלויבט אַוועקצוגײן! — צעשרײַט זיך דער אויספֿאָרשער אַף דער פֿרוי. — און איר, יונגערמאַן, איר זײַט ניט מײַן נאַטשאַלניק...

— איך וועל אײַך אַלעמען באַווײַזן, ווער ס'איז דער עמעסער באַלעבאָס אין היגן קאַנט!.. מיט די ווערטער איז גאַלובּיאָוו אַרויס פֿון פֿענענקאָס קאַבינעט.

דער אויספֿאָרשער האָט אַרײַנגערופֿן דעם סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען בא דער טיר, און אים באַפֿוילן אַוועקפֿירן די אַרעסטירטע אין קאַמערע.

אין א טאָג אַרום האָט דער אויספֿאָרשער פֿענענקאָ באַקומען אַן אָנווײַזונג פֿונעם פּראָקוראָר פֿון קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע טשאַפּלינסקי: טייקעף אַרויסלאָזן אַף דער פֿרײַ וועראַ וולאַדימי־ראָוונאַ טשעבעריאַק, וועלכע איז אַלפּי־טאָעס אַרעסטירט געוואָרן אַפֿן סמאַך פֿון ניט גענוג דורכגעקאָנטראָלירטע געגעבענע.

## אַרעסטירט בייליסן

שוין עטלעכע וואָכן איז בא מענדל בייליסן אין שטוב אַן איבערקערעניש. און ווי קאָן עס זײַן אַנדערש, אַז ווי נאָר בייליס באַווײַזט זיך אַף ווערכניע־יוראַווסקע־גאַס, דערהערן זיך פֿון די אָפֿענע פֿענצטער געשרייען פֿון דערשראָקענע מאַמעס:

— קינדער, גיכער אַהיים, גיכער!

— וואָס איז געשען, מאַמעניו? — פֿרעגט א קינד.

— זעסט ניט — דער ייִד מיט דער שוואַרצער באָרד.

— וווּ, וווּ?

— אָט גייט ער.

מענדל בייליס האָט פֿאַמעלעך געשפּאַנט איבער דער שלעכט ברוקירטער גאַס, געהערט די געשרייען פֿון די אופֿגערעגטע פֿרויען. מיט א ווייטעקלעך־איבערגעקרימטן שמייכל אַף די ליפּן פֿלעגט ער זיך אויסדרייען צו די קינדער און מיט די טרויעריקע אויגן נאָכקוקן, ווי זיי צעלויפֿן זיך, ווי א צעפּאַלאָכעטע טשאַטע פֿייגל, ווער וווהין עס קאָן. מענדל בייליס האָט ווירקלעך געהאַט א שוואַרצע באָרד. דער מענטש מיט דער שוואַרצער באָרד קוקט אַף א מוטער, וואָס האָט אָקאָרשט „אָפּגעראַטעוועט" איר קינד פֿון א געפֿאַר, פֿאַרהאַקט בייז און שנעל א פֿענצטער, און עס ווערט אים שווער אַפֿן האַרצן. א וואָלקן האָט אײַנגעדעקט דאָס קליינע שטיבל פֿון מענדל בייליס און אַפּילע דעם נוסבוים, וואָס קלאַטערט אַפֿן דאַך מיט די צווײַגן און בלעטער, און קאָן עס ניט באַשיצן פֿון דעם געדיכטן וואָלקן.

אָפּטמאָל טראַכט מענדל, אַז ער וואָלט געדאַרפֿט נעמען דאָס ווײַב מיט די קינדער און ערגעץ אַרויספֿאָרן. נאָר וווהין? מענטשן האָבן געטײַנעט: מע טאָר ניט אַנטלויפֿן, ווײַל דעמלט וועט מען בעפּיירעש ברײַען, אַז ער, בייליס, איז טאַקע שולדיק אין דער האַריגע פֿון אַנדריי יושטשינסקין. ס'האָבן זיך אויך געפֿונען אַזעלכע, וואָס האָבן געייצעט, ער זאָל גלײַך זיך אָפּטראָגן אין אַן אַנדער שטאָט, אַשטייגער קיין אָדעס, און דאָרטן וועט מען אים מיט זײַן גאַנצן געזינדל באַוואָרענען מיט שיפֿסקאַרטעס, אים נאָך מיטגעבן אַף הויצאָעס, ער זאָל בעשאָלעם זיך אַריבערפֿעקלען קיין אַמעריקע. דעמלט וועט ער, מענדל, ניצל ווערן פֿון אַן אומגליק און די גאַנצע קיִעווער אײדע וועט געראַטעוועט ווערן.

ניין, מענדל וועט אין ערגעץ ניט פֿאָרן. אָרנטלעכע מענטשן, וואָס פֿילן אַף זיך ניט קיין שום זינד און האָבן קיין שום שלעכטס ניט געטאָן, טאָרן ניט אַנטלויפֿן. ער גלייבט, אַז ס'איז פֿאַראַן יוישער אַף דער וועלט און אַז קיינער וועט אים ניט אָנרירן מיט קיין פֿינגער. מאַלע־וואָס עס פּלאַפּלען אייניקע איבערגעשראָקענע פֿרויען. ס'וועט, עמעס, דערפֿון שווער אַפֿן האַרצן, אָבער דאָס וועט אַדורכגיין.

בייליס דערמאָנט זיך: ווען ער איז געווען א סאָלדאַט, האָט דער פֿעלדפֿעבעל איינמאָל גע־וואָלט אים צושטעלן א בענקעלע צום ראָטני קאָמאַנדיר, נאָר פֿאַר אים האָבן זיך אָנגענומען עטלעכע סאָלדאַטן, האָט שוין דער פֿעלדפֿעבעל ניט געוואַגט זיך אָנקלאָגן אַף אים. ער האָט, עמעס, אויסגעזידלט מענדלען און אַפּילע דערלאַנגט אים א פּאַטש, אָבער דער פּאַטש האָט זיך פֿאַרהיילט און געבליבן איז בא מענדלען א גוטער אײַנדרוק וועגן די כאַווירים־סאָלדאַטן, וואָס האָבן פֿאַר אים זיך אײַנגעשטעלט. ער גלייבט אין יוישער...

און אז דאָס ווײַב האָט געפּרוווט אים אײַנריידן, ער זאָל זיך צוהערן צו דעם, וואָס גוטע־פרײַנט אייצענען, האָט ער פאַר זיך אַליין באַשלאָסן, אַז קיינעם וועט ער בעשום־אופן ניט הערן, ס׳וועט איבערגיין: מאַלע־וואָס מע האָט אף אים אָנגערעדט אין דער פּאָליציי, מאַלע־וואָס הינט בילן.

נאָר הינט זײַנען געווען א סאַך. ס׳האָט זיך געקאָכט ארום מענדל בייליסן, און ניט אַזוי ארום אים — אָט דעם פּאָשעטן מענטשן, דעם ייִדן פון א גאַנץ יאָר. מ׳האָט געמיינט טיפער טרעפן...

ארום צוועלף אזייגער באַנאַכט פונעם 21 אפן 22 יול, ווען בייליס און זײַן געזינדל זײַנען שוין געשלאָפן, האָט מען אומרויק־פיבערדיק אָנגעהויבן קלאַפּן אין דער הויז־טיר. א פאַרשלאָפענער האָט בייליס געזאָגט צום ווײַב:

— הער נאָר, איך בעט דיך, עסטער, ווי מע האקט אין דער טיר.

דאָס לעמפּעלע, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען אפן נאַכט־שאַפקעלע צוליב די קליינע קינדער, האָט א ציטער געטאָן מיטן בלאָזן פײַער־צינגל.

— ווער קאָן עס זײַן? — שטוינט מענדל.

— עפּשער א סרייפע... — האָט געזאָגט עסטער.

— כאַלילע, וואָס רעדסטו? — האָט בייליס ניט געוואָלט דערלאָזן אזא שרעקלעכן געדאַנק.

דערווײַל האָט מען מיט עפּעס שווערס און פלעטנדיקס גענומען שטאַרקער קאַדויטשען אין דער טיר.

— באַלד, באַלד, — האָט זיך אָנגערופן בייליס. ארײַנגעשטעקט די באָרוועסע פיס אין די אַלטע אויסגעטראָטענע פּאַסטעלעס, האָט ער זיך געלאָזט צו דער טיר.

— אָטקראָיטיע![1] — בייזערט זיך א האַרבע שטים.

— קטאָ עטאָ?[2] — וויל בייליס וויסן.

— דאָ וווינט מענדל בייליס?

— יאָ, דאָ, — ענטפערט בייליס מיט א געפּאַלענער שטים און זאָגט שטיל צום ווײַב, וואָס איז שוין געשטאַנען לעם אים: — זיי זײַנען געקומען, די מעכאַבאָלים.

— עפן זיי ניט, — שעפּטשעט דאָס ווײַב. — וואָס ווילן זיי אונדז טאָן?

— זיי וועלן צעהאַקן די טיר און ארײַן... — און בייליס קיײטלט אוף די טיר.

אין שטוב האָבן זיך ארײַנגעשפּאַרט עטלעכע פּאָליציי־לײַט, דערנאָך — זשאַנדאַרמען אין גרינע מונדירן. די קינדער האָבן זיך אופגעכאַפּט און זיך אופגעשטעלט אף זייערע געלעגערס. דערשראָקענע, מיט האַלב־פאַרקלעפּטע דרעמלענדיקע אויגן האָבן זיי ארײַנגעצויגן די קעפּלעך אין די אַקסלען.

דער מיטלוווקסיקער דאַרער לאַנגוואָנצעדיקער פּאָדפּאָלקאָווניק ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש קוליאַבקאָ — דער שעף פון קיִיעווער אָכראַנקע האָט מיט א פלינקער באַוועגונג אראָפּגעצויגן די לײַקענע הענטשקע פון זײַן רעכטער האַנט, ארויסגענומען פונעם פּאַרטפעל אַן אָרדער אף אַן ארעסט, קלוימערשט העפלעך עטוואָס פאַרנייגט דעם קאָפּ:

— מענדל בייליס, טוט זיך אָן, איר וועט מיטגיין מיט אונדז.

— וווהין, פּאַני נאַטשאַלניק? — רײַסט זיך ארויס בא בייליסעס ווײַב.

אונטער די היפּשע ברעמען האָבן קוליאַבקאָס אויגן נאָך מער זיך צונויפגעזשמורעט, און ער האָט מיט ביטל געענטפערט:

— דאָס איז שוין אונדזער זאַך, באַרויִקט זיך, מאַדאַם. — און צו די פּאָליציי־לײַט א וווּנק געטאָן, זיי זאָלן צוטרעטן צו דער אונטערזוכונג.

מיט ציטערנדיקע פינגער האָט די פרוי גענומען פאַרשפּיליען אף זיך דעם מאַנטל, וואָס דאָס עלטערע ייִנגל האָט איר ארופגעוואָרפן אף די אַקסלען.

— איך וועל מיטגיין מיט דיר, מענדל, — זאָגט עסטער.

— וואָס האָט זי געזאָגט? — טוט בייז א פרעג קוליאַבקאָ. — זעצט זיך, מאַדאַם, אוועק אין א ווינקל און שווײַגט.

מיטן קאָפּ האָט מענדל א מאַך געטאָן צום ווײַב, זי זאָל טאָן, ווי מע הייסט איר. שווײַגן? וויאַזוי שווײַגט מען אין אַזעלכע מינוטן?

— טוט זיך אָן, קינדער! — האָט די פרוי ניט מיט איר קאָל אויסגעשריִען, — איר וועט מיטגיין מיט אײַער טאַטן.

צעלאַכט זיך קוליאַבקאָ אף א קאָל:

— וווהין?

---

[1] עפנט; [2] ווער איז דאָס?

קוליאַבקאַ האָט מיט איין האַנט אָנגענומען ביילִיסעס פרוי פאַר אַן אַרבל און מיט דער צווייטער אונטערגעטראָגן איר א בענקל און קימאַט מיט גוואַלד אוועקגעזעצט די אופגערעגטע פרוי אינמיטן שטוב.

— אויב איר ווילט ניט, מאַדאַם, זיצן אין א ווינקל, איז, ביטע, זיצט אָט דאָ און שווייַגט.

ארומגערינגלט מיט אַלע אירע קינדער, איז די פרוי געבליבן זיצן אינמיטן שטוב און מיט דערשראָקענע אויגן נאָכגעשפּירט, ווי די פּאָליציי־לייַט האָבן גענישטערט און גאָרנישט ניט געשאַנעוועט. זיי האָבן ארויסגעוואָרפן דאָס קויטיקע גרעט פון א קאַסטן, ארויסגעשאַרט דאָס פייַסעכדיקע געפעס פון די ווייַטע ווינקעלעך פונעם בופעט. זי האָט אַלע מאָל געכאַפּט א קוק אף מענדלען, וואָס איז געשטאַנען שטיל, און געדוכט האָט זיך איר, אַז זייַנע בלאַסע בלוטלאָזע ליפן באַוועגן זיך אין א טפילע.

— אָט, אייַער ווילגעבירטיקייַט, — האָט איינער פון די פּאָליציי־לייַט צוגעטראָגן מענדלס טאַלעס־זעקעלע און איבערגעגעבן קוליאַבקאָן, — אָט דאָ איז עס געווען באַהאַלטן, — האָט ער אָנגעוויזן אף א שופלאָד אין בופעט.

— אַנו, אַנו, וואָס איז דאָס? — פרעגט קוליאַבקאַ.

— א טאַלעס צום דאַווענען, — ענטפערט פאַר ביילִיסן דאָס ווייַב.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק קוקט פרעגנדיק אף ביילִיסן.

— יאָ, ריכטיק, — באַשטעטיקט מענדל, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

— אָט דאָס דאַרפן מיר! — האָט זיך דערפרייט קוליאַבקאַ און באַפוילן ווייַטער זוכן.

פרעמדע מעגושעמדיקע הענט נישטערן צווישן די זאַכן, קליידער, געפעס און קינדער־שפּילכלעך. ווען אין שטוב איז שוין געווען אַלץ איבערגעקערט האָרע־קאָרע, האָט קוליאַבקאַ געהייסן, אַז מענדל ביילִיס זאָל זיך אָנטאָן. ווי גיך מענדל האָט זיך ניט אָנגעטאָן, האָט זיך דעם זשאַנדאַרם אַלץ אויסגעוויזן, אַז יענער ציט אומיסטן אָפּ די צייַט, האָט ער אים אונטערגעטריבן. דערפון האָבן באַ מענדלען זיך ניט געלייגט די הענט. דאָס ווייַב איז אים געקומען צוהילף. פיל אויגן פון די געקומענע מעכאַבאָלים האָבן וואַכזאַם נאָכגעקוקט, צי גיט ניט איבער עפּעס די פרוי דעם מאַן. צי פון קאַס, צי גלאַט פון הוילער בייזקייַט האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק געהייסן ביילִיסעס נייַניאָריק יינגל, ער זאָל זיך אויך אָנטאָן.

— צוליב וואָס? — פרעגט ביילִיס.

— ער וועט גיין מיט דיר, — קומט א קאַלטער ענטפער. — ער איז מיר פאַרדעכטיק.

— איך וועל ניט לאָזן, — האָט די מוטער זיך אייַנגעקלאַמערט אין דעם יינגל. — הער זיי ניט, דאָווידל, גיי ניט.

דאָס יינגל האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס מע וויל פון אים. ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. איינער פון די זשאַנדאַרמען האָט מיט מענדלס הילף אופגעזוכט דעם קינדס אָנטאָן און אָנגעהויבן ארופציִען אף אים צוערשט די הייזעלעך, דערנאָך דאָס בלוזקעלע, די זעקלעך, די שיך.

— דאָס היטל פאַרגעס ניט, — האָט די מוטער געציטערט.

שווייַגנדיק האָט דאָווידל מיט ביידע הענט ארופגעזעצט אפן קאָפּ דאָס קאַשקעטל און איז געבליבן שטיין לעם דעם פּאָדפּאָלקאָווניק.

— פּאַשליי![1] — האָט שטרענג געזאָגט קוליאַבקאַ.

אַפּריִער האָבן זיך א לאָז געטאָן די פּאָליציי־לייַט. אָבער ווי נאָר מ׳האָט אופגעעפנט די הויז־טיר, האָט זיך דערהערט א רויש פון א רעגן.

— עפשער וועלן מיר איבערוואַרטן? — האָט געפרעגט עמעצער פון די זשאַנדאַרמען.

נאָר קוליאַבקאַ האָט מיט א וווּנק געוויזן, מע זאָל גיין.

ביילִיסעס פרוי האָט אפּגיך אָפּגעזוכט א שירעם און דערלאַנגט מענדלען, נאָר קוליאַבקאַ האָט ארויסגעריסן פון זייַן האַנט דעם שירעם און א שלייַדער געטאָן אים אף די אָנגעוואַלגערטע זאַכן אינמיטן שטוב.

מ׳איז ארויס אין רעגן אף דער טונקעלער גאַס. עסטער האָט געוואָלט מיטגיין מיטן מאַן און מיטן זון. מע האָט זי אָבער ניט געלאָזט. אין שטוב איז זי געבליבן שטיין ארומגערינגלט מיט די קינדער און פאַרגליווערט געשוויגן.

פיטש־נאַסע האָט מען ביידע — ביילִיסן מיטן זון — אַרייַנגעפירט אין א קעלער פון דער אָכראַנקע. אין א ווינקל האָט געטשאַדעט א שטיקל ליכט, אָט־אָט, האָט זיך ביילִיסן אויסגעדוכט, וועט עס אויסגיין. ס׳האָט אָבער לאַנג נאָך געטשאַדעט.

— זעסט, טאַטע, סע טאָגט... — האָט דאָווידל זיך אָנגערופן.

---

[1] געגאַנגען.

„יאָ, ס׳וועט ליכטיק, — האָט א קלער געטאָן ביילים, — און מיר זיצן דאָ פאַרשפּאַרט״. די גאַנצע נאַכט האָט ער קיין אויג ניט צוגעמאַכט. דאָווידל איז אויך ניט געשלאָפן. איצט האָט א קלעפּיקע שווערקייט געצוואונגען דאָס ייִנגל שליסן די וויִעס און פאַר די אויגן האָבן געשוומען ווימלען צענדליקער פֿײַערלעך. זיי האָבן געשווינדלט און זיך אויסגעמישט מיט דער בלאָווקייט פון אָנקומענדיקן טאָג.

ביידע זײַנען געזעסן אין א ווינקל אף א ביסל שטרוי. דאָווידל האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אפן טאַטנס אַקסל און אײַנגעדרעמלט. אף ביילימן איז אויך אָנגעפאַלן א שלאָף, די אויגן האָבן זיך צוגעמאַכט. אופגעכאַפּט האָט ער זיך פונעם זונס אויסגעשריי:

— טאַטע, די קינדער האָבן מיך געשלאָגן פאַר אַנדריושקען...

ביילים דערזעט טרערן בא דעם קינד אין די אויגן.

דאָווידל הייבט זיך אוף פון דער שטרוי, קוקט זיך ערשט איצט ארום, ווו ער געפינט זיך. אומגעריכט פאַלט צו דאָס קינד צו דער טיר און נעמט מיט ביידע פויסטן קלאַפּן.

— עפנט, עפנט! — שרײַט ער.

דער פאָטער רײַסט אים אָפּ פון דער טיר און ווייסט ניט, ווי אים צו באַרויִקן. צוערשט נעמט ער דאָווידלען ארום, דריקט אים צו דער ברוסט. און אז דאָס העלפט ניט — דאָס ייִנגל פאַרגייט זיך אַלץ אין כליפּען עפּעס ניט מיט קיין קינדערשן געוויין, נעמט ביילים אָן דאָווידלען מיט ביידע הענט און טרייסלט אים מיט דער גאַנצער קראַפט:

— הער אוף, קינד מײַנס, איך בעט דיך. זאָלן זיי ניט זען דײַנע טרערן.

און וואָס מער דער פאָטער טרייסט אים, אַלץ מער פאַרגייט זיך דאָווידל. דער טאַטע האָט אים געווישט די טרערן און דערבײַ אַרײַנגערוימט אין אויער:

— איך וויל דיר עפּעס דערציילן, זונעלע... מעגסט עס אויסהערן.

דאָס ייִנגל איז שטיל געוואָרן, זיך עטוואָס אָפּגערוקט פונעם פאָטער און גענומען קוקן אים אין פּאָנעם אַרײַן.

— אין דעם שטעטל, — האָט ביילים אָנגעהויבן, — ווו איך האָב געוווינט אין די קינדער־יאָרן, איז איינמאָל אויסגעבראָכן א מיִעס געשלעג צווישן די יארידניקעס מיט אַן אָנגעפאָרענער פון דער פרעמד כאָפּטע פערד־גאַנאָווים — גאַלאַנטאָנעס, וואָס האָבן געוואָלט אָפּראַבעווען די מאַרק־מענטשן. אפן יאַריד זײַנען געווען פויערים פון די ארומיקע דערפער און אונדזערע שטעטלדיקע. צווישן די יאַריד־מענטשן זײַנען געווען גענוג ברייטפּלייציקע געזונטע און פעסטע פאַרשוינען, וועלכע וואָלטן בעפּירעש געקאָנט זיך קעגנשטעלן די גאַנאָווים און אפילע זיי בײַיקור־מען. האָט אָבער די מוירע פאַר די גערימטע שלעגערס אָפּגענומען די מוט בא די יאַרידניקעס און זיי זײַנען שיר־שיר ניט געבליבן בעדיל־האַדאַל: די פויערים אָן פערד — און צו וואָס טויג א פויער אָן פערד! — און די ייִדן אָן דעם ביסל סכוירע, וואָס זיי האָבן אַרויסגעפירט פאַר מיס־כער. ס׳האָט שוין געהאַלטן דערבײַ, אז די גאַלאַנטאָנעס זאָלן טאַקע האָבן די פויערישע פורן אָנגעגרוזעוועט מיטן גאַנצן דאָברע־מאַזל פון די אָפּגעראַטעוועטע מענטשן. איז אָבער דאָ געשען אזוינס, וואָס האָט אַלעמען איבעראַשט. אין אונדזער שטעטל האָט געלעבט א באָנדער — א קאַפּצן, נאָר א פרומער ייִד, וואָס פלעגט מערער דאַוונען, איידער אָנשלאָגן און אָנרייפלען פעסער. אָן אויסזען האָט ער געהאַט פון א שוואַכן, שלאַבעריקן פאַרשוין, א קוק טאָן אף אים — האָט מען זיך געכידעשט, וויִאַזוי קאָן אָט דאָס מענטשעלע ארופפערען אף זײַנע שמאָלע, אויסגעדאַרטע אַקסלען אַזאַ גרויסע פאַס. איז אָט באַווײַזט זיך אפן יאַריד דער קלייניטשקער כאַיִם־מוישע, דער פרומער באָנדער, כאַפּט א דרענגל און נעמט איינער אליין בולעווען און נעריקן די גאַנאָווים, אז זיי האָבן קוים מיט צאָרעס געמאַכט פּלייטע. די געזונטע פויערים און די פעסטע ייִדן־בינדיוזש־ניקעס האָבן געלאַכט און האַנאָע געהאַט, ווי כאַיִם־מוישע האָט איינער אליין צעטריבן אַזאַ כאָפּטע רויבער. „כאַיִם־מוישע, — האָט מען אים דערנאָך געפרעגט, — ווי קומט צו דיר אַזאַ גוווּרע?״ געדענק איך, וואָס ער האָט געענטפערט: „גוווּרע נעמט זיך, — האָט ער דערקלערט, — פונעם גײַסט, פון דער נעשאָמע. און אז דער גײַסט איז שטאַרק, קאָנען גוט שלאָגן די הענט. אײַזערנע גוווּרע קומט פון אײַזערנעם גײַסט...״ די יאַרידניקעס האָבן געקוקט אף אים מיט באַוווּנדערונג און געזען, ווי ער הינקט אוועק אף זײַנע קליינע פיס און ווי א היפּשע פאַס הוידעט זיך אף זײַנע אויסגעטריקנטע אַקסלען.

— און מיט וואָס, טאַטע, האָט מען אָפּגעדאַנקט דעם דאָזיקן כאַיִם־מוישען?

— דאָס איז ניט וויכטיק, מײַן קינד. דער איקער איז געווען זײַן מוט, פון דעם האָבן מענטשן עפּעס געלערנט. מוט און גוווּרע...

דעם 28 יול האָט מען איבערגעפירט מענדל ביילימן אין פּאָליציי־באַצירק, ווו ער איז איבער־געגעבן געוואָרן אף האַזשגאָכע דעם קיִעווער פּאָליצמייסטער. דאָווידלען האָט מען פון דער געפענקעניש באַפרײַט.

# דער יוסטיץ־מיניסטער שטשעגלאָוויטאָוו און דער פּראָקוראָר טשאַפּלינסקי

אין דער פּאָסעסיע „קאָטשעטי“, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ בערגל, אַרומגערינגלט מיט סאָסנעס, יעלן, ערטערווײַז איבערגעמישט מיט פֿינטלקרײַדיקע בערעזעס, האָט איצט געוויילט דער פּעטערבורגער באַלעבאָס, דער צאַרישער סאַנאָווניק[1] שטשעגלאָוויטאָוו.

דעם מיניסטער האָט אַהער געצויגן ניט בלויז די געבענטשטע נאַטור פֿון אָט דעם אוקראַיִנישן קאַנט. אַלע מאָל, ווען ער קומט אַהער, האָט ער אין זינען די שאָכנטע זײַנע לאַריסאַ מיטראָפֿאַנאָוונאַ, די יונגע אַלמאָנע פֿונעם גענעראַל קוידאַנסקי, וועלכער איז באַרימט געוואָרן דערמיט, וואָס אין דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג איז ער געשטאַנען נאָענט צו קוראָפּאַטקינען. דעם צאַרישן סאַנאָווניק פֿון פּעטערבורג האָט צוגעצויגן ניט אַזוי די רײַכע יערושע, וואָס דער גענעראַל דער אויִוער־באָטל האָט איבערגעלאָזט זײַן יונגער אַלמאָנע, ווי די שיינקײַט אירע. מיט די פּילצאָליקע קאַוואַלערן פֿון די אַרומיקע פּאָסעסיעס האָט לאַריסאַ קוידאַנסקאַ ליב געהאַט צו ריידן אויף אוקראַיִניש. זי פֿלעגט זיך אָנטאָן אין נאַציאָנאַלע אוקראַיִנישע קליידער מיט בונטע קאָרעלן אויפֿן פֿולן האַלדז.

שטשעגלאָוויטאָוו האָט געוווּסט די שוואַכקײַט פֿון דער קאַפּריזער אַלמאָנע, האָט ער איר צוליב געטאָן. זאָל זי ריידן אויף איר שפּראַך וויפֿל דאָס האַרץ גלוסט. נאָר ווען זי האָט איינמאָל פֿאַרלאַנגט פֿון אים, ער זאָל זי מיטנעמען קיין פּעטערבורג, זיי זאָלן דאָרט אַ הוליע טאָן, האָט שטשעגלאָוויטאָוו אַ שמייכל געטאָן, צוגעזשמורעט די כיטרע אויגן און געזאָגט:

— אין פּעטערבורג גייט אָבער ניט אָן די כאָכלאַצקע מאָווע...[2]

לאַריסע האָט אַ פּאָך געטאָן מיטן שטראַליקן פֿאָכער, אויסגעדרייט זיך און אים איבערגעלאָזט מיטן קאַמערדינער.

אויך דאָס מאָל, ווי נאָר דער יוסטיץ־מיניסטער איז געקומען קיין „קאָטשעטי“, האָט ער געהייסן זיך פֿירן אין שכײנעסדיקן גוט צו לאַריסע קוידאַנסקאַ.

דערזען באַ זיך אין סאָד אין אַ הייסן יול־טאָג אָט דעם הויכגעשטעלטן גאַסט, האָט די עטלעכע־און־דרײַסיקיאָריקע אַלמאָנע שטאַרק זיך דערפֿרייט.

— איוואַן גריגאָריעוויטש, גאָלובטשיק!..[3] — האָט זי אויסגערופֿן.

שטשעגלאָוויטאָוו, אין ליכטיקן אַלפּאַגענעם אָנצוג, האָט אָפּגעגעבן זײַן הוט דעם דינער און דערבײַ ניט אויפֿגעהערט צו קוקן אויף דער באַלעבאָסטע. ער האָט זיך ניט גערירט פֿון אָרט, ביז לאַריסע קוידאַנסקאַ האָט אים ניט אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און צוגעפֿירט צו אַ באַנק.

— זיצט! — האָט זי געבעטן און אַליין זיך אַוועקגעזעצט.

דער גאַסט איז אַלץ געשטאַנען, זיך געשפּיגלט אין איר בליִענדיקער שיינקײַט און געשוויגן.

— זיצט, פֿאַרוואָס זעצט איר זיך ניט, איוואַן גריגאָריעוויטש, — האָט קוידאַנסקאַ איבערגעכאַזערט.

דערפֿילט, אַז ער איז איבעראַשט, האָט די פֿרוי ווידער אים אָנגענומען פֿאַר דער האַנט, אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק און געהייסן דעם דינער אַרויסטראָגן אַהער אַ טישל מיט צובײַסן.

וואָס צובײַסן, ווער צובײַסן? דער גאַסט וויל בלויז קוקן אויף איר, דערוויסן זיך וועגן איר געזונט און אירע פֿאַרלאַנגען. ער דאַרף באַלד פֿאָרן צוריק צו זיך, דאָרט אין „קאָטשעטי“ דערוואַרט ער איינעם אַ טשינאָווניק פֿון קיִעוו וועגן זייער אַ וויכטיקן עניִען.

די אַלמאָנע וועט דעם גאַסט ניט אָפּלאָזן, שוין לאַנג זײַנען באַ איר ניט געווען קיין געסט, איז איר לאַנגווײַליק.

— גאָט אַליין האָט אײַך צוגעשיקט, איוואַן גריגאָריעוויטש.

אַ מליִענדיקע היץ האָט זיך געשפּרייט צווישן דיביימער און צעוואַרעמט די שטאַמען פֿון די בערעזעס, פֿון וועלכע ס'האָט אַרויסגערונען זאַפּט און זיך צעגאָסן אין טונקל־ברוינע שטרעמעלעך. די אַלמאָנע איז צוגעגאַנגען צו אַ בערעזע, אָפּגעשיילט פֿונעם בוים אַ פּלעכטעלע פֿאַרגליווערטע זאַפּט, צעשמירט און צעריבן עס אין די הענט.

— וואָס טוט איר, לאַריסאַ מיטראָפֿאַנאָוונאַ?

— מע זאָגט, — שמייכלען די ווינקלען פֿון אירע דינע ראָזעווע ליפּן, — אַז ווער עס באַנוצט די דאָזיקע זאַפּט, ווערט באַגליקט...

צעלאַכט זיך שטשעגלאָוויטאָוו אויף אַ קאָל, און סע שפּרינגען באַ אים אין די אויגן פֿאַרטײַעטע פֿײַערלעך.

---

[1] אַ הויכגעשטעלטער באַאַמטער; [2] די אוקראַיִנישע שפּראַך; [3] טײַערער מײַנער, טײַבעלע.

— אַהאַ, מע וואָלט געקאָנט מיינען, איר זײַט אויסגעוואַקסן אין א וואַלד בא א מוטער א טרע־פערקע און א מאַכשייפע, — זאָגט ער לאַכנדיק.

— ס׳ניטאָ וואָס צו לאַכן דערפון, אפילע דערפאַרענע מעדיקער אָן שום זאבאַבאָנעס רעקאָ־מענדירן די זאפט צו בויכווייטעק.

— עפשער איז דאָס א מיטל צו בויכווייטעק, אָבער צו גליק...

— נאַט, טוט אומיסטן א שמעק, איוואַן גריגאָריעוויטש.

— פאַר פאַרפיומעריע איז דאָס, מעגלעך, א מיטל, נאָר פאַר זאבאַבאָנישע גליקן... — ער קנייטשט מיט די אקסלען.

קוידאַנסקא האָט אים ניט געלאָזט ריידן און מיט א געלעכטער איבערגעשלאָגן:

— איר זײַט דאָך אָבער, מײַן טײַערער איוואַן גריגאָריעוויטש, ניט קיין קאָמערסאַנט, נאָר א מיניסטער.

— ע, ווען איך זאָל זײַן א קאָמערסאַנט...

— וואָלטן מיר מיט אײַך געמאַכט א רײַזע קיין אינדיע אָדער קיין יאַפּאַניע, — האָט טרוי־מעריש געזאָגט די אַלמאָנע.

— איך וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט מיט אײַך צו פאָרן.

— און אײַער פעטערבורגער ווײַב וואָס וועט דערויף זאָגן? — פרעגט לאַריסא מיטראָ־פאַנאָוונא.

שטשעגלאָוויטאָוו ענטפערט דערויף גאָרנישט. ער רוקט צו זיך צו די פלאַש מיטן געטראַנק, וואָס דער דינער האָט געבראַכט, גיסט אָן אין א גלאָז.

— איר האָט אזא קוואַסאַק נאָך ניט געטרונקען, — זאָגט די באַלעבאָסטע, — דערויף איז אונדזער אַפּאָנקע א גרויסער בעריע!

שטשעגלאָוויטאָוו פאַרזוכט דעם געטראַנק, קוויקט זיך. נאָר פּלוצעם דערמאָנט ער זיך אין עפּעס, כאַפּט ארויס דעם זייגער און זאָגט:

— אוי, אוי, אוי, שוין שפּעט! די זון שטייט נאָך, עמעס, הויך. איך באַדאַרף נאָך הײַנט זײַן צוריק בא זיך, און פאָרן מיט דער דראָזשקע געדויערט אמווייניקסטן א דרײַסיק — פערציק מינוט.

— אײַלט זיך ניט, איך וועל אײַך געבן מײַן קוטשער, וועט ער אײַך אָפּפירן פאַר צוואַנציק מינוט מאַקסימום, — זאָגט לאַריסא מיטראָפאַנאָוונא.

גראַד אין דער רעגע האָט זיך דערהערט א רויש פון א צופאָרנדיקער דראָזשקע.

— ווער קאָן עס זײַן? — פרעגט א פאַרפלאָמטע די באַלעבאָסטע.

— געוויס עמעצער פון אײַערע שכיינים, — וויל שטשעגלאָוויטאָוו טרעפן.

— איך האָב ניט אזעלכע שכיינים, אויסער אײַך.

דעם דינערס געדיכטע שטים דערטראָגט זיך פון דערווײַטנס:

— יאָ, זײַן עקסעלענץ איוואַן גריגאָריעוויטש שטשעגלאָוויטאָוו איז איצט דאָ.

— אַף אײַך פרעגט מען זיך נאָך, — זאָגט שטיל לאַריסא מיטראָפאַנאָוונא.

— אַף מיר גאָר... — קנייטשט שטשעגלאָוויטאָוו מיט די אקסלען, — און עפשער...

פון צווישן דיביימער באַווײַזט זיך טשאַפּלינסקי. זײַן היפשע פיגור זעט אויס דאָ, אין שאָטן פון דעם אויסטערלישן ביימער־געפלעכט, קליין און אומבאַמערקט. עפּעס האָט ער אַפגיך אָפּגע־מורמלט, נאָר וואָס — האָבן שטשעגלאָוויטאָוו און די באַלעבאָסטע ניט פאַרשטאַנען.

— באַקענט זיך: לאַריסא מיטראָפאַנאָוונא קוידאַנסקא, הער טשאַפּלינסקי...

קוידאַנסקא האָט ניט געלאָזט דעם מיניסטער ענדיקן:

— איך האָב פיל געהערט וועגן דעם הער טשאַפּלינסקי, — האָט זי געזאָגט.

אין פאַרלעגנהייט באַטראַכט טשאַפּלינסקי די גענעראַלשע און ווייסט ניט וואָס צו זאָגן. ער קלערט: „וואָס קריכט עס איצט אין קאָפּ דעם יוסטיץ־מיניסטער? ער האָט דאָך ארויסגערופן אים, דעם פּראָקוראָר, צוליב אזא וויכטיקן און עקסטרע איניען און אליין פאַרברענגט ער גאָר מיט דער יונגער פרוי...“

באַמערקט טשאַפּלינסקיס פאַרלעגנהײַט, האָט שטשעגלאָוויטאָוו א ווונק געטאָן צו דער גענעראַלשע און זיך צעשמייכלט:

— איר זעט, לאַריסא מיטראָפאַנאָוונא, איר ברענגט אין פאַרלעגנהײַט אזעלכע דערפאַרענע און שטרענגע טשינאָווניקעס. איר ווייסט, וואָס פאַר א פאָסטן ער פאַרנעמט? דאָס איז דער פּראָ־קוראָר פון קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע — געאָרגי גאַוורילאָוויטש טשאַפּלינסקי.

— געהערט, געהערט אויך וועגן דעם, — שמייכלט מילד די אַלמאָנע.

— וועגן מיר? וועגן מײַן באַשיידענעם אמט? — זשמורעט טשאַפּלינסקי די גרויע קאַלטע אויגן.

— א באשיידענע? כא־כא־כא! — צעדרויבלט זיך אין געלעכטער די גענעראַלשע. — דאָ זײַנען בא מיר געווען באקענטע און דערציילט וועגן אײַך גרויליקע מײַסעס.

— גרויליקע? — האָט דער פּראָקוראָר כידעשלעך אַ קוק געטאָן אַף דער גענעראַלשע.

— נו, גרויליקע, ניט קיין גרויליקע...

ביידע געריכט־טוער קוקן מיט נײַגער אַף דער צעפּלאַמטער לאַכנדיקער פרוי.

— וואָס קוקט איר אַזוי, מײַנע הערן? אָט דאָ בא דעם זעלבן טיש איז פריִער, אַן ערעך מיט צוויי וואָכן צוריק, געזעסן דער פּראָקוראָר פון קיִעווער קרײַז־געריכט בראַנדאָרף און זיך אויסגערעדט זײַן האַרץ פאַר מיר, אַז איר, הער טשאַפּלינסקי, זײַט אַזאַ... האַרטער... אָבער לאָמיר בעסער ניט ריידן דערפון...

נאָך אַ קליינער פּאַוזע, ווען די גענעראַלשע האָט באַמערקט, אַז אירע געסט זײַנען געבליבן ווי געפּלעפּט און קוקן אַף איר פאַרגאַפּטע, האָט זי פאַרגעזעצט:

— איך פאַרשטיי, איר וועט זאָגן, צוליב וואָס מיש איך זיך אין פרעמדע געשעפטן... בעסער וואָלט איך געשוויגן, אומזיסט אָנגעהויבן אַזאַ שמועס. בראַנדאָרף איז מײַן מאַנס און אויך מײַנער אַ גוטער־פרײַנט, אַן אָרנטלעכער מענטש — דאָס מעג איך זיכער זאָגן. ער האָט ניט גערעדט קיין שלעכטס וועגן אײַך. ער איז אַ גוטער פאַמיליען־מענטש. ער האָט מיר דערציילט אַ געשיכטע, וואָס איז פאַרבונדן מיט איינער אַ דאַמע, וועלכע איז פאַרמישט אין אַ פּאָליטישן איניען. קיין אייזנצלהײַטן געדענק איך ניט, נאָר דער טאָך פון דער דאָזיקער געשיכטע באַשטייט אין דעם אײַנדרוק, וואָס איז פאַרבליבן בא די, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיטן איניען. ער האָט געזאָגט, אַז איר, הער טשאַפּלינסקי, זײַט ניט קיין נאָכגיביקער, אַ שטרענגער און אַ בייזער. האָט אַף מיר קיין פאַריבל ניט... איך האָב ליב דעם עמעס, ווי ביטער ער זאָל ניט זײַן, נאָר לייגט ניט קיין אכט אַף מײַן ווײַבערשן פּלאַפּלען, געאָרגי גאַווריל אָוויטש. מאַלע־וואָס אַ פרוי זאָגט. זעצט זיך, ביטע, און פאַרזוכט אָט דעם קוואַסאָק. — און לאַריסאַ מיטראָפאַנאָוונאַ צעלאַכט זיך אַזוי רייצנדיק, אַז אירע ביידע געסט ווייסן ניט מאַמעש ווי צו האַלטן זיך.

טשאַפּלינסקי קוקט מיט בעטנדיקע אויגן אַף שטשעגלאָוויטאָוו און ווייסט ניט — זאָגן צי ניט זאָגן, אַז ער איז געקומען צוליב אַ נייטיקן איניען, און דאָ — נאָ דיר גאָר פּלוצעם אַזאַ באַגעגעניש... די פרוי איז בעפּיירעש אַ רייצנדיקע, אָבער דער מאַנאָלאָג איז געווען אַזוי מעטוש־טעש און פאַרפּלאָנטערט און אַזויפיל ביטערע טראָפּנס זײַנען אין אים געווען אַרײַנגעקאַפּעט... וואָס האָט זי געוואָלט, די דאָזיקע גענעראַלשע? וואָס האָט זי געוואָלט פון אים?

נאָר אָט זיצן שוין שטשעגלאָוויטאָוו מיט טשאַפּלינסקין אַף דער דראָזשקע. די גענעראַלשע שטייט דערבײַ און שמייכלט. די דראָזשקע רירט זיך פונעם אָרט.

אין וועג האָבן ביידע געריכט־באַאַמטע ניט גערעדט צווישן זיך. שטשעגלאָוויטאָוו האָט גע־טראַכט וועגן דער אַלמאָנע קווידאַנסקאַ, וואָס האָט מיט אַזאַ בייזן פּאַטאָס דערציילט וועגן בראַנ־דאָרפן. „אָט דער בראַנדאָרף, — האָט געקלערט דער יוסטיץ־מיניסטער, — שטאַמט מיסטאָמע פון דײַטשן... ער קאָן אָנטאָן צאָרעס. מעגלעך, אַז מע דאַרף פון אים וואָס גיכער פּאָטער ווערן...“ אין דער צופאַלנדיקער טונקלקײַט זעט שטשעגלאָוויטאָוו, ווי טשאַפּלינסקי האָט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט און די עלנבויגן שפּאַרן זיך אָן אַף די קני. ער דרעמלט, דער פּראָ־קוראָר, צי עפּשער קלערט ער אויך וועגן דעם זעלביקן? טשאַפּלינסקיס קאָפּ הוידעט זיך און הוי־דעט זיך, ווי עפּעס אַ פאַרגליווערטע מאַסע.

באַם פּלאַמענדיקן האָריזאָנט ראַנגלט זיך די זון מיט דער אָנוואַקסנדיקער טונקלקײַט, און דערפון איז געגנט אײַנגעהילט אין אַ ברוין רויכל, וואָס טוליעט זיך אַלץ נעענטער צו דער אופגעאַקערטער ערד.

אַפן אויסגעפּאָרענעם שליאַך קנאַקט די דראָזשקע. דער פורמאַן וועקט די אײַנגעדרעמלטע געגנט מיט מונטערע אויסרופן.

אין הויף פון דער פּאַסעסיע האָט מען אַרײַנגעקנאַקט מיט אַ געהאַפּ און אַ געקנאַל. שווײַגנדיק זײַנען ביידע אַראָפּ פונעם פאַעטאָן.

בא דער אַרײַנגאַנג־טיר האָט שטשעגלאָוויטאָוו דורכגעלאָזט פאָרויס טשאַפּלינסקין, וועלכער איז דערנאָך געבליבן שטיין און אויסגעוואַרט, ביז דער באַלעבאָס וועט אויך אַרײַנגיין.

אין הויז האָבן שוין געברענט לאָמפּן. אין איינעם אַ ווײַטערן צימער, וווהין זיי זײַנען אַרײַנ־געקומען, איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש־לאָמפּ.

— זיצט! — פאַרבעט שטשעגלאָוויטאָוו זײַן גאַסט. ער האָט גלײַך אַראָפּגעוואָרפן דעם פּיד־זשאַק און פאָרגעלייגט דאָס זעלבע טאָן אויך טשאַפּלינסקין.

— אַזאַ היץ, געפערלעך!

צוגעגאַנגען צום פענצטער, האָט דער באַלעבאָס אופגעפּראַלט עס מיט אַ העפטיקן שטויס.

עס האָט זיך אַרײַנגעריסן אַ שטראָם פרישע לופט, וואָס האָט געגומען לעשן דעם לאָמפּ, כאָטש קיין ווינט האָט זיך ניט געפילט.

— דערציילט, — דערהערט טשאַפּלינסקי שטשעגלאָוויטאָווס הארטע באַפעלערישע שטים.

טשאַפּלינסקי דערציילט, אַז ער האָט באַפוילן קוליאַבקאָן אַרעסטירן בייליסן.

— נו, און מאָטיוון?

— מאָטיוון? פאַראַן, אײַער עקסעלענץ, איידעס. עמעס, זיי אַליין בײַטן יעדעס מאָל זייערע באַוויַיזן, נאָר מיט דער צײַט וועט אַלץ צוגעגרייט ווערן און אַלץ וועט זײַן גוט מאָטיווירט.

טשאַפּלינסקי באַמערקט אַן אומצופרידענע מינע אויף פאָנעם פּונעם יוסטיץ־מיניסטער.

— קומט אויס, אַז ביז איצט האָט איר ניט געקאָנט איבערצײַגן דעם אויספאָרשער און אַלע אַנדערע, וואָס פאַרנעמען זיך מיטן דערלערנען דעם מאָרד פונעם קריסטלעכן יינגעלע, אַז דאָס איז אַן איניען פון גאַנץ רוסלאַנד, — האָט בייז געזאָגט דער מיניסטער.

דער פּראָקוראָר איז געשטאַנען ווי אַ באַשולדיקטער, ער האָט זיך געפילט, ווי ער אַליין זאָל געווען אָפּטאָן דעם גרעסטן פאַרברעכן. טשאַפּלינסקי האָט פאַרשטאַנען, וואָס שטשעגלאָוויטאָוו וויל פון אים, נאָר ער האָט דערווייל ניט אַרויסגעזאָגט אַלץ, וואָס דער יוסטיץ־מיניסטער דערוואַרט פון אים, דעם פּראָקוראָר. ער האָט באַמערקט, ווי שטשעגלאָוויטאָוו האָט נערוועז און בייז אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער און געגרייט זיך זאָגן עפּעס וויכטיקס. דעריבער פּויעלט בא זיך דער פּראָקוראָר, אַז בעסער וועט זײַן, ער זאָל אַליין פאַרלויפן דעם וועג. יאָ, דאָס איז געוויס גלײַכער, וועט דער מיניסטער ניט אַזוי נערווירן און זיך באַרויקן.

— אײַער עקסעלענץ, — זאָגט טשאַפּלינסקי, — גאָלוביאָוו האָט מיר מיטגעטיילט, אַז ער איז געווען בא אײַך...

— געווען... — שטרענגט זיך אָן שטשעגלאָוויטאָוו.

פאַרן פּראָקוראָר איז ניט קלאָר אָט דער אָפּגעהאַקטער ענטפער. ווייסט ער ניט, ווי צו פירן ווײַטער דעם אָנגעהויבענעם שמועס. טשאַפּלינסקי האָט זיך פאַרלוירן, אַ שווייס האָט אים באַשלאָגן. ער פילט, ווי די באַקן האָבן זיך צעפלאַמט.

— איך זאָג, געאָרגי גאַווריל<sub></sub>אָוויטש, „געווען"... און איר דאַרפט שטענדיק האַלטן אַן ענגע פאַרבינדונג מיט די אָרגאַניזאַציעס, וואָס מיר זאָגן וועגן זיי, אַז זיי זײַנען עכטע נאַציאָנאַל־רוסישע. איר פאַרשטייט מיך?

— יאָ, יאָ, — באַמקעט אונטער טשאַפּלינסקי.

— ...און איר דאַרפט ווייניקער זיך צוהערן צו די לאַמענטאַציעס פון די צײַטונגען, די העסענס מעגן וואָיען בא זיך אין זייערע אָרגאַנען, און איר הערט זיך וואָס ווייניקער צו צו זיי.

— יאָ, יאָ, אײַער עקסעלענץ... — באַווײַזט דער פּראָקוראָר קוים אונטערצוכאַפּן.

— די געזעצן שרײַבן מיר, און מיר גיבן זיי אַרויס, ניט די צײַטונגען... — זאָגט ווײַטער שטשעגלאָוויטאָוו.

נאָך אַ קליינער פּאַוזע זעצט פאָר דער יוסטיץ־מיניסטער:

— איך מוז אײַך פאַרטרויען איינעם אַ סאָד, געאָרגי גאַווריל<sub></sub>אָוויטש. מיט דעם קיִעווער איניען האָט זיך פאַרינטערעסירט זײַן מאַיעסטעט, דער גאָסודאַר־אימפּעראַטאָר[1] אַליין...

— איך ווייס, איך ווייס, איוואַן גריגאָריעוויטש.

— איר ווייסט? פונוואַנען ווייסט איר עס? ווער האָט עס אײַך געקאָנט פאַרטרויען, אַז קיינער ווייסט ניט, כוץ מיר...

טשאַפּלינסקי איז בלייך געוואָרן. זאָל זײַן, ער איז דורכגעפאַלן? וואָס האָט ער אַזוינס געזאָגט?

— איך האָב געמיינט צו זאָגן, אײַער עקסעלענץ, אַז פאַר מיר איז פאַרשטענדלעך, אַז זײַן אימפּעראַטאָרישע מאַיעסטעט האָט זיך פאַרינטערעסירט מיט דעם דאָזיקן איניען, — פאַרענט־פערט זיך טשאַפּלינסקי. — עס גייט דאָך אין די אינטערעסן פון דער אימפּעריע.

— איז הערט אויס, הער פּראָקוראָר, ס'איז העכסט נייטיק, מיר זאָלן קאָנען שטרענג אָפּ־ענטפערן אַלע די, וואָס פּרוּוון זיך אין דער מעלוכע־דומע אופהייבן די פראַגע וועגן פאַרברייטערן די „טשערטאַ אָסעדלאָסטי"[2] פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

טשאַפּלינסקי קוקט דעם מיניסטער גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, ווי ער זאָל וועלן אײַנזאַפּן אין זיך יעדן אַרויסגעבראַכטן קלאַנג.

— איר האָט פאַרשטאַנען, געאָרגי גאַווריל<sub></sub>אָוויטש?

— געוויס, געוויס, אײַער עקסעלענץ. — און דאָ פאַלט אײַן דעם פּראָקוראָר צו פרעגן באַם

---

[1] דער קייסער; [2] טכום־האַמוישעוו. ערטער, וווּ די צאַרישע מאַכט האָט דערלויבט וווינען יידן.

יוסטיץ־מיניסטער. — מיט וואָס קאָן מען דערקלערן די פּאָזיציע, וואָס עס האָט פאַרנומען די צייַטונג „קיִעווליאַנין“?

דער מיניסטער האָט צענומען די הענט: ער ווייסט ניט.

— אונדזערע א צייַטונג און פאַלשעוועט אזוי. „ניטאָ קיין ריטואַל בא ייִדן...“ אזוי פאַלשע־ווען... ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן? — גיט צו טשאַפּלינסקי.

— יאָ, דערווייַל איז ניט פאַרשטענדלעך איר באציִונג. דערווייַל... — דער מיניסטער האָט צוגעגלעט די האָר, ווידער צענומען די הענט און פילדייַטיק זיך צעשמייכלט: — און עפשער איז ריכטיק, וואָס מע זאָגט... מע זאָגט, אז די צייַטונג האָט באקומען א גרויסע סובסידיע פון ייִדישע אָרגאניזאציעס. זיי... די דאָזיקע אָרגאניזאציעס, זייַנען אף אלץ פייִק, פאַרגעסט ניט, אז ס׳איז א וועלט־אָרגאניזאציע. בא אונדז אין רוסלאַנד — באראָן גינזבורג, פּאָליאַקאָוו, וויסאָצקי, בראָדסקי, און אין אויסלאַנד — באראָן ראָטשילד...

— וואָס רעדט איר, איוואַן גריגאָריעוויטש? דמיטרי איוואַנאָוויטש פּיכנאָ, דער רעדאקטאָר פון „קיִעווליאַנין“, איז ניט קיין מענטש, וועלכן מע זאָל קאָנען אונטערקויפן...

— זאָגט עס ניט, געאָרגי גאַווריליאָוויטש. די קראַפט פון מעטאַל... אָ!

דער פּראָקוראָר איז אנשוויגן געוואָרן. דער מיניסטער האָט עטוואָס פאַרזשמורעט דאָס לינקע אויג און אופגעהויבן א פינגער.

— יענע קרייַזן, — האָט ער פאַרגעזעצט, — די מאסאָן־אָרגאניזאציעס, קאָנען מיט גאָלד פאַרקישעפן ניט נאָר אזעלכע, ווי אייַער רעדאקטאָר פון „קיִעווליאַנין“ פּיכנאָ.

דער פּראָקוראָר האָט, נאַטירלעך, אפילע אין די מאכשאָוועס מער ניט געקאָנט דערווידערן דעם מיניסטער. קעדיי ארויסצווייַזן טרייַשאפט און איבערגעגעבנקייַט דעם גאנצן איניעך, אין וועלכן דאָס גאָרע רוסלאַנד איז פאַרינטערעסירט, האָט דער פּראָקוראָר ארויסגענומען א שטיפטל פון זייַן זומערדיקן לייַכטן פּידזשאַק, אויסגעצויגן די האַנט נאָכן בלאָקנאָט, וואָס איז געלעגן אפן טיש, א בלאָקנאָט, געקאָוועט אין א שווערן בונד מיט פיר זילבערנע דרייַעקן בא די שפּיצן, און אייַלנדיק אָנגעוואָרפן א קורצע שיפרירטע טעלעגראַמע: „ארעסטאָוואַן לי מענדעל?“[1]. באווייזן זי שטשעגלאָוויטאָוון, האָט דער פּראָקוראָר געבעטן עקסטרע שיקן עמעצן פון די פּאָסעסיע־דינער צו דער באַן־סטאנציע אָפּשיקן די טעלעגראַמע.

שטשעגלאָוויטאָוו האָט א קלונג געטאָן אין גלעקל, איבערגעגעבן דעם אריינגעקומענעם קאַמערדינער דאָס פּאַפּיר. מ׳איז זיך פאַנאַנדערגעגאנגען אין די צימערן, זיך אויסגעטאָן און אייַנ־געשלאָפן מיט א גוט געמיט.

אינדערפרי האָט אפן טיש אין אופנאם־צימער געוואַרט א טעלעגראַפישער ענטפער, אדרע־סירט טשאַפּלינסקין: „מענדעל ארעסטאָוואַן פּאָריאַדקע גאָסודארסטווענוי אָכראַני“[2].

באווייזן די טעלעגראַמע דעם מיניסטער, האָט טשאַפּלינסקי געזאָגט:

— אבי ס׳איז שוין פאַראַן דער מענטש, וועלן מיר אַן ארטיקל אינעם קאָדעקס פון דער רוסלענדישער אימפּעריע אויסגעפינען פאַר אים...

דער מיניסטער האָט צופרידן געשמייכלט.

צווייטער טייל

## ניקאָלײַ דער צווייטער אין קיִעוו

שוין עטלעכע טעג ווייַלט אין קיִעוו דער רוסישער סאַמאָדערזשעץ ניקאָלײַ ראָמאַנאָוו מיט די מיטגלידער פון זייַן מישפּאָכע. געקומען אהער איז ער צום אנטהילן א מאָנומענט דעם זיידן זייַנעם אלעקסאנדער דעם צווייטן. די שטאָט האָט זיך פיבערדיק געגרייט צו דער דאָזיקער געשעעניש. באזונדערס האָבן אופגעלעבט די מאָנארכיסטישע אָרגאניזאציעס און אלע שווארצ־מייעדיקע גרופּעס פון קיִעוו.

---

[1] צי איז ארעסטירט מענדל?; [2] מענדל איז ארעסטירט אין אָרדענונג פון פאַרהיטן די מעלוכע־אינטערעסן.

צווישן די אײַנגעלאַדענע, וואָס זײַנען געקומען אין סאָכרים־גאָרטן אַף דער צערעמאָניע פון באַגעגענען זײַן אימפּעראַטאָרישע מאַיעסטעט, איז אויך געווען דער זשורנאַליסט איסײַ כּאַדאָשעוו. אומגעריכט האָט ער דאָ דערזען נאַסטיע שישאָווא מיט דעם אַרבעטער פּעטראָ קאָסטענקאָ.

אין שטופּעניש און געדראַנג האָט וולאַדימיר גאָלוביאָוו מיט זײַנער אַ גרופּע סטודענטן געניששטערט צווישן אוילעם, אײַנגעקוקט זיך אין די פּנעמער, זיך געטשעפּעט צו אַזעלכע, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ כּאַרדאַכט.

דער כּאַרנאַכט האָט זיך שוין געגומען אַנרוקן, ווען אין גאָרטן האָט זיך באַוויזן דער אימפּעראַטאָר ניקאָלײַ דער צווייטער מיט בײדע טעכטער אין דער באַגלייטונג פון זײַנע הויפּ־לײַט — דעם פאָרזיצער פון מיניסטאָרן־ראַט סטאַטס־סעקרעטאַר פּיאָטער אַרקאַדיעוויטש סטאָליפּין און אַנדערע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען.

גאָלוביאָוו מיט זײַנע אָדלערס האָבן געגומען שרײַען „הוראַ". די געשרייען זײַנען אונטער־געכאַפּט געוואָרן און זיך אוועקגעקויקלט איבער די באַרג־שיפּוּים אַזש צום פּאָדאָל.

כּאַדאָשעוו האָט געוואָלט זיך דורכשטופּן נעענטער צום קייסער, אַ קוק טאָן אים אין פּאָנעם. ער האָט זיך דערמאָנט: זײַן טאַטע האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ווען מע זעט דאָס ערשטע מאָל אַ קייסער, דאַרף מען מאַכן אַ בראָכע.

פּלוצעם האָט כּאַדאָשעוו צווישן דעם האַמוין אַרום דעם קייסער באַמערקט דעם פּראָקוראָר פון דער געריכט־פּאַלאַטע. „אַזוי... טשאַפּלינסקי איז אויך דאָ!.."

און אָט איז דער שטאָט־גאָלאָווא, דער היגער גענעראַל־גובערנאַטאָר און נאָך און נאָך אָרטיקע קאַרפּנקעפּ. איסײַ כּאַדאָשעוו דערקענט זיי גאַנץ גוט, ניט איין מאָל איז אים אויסגעקו־מען צו זען זיי בײַ פאַרשיידענע געלעגנהײַטן.

אין שווערן געדראַנג האָט מען כּאַדאָשעוון צוגעשטויסן צו דער אַרקע מיט די מעלוכע־הערבן, ווו עס איז געשטאַנען דער קייסער און מיט דער האַנט אָנגעוויזן צו דעם קלויסטער אַפן טרוכאַנאָוו־אינדזל, וואָס איז געווען באַהאַנגען מיט פּאָנען. עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן, אַז ווען עס וועט ווערן פינצטער, וועלן די סלאָבאָדקע און דאָס טרוכאַנאָוו־אינדזל באַגאָסן ווערן מיט שײַן פון אָן אַ שיר פילפאַרביקע עלעקטרישע לעמפּלעך.

אָבער דער טאָג איז נאָך ניט געווען גרייט אָפּצוטרעטן זײַן אָרט די אָונטיקע פײַערן, די פאַרגייענדיקע זון האָט נאָך געדיכט געהויערט באַם האָריזאָנט און צוגעגעבן דער גאַנצער געגנט אַן אויסטערליש אויסזען.

ווי פיל אַנדערע, וואָס זײַנען געקומען אַהער, האָט איסײַ מיטגענומען אַ בינאָקל. ער האָט עס איצט צוגעשטעלט צו די אויגן און דערזען, ווי גאָלוביאָוו שושקעט זיך עפּעס מיט טשאַפּלינ־סקין און ווי דער גאַלעך סינקעוויטש האָט צוגעפירט אַ פרוי צום מאָנאַרך.

אַלע פּנעמער, וואָס זײַנען געווען פריִער געווענדט צו דער זון, האָבן זיך אויסגעקערעוועט צו דער פרוי, וועלכע האָט פלינק אויפגעהויבן דעם לײַכטן וואַל, וואָס איז געווען אַראָפּגעלאָזט איבער איר פּאָנעם, און צוגעפאַלן צום קייסערס פיס. פון אומגעריכטקײַט האָט דער קייסער זיך צוריקגעצויגן. איינער פון די הויפלײַט איז שוין גרייט געווען אָפּשטויסן די אַזעסדיקע פרוי, אָבער טשאַפּלינסקיס אַ ווונק האָט אים באַצײַטנס אָפּגעשטעלט. ס'איז געוואָרן שטיל. די פרוי האָט אַף אַ קאָל זיך געווענדט צום קייסער:

— אײַער אימפּעראַטאָרישע מאַיעסטעט, איך וויל אויסדערציילן פאַרן טראָן דעם טרויער פון אַ רוסישער מוטער, וואָס האָט אָפּגעלעבט אַ שווער, נאָר אַ ריין לעבן. צוליב אַ בילבל פון אומווירדיקע פאַרקויפטע לײַט בין איך אָפּגעזעסן אַ לאַנגע צײַט אונטער דער וואַך און דערפאַר פאַרלוירן מײַנע טײַערע קינדער זשעניע און וואַליע. אַף מיר איז געפאַלן דער מוירעדיקער כשאַד אינעם מאָרד איבער אַנדריושע יושטשינסקי. בעט איך אײַך, אײַער אימפּעראַטאָרישע מאַיעסטעט, אין נאָמען פון די ליידן פון אַ מוטער, וואָס איז געבליבן פאַריאָסעמט אָן קינדער, מיך באַפרײַען פון דעם כשאַד און פאַראָרדענען, מע זאָל פאַר מיר, פאַר דער דוואָריאַנקע ווערע טשעבעריאַק — אַ טרײַער דינערן פון דער קרוין — אַנטפּלעקן די נעמען פון די שרעקלעכע מענטשן, וועלכע רוידעפן מיך, איך זאָל אײנמאָל פאַר אַלעמאָל זיך דערפילן פרײַ.

דעם בויגן פּאַפּיר, וואָס האָט ווי אין פיבער געציטערט אין אירע הענט, האָט ווערע טשעבעריאַק אוועקגעלייגט צום קייסערס פיס.

איינע פון דעם מאָנאַרכס טעכטער האָט מילד זיך אָנגעבויגן צו דער פרוי, זי אויפגעהויבן פאַר די אַקסלען און מיט פאַרטרערטע אויגן אַ קוק געטאָן צום פאָטער.

ניקאָלײַ האָט גנעדיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

פון הינטער גאָלוביאָװס פּלייצעס האָבן זיך באַװיזן זײַנע אָדלערס און אױסגעפּירט די פּאַראַדנע טרעפּ.

װען דער אױלעם האָט זיך באַרויִקט, האָט סטאָליפּין צוגעפירט צום קייסער דעם קיִעװער הויפּט־פּראָקוראָר טשאַפּלינסקי.

עס איז צוגעפאַלן דער אָפּדערנאַכט, און אַף יענער זײַט דניעפּער האָבן מיט פילקאָלירנדיקע פײַערן זיך אָנגעצונדן די רײַך־אילױמינירטע סלאַבאָדקע און דאָס טרוכאַנאָװ־אינדזל. אַף פּאָדאָל האָט באַזונדערס זיך אױסגעטיילט בראָדסקיס מיל, װאָס האָט אױסגעזען װי א סוידעספּולער פײַערדיקער שלאָס.

פונעם געדעקטן פּאַװיליאָן האָבן זיך דערהערט מוזיק־קלאַנגען. דאָס האָט א כאָר פון הונדערטער שטימען אין דער באַגלייטונג פון א סימפאָנישן אָרקעסטער אָנגעהויבן דעם קאָנצערט לעקאָװעד די הויכגעשעצטע געסט.

דער מאָנאַרך און זײַנע הױפלײַט זײַנען געװען צופרידן.

אַפן צװייטן טאָג איז טשאַפּלינסקי געשטאַנען פאַרן מאָנאַרך און אים דערציילט װעגן דעם ביילים־איניען. דער פּראָקוראָר האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז א שרעקלעכער ריטועלער מאָרד.

דער קייסער האָט טאַמעװאַטע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. סאָפּקאָלסאָף האָט ער אַרויסגעבראַכט בלויז איין װאָרט און דערבײַ צוגעװוּנקען מיט זײַנע קאַלטע, גרויע, װאַסערדיקע אויגן:

— דייסטוויטיע![1]

טשאַפּלינסקי האָט זיך טיף פאַרנייגט און א צופרידענער פאַרלאָזט דעם קייסערס אַפּאַרטאַמענטן.

גאָלוביאָװ, װעלכער האָט געװאַרט אין דעם פּראָקוראָרס קאַרעטע, האָט געדריקט טשאַפּלינסקין די האַנט:

— רוסלאַנד װעט אײַך קײנמאָל ניט פאַרגעסן, געאָרגי גאַװרילאָװיטש.

דער פּראָקוראָר האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. אין האַרצן האָט ער ניט איבעריק ליב געהאַט דאָס דאָזיקע סטודענטל, װאָס איז גרייט געװען פאַרבערנען מיט זײַן פּאַטריאָטישן פײַער אַלע אַנדערע רוסישע מענטשן. „א יונגער האַן און א געפערלעכער פאַר ערנסטע אַקציעס" — האָט געקלערט טשאַפּלינסקי.

א סאַך האָבן געװוּסט, אַז סטאָליפּין, װעמען מע האָט פאַר זײַן הארבקײַט צוגעגליכן צום דײַטשישן „אײַזערנעם קאַנצלער" ביסמאַרק, איז אהער געקומען, קעדיי דורכצופירן אייניקע מאָסמיטלען בענגייע דער זעמסטװע, און אַז ער װערט אופמערקזאַם אָפּגעהיט מיצאַד דער אָכראַנקע און די פּאָליציי־אָרגאַנען.

ניט צופעליק איז די נעסיִע פון דעם פּרעמיער־מיניסטער צונויפגעפאַלן מיטן װיזיט פון דער צאַרישער פאַמיליע קיין קיִעװ. סטאָליפּין האָט גוט געװוּסט, אַז דעם קייסערס אױטאָריטעט װעט אים פרײַ מאַכן דעם װעג פאַר אַלע זײַנע פאַרטראַכטן.

די אומרוען, די קאַלאַטוכע און סומאַטאָכע, װאָס די רעאַקציאָנערע און שװאַרצמייעדיקע עלעמענטן האָבן אַרויסגערופן אין צוזאַמענהאַנג מיטן מאָרד איבער אַנדריי יושטשינסקי, זײַנען געװאַקסן פון טאָג צו טאָג און פאַרסאַמט די לופט. װי נימעסע װערעם, זײַנען די קלאַנגען געקראָכן פון אויער צו אויער, — דער פּאַכעד פאַר א פּאָגראָם, װאָס האָט געזאָלט אָט־אָט אױסברעכן, האָט פאַרװיסט דאָס לעבן פון א סאַך מענטשן. די מער פאַרמעגלעכע און רײַכע ייִדישע מישפּאָכעס האָבן זיך געגרייט אװעקפאָרן קיין טיף־רוסלאַנד אָדער קיין אױסלאַנד.

װען קיין קיִעװ איז אָנגעקומען די צאַרישע פאַמיליע, האָט די באַפעלקערונג טיילװײַז זיך באַרויִקט: אין דער אָנװעזנהײַט פונעם קייסער װעלן די אופגערייצטע כוליגאַנעס דאָך ניט װאָגן באַפאַלן זײַן װיזיט מיט שאַנד. די באַפעלקערונג האָט געגלייבט אין רײנקײַט, אָרנטלעכקײַט און מענטשלעכקײַט און, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט װיסן, אַז די דאָזיקע הויכע צאַרישע פּערזאָן האַלט אונטער סטאָליפּינס פּלענער; אַז אַף די געזעץ־פּראָיעקטן, װעלכע זײַנען געװענדט קעגן די אינאָראָדצעס, שרײַבט דער מאָנאַרך:

---

[1] דאָ: טוט, װאָס מע דאַרף.

«Читал с удовольствием», «Сердце царево в руцех божьих», «Вполне согласен», «Да будет так»[1].

אין קיִעווער אָפּערע־טעאַטער האָט מען הייס אויפגענומען רימסקי־קאָרסאַקאָווס אָפּערע „סקאַזקאַ אָ צאַריע סאַלטאַניע"[2]. דער אויפגעלייגטער אוילעם — הויכגעשטעלטע טשינאָווניקעס און מיליטער־לײַט, האָבן עטלעכע מאָל זיך אויפגעהויבן פון די ערטער, זיך אויסגעקערעוועט צו דער צאַרישער לאָזשע און מיט הורא־אויסגעשרייען באַגריסט דעם קייסער און זײַנע באַגלייטער.

אין טעאַטער האָט זיך געפונען אַ היפּשע וואָך פון זשאַנדאַרמען, פּאָליציי־לײַט און געהיימע אַגענטן.

אין דער ערשטער ריי פון פּאַרטער איז אין דער אַרומרינגלונג פון זײַנע געהילפן און אַדיו־טאַנטן געזעסן דער סטאַטס־סעקרעטאַר, פּאָרזיצער פון מיניסטאָרן־ראַט — סטאָליפּין.

בײַם דעם צווייטן אַנטראַקט, ווען דער פּרעמיער־מיניסטער איז געשטאַנען לעבן באַריער פון אָרקעסטער מיטן פּנים צום אוילעם און געשמועסט מיט עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, האָט אַ מאַנצביל אין אַ פראַק, אַרײַנקוקנדיק אין דער פּראָגראַם פון ספּעקטאַקל, זיך דערנעענטערט צו דער ראַמפּע. קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי דער מענטש האָט אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע אַ בראַונינג. צוויי קורצע טרוקענע קנאַלן האָבן בייז אַ קלונג געטאָן, סטאָליפּין האָט מיט דער לינקער האַנט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער רעכטער זײַט ברוסט און שווער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול. די לינקע האַנט איז בײַ אים פאַרגאָסן געוואָרן מיט בלוט. עטלעכע מענטשן האָבן אים אונטערגעכאַפּט און אויף די הענט אַוועקגעטראָגן צום אַרויסגאַנג.

אין דער פּאַניק, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין טעאַטער, האָט מען דערהערט אויסגעשרייען:

— אַ טויט דעם מערדער!

— אַ טויט דער קראַמאָלע!

דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן.

אַ ציטעריק בלאַסער, האָט דער קייסער זיך דערנעענטערט צום באַריער פון דער לאָזשע. מיט אַ געמישט געפיל פון פּחד און אומזיניקער באַגײַסטערונג האָבן די אַרטיסטן אויף דער בינע זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני און אָנגעהויבן זינגען „באָזשע, צאַריאַ כראַני"[3]. דער אוילעם האָט מיט צונויפגעלייגטע הענט, ווי בײַס טפילע טאָן, אונטערגעהאַלטן דעם הימן.

אַ פאַרגליווערטער, מיט ציטעריקע הענט אָנגעשפּאַרט אין באַריער פון דער לאָזשע, האָט דער קייסער ניט געוווּסט, אויף וועמען פריִער צו קוקן, — אויף די טעכטער, וואָס זײַנען געשטאַנען לעבן אים, צי אויף די מענטשן, וואָס האָבן אין געבעט געצויגן די הענט צו דער לאָזשע. פּריטשמעליעט פון די הורא־געשרייען, האָט ער ניט געוווּסט, צי זאָל ער בלײַבן שטיין דאָ, צי וואָס גיכער אַנטלויפן פון דעם פאַרשאָלטענעם אָרט. דער טעאַטער האָט געפיבערט, געציטערט פון אויפרעגונג, אויפטרייסלונג און דערשרעק.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט אין דער צאַרישער לאָזשע זיך באַוויזן דער היגער גובערנאַטאָר. דער קייסער מיט זײַן סוויטע זײַנען פאַרשוווּנדן.

אײַנגיכן איז צום טעאַטער צוגעפאָרן אַ קאַרעטע פאַר גיכער הילף. מ׳האָט פאָרזיכטיק איבערגעטראָגן אַהין סטאָליפּינען און פאַמעלעך אים איבערגעפירט אין מאַקאָווסקיס שפּיטאָל. דאָרט האָט דער פאַרוווּנדעטער פּרעמיער־מיניסטער פאַרלאַנגט, מע זאָל איבערגעבן דעם גאָסודאַר־אימפּעראַטאָר, אַז ער איז גרייט צו שטאַרבן פאַר אים.

אויסגעשאָסן, האָט דער אומבאַקאַנטער רויִק זיך געלאָזט צו איינער פון די אַרויסגאַנגסטירן, אָבער עטלעכע אָפיצערן, וועלכע זײַנען אים נאָכגעלאָפן און געכאַפּט, האָבן איייניקע מינוט זיך געראַנגלט מיט אים. איינער פון די אָפיצערן האָט מיט אַ שאַשקע אים אַ זעץ געטאָן איבערן שאַרבן און לײַכט פאַרוווּנדעט. ערשט דעמלט האָט דער מענטש זיך געלאָזט בינדן.

דאָס איז געווען אַ הויכער, מאָגערער מאַנצביל מיט עטוואָס קורצזיכטיקע אויגן. ער האָט בעשום־אויפן ניט געוואָלט זאָגן, ווער ער איז. באַלד איז אונטערגעקומען דער שעף פון דער אָכראַנקע פּאָדפּאָלקאָווניק קוליאַבקאָ. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן פאַרשוין און אַראָפּגעלאָזט אים צוויי פּעטש אין בײדע באַקן.

— דאָס איז דאָך דמיטרי באָגראָוו, געהילף פון פּריסיאַזשני פּאָווערעני! — האָט קוליאַבקאָ דערקלערט די אָפיצערן. — אַזאַ אויסוווּרף!

---

[1] „געלייענט מיט פאַרגעניגן", „דאָס האַרץ פונעם קייסער איז אין גאָטס הענט", „פולשטענדיק אײַנשטימיק", „אַזוי זאָל עס זײַן".

[2] „דאָס מײַסעלע וועגן דעם קייסער סאַלטאַן".

[3] „גאָט, היט דעם קייסער".

קאָליאַבקאָ, דער זעלביקער, וואָס האָט אַרעסטירט בײַליסן, האָט איצט, אַ צעבויטעטער, מיט אַן אײַנגעבראָכן־אויפגערעגטער שטים באַפוילן אָפּפירן דעם מערדער אין אָכראַנקע.

אינגיכן איז באַגראָוו, אַ צעהאַרגעטער, אין צעריסענע קליידער, געזעסן אין קאָליאַבקאָס קאַבינעט. דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט מיט כּעס געשריִען:

— איך ווייס, ביסט אַ זשיד, אָבער איך האָב וועגן דעם זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק... — און נאָך אַ פּויזע: — האָסט מיך געפירט פאַר דער נאָז, באַגראָוו, ביסט אַן אויסוווּרף!

באַגראָוו האָט געשוויגן.

קאָליאַבקאָ האָט, פאַרשטייט זיך, כאַראָשע געהאַט, וואָס ער פּערזענלעך האָט געגעבן באַגראָוון אַ בילעט אין טעאַטער אַף דער פאָרשטעלונג. באַגראָוו האָט צוגעזאָגט כאַפּן דעם טעראָריסט, וועלכער האָט, קלוימערשט, זיך געיאָגט נאָך סטאָליפּינען צו מאַכן אַף אים אַן אַטענטאַט. איצט, ווען קאָליאַבקאָ איז געבליבן צום נאַר און געוווּסט, אַז ער וועט פאַר זײַן אומפאָרזיכטיקײַט דאַרפן ענטפערן פאַר דער העכערער נאַטשאַלסטווע, האָט ער געוואָלט וויסן די סיבע, פאַרוואָס באַגראָוו האָט אים אַזוי גענאַרט.

— קיינער איז דאָך דאָ ניטאָ, איז זאָג, מיטיאַ, דערצייל, וואָס האָב איך דיר אַזוינס געטאָן, וואָס דו ביסט זיך אַזוי באַגאַנגען מיט מיר?

באַגראָוו שווײַגט.

— האָסט געקאָנט מאַכן אַ גלענצנדיקע קאַריערע, דו אויסוווּרף! ביסט אַלט אינגאַנצן אַכט און צוואַנציק יאָר, דײַן לעבן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן... וואָס שווײַגסטו?..

באַגראָוו שווײַגט.

— דו ווייסט, אַז איבער דיר הענגט מײַן לעבן אַף אַ האָר?..

— איך ווייס, הער זשאַנדאַרמסקי פּאָדפּאָלקאָווניק. איך בין געווען אַ מיִעסער פּראָוואָקאַטאָר, כ׳האָב פאַראַטן מײַנע געוועזענע קאַמפּס־כאַווײרים. איר וועט מיך ניט פאַרשטיין, איך האָב זיי פאַרקויפט. האָב איך געוואָלט אויסקויפן מײַנע זינד. נאָר סײַוויי: באַ זיי אין די אויגן בלײַב איך אַ פּראָוואָקאַטאָר, אַ הונט. איך האָב געוואָלט זיך פאַרענטפערן, נאָר איר וועט מיך ניט פאַרשטיין, און זיי — די כאַווײרים מײַנע — וועלן מיר ניט מויכל זײַן. איך בין געווען אַ פאַרקויפטע נעשאָמע. און איצט? איך קאָן אַף אײַך ניט קוקן, זשאַנדאַרמישע מויז... פירט מיך, פירט מיך צו דער טליִע. רוסלאַנד וועט מיר פאַרגעבן... רוסלאַנד!

קאָליאַבקאָ האָט זיך אָפּגעקערט פון באַגראָוון:

— וואָס פילאָסאָפירסטו, פּראָוואָקאַטאָר?.. אַלציינס ביסטו שוין פאַרפאַלן.

באַגראָוו האָט אים איבערגעשלאָגן:

— קאָליאַבקאָ, סטאָליפּין לעבט נאָך?

— אָך דו, בעסטיע, — שאָקלט דער פּאָדפּאָלקאָווניק מיטן קאָפּ, — נאָך דאָס זאָל איך אים זאָגן! מיינסט, אַז אָן אים וועט מען מיט דיר ניט קאָנען זיך צערעכענען?

— ערשטנס, בעט איך מיך ניט דוצן. איך בין דמיטרי באַגראָוו, און איר זײַט ניט מער... אָבער לאָמיר בעסער ניט רייצן די געגנדז...

אַפּגיך זיך דורכגעשפּאַנט איבערן צימער, איז קאָליאַבקאָ ווידער צוגעגאַנגען צו דער שאַפע, אַרויסגענומען אַ פלאַש מיט ווײַן, אָנגעגאָסן אין אַ גלאָז און צוגערוקט נעענטער צו באַגראָוון, וועלכער האָט ערשט איצט גענומען אָפּווישן דאָס פאַרגליווערטע בלוט פונעם שטערן.

— יענער הונט האָט דיר געטראָפן מיט דער שאַשקע, — זאָגט מיטפילנדיק קאָליאַבקאָ.

באַגראָוו קערט זיך אָפּ.

— גלייבסט ניט, אַז איך באַדויער דיך? — פרעגט שטיל דער זשאַנדאַרם.

— ניין, דיר גלייב איך ניט. — באַגראָוו שטרײַכט אונטער דעם דיר.

— אָהאָ! איז עפּשער וועסטו מיט מיר אויסטרינקען אַף ברודערשאַפט? — האָט קלוימערשט זיך דערפרייט קאָליאַבקאָ.

— אַז דו וועסט מיר זאָגן, וויִאַזוי פילט זיך סטאָליפּין, ביז מע וועט מיך... — באַגראָוו ווײַזט מיט דער רעכטער האַנט אַף דער סטעליע און קנאַקט צו מיט דער צונג. — ביז מע וועט אַף מיר פאַרציִען דאָס שטריקל... וועלן מיר מיט דיר אויסטרינקען אַף ברודערשאַפט. זאָלסט וויסן, אַז איך האָב דיר צו דערציילן אַ סאַך זאַכן, וואָס וועלן דיר צוניץ קומען צו דײַן ווײַטער־דיקער קאַריערע...

— צו מײַן קאַריערע... — שמייכלט דער פּאָדפּאָלקאָווניק, גלײַכט זיך אויס און הייבט אונ־טער די אַקסלען. דאָס טרוקענע פּאָנעם זײַנס ווערט טרויעריק. — מײַן קאַריערע איז שוין אַ געענדיקטע... — נאָך אַ קלייניקער פּויזע זעצט ער פאָר: — און דו, מיטיאַ, אַפילע פאַרן טויט הערסטו ניט אויף מיך צו שאַנטאַזשירן...

— איך שאַנטאַזשיר ניט, ערנוואָרט.

— ערנוואָרט? בא דיר איז דען פאַראַן אַן ערנוואָרט? — צעלאַכט זיך קוליאַבקאָ.

— איך באַדויער שטאַרק, קוליאַבקאָ, וואָס כ׳האָב ניט אויסגעפילט מײַן פריִערדיקן פּלאַן. דיך האָב איך דאָך געדאַרפט פריִער שיסן, און ערשט דערנאָך...

— דאָס קאָן ניט זײַן, מיטיאַ. אַזאַ קאַט ביסטו?

— מעגסט דאַנקען גאָט, וואָס כ׳האָב דיך געשאַנעוועט...

— אויב אַזוי, וועל איך דיר זאָגן דעם עמעס, — ווערט קוליאַבקאָ קלוימערשט צוגע־לאָזט. — די קויל איז אַרײַן אין רוקנביין און פאַרטשעפּעט די לעבער.

— אין רוקנביין?.. פאַרטשעפּעט די לעבער?.. — באָגראָוו ווערט יאָמטעוודיק געשטימט. — איז וואָס זשע שווײַגסטו, הער זשאַנדאַרמסקי פּאָדפּאָלקאָווניק? אויב דו ווייסט מיר ברענגען די פריידיקע יעדיִע, אַז סטאָליפּין איז שוין מער ניט קיין אײַנוווינער אף דער־וועלט, וועל איך דיר דערציילן אַ סאָד, וויִאַזוי דו זאָלסט זיך אויסהיטן פונעם טויט... מע יאָגט זיך נאָך דיר, הער פּאָדפּאָלקאָווניק...

באָגראָוו האָט באַמערקט, אַז דער זשאַנדאַרם איז בלייך געוואָרן, און נאָך בייזער אַ זאָג געטאָן:

— און ניט בלויז דו איינער, אויך אַנדערע זײַנען פאַרמישפּעט צום טויט...

— ווער האָט פאַרמישפּעט?! — שרײַט אויס קוליאַבקאָ.

— מיר... מיר... הער פּאָדפּאָלקאָווניק, — כאַזערט איבער באָגראָוו און זעצט זיך אַוועק אף קוליאַבקאָס שטול, נעמט די גלאָז אין דער האַנט און טרינקט פּאַמעלעך אויס דעם ווײַן, פאַרזשמורענדיק די קורצזיכטיקע אויגן.

— ווער איז דער „מיר“? דערצייל, באָגראָוו, — איז קוליאַבקאָ מילד געוואָרן. — איך האָב פאַר דיר ניט איין געפעליקײַט געטאָן...

— אײַערע געפעליקײַטן... פאַר זיי גיי איך פון דער וועלט... — באָגראָוו לאָזט אַראָפּ נידע־ריקער דעם קאָפּ. — דו קאָנסט דען פאַרשטיין, וואָס עס באַטײַט אַ ריין געוויסן, הער פּאָד־פּאָלקאָווניק?..

— כ׳האָב ניט געוווּסט, אַז דו ביסט נאָך דערצו אַ פילאָסאָף, געמיינט, בלויז אַ פּראָוואָקאַ־טאָר, גאָספּאָדין פּריסיאַזשני פּאָווערעני מאָטעל באָגראָוו...

— אַ פּראָוואָקאַטאָר צי ניט קיין פּראָוואָקאַטאָר... פאַר דײַן שמאָל קעפּעלע איז סײַווי שווער צו באַנעמען, וואָס איז אַזוינס געוויסן. — באָגראָוו ווערט רויִק, זײַנע ציטעריקע ליפּן ברענגען אַרויס ווערטער, פון וועלכע ער דערפילט זיך כאַשעווער: — איך האָב אויסגעקויפט מײַנע זינד, מײַן געפאַלנקײַט... מײַן נעשאָמע איז איצט ריין...

— ווידער בעבעסטו, — שלאָגט אים איבער דער זשאַנדאַרם. — שטיי אויף פון מײַן שטול, ביסט אַ שרעקלעכער מעלוכע־פאַרברעכער!

— ס׳איז נאָך ניט אַלץ... דײַן גאָסודאַר־אימפּעראַטאָר... וועט מען אויך פּיף־פּאַף...

— וואָס רעדסטו?.. — דערשרעקט זיך קוליאַבקאָ. — זאָג מיר, מיטינקע, מיטיאַ... ווער?.. ווען?.. ווו?..

— איך וועל זאָגן, ווען דו וועסט מיר ברענגען די יעדיִע וועגן סטאָליפּינס טויט.

ס׳איז שוין טיף אין דער נאַכט. קוליאַבקאָ טוט אַ קלונג, און אַן אַרײַנגעקומענער וואַכמאַן פירט אַוועק באָגראָוון.

## פּאַכעד און פּאַניק

נאָך באָגראָווס שאָס אין סטאָליפּינען האָבן די „סאָיוזניקעס“ און די פאַרשוינדלעך פון „דוווגלאַווי אָריאָל“ באַשלאָסן, אַז איצט איז געקומען די עמעסע צײַט אף צערעכענען זיך מיט אַלע זייערע סאָנים. די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע איז געקראָכן פון דער הויט: געכאַפּט מענטשן אף דער גאַס און געמאַכט אָן אַ שיר אונטערזוכונגען אין די הײַזער, געזוכט וועמען צוטשעפּען צו באָגראָוון פאַר אַ שוטעף. באַזונדערס איז געווען אַקטיוו קוליאַבקאָ, כאָטש ער האָט זיך געפילט שולדיק, וואָס ער האָט פאַרטרויט באָגראָוון געווער. ער האָט געווילדעוועט, זײַנע אונטערטעניקע זײַנען געפאַלן פון די פיס. געוואָלט נויסע־כיין זײַן באַם דערצאָרנטן שעף, האָבן זיי, ווי צערייצטע כײַעס, זיך געוואָרפן אף מענטשן אין די גאַסן.

אין גרעטער־קריוואָנעק־זאַוואָד איז קוליאַבקאָ געקומען מיט אַ גאַנצער כאָפּטע זשאַנדאַר־מען און פּאָליציי־לײַט, איבערגעקערט ווו אַ ווינקל.

ניקיפאָר פּיליפּענקאָ — א יונגער אָפּגעלאָזטער פאַרשוין, וועמען די אַרבעטער האָבן שוין לאַנג כוישעד געווען אין ניט קיין לײַטישער אויפירונג, האָט דערפילט, אז זײַן צײַט איז געקומען... נאָך אינדערפרי איז ער אוועק צום זשאַנדאַרמסקי פּאָדפּאָלקאָווניק און אײַנגערוימט אים וועגן פּעטראָ קאָסטענקאָ: ער פירט זיך אַרום מיט עפּעס א קורסיסטקע, וואָס איז געקומען פון פּעטערבורג. איז מען טאַקע די נאַכט אַרײַנגעפאַלן צו קאָסטענקאָן אין שטוב, אָבער קיין שום פאַרדעכטיקס ניט געפונען און אים ניט געטשעפּעט. קאָסטענקאָ האָט זיך געסטאַרעט אין די אומרויִק־צעבוישטעטע טעג זיך ניט טרעפן מיט אַנאַסטאַסיִע שישאָווא. און יענע איז שטיל און פאַרטײַעט איבערגעזעסן אין שטוב און מיט גרויס אויפמערקזאַמקײַט זיך אײַנגעהערט אין צעררודערטן אָטעם און דויפעק פון דער שטאָט.

לויט דעם ברודערס אויפגעלעבטקײַט און פאַרהאָוועטקײַט האָט נאַסטיע געפילט און פאַרשטאַנען, אז עפּעס גרייט זיך גרויזאַמס. דעריבער איז זי געווען פאַרזיכטיק און געזען ניט צו טרעפן און ניט צוזאַמענשטויסן זיך מיטן צעבאַלעוועטן און אויפגערעגטן אַנאַטאָלי. זי האָט פון הינטער איר פאַרמאַכטער טיר געהערט דאָס קאָל פון גאַלוביאָווס אַנהענגער, געהערט, ווי די מוטער האָט געוואָרנט דעם זון, ער זאָל ניט קריכן אין פײַער אַרײַן.

— טאָליע, — האָט נאַסטיע געהערט, ווי די מאַמע בעט זיך, — פאַרגעס ניט, אז דו לערנסט זיך אין אוניווערסיטעט פון הייליקן וואָלאָדימיר, היט דאָס געזונט...

— די ייִדן האָבן געהאַרגעט סטאָליפּינען. זיי האָבן געוואָלט האַרגענען דעם גאָסודאַר־אימפּעראַטאָר און געטראָפן אין סטאָליפּינען, — האָט טאָליע געענטפערט, — דאָס האָבן געטאָן די זעלביקע הענט, וואָס האָבן פאַרפּײַניקט יושטשינסקין...

אין דער קוואַרטיר באַם קיִעווער ציינדאָקטער יוסף ראַטנער איז אין יענעם טאָג, ווען סטאָליפּין איז געשטאָרבן פון די ווונדן, אויך געוואָרן פּכאַדימדיק־שווער און אומגעהייער אומרויִק. ביומע איז ווידער א צעמאַזיקטער געקומען פון גימנאַזיע.

— א שיין יאָר האָט זיך אָנגעהויבן, — האָט באַדויערט די מוטער. — פּאָר אַלע פינף טעג, זינט מ׳האָט אָנגעהויבן לערנען אין גימנאַזיע, איז נאָך קיין רויִקע מינוט ניט געווען.

דער פאָטער האָט אָנגעשטעלט די דערשראָקענע אויגן און ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגן. נעכטן איז באַ אים אין שטול געזעסן דער מיטגליד פון געריכט־פּאַלאַטע און ניט געוואָלט ענטפערן אויף די פראַגן פונעם ציינדאָקטער. ווער איז עס דער באַגראָוו, האָט געוואָלט וויסן דער דאָקטער. מע זאָגט, ער שטאַמט פון ייִדן. איז אויב אַזוי, וועלן די שוואַרצמייעניקעס שוין קאָנען טומלען.

דער מיטגליד פון געריכט־פּאַלאַטע האָט דאָס מאָל ניט געוואָלט ריידן וועגן דעם. אָט וועט ער די טעג ווידער קומען, וועט ראַטנער באַ אים בעפּיִרעש פרעגן, ווי קומט עס, אז אין די גימנאַזיעס זאָל מען לאָזן ווילדעווען די כוליגאַנעס? וואָס זשע, מע קאָן זיי גאָר ניט געבן איבער די הענט? ווי נאָר עס הייבט זיך אָן א קאָכעניש אין שטאָט, קומט ביומע פון גימנאַזיע א צעמאַזיקטער. גוט נאָך, וואָס מיט יאַקאָוון האָט אין אוניווערסיטעט גאָרנישט ניט געטראָפן, דאָרט איז עפּעס שטיל געווען.

נאָר יאַקאָוו איז אויך געקומען א צעקאָכטער און אויפגערעגטער און דערציילט, וואָס הײַנט האָט זיך געטאָן אין די אַאודיטאָריעס. קיין לעקציעס זײַנען ניט געווען, די סטודענטן־„סאָיוזניקעס“ האָבן אַרומגערינגלט דעם פּראָפעסאָר שאַבאַנאָוו און געשטעלט אים קאַשעס:

— נו, הער פּראָפעסאָר, איז וואָס וועט איר אונדז זאָגן וועגן דעם, ווי די ייִדן—טעראָריסטן האַרגענען די בעסטע רוסישע מענטשן, און וואָס קומט זיי פאַר אַזעלכע מײַסים לויט אײַער רוימישן רעכט?

— וואָס זשע האָט ער געענטפערט? — קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן דער ציינדאָקטער.

— וואַרט, וואַרט, — שלאָגט איבער דאָס ווײַב, — לאָז יאַשענקען דערציילן.

יאַקאָוו האָט ניט געענטפערט. דערנאָך האָט ער שטיל געזאָגט:

— איצט קלײַבט מען זיך צונויף אפן סאָפיִער פּלאַץ, וויל איך אויך גיין אַהין.

די מוטער האָט אָנגעכאַפּט דעם זון פאַר דער האַנט:

— איך זאָל אַזוי געזונט זײַן, ווי דו וועסט ניט גיין, איך וועל דיך ניט לאָזן. שוין גענוג, וואָס ביומע איז געקומען א צעקאַליעטשעטער.

— ס׳וועט מיט מיר גאָרנישט ניט זײַן, — שרײַט אויס דער גימנאַזיסט, — נאַ, זע, ס׳איז שוין קימאַט גאָרנישט ניטאָ. זאָל ער גיין, יאַקאָוו, מע טאָר זיי ניט אָפּשווײַגן! — בייזערט זיך ביומע, און די אויגן ברענען באַ אים.

ווען יאַקאָוו איז שוין געווען פון יענער זײַט טיר, האָט די מוטער, ברעכנדיק די הענט, געטײַנעט צום מאַן:

— יויסעף, וואָס שטייסטו און שווײַגסט? מיר פּאַטערן אונדזערע קינדער...

א פארלוירענער איז דער צײַנדאָקטער געשטאַנען בײַ דעם פענצטער און נאָכגעקוקט, ווי דער עלטערער זון האָט אוועקגעשפּאַנט אין דער ריכטונג פון סאַפּיִער פּלאַץ.

דער פּלאַץ איז געווען פול מיט מענטשן. פארשווינען אין „פּאַדיאַוועקעס" מיט גלײַך אונטער־געשווירענע האָר אָף די קאַרקן האָבן געטראָגן קלויסטער־פּאַנען, יעזוסעס בילדער; אָף הויכע שטאַנגען האָבן זיך געוויגט בלוי־רויט־ווײַסע פּאַנען.

אנאַטאָלי שישאָוו האָט אין ביידע הענט געטראָגן דעם קייסערס פּאָרטרעט, וואָס איז געווען ארומגעצוימט מיט א סטענגע מיט דער אופשריפט „באָזשע, צאַריא כראַני".

פון אלע פינף גאַסן, וואָס פירן צום סאַפּיִער פּלאַץ, האָבן זיך געצויגן מענטשן מיט געזאַנג און מיט אומקלאָרע טפּילע־ווערטער.

אומגעריכט האָט זיך באוויזן קאָסטענקאָ. ער איז געשטאַנען אָף עמעצנס אַקסלען, ווי א מאָנומענט.

— פּראַוואָסלאַוונע מענטשן! — האָט א דונער געטאָן זײַן קאָל. — איך בין אַן ארבעטער, א שלאָסער, א פּראָסטער מענטש, פּונקט אזא, ווי איר אלע, וועלכע מע האָט אהער, ווי די שאָף, צונויפגעטריבן. הערט מיך אויס: זיי, די סטודענטלעך אין די בלויע היטעלעך, גאַלוביאַוו מיט זײַן קאָמאַנדע, זײַנען מערדער. הערט זיך צו זיי ניט צו, זיי ווילן פאַרגיסן אומזיסט בלוט! אלע די, וואָס גלייבן אין גאָט, אין יעזוסן, טאָרן ניט פאַרגעסן, אז יעזוס איז געווען א באַרעמהאַרצי־קער, ער האָט ניט געוואָלט קיין אומשולדיק בלוט...

— איך קען אַט דעם רעדנער! — האָט שטיל זיך אָנגערופן יאַקאָוו ראַטנער צו זײַן כאַ־ווער, — איך וואָלט א באַלן געווען אים דריקן די האַנט, אזא געוואַגטקײַט און דרייסטקײַט פון א פּראָסטן מענטשן איז צו באַוווּנדערן...

קאָסטענקאָס ווערטער האָבן געקלונגען אזוי איבערצײַגעוודיק, אז אפילו די אויסגעשרייען פון די „סאָיוזניקעס" וועגן דעם מאָרד איבער יושטשינסקין האָבן ניט אָפּגעווענדט די אופמערק־זאַמקײַט פונעם עולם, מע האָט אים געהערט מיט אָפענע מײַלער. קאָסטענקאָ איז געשטאַנען ארומגערינגלט מיט א פעסטן קרײַז פון ארבעטער. צוטרעטן צו אים איז שווער געווען אפילו פאַרן אײַזן־שטאַרקן שישאָוון מיט זײַן כעווריע.

קאָסטענקאָ האָט מיט זײַנע רייד און אויסזען באַהערשט דעם גרעסטן טייל פונעם עולעם. א הויכער און ברייטפּלייציקער, מיט העלע האָר, וואָס זײַנען אראָפּגעהאַנגען איבערן ברייטן שטערן און איבער די אויערן, האָט ער גערעדט רויק און דערמיט געוווּנען דעם צוטרוי באַם עולעם.

— פּראַוואָסלאַוונע מענטשן, — האָט ער פאַרגעזעצט — מע וויל, איר זאָלט שעכטן אומ־שולדיקע און דערמיט שטעלן צו שאַנד אונדזער פאָלק. טרײַבט פון זיך די אונטערהעצערס, זיי האָבן פאַרבלוטיקטע הענט און שיקערע קעפּ. היט זיך פאַר זיי, ווי פאַר דער פעסט...

פון הינטער כמעלניצקיס מאָנומענט זײַנען ארויסגעשוווּמען גרינע מונדירן, און א מעכטיק אויסגעשריי פון זשאַנדאַרמען האָט פאַרהילכט דעם פּלאַץ:

— אהיים! אהיים! צעגייען זיך! — האָט געדונערט פון אלע זײַטן.

ס'איז געוואָרן א שטיקעניש און א געדראַנג, און קיינער איז שוין ניט געווען בעקויעך אָפּ־צוהאַלטן דעם שטראָם פון מענטשן. דורך אלע גאַסן, וועלכע ציִען זיך פון דעם סאַפּיִער סאַבאָר, האָבן די מענטשן זיך געלאָזט לויפן. אינגיכן איז דאָס הײַפל „סאָיוזניקעס" אין דער שפּיץ מיט גאָלוביאָוון דאָ געבליבן אליין.

נאַסטיע שישאָווא האָט ניט אויסגעהאַלטן. זי איז ארויס אין גאַס און אינגיכן באַגעגנט איסײַ כאַדאָשעוון, וועלכער איז מיט זײַן בלאָקנאָטל אויסגעוואַקסן ווו ערגעץ א רעדל און צו־געלייגט אַן אויער.

— איר האָט געהערט קאָסטענקאָן? — פרעגט איסײַ.

— ניין, ווו איז ער אהינגעקומען? — וויל וויסן נאַסטיע.

— איך מיין, אז פרײַנט האָבן אים ערגעץ אויסבאַהאַלטן. אהיים טאָר ער ניט קומען. און אָפן וואָקזאַל זײַט איר געווען? — פרעגט ווידער כאַדאָשעוו.

— ניין. פון זינט מ'האָט געפּאַטערט סטאָליפּינען, בין איך פון שטוב ניט ארויסגעגאַנגען. ניט געוואָלט זיך וואַרפן אין די אויגן.

— וואָס אָפן וואָקזאַל טוט זיך, ווייסט איר?

— איך האָב געהערט, אז מענטשן לויפן פון שטאָט. עפּשער וועלן מיר זיך אופזעצן אָף א טראַמוויי און צופאָרן?

— ווארט צו, — זאָגט כאַדאַשעוו, — איך מוז פריִער זיך אַרײַנכאַפּן אין רעדאַקציע, מע וואַרט אַף נײַעס.

— גייט, גייט, איך וועל צוּוואַרטן.

אינגיכן איז כאַדאַשעוו אַרויס פון רעדאַקציע מיט אַ פרישער צײַטונג אין דער האַנט און אָפּגיך דערציילט, אַז אַקאַרשט איז אַרויס אַ ספּעציעלע מיטיילונג. קאָקאָווצעוו, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַף סטאָליפּינס אָרט, האָט שוין באַוויזן צו באַפוילן, אַז די אַרטיקע אַדמיניסטראַציע זאָל אָנעמען ענערגישע מיטלען אַף ניט צו דערלאָזן קיין שום אומרוען אין קיִעוו.

— לאָמיר אײַלן צום וואָקזאַל, דאָרט לעכצט מען נאָך אַזאַ מיטיילונג, — האָט כאַדאַשעוו פאָרגעשלאָגן.

אַפן וואָקזאַל זײַנען מאַסן מענטשן געשטאַנען קעפּ אַף קעפּ. באַ די קאַסעס — אַ שטופּעניש. אין די זאַלן איז יעדער ווינקל איבערפולט מיט דערשראָקענע און הילפלאָזע זקיינים, פרויען און קינדער.

כאַדאַשעוו איז אַרופגעקראָכן אַף אַ בענקל, אופגעהויבן די האַנט מיט דער צײַטונג און פרייליך אויסגערופן:

— הערט, מענטשן, וואָס דער נײַער פּרעמיער־מיניסטער האָט באַפוילן... — און ער האָט איבערדערציילט דעם אינהאַלט פון דער עקסטרע־מיטיילונג.

די טירן האָבן אַזש אַ קרעכץ געטאָן פון דער שטופּעניש. איבער די גאַסן פון קיִעוו זײַנען מענטשן מיט פּעק און טשעמאָדאַנעס געלאָפן צוריק צו זייערע פאַרלאָזטע היימען.

## דער איניען ווערט נאָך מער פאַרפּלאָנטערט

שוין דעם פינפטן כוידעש מאַטערט זיך מענדל ביילים אין טפיסע, און די דערשלאָגענע עסטער האָט מען קיין איין מאָל ניט געלאָזט זיך טרעפן מיטן מאַן. „קיין סווידאַניעס[1] קומט אײַך ניט“, — האָט מען געענטפערט ביילים אַף זײַנע פאָדערונגען צו זען זיך מיטן ווײַב. ווייסט ער ניט, וואָס אין דער היים טוט זיך, וואָס מאַכן די קינדער, עסטער, און דער איקער, צי טוט מען עפּעס צוליב דעם, מע זאָל אים אַרויסראַטעווען פון דער ווייסטער טפיסע. ווערדליק ער פאַרשטייט פון די רייד פונעם אויספאָרשער פענענקאָ, נייט מען אים צו אַ שײַנע דיעלאָ[2]. אָבער וואָס וויל מען פון אים?

ניט איין מאָל האָט ביילים בייס די פאַרהערן באַמערקט, ווי דער אויספאָרשער פענענקאָ בלײַבט זיצן אַ פאַרקלערטער, דאָס פּאָנעם כמורנע, און די אויגן בלאָנקען איבער די פּאַפּירן, וואָס ליגן פאַר אים אַפן טיש. דעם אויספאָרשערס שטערן באַדעקט זיך אַזש מיט טראָפּנדלעך שוויס. אַ טרויער־שאָטן באַדעקט דאָס גאַנצע פּאָנעם זײַנס. פון צײַט צו צײַט הייבט ער זיך אוף פון זײַן אָרט, קוקט זיך אײַן אין ביילים. דערנאָך נעמט ער ווידער לייענען די פּראָטאָקאָלן, וואָס זײַנען פון טאָג צו טאָג געוואַקסן.

— וואָס זשע וועט זײַן, ביילים, וואָס איך שרײַב פּראָטאָקאָלן און איר לייקנט אַלץ אָפּ...

— כ׳האָב דאָך אײַך געזאָגט, הער אויספאָרשער, אַז מע האַלט מיך דאָ אומזיסט און אומנישט.

— ווער זשע פאָרט איז דער שולדיקער אינעם מאָרד איבערן יינגעלע?

— דאָס ווייס איך ניט. איך ווייס איינס — איך בין דערין ניט שולדיק.

— איך הער אַלץ: ניט שולדיק, ניט שולדיק. קומט אויס, איך בין שולדיק, ניט אַנדערש. — און נאָך אַ פּויזע בייזערט זיך פענענקאָ: — זאָגט מיר דעם עמעס, מענאַכעם־מענדל טעוויעוו ביילים, איר האַלט מיך, געוויס, פאַר אַ קאַט? האַ? קוקט מיר אין די אויגן און ענטפערט.

ביילים קוקט דעם אויספאָרשער גלײַך אין די אויגן.

— איאָ, כ׳בין אַ קאַט? — פרעגט איבער פענענקאָ.

ביילים געפינט ניט וואָס צו ענטפערן. ער קוקט אַף פענענקאָס ראַזירט פּאָנעם, אַף זײַנע קליינינקע וואָנצעלעך.

— אַ קאַט, איך, וואַסילי איוואַנאָוויטש פענענקאָ?

— איר אַ קאַט? איך ווייס ניט... — דרייט ביילים מיטן קאָפּ.

— און איך ווייס, ביילים. איר וועט מיר אָבער מוזן גלייבן, אַז מיר איז שווערער פון אײַך.

— אײַך איז שווערער פון מיר? וואָס רעדט איר, הער אויספאָרשער?

— יאָ, יאָ, איר זיצט זיך אין טורמע און אַנדערע קלערן וועגן אײַך, ווי אַרויסצוהעלפן אײַך פון דעם אומגליק, וואָס האָט אײַך געטראָפן. און ווער קלערט וועגן מיר? — פענענקאָ בלײַבט

---

[1] צוזאַמענטרעפן; [2] דאָ: באַשולדיקונג.

שטיל, קוקט לאַנג אַף ביילִיסעס אויסגעמאַטערטן פּאָנעם און זאָגט ווידער: — איר, ביילִיס, האָט אוודאי רעכט מיר ניט צו גלייבן. נאָר גלייבט מיר, איך בין ניט שולדיק אין אײַערע לײדן. איר דאַרפט פאַרשטיין, ווי עס פּילט זיך אַ מענטש, וועלכער טוט דאָס, וואָס מע צווינגט אים טאָן. אָט פאַרוואָס מיר איז שווער. פאַרשטאַנען?

— ניין, הער אויספאָרשער, כ'האָב ניט פאַרשטאַנען.

— איז אָט, ביילִיס, איך וועל באַלד אַרײַנפירן דעם קאַנוואָיר. זאָל ער אײַך אַוועקפירן אין קאַמער. איז גייט, רוט זיך אויס און באַטראַכט גוט, וואָס איך האָב אײַך געזאָגט, וועט איר פאַר־שטיין, אַז מײַן געוויסן וועט בלײַבן ריין...

ביילִיס איז אַרײַנגעפאַלן אין זײַן קאַמער, אַוועקגעוואַלגערט זיך אַפן האַרטן בעטל און גע־סטאַרעט זיך ניט אײַנשלאָפן. ער האָט געוואָלט נאָכדענקען, פאַרשטיין, וואָס דער אויספאָרשער האָט געזאָגט, ער האָט הײַנט גערעדט מיט רעמאַזים, מיט אַנדײַטונגען... יאָ, דער אויספאָרשער פּענענקאָ מיט זײַנע אָרנטלעכע אויגן האָט די לעצטע צײַט זיך אינגאַנצן געביטן, ס'איז ניט דער פּענענקאָ, וואָס באַם אָנהייב פון דער אויספאָרשונג. „ביילִיס, גייט אין קאַמער און באַטראַכט זיך גוט. דערציילט דעם עמעס, ווי איר האָט יושטשינסקין געשלעפּט צו דער מיאַלע[1]...“ ניין, ניט קעדײַ צו דערמאָנען זיך, וואָס פריִער איז געווען. זײַנע רייד האָבן פּײַנלעך זיך אײַנגעקריצט אין זיקאָרן און געבריט דאָס לײַב...

„אָבער וואָס איז פּאַרט געשען מיט דעם אויספאָרשער? ער זאָגט גאָר, אַז אים איז שווערער פון מיר... ווער וועט אים גלייבן? „גייט, רוט זיך אויס, ביילִיס...“ — קלינגט אים אַלץ אין די אויערן.

אָט וועט ער, ביילִיס, לאַנג ליגן מיט אָפענע אויגן אַפן האַרטן און צעוואַקלטן טפּיסע־בעטל, טראַכטן און קלערן, קלערן און נאָכדענקען...

אַפן טיש אין גרויסן קאַבינעט באַם רוסישן סאַמאָדערזשעץ איז געלעגן אַן אופגעעפנטער בריוו פון דעם דײַטשישן געזאַנדטן. דער געזאַנדטער האָט זיך נאָכגעפרעגט, ווען וועט מען קאָ־נען פאָרן אין דער בעלאָוועזשער פּושטשע אַף יאַגד. איצט איז פּונקט די צײַט — דעקאַבער כוידעש פאַלן אויס גערדיכטע שנייען, און אַ געיעג אַף זוברעס קאָן פאַרשאַפן אַ סאַך פאַרגעניגן סײַ זײַן אימפּעראַטאָרישער מאַיעסטעט, סײַ די הויפלײַט זײַנע. ער, דער געזאַנדטער, וואָלט אויך אַ באַלן געווען אָנטיילצונעמען.

אַ געיעג אַף זוברעס — געפערלעך. אין די וואַסעריקע אויגן באַם סאַמאָדערזשעץ פּילט זיך אַ מידקײַט. דעם גאַנצן פרימאָרגן האָט ער באַטראַכט מאָדעלן פון מעבל, וואָס ער האָט באַקומען פון ווין. דאָס איז אַן אַלטע פּאַסיע זײַנע — פאַרשיידענע מעבל־גאַרניטורן, כאָטש מעבל איז שוין פאַראַן אין אַ גענוגנדיקער צאָל סײַ אין קײַזערלעכן פּאַלאַץ אין צאַרסקאָיע סעלאָ, סײַ אינעם ווינטער־פּאַלאַץ.

אונטערן פּאָרטרעט פון ניקאָלײַ דעם צווייטנס לײַטזעליקן פאָטער — אַלעקסאַנדער דעם דריטן — זיצט דער איצטיקער סאַמאָדערזשעץ פאַרקלערט: ער דערמאָנט זיך, ווי ער איז ערשט ניט לאַנג מיט גאָטס הילף גערעטעוועט געוואָרן פונעם טויט אין קיִעווער אָפּערע־טעאַטער, וווּ ס'האָט געפונען זײַן סאָף דער אומפאַרגעסלעכער פּיאָטער אַרקאַדיעוויטש סטאָליפּין. וואָס וואָלט געשען, ווען יענער רעצייעך וואָלט געשאָסן אין אים? שרעקלעך, אַ גרויל נעמט דורך דעם רוסישן קייסער...

ער הייבט זיך אוף פונעם אָרט און מיט הענט, פאַרלייגטע אַף הינטן, שפּאַנט ער זיך דורך איבערן קאַבינעט, נעמט ווידער קוקן אין די אַלבאָמען, וווּ עס זײַנען פאַרגעשטעלט מאָדעלן פון מאָדערנעם ווינער מעבל, פאַרמאַכט פוילבלעך די אַלבאָמען און שפּאַנט ווידער איבער דעם ראַכ־וועסדיקן קאַבינעט.

עס איז אַרײַן דער דעזשורנער קאַמער־יונקער און, שטייענדיק אַף דער שוועל, מיטגעטיילט, אַז דער יוסטיץ־מיניסטער איוואַן גריגאָריעוויטש שטשעגלאָוויטאָוו בעט אַן אַאודיענץ. דער קייסער טוט אַ מאַך מיט דער האַנט: זאָל ער אַרײַנגיין.

שטשעגלאָוויטאָוו בלײַבט שטיין מיט אַ בראַונער פּאַפּקע לעבן דער רעכטער זײַט טיש, וווּ ניקאָלײַ איז שוין אין אַן אָפיציעלער פּאָזע געזעסן. פּאַמעלעכן הייבט אוף דער קייסער די אויגן צום מיניסטער און פרעגט:

— און איר, איוואַן גריגאָריעוויטש, ווילט אויך פאָרן אין דער בעלאָוועזשער פּושטשע אַף געיעג?

---

[1] אַן אָרט, וווּ מע קנעט ליים.

— קיין ציַיט ניטאָ, — ענטפערט דער מיניסטער, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך, וועגן וואָס עס גייט א רייד.

— וואָס, א סאַך איניאַנים?

— א סאַך, איַיער אימפּעראַטאָרישע מאַיעסטעט.

דער מיניסטער נעמט אַרויס פון דער פּאַפּקע א ראַפּאָרט, וו עס ווערט איבערדערציילט טשאַפּלינסקיס מיטיילונג וועגן די ניַיע באַוויַיזן צום איניען וועגן דעם מאָרד איבער יושטשינ־סקין, און זאָגט:

— איצט איז שוין קיין צווייפל ניטאָ, אַז בייליס איז דער שולדיקער... — שטשעגלאָוויטאָוו קוקט זיגעריש אין דעם קייסערס מידע און קאַלטע אויגן און שטרייַכט אונטער: — און געוויס מיט ריטועלע צוועקן...

— מיט ריטועלע צוועקן, זאָגט איר, איוואַן גריגאָריעוויטש?.. מיַין אורזיידע אַלעקסאַנדער בלאַגאָסלאָווענע האָט נאָך וועגן דעם אַן אוקאַז געשריבן, יאָ, יאָ, איך דערמאָן זיך... — ציילט דער קייסער די ווערטער.

— ריכטיק, איַיער אימפּעראַטאָרישע מאַיעסטעט, אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָט אַרויס־געגעבן אַן אוקאַז וועגן דעם...

— יאָ, איך דערמאָן: אין קיִעוו האָט מען מיר פאָרגעשטעלט א רוסישע דוואָריאַנקע — טשעבעריאַק.

— ריכטיק, איַיער מאַיעסטעט, ווערע טשעבעריאַק.

— יאָ, יאָ, ווערע טשעבעריאַק. האָט איר באַפרידיקט איר פּראָשעניע?

— באַפרידיקט, איַיער מאַיעסטעט. באַפרידיקט.

דער קייסער רוקט אָפּ אַפּגיך דעם בריוו פונעם דיַיטשישן געזאַנדטן, מאַכט א באַוועגונג, ווי ער זאָל וועלן זיך אופהייבן פונעם אָרט, אָבער ער בליַיבט זיצן, כאַפּט א טעמפּן קוק אָף זיַין יוסטיץ־מיניסטער און זאָגט מיט א שטילן, נאָר אופגערייצטן טאָן:

— בייליסן מישפּעטן לויטן געזעץ... שטרענג... — און דעם קייסערס האַנט האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אָף דער פּאַפּקע מיטן ראַפּאָרט...

## אַלטע באַקאַנטע

פּענענקאָס אויסניכטערונג איז געקומען, פאַרשטייט זיך, ניט מיטאַמאָל און ניט נאָר אַדאַנק דעם, וואָס דער זשורנאַליסט בראַזול־ברושקאָווסקי האָט געוווּנען מאַכן זיַינע פּריוואַטע אויספאָר־שונגען און וועגן די אויספירן מיטגעטיילט פּענענקאָן. דער אויספאָרשער פאַר באַזונדערס וויכ־טיקע איניאַנים באַם קיִעווער קריַיז־געריכט פּענענקאָ האָט איינמאָל, אויספּרעגנדיק ווערע טשעבעריאַק, גאַנץ בוילעט דערפילט, אַז ווערא די טשינאָווניצע האָט שטאַרק געציטערט, מע זאָל ניט דערגייען דעם עמעס, ווער איז אַזוינס „וואַנקע דער געלער". וויפל מאָל דער אויספאָר־שער האָט ניט דערמאָנט די צונעמעניש „וואַנקע דער געלער", האָט טשעבעריאַק אַלץ זיך אויס־געדרייט פון געבן א קלאָרן ענטפער: זי ווייסט ניט, זי געדענקט ניט, זי האָט אַזעלכן ניט באַ־געגנט, אין די אויגן ניט געזען.

ווערע טשעבעריאַק ווייסט, אַז וואַנקע דער געלער איז באַם דורכפירן גנייווישע אָפּעראַציעס דער פלינקסטער, סאַמע געניטער פון דער גאַנצער קאָמפּאַניע. ער פאַרמאָגט אָבער אויך אַנדערע שטריכן. ווערט פלוצעם גליַיכגילטיק, פאַרלירט דעם אינטערעס צום איניען, ווערט נאַכלעסיק, אָפּגעלאָזט און נאַכגיביק. ניט איין מאָל האָבן זיַינע קאָמפּאַניאָנען, טאָקע באַ ווערע טשעבעריאַק אין שטוב, אים אויסגעוואָרפן זיַין שרעקלעכע כאַאָס. וואַנקע דער געלער קאָן זיך איבערקערן און אויסדערציילן אַלץ פונעם כיידער...

פּענענקאָ פאַרמאָגט גענויע ידיעס פון דער גובערניאַלער זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג וועגן דער גאַנצער באַנדע גאַנאָווים, וואָס האָט אָרודעוועט אין קיִעוו.

ער האָט גאַנץ געניי געוווּסט, אַז די דאָזיקע באַנדע נעמט זיך צונויף אין טשעבעריאַקס מאַלינע, אַז זי, ווערע טשעבעריאַק, פאַרקויפט אַלע געגאַנווועטע זאַכן, וועלכע עס ברענגען איר באָריס רודזינסקי, איוואַן לאַטישעוו, ניקאָלאַי מאַנדזעלעווסקי, איר ליַיבלעכער ברודער פּיאָטער סינגאַיעווסקי און נאָך אייניקע פאַרשוינען פון דער אונטערוועלט. באַ פּענענקאָן אָפן טיש איז ניט איין מאָל געלעגן די דאָסיע וועגן אָט די קרימינעלע פאַרברעכער, ער האָט אָבער געוואָלט, אַז ווערע אַליין זאָל זיך מודיע זיַין. ער האָט געוווּסט, אַז קאַלקע מאַטראָסיק, דער יונגער אכצנ־יאָריקער „כעוראַק", האָט זיך זיַין פּאַסיע — ער טרוימט צו ווערן אַן אַנאַרכיסט, שטודירט אפילע קראָפּאָטקינס טעאָריעס און איז באַרימט דערמיט באַ זיַינע קאָלעגן; אויך באָריס רודזינסקי האָט

געהאט א נייגונג צו אנאַרכיזם; אז ניקאָליי מאַנדזשעלעווסקי איז א פרעכער, דרייסטער שטוב־גאַנעוו, וועמען מע האָט אַרויסגעטריבן פון פינפטן קלאַס גימנאַזיע. איוואַן לאַטישעוו און מאַנדזשעלעווסקי האָבן אין דער קרימינעלער וועלט געהאַט א שעם, אַפילע קאָנקורירט מיט די בעסטע וואַרשעווער קאַסיסטן, זיי זײַנען געווען גערימטע בעריעס אַף צו עפענען פײַער־קאַסעס.

אָט דאָס אַלץ האָט פענענקאָ גוט געוווּסט. האָט ער די לעצטע צײַט געמומען זיך איבערצײַגן, אַז בראַזולס האַשאַרעס זײַנען גאַנץ ריכטיקע, אַז אָט די קנופּיע האָט אָפּגעטאָן דאָס פינצטערע שטיקל אַרבעט — אויסגעפירט דעם מאָרד איבער יושטשינסקין. פענענקאָ האָט אַפילע געוווּסט פון דער „יידישער פּרעסע“ (אַזוי רופט אָן טשאַפּלינסקי אייניקע קיִעווער און פּעטערבורגער צײַטונגען), אַז אַלע שפּורן פירן צו טשעבעריאַקס מאַלינע. אָבער מע דאַרף דאָך דאָס דערווײַזן! ער האָט אויך געוווּסט, אַז פאַר טשאַפּלינסקין טאָר מען אַפילע ניט אַרויסזאָגן אַזאַ האַשאָרע, כאָטש אין דער זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג און אין דער קרימינאַל־פּאָליציי דערמאָנט מען אויך אַמאָל די דאָזיקע ווערסיע... איז ווי זשע קאָן פענענקאָ גיין קעגן די אַלע, וואָס ווייסן, פּונקט ווי ער, ווער ס׳איז דער עמעסער שולדיקער אינעם מאָרד איבער יושטשינסקין, און טוען אַלץ, קעדיי אָרופּצוּוואַרפן די שולד אַף דעם מענטשן מיט דער שוואַרצער באָרד?

דאָס ווידערשטאַנד און שווערסטע אין דעם איניען איז ערשט פאָרגעשטאַנען: פירן א קאַמף קעגן טשאַפּלינסקין, דיסקרעדיטירן אים איז גאָר ניט פון די גרינגע זאַכן. דעם אויספאָרשער איז שוין קלאָר געווען, וווהין טשאַפּלינסקי צילט, דערפאַר זײַנען אים וואָס ווײַטער אַלץ מער פריקרע געוואָרן דעם פּראָקוראָרס נידערטרעכטיקע גענג.

„עמעס, נאָר מיטן עמעס, וואַסקע“, — האָבן געקלונגען בא פענענקאָן אין די אויערן דעם טאַטנס ווערטער. א פּאָשעטער פויער מיט פאַרהאָרעוועטע הענט און מיט א גוט האַרץ, האָט דער טאַטע שטענדיק אַזוי געטײַנעט, ווען ער פלעגט קומען קיין קיִעוו צוגאַסט צום זון: „וואַסקע, וואַסקע, זאָלסט זײַן א מענטש פון יושער און פון עמעס“. האָט טאַקע פענענקאָ אַף זײַן ווירטיקן פּאָסטן פון אָן אויספאָרשער ניט געוואָלט אויווער זײַן אַפן טאַטנס געבאָט, ניט געוואָלט פאַרשעמען אים.

שוין פון די ערשטע טעג פון זײַן אַרבעט מיטן פּראָקוראָר האָט פענענקאָ דערפילט, אַז פון טשאַפּלינסקין שפּאַרט אַרויס בעסטיאַלישע סינע צו דעם מענטשן מיט דער שוואַרצער באָרד. צוערשט האָט ער געפּרוווט אויסבאַהאַלטן זײַן אומצופרידנקײַט, דערנאָך, ווען ער האָט שוין געהאַלטן אָט־אָט באַם געפינען דעם עמעס אין שרעקלעכן לוקיאַנאָווקער מאָרד, געגעבן צו פילן טשאַפּלינסקין, אַז ער וועט ניט נאָכטאַנצן דעם פּראָקוראָרס רעזשיסערישע טריוקן. פאַר זיך האָט דער אויספאָרשער באַשלאָסן זיך האַלטן רויק, ביז ער וועט אויפדעקן די פאַרברעכער.

קעדיי צו איבערצײַגן זיך, אַז די האַשאָרעס וועגן די עמעסע מערדער זײַנען ריכטיקע, האָט פענענקאָ באַשלאָסן א נעם טאָן אַפן צימבל איוואַן לאַטישעוון — וואַנקע דעם געלן, וואָס זיצט איצט אין לוקיאַנאָווקער טפיסע.

נאָך איידער פענענקאָ האָט באַפוילן ברענגען לאַטישעוון אַפן פאַרהער, האָט ער פאַרגרייט ווײַן, געשמאַקע פאַרבײַסעכץ. דער אויספאָרשער איז געשטאַנען באַם פענצטער און אײַנערלעך געגרייט זיך צו דער באַגעגעניש מיטן פאַרברעכער, אַף וועלכן ער האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען. די טיר האָט זיך געעפנט, און א קאָנוואָיִר מיט אָן אַנטבלויזטער שווערד, צוגעשטעלט צום אַקסל, האָט אַרײַנגעפירט לאַטישעוון.

— זיצט, איוואַן דמיטריִעוויטש, — דערנעענטערט זיך דער אויספאָרשער צום אַרעסטאַנט און ווײַזט אים, וווּ צו זעצן זיך.

דער אויספאָרשער טוט א ווונק צום קאָנוואָיִר, ער זאָל אַרויסגיין. יענער גייט אַרויס, אָבער ער ווייסט שוין גוט, אַז, ווי א זאַך מאַכט זיך, מוז ער שטיין האַרט לעבן דער טיר, וועלכע ער לאָזט איבער עטוואָס אָפן.

פענענקאָ פאַרנעמט זײַן אָרט באַם טיש.

— איר מעגט זיך זעצן, איוואַן דמיטריִעוויטש, — כאַזערט ער איבער.

דער בלאַסער אַרעסטאַנט נעמט אַרויס פון קעשענע א טיכעלע און ווישט אויס דעם שווייס פונעם האַלדז־און־נאַקן. לאַטישעווס פּאָנעם איז באַדעקט מיט קלײַען, אַפילע ווינטער איז עס קלײַענדיק.

— אין אַזאַ ווינטער־טאָג איז אײַך הייס? — פרעגט דער אויספאָרשער.

— אין וואָראָנאָק איז געווען דושנע, — דערהערט זיך לאַטישעווס הייזעריקלעכע שטים.

— וואָס איז מיט אײַך, איר זײַט פאַרקילט?

— יאָ, א ביסל קאַליע געוואָרן דאָס גאָרגעלע, — שמייכלט לאַטישעוו.

פענענקאָ קוקט הינטערוויילעכס אַפן אַרעסטאַנט און באַשליסט א שפּאַס טאָן.

— אין אָפּערע וועט איר סײַווי שוין ניט זינגען, איוואַן דמיטריִעוויטש.

— ווער ווייסט, אײַער ווױלגעבורט, כ'האָב אַמאָל געהאַפט צו זײַן אַ זינגער...

— טאַקע דערפאַר זאָג איך, אַז איר זײַט שוין דערפון באַוואָרנט.

דער פאַרברעכער שאַרט מיטן פוס איבערן דיל, ווי ער זאָל וועלן עפּעס אַנצייכענען.

— וואָס פאַר אַ בריוועלע שרײַבט איר מיטן שטיוול, צו וועמען?

לאַטישעוו הייבט אויף דעם קאָפּ און פאַרזשמורעט זײַנע קאַרע כיטרע אויגן, וועלכע זײַנען ווי אײַנגעפּאַסט אין אַ ראַמל פון געלבלעכע ווײַעס און ברעמען.

— אײַער ווױלגעבורט, איר מיינט, איוואַן לאַטישעוו איז נאָר אַ גאַנעוו, ער איז אויך...

— וואָס זשע רעדט איר ניט ווײַטער, לאַטישעוו? — פּענענקאָ קוקט, וואַרטנדיק אויפן אַרעסטאַנט. — זעצט פאַר.

— וואָס זאָל איך ריידן? מע שלײַדערט מיך פון איין טורמע אין דער צווייטער... שלאָגט מען אָפּ דעם כיישעק צום לעבן...

— וואָס זשע וואָלט איר אַ באַלן געוועזן, וואַנקע דער געלער, אַז איר זאָלט ראַבעווען, באַגיין פאַרברעכנס און מע זאָל אײַך האַלטן אויף דער פרײַ, צאַצקען זיך מיט אײַך?

לאַטישעוו האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

דער אויספאָרשער האָט ניט געקאָנט באַשליסן, צי איז דער אַרעסטאַנט אַנשוויגן געוואָרן, ווײַל ער האָט אים אָנגערופן „וואַנקע דער געלער“, צי איבער אַן אַנדער סיבע. פּרוּווט זיך דערײַבער פּענענקאָ ווידער זאָגן:

— איר הערט, וואַנקע דער געלער?

— אײַער ווױלגעבורט, צו וועמען ווענדט איר זיך?

— צו אײַך.

— איך הייס איוואַן דמיטריִעוויטש.

— ווערא די טשינאָווניצע האָט מיר געזאָגט, אַז אײַער צונעמעניש איז — וואַנקע דער געלער.

— טשעבעריאַטשקע?

— יאָ, טאַקע זי, — זאָגט פּענענקאָ און נעמט ניט אַראָפּ די אויגן פון לאַטישעוון.

— איר שפּאַסט, אײַער ווױלגעבורט... — טוט ער אַ גנייווישן קוק אויפן אויספאָרשער און רוקט זיך צו צום טישל.

הארט לעבן פּענענקאָס גרויסן שרײַבטיש איז געשטאַנען אַ קלענער קײַלעכיק טישעלע, וווּ דער אויספאָרשער פלעגט אוועקלייגן די אָנגעשריבענע פּראָטאָקאָלן, וועלכע דער אויסגעפרעגטער האָט געדאַרפט דורכלייענען און אונטערשרײַבן. איצט איז אויף דעם קײַלעכיקן טישל געשטאַנען אַ פלעשל ווײַן מיט פאַרבײַסעכץ.

לאַטישעוו כידעשט זיך: וואָס פאַר אַ סימכע איז הײַנט באַם אויספאָרשער? שוין ניט איין מאָל זיך באַגעגנט מיט אָט דעם שטרענגן, נאָר אויפגעלייגטן אויספאָרשער, וויפל מאָל אים אונטערגעשריבן פּראָטאָקאָלן פאַר געכאַפּטע באַ דער האַנט גנייוועס, רויבערײַען. וואָס זשע איז דאָס הײַנט פאַר אַ באַזונדער יאָמטעוו? מיסטאָמע ווײַל מען אים, וואַנקע דעם געלן, כאַפּן אין עפּעס. ס'איז ניט אַזוי לײַכט! ער, וואַנקע, פאַרלירט ניט דעם קאָפּ!.. דאָס ווייסן גוט סינגאַיעווסקי, רודזינסקי, מאַנדזעלעווסקי און די אַנדערע בראַטווע...

— רוקט זיך צו נעענטער, איוואַן דמיטריִעוויטש.

דער אַרעסטאַנט טוט אַ מאַך מיט דער האַנט: וואָס עס זאָל ניט זײַן, דערווײַל וועט ער אָפּעסן.

— כ'האָב גאָר פאַרגעסן: רויג איז אויך פאַראַן — ערשטער סאָרט! — און דער אויספאָרשער נעמט אַרויס אַ קעסטעלע פון זײַן שרײַבטיש, עפנט עס אויף, און אין דער נאָז טוט אַ זעץ מיטן רייעך פון פרישער רויג.

— אײַער ווױלגעבורט, איך האַלט פון ווײַסער בולקע מיט שוואַרצער רויג...

— אַן אַלטע כאַכמע, לאַטישעוו.

— אָבער אַלע מאָל, ווען איך דערפיל זי אויף די ציין, איז דאָס באַ מיר אַ נײַעס.

ביידע צעשמייכלען זיך. מע עסט, מע טרינקט אויס צו גלײַזלעך ווײַן.

דער קאָנוואָיִר עפנט אויף די טיר און כאַפּט אַ קוק מיט איין אייגל.

— ער קוקט, סוקין סין[1], — דערלויבט זיך לאַטישעוו באַמערקן.

פּענענקאָ מאַכט זיך ניט הערנדיק. ער פאַרבײַסט און לאָזט ניט אַראָפּ די אויגן פון לאַטישעוון, וואָס קלערט בייסמײַסע: עפּעס איז דאָ ניט גלאַט, געוויס איז דאָ ווערא דער טשינאָווני-

---

[1] אַ זידלוואָרט.

צעס קאָפּ דערבײַ. עפּשער האָט זי זיך פאַרשאָטן און וויל מיך אַרײַנציִען? אָבער ניט מיט וואַנקע דעם גאַלן וועט דורכגיין דער נומער. זאָס!

— איר זאָגט עפּעס, איוואַן דמיטריִעוויטש? — פרעגט פּענענקאָ.

— ניין, איך שווײַג, ווי אַ פיש, אײַער וווילגעבורט.

— הערט אויס, איוואַן דמיטריִעוויטש. איך ווייס, אַז איר זײַט אַ גוטער מײַסטער, אַ שלאָסער. איר האָט געאַרבעט אין אַ וואַרשטאַט ניט ווײַט פון בעלאַצערקאָוו. איז פאָלגט מיך: קערט זיך אום צוריק צו אַ נאָרמאַל לעבן. וואָס דאַרפט איר זיך אַרומוואַלגערן איבער די טורמעס? אײַך איז שווער, און אונדז איז ניט לײַכט האָבן מיט אײַך צו טאָן.

— מיר איז ניט שווער, אײַער וווילגעבורט, — שלאָגט איבער לאַטישעוו.

פּענענקאָס גענײַטער אויער דערפילט אָבער אין לאַטישעווס רעפּליק, אַז דאָס קאָל זײַנס איז עטוואָס אײַנגעבראָכן, אַ סימען, ער לאָזט זיך ריידן.

פּענענקאָ הייבט זיך אויף פון זײַן אָרט, גייט צו פון הינטן־אַרום האַרט צו לאַטישעוון און בייגט זיך אָן צו אים.

— איוואַן דמיטריִעוויטש, איר געדענקט, ווי כ׳האָב אײַך שוין מיט אַ שטיקל צײַט צוריק, טאַקע דאָ אין קאַבינעט, געזאָגט, אַז איך בין גרייט אײַך אַרויסלאָזן אויף דער פרײַ, אויב איר וועט מיר צוזאָגן זיך אומקערן צו אײַער שלאָסער־פּראָפעסיע. גיב איך אײַך מײַן ערנוואָרט, אַז איך אַליין וועל כאָדאַטײַעווען¹ פאַר אײַער פּוּלשטענדיקער באַפרײַונג און מירן פאַרגעסן אַלע אײַערע זינד. באַקלערט זיך. איר וועט סאָפּקאָלסאָף פאַרהריזנעט ווערן אין אַ בלאָטע און מע וועט אײַך אופהענגען... זײַט וויסן, אַז איך שרעק אײַך ניט. — דער אויספאָרשער רעדט ווייך און מילד.

דער פאַרברעכער קוקט אים גלײַך אין די אויגן, און דעם אויספאָרשער דוכט זיך, אַז אָט־אָט וועט ער דערגרייכן זײַן ציל. נאָר אומגעריכט רײַסט זיך אויף לאַטישעוו פונעם אָרט און שרײַט אויס:

— אײַער וווילגעבורט, מײַן שלאָסערײַ האָט מיך ניט געקאָנט שפּײַזן, בעסער אָפּזיצן אַ האַלב יאָר אין טורמע, אַבי דאָס צווייטע האַלבע יאָר לעבן ברייט און וואָלגאָטנע.

— פון גנייוועס און רויבערײַ?.. — שרײַט קימאַט אויס פּענענקאָ.

דער אַרעסטאַנט שווײַגט.

— עסט, איוואַן דמיטריִעוויטש, זשאַלעוועט ניט, ס׳איז קאַזיאָנע...

פּענענקאָ באַמערקט, אַז לאַטישעוו עסט אָן כיישעק, ער מאַכט זיך נאָר, אַז ער עסט. אינדער־עמעסן מאַלעגיירעט ער.

„אַלציינס, — האָט געקלערט לאַטישעוו, — וועט אים דער אויספאָרשער ניט איבערריידן און באַ אים ניט אויסנאַרן קיין איבעריק וואָרט... דערוף איז ער איוואַן לאַטישעוו, ער וועט קיינעם ניט פאַרקויפן, בעסער זיך אַליין אַ מיסע אָנטאָן, איידער יענעם אויסגעבן. און אויב אַפילע מע האָט אים פאַרקויפט, וועט ער אויס נעקאָמע ניט ענטפערן מיט דעם זשעליקן. מע דאַרף האָבן אַ קאָפּ, אַניט וועלן די „ליאַגאַווע" נעמען הערשעווען איבער דער וועלט. מע דאַרף זיי, די „ליאַגאַווע", אויסשעכטן, ווי פּי, אויסנישטערן, ווי קרעציקע שטשורעס", — קלערט לאַטישעוו, קײַענדיק לאַכלוטן אָן כיישעק.

— איר זאָגט עפּעס, איוואַן דמיטריִעוויטש?

— ניין, איך שווײַג, ווי אָן עמער מיט וואַסער, אײַער וווילגעבורט.

פּענענקאָן האָט פאַרדראָסן, וואָס ער קאָן זיך ניט ספּראַווען מיטן פאַרברעכער.

מע האָט ווידער געגעסן און געטרונקען. אויף אָנשיקערן לאַטישעוון איז ניט געווען אויסגעשטעלט. עסן — וויפל ער וויל, אָבער צום טרינקען האָט פּענענקאָ אָנגעגרייט נאָר איין פלעשל זויערן ווײַן.

לאַטישעוו האָט גוט זיך אונטערגעלעגנט דאָס האַרץ. די קעלבערנע ווײַסלעכע וויִעס זײַנע האָבן שוין אָנגעהויבן פינטלען פון צופרידנקײַט און די אויגן האָבן גוטמוטיק געשמייכלט.

פּענענקאָ דערזעט, ווי אויף לאַטישעווס קורצן גראָבן האַלדז רינט אַ דין שטרעמעלע שוויס...

„איבערגעגעסן זיך, — קלערט דער אויספאָרשער, — גענוג".

— נו, איוואַן דמיטריִעוויטש, דערציילט איצט, ווער האָט אַרויסגעגאַנוועט פון דער זשאַנדאַרמסקע די פּראָטאָקאָלן וועגן דעם, אַז איר מיט רודזינסקין און סינגאַיעווסקין האָבן באַ ווערע טשעבעריאַק אין שטוב געהאַרגעט אַנדריושען.

לאַטישעוו צעלאַכט זיך אויף אַ קאָל:

---

¹ מישטאַדל זײַן זיך.

— אויב איר האָט מיך צוליב דעם אײַנגעלאַדן אַף אַזאַ זאַטן מאָלצײַט, איז אומזיסט אײַער טירכע. מיך וועט איר אַף אַזאַ שטריקעלע ניט כאַפּן.

א פויזע. לאַטישעוו שטעלט זיך אוף.

— זיצט, זיצט, וואַנקע דער געלער.

אין לאַטישעוון צעברענט זיך דער קאַס. ער בײַסט מיט די ציין די ליפּן.

— מיר האָבן קיין שום דיעלאָפּראָיזוואָדסטווע ניט ארויסגעגאַנווט. טשעפּוכאַ! ווער האָט עס אויסגעטראַכט? און אַנדריושען ניט געטשעפּעט. דאָס האָט מענדל בייליס אים געשלעפּט צו דער מיאַלע און איבערגעטשיקעט אים דאָס העלדזועלע. איר הערט, הער אויספאָרשער, וועגן דעם טשיריקען שוין די פייגל אַף די דעכער.

דער אויספאָרשער דערקענט לויט לאַטישעווס אָנגעגאָסענעם פּאָנעם, וואָס איז איצט געוואָרן רויט, לויטן לאָשן, אַז דאָס, וואָס ער האָט אָקאָרשט ארויסגעבראַכט, איז שטאַרק אײַנגעכאַזערט.

— איך האָב געמיינט, אײַער וווילגעבורט, אַז איר זײַט שוין געוואָרן אַ סאָלידער מענטש און פאַרנעמט זיך שוין ניט מער מיט באַשיצן די ייִדן. איר מעגט זיך שעמען, גאַספּאַדין פענענקאָ, צו וואָס דאַרפט איר, אַז דאָס פּראַוואָסלאַווונע רוסלאַנד זאָל אײַך האַלטן אין מויל? איר וועט פאַרשפּילן אײַער קאַריערע, גאַספּאַדין סלעדאָוואַטעל, דער עמעס איז באַ אונדז, באַ די קרימינעלע, ווי גאָט איז ליב.

— שווײַגט, וואַנקע דער געלער, אַניט וועל איך אײַך אַוועקזעצן אַף אַ הונגעריקן פּאַיאָק...

— דודקי[1], אײַער וווילגעבורט.

פענענקאָ האָט ארויסגענומען אַ בויגן פּאַפּיר און אָנגעהויבן שרײַבן אַ פּראָטאָקאָל.

„די אויספאָרשונג פאַרמאָגט דורכגעקאָנטראָלירטע יעדיעס, אַז איר, לאַטישעוו איוואַן דמיטריעוויטש, לויט דער צונעמעניש „וואַנקע דער געלער", האָט צוזאַמען מיט באָריס רודזינסקי און פּיאָטער סינגאַיעווסקי אין ווערע טשעבעריאַקס וווינונג אַף דער גאַס ווערכניע יורקאָווסקי דערהאַרגעט דאָס ייִנגל אַנדריושע יושטשינסקי. שפּעטער האָט איר דעם קערפּער אײַנגעוויקלט אין אַ טעפּיך און אים אַוועקגעטראָגן אין דער הייל..."

דער אויספאָרשער האָט דערלאַנגט לאַטישעוון דעם פּראָטאָקאָל אַף אונטערצושרײַבן. דורכגעלייענט אים פריער, האָט דער ארעסטאַנט זיך צעלאַכט:

— אײַער וווילגעבורט, אָט דאָס אַלץ, וואָס איר האָט אָנגעשריבן, איז עמעס, אָבער איך וועל ניט אונטערשרײַבן און איר קאָנט מיך מיט גוואַלד ניט צווינגען דאָס צו טאָן. איך ווייס גוט די געזעצן.

אפגיך אופגעעפנט אַ שופלאָד און ארויסגעקראָגן פון דאָרטן צוויי בויגן פאַרשריבן פּאַפּיר, האָט פענענקאָ פלינק צעוויקלט די בויגנס פאַר לאַטישעווס אויגן און געזאָגט:

— איר זעט? איר דערקענט ווערע טשעבעריאַקס כסימע, איר דאַרפט קענען איר כסימע — מיט קרײַזעלעך, זי פאַרדרייט אָט דאָ דעם סאָף פון דער פאַמיליע. אָט קוקט זיך גוט צו, וואַנקע דער געלער...

לאַטישעוון האָט אָנגעהויבן שווינדלען אין די אויגן. פונדערווײַטנס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דאָס איז ווירקלעך טשעבעריאַטשקעס כסימע. זאָל זײַן, זי איז אַ סוקאַ[2], ווערא די טשינאָווניצע?..

— ווײַזט מיר נאָר נעענטער, — בעט לאַטישעוו.

דער אויספאָרשער באַהאַלט די בויגנס צוריק אין שופלאָד.

— איר מעגט אונדז גלייבן...

דער ארעסטאַנט האָט עפּעס אומקלאָר אַ בורטשע געטאָן און אַ פּאָר מאָל זיך אַ דריי געטאָן אַפן בענקל.

— ס'איז אַ ליגן! ווערקע איז ניט קיין סוקאַ!

— אָט וועל איך אײַך באַלד שטעלן אויג אַף אויג מיט איר, וועט זי אַליין אײַך דערמאָנען דעם גאַנצן עמעס.

— איר וועט עס ניט טאָן... לויטן געזעץ טאָרט איר מיך ניט צווינגען מיט גוואַלד אונטערשרײַבן.

— זאַקאָניק[3] מײַנער... איך וועל עס יאָ טאָן, — איז פּעסט באַ זיך דער אויספאָרשער.

לאַטישעוו האָט אַ כאַפּ געטאָן פונעם טיש דעם פּראָטאָקאָל און געוואָלט אים צערײַסן. נאָר דאָ האָט די טיר האַסטיק זיך אופגעפּראַלט און דער קאָנוואָיר האָט אַנטבלויזט די שווערד. לאַטישעוו האָט אַ וואָרף געטאָן צוריק דעם פּראָטאָקאָל צום אויספאָרשער אַפן טיש.

---

[1] אויסגעטראַכטע מײַסעס; [2] אַ זידלוואָרט; [3] איראָניש: קענער פון געזעץ.

— איר קאָנט גיין, — טוט פּענעקאָ אַ מאַך מיט דער האַנט צום קאָנוואָיר. — פירט מיר אַרײַן פונעם שכײנעסדיקן צימער ווערע טשעבעריאַק.

לאַטישעוו איז בלאַס געוואָרן, ער האָט גענומען פינגלען מיט די ווײַעס.

— זי האָט אונדז אַלץ דערציילט, ווערע די טשינאָוניצע, — האָט געזאָגט דער אויספאָרשער.

— וואַרט, זאָל זי ניט קומען, איך וועל אַליין זאָגן...

— ניין, ווערע וולאַדימיראָוונא וועט באַשטעטיקן אײַך אין די אויגן, אַז איר זײַט וואַנקע דער געלער און אַז איר האָט אָנטיילגענומען אינעם דערמאָרדן יושטשינסקין...

— מע דאַרף ניט, אײַער וווילגעבורט... איך וועל זי דערהאַרגענען... אָט דאָ, פאַר אײַך אין די אויגן.

נאָך אַ קליינעם געראַנגל מיט זיך האָט דער נערוועזער, אופגערודערטער לאַטישעוו, אויס מוירע צו טרעפן זיך אויג אויף אויג מיט ווערע טשעבעריאַק, דערציילט דעם אויספאָרשער אייניקע פּראָטים. פּענעקאָ האָט אפגיך אַלץ פאַרצייכנט אויף פאַפּיר און געגעבן דעם אַרעסטאַנט כאַסמענען. נאָר לאַטישעוו איז אומגעריכט געוואָרן אַפּאַטיש, זײַן קאָפּ האָט גענומען ציטערן, ווי בײַ אַן אויסווערבאַטלדיקן זאַקן. די אויגן האָבן זיך בײַ אים איבערגעקערט און גענומען לויפן אין די זײַטן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ דולער, ווי ער וואָלט פאַרלאָרן דעם זינען.

אומגעריכט איז ער האַסטיק אופגעשפּרונגען פונעם אָרט און זיך צעשריִען:

— דערציילט האָב איך אײַך, נאָר אונטערשרײַבן וויל איך ניט. לויטן געזעץ טאָרט איר מיך ניט צווינגען... איך ווייס די געזעצן...

פּענעקאָ איז געוועזן רויִק: אייגנטלעך, האָט ער זיך שוין דערוווּסט, וואָס ער האָט געדאַרפט. אויב ער וועט קאָנען פויעלן, אַז לאַטישעוו זאָל אונטערשרײַבן, איז אַוואַדע גוט, אַניט — וואָס קאָן מען מאַכן? פאַר אים, פאַר פּענעקאָן, איז שוין גענוג אויך דאָס, וואָס ער האָט זיך דערוווּסט. נאָר עפּשער פּאַרט זיך פּרוּוון אויף אַן עמעס אים צונויפירן מיט דער טשעבעריאַק? אין אַזאַ צושטאַנד, ווי ער איז איצט, וועט ער, מעגלעך, אויף דער הייסער מינוט ווי געהעריק אַרײַנזאָגן ווערן. אינטערעסאַנט, וויאַזוי וועט זי זיך האַלטן?

— קאָנוואָי! — טוט אַ רוף פּענעקאָ, צוגייענדיק צו דער טיר. — פירט אַרײַן די אַרעסטירטע.

אײַנגיכן האָט לאַטישעוו דערזען, ווי בײַ דער שוועל איז אַ פאַרגאַפטע שטיין געבליבן ווערע טשעבעריאַק. זי האָט מיט איר שאַרפן בליק אַרײַנגעקוקט לאַטישעוון אין די אויגן.

— ווערא וולאַדימיראָוונאַ, נאַשאַ מאַטקאַ כעוווראַקאָוו! פּראָסטיטיע גרעשניקאַו[1]... — לאַטישעוו האָט צונויפגעגלייגט די הענט, ווי אין אַ טפילע, און זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער בלייך געוואָרענער פרוי. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און גענומען זוכן אירע הענט אויף צו קושן זיי. זי אָבער האָט פלינק זיך באַהערשט, אָנגעבויגן זיך צו אים, געהאָלפן אים שטעלן זיך אויף די פיס און צאַרט, קימאַט מוטערלעך געזאָגט:

— טײַערער איוואַן דמיטריִעוויטש, וואָס איז מיט דיר? באַרויִק זיך!

מער האָט פּענעקאָ זיי ניט געלאָזט זיך דורכשמועסן. ער האָט שטרענג באַפוילן, זיי זאָלן זיך אוועקזעצן און שווײַגן.

— איר, טשעבעריאַק, קענט אָט דעם, וועלכער זיצט אַנטקעגן אײַך? — האָט פּענעקאָ שטרענג געפרעגט.

— יאָ.

— ווער איז ער?

— לאַטישעוו איוואַן דמיטריִעוויטש, — קומט אַ קאַלטער ענטפער.

— און אײַך, לאַטישעוו, איז באַקענט די פרוי, וואָס זיצט אַנטקעגן אײַך?

— יאָ. ווערע וולאַדימיראָוונאַ טשעבעריאַק.

נאָך דעם, ווי דער אויספאָרשער האָט געשטעלט נאָך עטלעכע אָפיציעלע פראַגן, האָט ער זיך געווענדט צו דער פרוי:

— איז אָט, מאַדאַם טשעבעריאַק, לאַטישעוו האָט מיר דערציילט, וויאַזוי בײַ אײַך אין שטוב האָט מען דעם 12 מאַרט אײַנדערפרי געהאַרגעט דאָס ייִנגל אַנדריושע — דעם „דאָמאָוואָי". צוזאַמען מיט אים האָבן אָנטיילגענומען באָריס רודזינסקי, אײַער ברודער פּיאָטער סינגאַיעווסקי...

ווי אַ ווילדע כײַע האָט די פרוי זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן דערשלאָגענעם און מעוולבל געוואָרענעם לאַטישעוון און גענומען אים טרייסלען:

— לײַגסט! — האָט זי געשריִען.

---

[1] מאַמעניו האַרציקע, זײַט מויכל דעם באַל־אַווייִרעניק.

מיט דער הילף פונעם קאַנוואָי האָט פּענענקאָ קוים אָפּגעריסן פון לאַטישעוון די צערייצטע פרוי. לאַטישעוו האָט מיט די ציטעריקע קליינדיקע הענט פאַרשפיליעט דעם צעבראָסטעטן פּידזשאַק און, ווי אַ פאַרקישעפטער, געקוקט אין טשעבעריאַקס זייט.

— מאַטקאַ, ווי גאָט איז ליב, איך בין ניט שולדיק... — האָט ער קוים אַרויסגעבראַכט.

— שווייַגט! — האָט באַפוילן דער אויספאָרשער.

נאָר טשעבעריאַק איז גאָר ניט אָנגעגרייט געווען צו שווייַגן.

— הער אויספאָרשער, איר שאַנטאַזשירט מיך! — האָט זי בייז אַ וואָרף געטאָן. — איך וועל זיך קלאָגן, פאַראַן פאַר וועמען צו קלאָגן זיך...

פּענענקאָ האָט גוט געוווּסט, אַז כאָטש טשעבעריאַק איז אַ באַוווּסטע פאַרברעכערן, ווייסט זי גאַנץ גוט, ווו אַ טיר עפנט זיך. און טירן עפנענען זיך פאַר דער דאָזיקער פרוי, ווי מיט דער הילף פון אַ קישעף־שטעקעלע. אַדאַנק טשאַפּלינסקין עפנענען זיי זיך לייַכט אויף — דאָס האָט שוין דער אויספאָרשער ניט איין מאָל געפילט. האָט ער דעריבער פּאַרזיכטיק אָנגענומען לאַטישעוון פאַר די אַקסלען און געהייסן אים איבערכאַזורן דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט פריִער, איידער מ'האָט אַרייַנגעפירט אהער ווערע טשעבעריאַק.

— איך ווייס ניט גאָרנישט. קיין פּראָטאָקאָל האָב איך ניט געכאַסמעט... אָט!

די דאָזיקע ווערטער האָבן דערפרייט ווערע טשעבעריאַק.

— ס'איז ניט לויטן געזעץ, הער פּענענקאָ! — צעשרייַט זי זיך איצט מיט נאָך מער שטאַרקייַט און מאָסטעט זיך אַיין אַפּן בענקל, ווי אַ זיגערן. — באַפעלט מיך אָפּלאָזן אהיים. איך וועל אייַך אָנקלאָגן צום פּראָקוראָר... צום מיניסטער... איך ווייס גוט, וואָס איר מעגט און וואָס איר טאָרט ניט.

פּענענקאָ האָט צוגערופן דעם קאָנוואָיר, באַפוילן אָפּפירן די פרוי, און דעם אַרעסטאַנט אוועקפירן צוריק אין טורמע.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט טשאַפּלינסקי אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן צום אויספאָרשער פּענענקאָ און אים פאַרבעטן צו זיך.

ווי נאָר פּענענקאָ איז אַריבערגעטראָטן די שוועל פונעם פּראָקוראָרס קאַבינעט, האָט ער גלייַך דערפילט די אומפרייַנטלעכע באַציִונג מיצאַד טשאַפּלינסקין. דער פּראָקוראָר איז געזעסן ברייט אין זייַן פאָטעל און אַפילו ניט געבעטן דעם אַרייַנגעקומענעם זיך זעצן.

— וואַסילי איוואַנאָוויטש, די פּראָקוראַטור פון קרייַז־געריכט האָט מיר איבערגעגעבן צוויי אָנקלאָגעס אַף אייַך... — האָט אָנגעהויבן דער פּראָקוראָר.

טשאַפּלינסקי האָט זיך גענומען ריִען אַפּן טיש, געפונען די נייטיקע פּאַפּירן, אַפּגיך זיי דורכגעלייענט מיט די אויגן און שטרענג אַ קוק געטאָן אַף פּענענקאָן.

פּענענקאָ קוקט דעם פּראָקוראָר גלייַך אין די אויגן און שווייַגט.

— איר האָט געהערט? צוויי אָנקלאָגעס... אייַך אינטערעסירט אַפילו ניט, פאַרוואָס עפּעס מיטאַמאָל צוויי, וואַסילי איוואַנאָוויטש?

— מיך אינטערעסירט יאָ, געאָרגי גאַווריליאָוויטש.

— אָט די איז פון ווערע טשעבעריאַק. אַלס אויספאָרשער האָט איר קיין רעכט ניט צו שאַנטאַזשירן דעם, וועמען איר מאַכט אַ פאַרהער. איר ווייסט מיסטאַמע גוט, וועגן וואָס איך רייד צו אייַך?

ס'איז געווען צו מערקן, אַז פּענענקאָ האָט אינערלעך שטאַרק זיך געראַנגלט, צי זאָל ער אַרויסזאָגן דאָס, וואָס ער האָט איבערגעקלערט פאַר די לעצטע עטלעכע וואָכן. די פאַרב האָט אים שוין עטלעכע מאָל אַ שלאָג געטאָן אין פּאָנעם אַרייַן. האָט ער מיטן טיכעלע אָפּגעווישט דעם שטערן און די הענט און סאַפּקאָלסאָף זיך אָנגענומען מיט האַרץ:

— געאָרגי גאַווריליאָוויטש, לויט די פּילצאָליקע פאַרהערן, וואָס כ'האָב געמאַכט ווערע טשעבעריאַק און די באַזוכער פון איר מאַלינע, בין איך געקומען צום אויספיר, אַז ניט בייליס איז דער שולדיקער אין יושטשינסקיס מאָרד, נאָר...

טשאַפּלינסקי האָט האַסטיק זיך אופגעהויבן, גענומען אַ צייַטונג, וואָס איז געלעגן לעבן אים אַפּן טיש, און עטלעכע מאָל אַ פּאָכע געטאָן מיט איר פאַר פּענענקאָס נאָז.

— ס'איז ניט אייַער געדאַנק, מילאָסטיווי גאָסודאַר[1], איר כאַזערט איבער דאָס, וואָס די „יידישע פּרעסע“ שרייַבט...

— ניין, ניין, — דרייט מיטן קאָפּ דער אויספאָרשער. — דאָס איז מייַן איבערצייַגונג אַפּן סמך פון אייגענע אויספירן.

---

[1] גנעדיקער הער.

— ווער דאַרף אײַערע אויספירן, הער פּענענקאָ?

— וואָס הייסט, ווער? די פּראָקוראַטור... די גערעכטיקייַט, די געריכט־אַנשטאַלטן... — פֿאַר־ענטפֿערט זיך פּענענקאָ.

— די גערעכטיקייט... — בייזערט זיך טשאַפּלינסקי.

— יאָ, מיר אַליין, די געזעלשאַפֿט... דאָס רוסישע פֿאָלק... — פּרוּווט ווײַטער טײַנען דער אויספֿאָרשער.

— גענוג צו פּרעפֿלען, פּענענקאָ!

און גאָר אומגעריכט שלעפּט ער אַרויס זײַן שווערן שטול פֿון הינטערן טיש און רוקט זיך צו נעענטער צו פּענענקאָס שטול.

— הערט אויס, וואַסילי איוואַנאָוויטש. איר דינט שוין לאַנג דאָ אין קיִעוו אַלס אויספֿאָרשער פֿאַר באַזונדערס וויכטיקע איניאַנים. איר פֿאַרשטייט — פֿאַר באַזונדערס וויכטיקע איניאַנים. איר זײַט אַ רוסישער מענטש, צי עפּשער...

פּענענקאָ האָט אינסטינקטיוו אָפּגערוקט דאָס בענקל פֿון דעם פּראָקוראָרס שטול.

— איך בין, נאַטירלעך, אַ רוסישער מענטש... און די פֿאַקטן און די באַווײַזן... — זאָגט אומ־דרייסט פּענענקאָ.

— איר קאָנט ניט אויסנוצן די פֿאַקטן און באַווײַזן אַף אַזאַ אויפֿן, ווי דאָס פֿאָדערט דער מאָנאַרך.

— דער מאָנאַרך דאַרף גערעכטיקייַט, געאָרגי גאַוורילאָוויטש.

דער פּראָקוראָר לויפֿט צו אָפּגיך צום טיש און טוט אַ כאַפּ דאָס צוגעגרייטע פּאַפּירל.

— אָט דאָ האָט אײַער זון — שוין אַ דערוואַקסענער יונג — אָנגעשריבן וועגן זײַן מוטער, אײַער געוועזענער פֿרוי, וואָס איז געשטאָרבן ניט מיט איר טויט... איר הערט, וואָס איך רייד צו אײַך, וואַסילי איוואַנאָוויטש? איר זאָגט דאָך — גערעכטיקייַט, יוישער... וואָס איז מיט אײַך? איר פֿילט זיך ניט גוט?

— איך פֿיל זיך גוט, — ענטפֿערט צעמישט פּענענקאָ. דערבײַ קלערט ער: ווי קונציק דער דאָזיקער פֿוקס, טשאַפּלינסקי, האָט צוגעגרייט דעם שאַנטאַזש.

— איז אָט, וועט איר אָנשרײַבן אַ דערקלערונג, וואָס איז עס געשען פֿאַר אַ געשיכטע מיט אײַער פֿרוי, וועגן וועלכער עס שרײַבט אײַער זון.

פּענענקאָ האָט אויסגעצויגן די האַנט און געוואַרט, טשאַפּלינסקי זאָל אים איבערגעבן דאָס פּאַפּיר.

— דאָס פּאַפּיר איז פֿאַר דעם אויספֿאָרשער, וואָס וועט אײַך שטעלן צו אַ פֿאַרהער, הער פּענענקאָ.

— איך וויל אַ קוק טאָן, ווער האָט עס געשריבן? — זאָגט שטיל פּענענקאָ.

— ווער? אײַער זון.

— דאָס קאָן ניט זײַן, הער פּראָקוראָר.

— ס'וועט קומען די צײַט, וועט מען אײַך דאָס פּאַפּיר באַווײַזן...

מיט אַ נייַג פֿונעם קאָפּ האָט דער פּראָקוראָר צו וויסן געגעבן דעם אויספֿאָרשער, אַז דער שמועס צווישן זיי איז פֿאַרענדיקט.

## א פרישע פּראָוואָקאַציע

אין אַ שאַבעסדיקן טאָג אָנהייב ווינטער האָט מען לעבן איינעם פֿון די קיִעווער באַטעמעדראַ־שים אין אַ געסל ניט ווײַט פֿון גרויסוואַסילקאָווער געקאָנט זען, ווי עס דרייט זיך אַרום אַ פֿאַר־שוין אין אַ לאַנגער פֿויערישער סוויטקע, וואָס האָט אים געגרייכט ביז די אויסגעפּוצטע יוכטאָווע שטיוול. אַז מע זאָל געוועזן זיך גוט צוקוקן צו דעם פֿאַרשוין, וואָלט מען לויטן שמאָלן שטערן און לויט די טיף אײַנגעגראָבענע מײַזלשע אייגעלעך געקאָנט דערקענען איוואַן קאַזאַטשענקאָ, וועלכן מע האָט די טעג אַרויסגעלאָזט פֿון לוקיאַנאָווקער טפּיסע.

שוין אַ פֿאָר מאָל האָט ער זייער פּאָרזיכטיק אָפּגעשטעלט אייניקע ייִדן, וואָס האָבן געשפּאַנט פֿון קלויז צום שאַבעסדיקן טיש, ווו עס האָבן געוואַרט ווײַב און קינדער. אייניקע האָבן אַפֿילע ניט געוואָלט זיך אָפּשטעלן מיט אים, אַנדערע, ווידער, האָבן זיך פֿאַראינטערעסירט מיט דעם פּאַפּירל, וואָס קאַזאַטשענקאָ האָט אַרויסגעצויגן פֿונעם בוזעם און געטיטשעט אין די אויגן.

— טאַקע פֿון בייליסן אַליין? — האָט איינער פֿון די ייִדן געפֿרעגט.

— יאָ, צו זײַן ווײַב עסטער, — זאָגט קאַזאַטשענקאָ.

מענטשן שטעלן אָן מויל און אויערן, מע באַטראַכט דעם בריוו, וואָס איז אָנגעשריבן אַף אַ הערבאָוון פּאַפּיר.

— און אַט איז מענדל בייליסעס כסימע, — טײַטלט קאַזאַטשענקאָ מיטן פינגער.

— טאַקע, — טוט עמעצער א בורטשע, אומקערנדיק קאַזאַטשענקאָן דאָס פּאַפּיר. — אָבער ווי קומט עס צו אײַך?

— פּאַשעט, — ענטפערט קאַזאַטשענקאָ, — איך בין מיט בייליסן געזעסן אין טורמע. אוי, האָט ער געוויינט, אײַער מענדל, ווען מע האָט מיך באַפרײַט! איבער א נאַרישקײַט זיך אַרײַנגעכאַפּט צו די קוילערס אין די הענט. מענדל איז אין קאַמער געווען מײַן בעסטער פרײַנט.

— איר הערט, וואָס דער מענטש דערציילט?..

און אַז עמעצער האָט געסאַפּעקט דערין, וואָס די סוויטקע האָט דערציילט, האָט מען אים געגומען איבערצײַגן אַזוי, אַז יענער האָט געמוזט אָפּווישן די ליפּן און זיך אָפּרוקן.

עס האָבן זיך געפונען געגוג מענטשן, וואָס האָבן געגלייבט אָדער געוואָלט גלייבן, אַז דער בריוו איז טאַקע פון בייליסן. קאַזאַטשענקאָ האָט זיי אוועקגעפירט אין א הויף און דאָרט מעגאַלע־סאָד געווען, אַז מע דאַרף צונויפנעמען עטלעכע רובל פאַר מענדלס ווײַב און קינדער און פאַר מענדלען אַליין. דאָרטן, אין טפיסע, וועט מען פאַר געלט אים אַלץ קויפן. ווי קאָן מען דערלאָזן, אַז אן אומשולדיקער מענטש זאָל הונגערן!

— און אַז מע וועט צונויפנעמען געלט, איז וויאַזוי וועט קומען די קאַץ איבערן וואַסער? — האָט מען געוואָלט וויסן.

זייער פּאַשעט: ער, דער פויער אין דער סוויטקע, וואָס איז אַקאָרשט באַפרײַט געוואָרן, האָט א צאַד אין טפיסע צווישן די נאַדזיראַטעלעס. זיי וועלן פאַר א קלייניקײַט איבערגעבן מענדלען דאָס געלט, און מענדלס ווײַב וועט ער אַליין, דער באַפרײַטער פויער, איבערגעבן. אַט האָט ער פון איר, טאַקע פון מענדלס ווײַב עסטער, באַקומען א צעטעלע פאַר מענדלען. ער קען זי גאַנץ גוט, ניט דאָס ערשטע צעטעלע באַ איר געגומען פאַרן מאַן.

איז ווי גלייבט מען ניט א מענטשן, וואָס שווערט זיך. אַזוי און ציילעמט זיך? האָבן זיך טאַקע געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געגעבן קאַזאַטשענקאָן פאַרן אומגליקלעכן מענדל, וויפל זיי האָבן געקאָנט. מיילע, טאָמער נאַרט ער אָפּ, איז א קאַפּאָרע די עטלעכע גראָשנס. און אויב ס׳איז עמעס, וועט מען דאָך האָבן א מיצווע. ווער עס האָט אום שאַבעס ניט געהאַט באַ זיך קיין מינץ, האָט אויסגעליִען באַ א שאָכן... קאַזאַטשענקאָ האָט צונויפגענומען שיינע עטלעכע רובל, דערנאָך האָט ער אַרויסגעשלעפּט א בויגן פּאַפּיר און געבעטן, אַז עמעצער זאָל אָף זיך נעמען די טירחע און לויט א ליסטע צונויפקלײַבן נדאָוועס פאַר דעם אומגליקלעכן בייליסן.

— אָט דאָ אָפן פּאַפּיר, — האָט קאַזאַטשענקאָ געטײַטלט מיט א נאָגל, — זאָל יעדערער אָנשרײַבן זײַן נאָמען און פאַמיליע און זיך כאַסמענען.

צוגענומען די עטלעכע קערבלעך, האָט קאַזאַטשענקאָ איבערגעלאָזט דאָס פּאַפּיר און איז נעלעם געוואָרן.

א מאַנצבל אין א קאַסטאָרענער שליאַפּע האָט מיט גוואַלד אויסגעריסן דעם בויגן פּאַפּיר און, אַרופּרוקנדיק דעם קאַפּעליוש העכער אָפן שטערן, געזאָגט:

— עפּעס געפעלט מיר ניט דער פאַרשוין. באַ מיר שטייט אײַן אָף קוואַרטיר א מיטאַרבעטער פון „קיִעווסקאַיא מיסל“. איסײַ כאַדאַשעוו רופט מען אים. וועל איך דאָס אים באַווײַזן. ער פאַר־שטייט גוט אין אַזעלכע איניאַנים. לאָמיר הערן, וואָס ער וועט זאָגן.

כאַדאַשעוו האָט אופמערקזאַם באַטראַכט דעם צעווירעטן בויגן פּאַפּיר, וואָס פון אויבן איז אָף אים געווען אָנגעשריבן מיט קליינע אויסיעלעך, אַז „מיר, יידן פון קיִעווער קאָהאָל, פון דער אָבשטשינע, זײַנען מענאַדעוו לעטויוועס מענדל בייליסן קאָך וועקאָך און רופן אַלע אָבשטשינעס שענקען, וויפל איטלעכער קאָן און האָט בעיאַד...“ צום סאָף פונעם פּאַפּיר איז געווען אָנגעצייכנט: ראָש פון דער אָבשטשינע, סעקרעטאַר און קאַסיר.

— פײַן אָרגאַניזירט, א ווויל שטיקל אַרבעט, — האָט כאַדאַשעוו געשמייכלט. — און ווי זעט אויס דאָס פאַרשוינדל, וואָס האָט אײַך געגעבן די דאָזיקע מאַטאָנע? — האָט געפרעגט כאַדאַשעוו.

אויסגעהערט, ווי מע האָט אָנגעמאָלט קאַזאַטשענקאָן אין דער סוויטקע מיט די געפאַלדע־וועטע כאַליעווקעלעך, מיטן היטשקעלע, וואָס קריכט אַרויס פון אונטער דעם יאַלעם, האָט כאַדאַשעוו צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ער ווײַזט מיר אויס צו זײַן פון די „סאָיוזניקעס“, פון די שיינע־לײַט. אוי, ווייגען די קאָפּעקעס, וואָס די יידן האָבן אים געגעבן!

כאַדאַשעוו האָט באַשלאָסן אוועקגיין צום אַדוואָקאַט אַרנאָלד דאַווידאָוויטש מאַרגאָלין, וועגן וועמען מע רעדט, אַז ער וועט זײַן איינער פון בייליסעס פּאַרטיידיקער, אויב עס וועט דערגיין צו אן עפנטלעכן פּראָצעס. מיט אים וועט ער זיך מעיאַשעוו זײַן.

מאַרגאָלין איז גאַנץ ברייט באַקאַנט געווען אין קיִעוו אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער. ער האָט געשטאַמט פון אַ רייַכער פאַמיליע. דער פאָטער זייַנער האָט פאַרמאָגט גרויס אשירעס: פיל הייַזער אין שטאָט און עטלעכע שיפן אויפן דניעפּער. וועגן דעם איז געווען באַוווּסט. נאָר ניט באַוווּסט איז געווען די צאָל אַקציעס אין פאַרשיידענע קאָמפּאַניעס און געזעלשאַפטן, און די, וועלכע זייַנען געלעגן אין זייַן סייף. דער אַדוואָקאַט פלעגט זאָגן: „ווען איך פאַרמאָג אַ צענטכיילעק פון מייַן טאַטנס אויצרעס, וואָלט איך פאַרשפּאָרט זיך פאַרנעמען מיט אַדוואָקאַטור“.

בייזע צינגער האָבן ניט אויפגעהערט צו טייַנען, אַז נישקאָשע, ווען זיי האָבן דאָס, וואָס דער אַדוואָקאַט מאַרגאָלין קאָן זיך פאַרגינען אין סאָכרים־קלוב פאַרשפּילן אין אָקע, וואָלטן זיי שוין געקאָנט כאַסענע מאַכן די קינדער און קינדסקינדער. נאָר ווי עס זאָל ניט זייַן, אַרנאָלד מאַרגאָלין איז בעפּיירעש געווען זייער אַ סאָלידער אַדוואָקאַט מיט גרויסער פּראַקטיק, אַ באַקאַנטער און כאָשעווער געזעלשאַפטלעכער טוער. ער האָט שטאַרק איבערגעלעבט די געשיכטע מיט ביילִיסן.

נאָך מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט מאַרגאָלין זיך שטאַרק פאַרינטערעסירט מיט דעם איניִען יושטשינסקי, און ער איז געווען צופרידן, וואָס כאָדאָשעוו איז געקומען צו אים מיט אָט דער ליסטע.

— אין אייַער צייַטונג, — האָט מאַרגאָלין געזאָגט, — אַרבעט דער זשורנאַליסט בראַזול־ברושקאָווסקי, איר קענט אים מיסטאָמע און ווייסט אויך וועגן דעם, אַז ער וויל דערווייַזן, ווער עס זייַנען די עמעסע מערדער פון יושטשינסקין.

— בראַזולן קען איך אויסגעצייכנט, — שטעלט אַרייַן כאָדאָשעוו, — אַ ווילער מענטש. מיר איז באַוווּסט, אַז ער פאָרשט פּריוואַט דעם איניִען וועגן דעם מאָרד איבער יושטשינסקין.

— בעפּיירעש אַ ווילער מענטש. ערשט ניט לאַנג איז בראַזול געווען אין אונדזער אַדוואָקאַטן־געזעלשאַפט, וואָס געפינט זיך, אַגעוו, אין אייַן הויז, נאָר אויף אַן אַנדער שטאָק, מיטן אויספאָרשער פאַר באַזונדערס וויכטיקע איניאָנים — פענענקאָ, וועלכער פירט דעם איניִען. האָט ער, בראַזול, מיר אָנגעוויזן די פּרווי טשעבעריאַק, וואָס איז, אַפּאָנעם, אָקאָרשט אַרויס פון פענענקאָס קאַבינעט. כאָטש אַ האַלב פּאָנעם איז בייַ איר געווען פאַרבאַנדאַזשירט, דאָך האָט מען זיך געקאָנט פאָרשטעלן, ווי זי זעט אויס. דעם עמעס געזאָגט, וואָלט איך אַ באַלן געווען מיט איר זיך באַקענען, זיך דערוויסן, וואָס איז דאָס פאַר אַ יעפּיפיע, וועגן וועלכער עס גייען אום לעגענדעס; און, פון דער צווייטער זייַט, וואָלט איך מוירע געהאַט, זי זאָל זיך צו מיר ניט זאַנאַדיען, ווייַל האָבן צו טאָן מיט אַזאַ פּאַרשוין איז גאָר ניט קיין גרויסער פאַרגעניגן. בראַזול איז מיט איר פאַרבונדן. ער האָט אַ כשאַד, אַז זי האָט אָנטיילגענומען אין דעם מאָרד איבער יושטשינסקין. ער וויל, זי זאָל אַליין זיך פאַר אים מיסוואַדע זייַן. „פאַרוואָס איז זי געווען פאַרבאַנדאַזשירט?“ — האָב איך געפרעגט בייַ בראַזולן. דערציילט ער מיר, אַז דאָס האָט זי צענעריקט איינער פון אירע געליבטע — אַ פראַנצויז מיטן נאָמען מיפלע, וועלכער האָט צוליב אינטימע אָנגעלעגנהייַטן זי געסטראַשעט, אַז אויב זי וועט זיך מיט אים ניט באַגעגענען, וועט ער זי אויסגעבן דער פּאָליציי. ער ווייסט גענוי, אַז זי און איר לייַבלעכער ברודער סינגאַיעווסקי האָבן געהאַרגעט יושטשינסקין. אונדז איז באַוווּסט, אַז שוין מיט אַ לאַנגער צייַט צוריק האָט ווערע טשעבעריאַק אין ליבע־עקסטאַז אויסגעברענט דעם פראַנצויז די אויגן, און איצט האָט ער בלינדערהייט זי צעקאַרדאַשעט, ווייל די טשעבעריאַטשקע צוציִען דעם פראַנצויז צום געריכט. זי האָט אויסגעטראַכט, אַז מיפלע צוזאַמען מיט יושטשינסקיס עלטערן האָבן געהאַרגעט דאָס ייִנגעלע.

בראַזול וויל, קלוימערשט, אַנטדעקן די גאַנצע מייַסע, אָבער צוליב דעם דאַרף מען פאַקטן, שאַנטאַזשירט זי אים.

אויך אין אונדזערע אַדוואָקאַטן־קרייַזן מיינט מען, אַז טשעבעריאַק און אירע לייַט זייַנען די עמעסע מערדער, און ניט מיפלע. ס'איז אויך באַוווּסט, אַז ווען פענענקאָ האָט איר גענומען דערווייַזן, אַז זי מיט איר קאָמפּאַניע זייַנען די שולדיקע, האָט זי פאַרקאַטשעט אַ היסטעריקע און געשריִען, אַז פענענקאָ וויל באַהאַלטן פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג דעם פאַקט, אַז ביילִיס מיט די ייִדן האָבן צוליב ריטועלע צוועקן געטייט דאָס ייִנגל. דאָס באַווייַזט, אַז בראַזולן דערציילט זי אַ מייַסע וועגן מיפלען, וועגן יושטשינסקיס עלטערן און וויל אים פאַרפּלאָנטערן מיט אַ ליבע־געשיכטע. אָבער אין די געריכט־אַנשטאַלטן איז זי דער רופאַר פון יענע, וועלכע גרייטן דעם בילבל. איר פאַרשטייט, כאָדאָשעוו?

— כ'פאַרשטיי, אַרנאָלד דאַווידאָוויטש.

— איר פאַרשטייט געוויס אויך, אויף וויפל עס איז וויכטיק, וואָס איר האָט מיר געבראַכט אָט דאָס פּאַפּיר. מיר וועלן עס אויסנוצן אויף צו דעמאַסקירן די קויכעס, וואָס שטייען הינטער דער סוויטקעס פּלייצע.

מאַרגאָלין האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און ווייַטער גערעדט:

— עס איז ווילטיק, אז בראזול־ברושקאָווסקי זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער ווערסיע, וואָס ווערע טשעבעריאַק וויל אים איינריידן. די דאָזיקע פּרוּווּ פאַרמאָגט, ווייַזט אויס, א שטאַרקע אָפּוויר־קונגס־קראַפט. אפילו אזא אָרנטלעכער מענטש, ווי בראזול, הייבט איר אָן צו גלייבן. ער וויל איבערצייַגן פּענענקאָן, אז די ווערסיע וועגן מיפלע איז אָן עמעסע. אייַער אופגאבע, יונגערמאַן, איז אופצוקלערן אייַער פעןקאָלעגע, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער דאָזיקער ווערסיע. דערווייַזט אים, אז ער האָט א טאָעס. די טשעבעריאַטשקע איז פייִק אראָפּפירן פונעם וועג, פאַרפלאָנטערן די גרעסטע קרימינאַליסטן. מיר וועלן עס ניט דערלאָזן. מיר, יוריסטן, האַלטן זיך בא דער דייע, אז דער מאָרד איז פאַרגעקומען בא דער טשעבעריאַטשקע אין שטוב.

ווי איר ווייסט, מיסטאמע, איז אָף דעם געדאַנק געפאַלן אויך דער פּריסטאַוו ניקאַלייַ קראַ־סאָווסקי, און אונדז כידעשט, וואָס בראזול־ברושקאָווסקי, וועלכער איז ענג פאַרבונדן מיט קראַ־סאָווסקין, גלייבט דער פאַרברעכערן, און ניט דעם פּריסטאַוו.

— אין וואָס זשע, אייגנטלעך, באַשטייט מייַן אופגאַבע?

— איר זאָלט דערציילן דעם דאָזיקן איידלמוטיקן מענטשן, אייַער בראזולן, אז אונדזער מיינונג, כאָטש ער ווייסט עס, איז א פעסטע, און אז די ווערסיע מיטן פראַנצויז... איך האָב אייַך שוין געזאָגט.

— גוט, גוט, כ׳וועל אים איבערגעבן.

צו יענער צייַט האָט גאָלוביאָוו אַרויסגערופן צו זיך אין רעדאַקציע פון „דוווגלאַווי אָריאָל“ ווערע טשעבעריאַק און פאַרפירט מיט איר אזא שמועס:

— צי האָט איר ניט געטראַכט, ווערא וולאַדימיראָוונא, אז דאָס, וואָס דער מיטאַרבעטער פון רעדאַקציע „קיִעווסקאַיא מיסל“ בראזול־ברושקאָווסקי האָט פאַרפירט מיט אייַך אזא נאָענטע באַקאַנטשאַפט, קאָן ברענגען צו טרויעריקע רעזולטאַטן?..

— פאַרוואָס מיינט איר אזוי, וולאַדימיר סטעפּאַנאָוויטש? — האָט טשעבעריאַק זיך דער־שראָקן. — אָט די די צייַטונגס־מויז ווייסט, אז מיפלע איז דער מערדער...

— וואָס פאַר א מיפלע?

— דער פראַנצויז, מייַן אַלטער באַקאַנטער, — גיט צו טשעבעריאַק.

— מיפלע גאָר?..

— זאָג איך דאָך אייַך, וולאַדימיר סטעפּאַנאָוויטש, אז בראזול־ברושקאָווסקי הייבט אָן צו גלייבן, אז טאַקע דער פראַנצויז מיט אַנדריושקעס שטיפפאָטער...

— וואַרט, וואַרט, — שלאָגט איבער גאָלוביאָוו, עפּעס איז אים ניט איינגאַנצן קלאָר די געשיכטע מיטן פראַנצויז. דאָס סטודענטל האָט געהאַט בלויז איינס אין זינען: וואָס מער פאַר־וואָרפן מיט שמוץ דעם ייִדן מיט דער שוואַרצער באָרד. — הערט אויס, ווערא וולאַדימיראָוונא. בלויז מייַן אייצע: פאַרנעמט זיך וואָס ווייניקער מיט אָט דעם בראזולן, ער וועט אייַך איבער־כיטרעווען.

— מיך? — שטעלט זיך אוף טשעבעריאַק. — ווייַזט אויס, גאָלוביאָוו, אז איר קענט נאָך ניט ווערא די טשינאָוונישע... — די אויגן אירע צינדן זיך אָן מיט רעציכע און גאַדלעס. — איר קענט מיך ווייניק, גאָלוביאָוו.

דער סטודענט האָט זיך צעלאַכט. אים האָט פאַרדראָסן, וואָס אָט די האַלב־גראַמאָטנע פרוי שטעלט זיך העכער פון אים, דעם פירער פון דער קיִעווער מאָנאַרכיסטישער סטודענטשאַפט. ער האָט אָבער ניט געוואָלט זיך צעקריגן מיט איר: זי איז דאָך פאַרט א געהאַרכזאַם געווער אין זייַנע הענט, האָט ער געגומען ריידן מיט א שמייכל:

— זייַט ניט אזוי אופגערעגט, מיר דינען דאָך ביידע איין זאַך — כ׳האָב אייַך שוין אמאָל געזאָגט וועגן דעם. נאָר בראזולן פאַרטרייַבט פון זיך.

— אייַך איז גוט צו זאָגן, ער קריכט אָבער אַרייַן אין דער נעשאָמע. אז איך וויל אים ניט ענטפערן אָף עפּעס, סטראַשעט ער...

— ער סטראַשעט? אזא פּאַדלעץ! ווי וואַגט ער! איין מיטל נאָר — טרייַבן אים פון זיך.

— ער לאָזט זיך ניט. ער איז א קלעפּיקער, ווי א פליג.

— צום טייַוול אזא פליג! — שרייַט אויס גאָלוביאָוו. — הערט, וואָס מיר וועלן אייַך אייצען, ווערא וולאַדימיראָוונא: זאָגט איר, דער דאָזיקער פליג אייַערער...

— בראזולן?..

— יאָ, בראזולן, אז איר זייַט גרייט צו נעמען אָף זיך די שולד פאַרן מאָרד איבער יושטשינסקין.

— וואָס רעדט איר, וולאַדימיר סטעפּאַנאָוויטש?!

— שרעקט זיך ניט, מייַן טייַערע, איר זאָלט זיך נאָר ניט שרעקן. זיצט רויק.

— וויאַזוי קאָן מען זײַן רויִק? גרינג צו זאָגן: נעמען אַף זיך די שולד... וואָס רעדט איר? — ווערט צעקאָכט טשעבעריאַק.

— מיר וויסן, מיר וויסן, אַז איר זײַט אַן אומשולדיקע נעשאָמע... באַרויִקט זיך, ווערא וולאַדימיראָוונא. די גאַנצע וועלט ווייסט... — ער מאַכט א קליינע פויזע, קוקט אַף איר אופמערק־זאַם און זעצט פאָר: — איר וועט געבן אָנצוהערן דעם מיטאַרבעטער פון „קיִעווסקאיא מיסל“, אַז איר זײַט גרייט... שלאָגט זשע ניט איבער. אוי, ווי הייס איר זײַט, ווערא וולאַדימיראָוונא. איך שטעל זיך פאָר, וואָס פענעקאָ האָט פון אײַך אויסצושטיין...

— אָ, איר קענט מיך נאָך ניט! — און טשעבעריאַק צעלאַכט זיך, אַנטבלויזט דערבײַ אירע ווײַסע ציין. — מיך קאָן מען מיט די הוילע הענט ניט נעמען, אָ, ניין, וולאַדימיר סטעפּאַנאָוויטש.

— גוט, ווערא וולאַדימיראָוונא, זיצט רויִק און הערט ווײַטער. וועט איר קומען צו אים...

— איך גיי ניט צו אים, ער קאָן וואַרטן! — שרײַט זי אויס. — ער קומט צו מיר.

— נו, ווויל. אַז ער וועט קומען צו אײַך, זאָלט איר אים אופגעבן דעם דאָזיקן פּלאַן.

— איך האָב נאָך ניט באַנומען אײַער פּלאַן...

— אַך, גאָט מײַנער! פּאַשעט און קלאָר, ווי דער טאָג. איר זאָגט אים אַזוי: „הער בראַזול, גיט איבער אײַער קאַגאַל, אַז ווערע טשעבעריאַק איז מאַסקים צו נעמען אַף זיך דעם מאָרד, אויב אײַער קאַגאַל וועט אויסצאָלן“.

— אויסצאָלן?!..

— יאָ, אויסצאָלן. אַפילע אַזאַ פאַרגעניגן טאָר מען זיי ניט אָפּגעבן אומזיסט. איר האָט פאַרשטאַנען?

— וויפל זאָל איך זיך הייסן אויסצאָלן?

— וויפל דאָס האַרץ גלוסט. איר זאָלט צו אים טײַנען אַזוי: אַז איך וועל אַף זיך נעמען די שולד, זאָל דער קאַגאַל אָנדינגען די בעסטע אַדוואָקאַטן אַף צו פאַרטיידיקן מיך, אין פאַל, אויב מע וועט מיך איבערגעבן צום געריכט. און אַז מע וועט מיך פרײַ לאָזן נאָכן געריכט, וויל איך אַן אויסלענדישן פּאַס, איך זאָל מיט מײַן מאַן און קינדער...

— קינדער... שוין געבליבן איין קינד בא מיר... — זאָגט זי מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— יאָ, וויל איך מיטן מאַן און קינד נאָך די איבערגעלעבטע שווערע כאַדאָשים זיך אָפּרוען אין אויסלאַנד אַף אַ קוראָרט.

— כאַדאָשים וועט עס געדויערן? — האָט ווערע זיך דערשראָקן.

— עס רעדט זיך אַזוי, ווערא וולאַדימיראָוונא. דערצו וועט ניט דערגיין, זײַט רויִק! ווי נאָר איר וועט באַקומען בא זיי די טויזנטער, וועלן מיר טייקעף מעלדן טשאַפּלינסקין, און ער וועט שוין וויסן, וואָס ער האָט צו טאָן...

טשעבעריאַק קוקט מיט ברייט צעעפנטע אויגן, און אירע באַקן ווערן לײַכט פאַרויטלט. זי האָט ערשט איצט אָנגעהויבן באַנעמען דעם טאָך, וועגן וואָס גאָלוביאָוו האָט מיט איר די גאַנצע צײַט געטײַנעט.

— וואָס כידעשט איר זיך? איר דאַרפט זײַן געוווינט צו טאָן, וואָס מיר הייסן אײַך.

— און אויב ניט, וולאַדימיר סטעפּאַנאָוויטש?

גאָלוביאָוו דערזעט אין אירע אויגן אַ בייז, פאַרביסן פײַערל. אַפילע ער, דער דורכגעטרי־בענער סקאַנדאַליסט, דערפילט זיך ניט מיט אַלעמען.

— איך זאָג, אַז שטענדיק דאַרפט איר זײַן גרייט אויסצופילן דאָס, וואָס מיר הייסן אײַך, ווײַל איר זײַט אַ געטרײַע פּראַוואָסלאַוונע פרוי. פאַרשטייט מיך ריכטיק, גאָספּאָזשאַ טשעבעריאַק. פאַרגעסט ניט, אַז הינטער אײַערע פּלייצעס שטייט דאָס פּראַוואָסלאַוונע רוסלאַנד.

— רעכט! איך וועל טאָן, וואָס מע דאַרף, וולאַדימיר סטעפּאַנאָוויטש.

— בין איך זייער צופרידן. — גאָלוביאָוו שמייכלט צופֿרידן. — גלייבט מיר, ווען איך זאָל זײַן אַ גאָלעך און איר זאָלט קומען צו מיר זיך מיסוואַדע זײַן, וואָלט איך אײַך פאַרגעבן אַלע אײַערע זינד.

— וואָס זשע, איר גלייבט, אַז איך בין זינדיק? — צעלאַכט זיך טשעבעריאַק. — ניין, זאָגט טאַקע, איך בין אַ זינדיקע?

גאָלוביאָוו האָט ניט געענטפערט דערויף, געבליבן זיצן עטוואָס פאַרלוירן, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ניט געוואָגט אַפילע אופהייבן דעם קאָפּ.

טשעבעריאַק האָט איר פאַרסיגנעטן ווײַזפינגער צוגעלייגט צו גאָלוביאָווס קין און געפּרוווט אים אופהייבן דעם קאָפּ.

— וואָס האָט איר מוירע מיר צו קוקן אין די אויגן, וולאַדימיר סטעפּאַנאָוויטש, ווי שעמט איר זיך ניט אַזוי שלעכט טראַכטן וועגן מיר? אײַ־אײַ־אײַ!

אזעסדיק פאַריסן דעם קאָפּ, האָט גאָלוביאָוו אַ קוק געטאָן אויף זײַן פּאַרטניאָרשע און צינייש געזאָגט:

— איר זײַט דאָך אַ פרוי, ווערא וולאַדימיראָוונאַ, איז ווער ווייסט...

— איר באַליידיקט מיך.

— בעט איך מיר אַנטשולדיקן! — גאָלוביאָוו האָט גענומען איר האַנט און זי אַ דריק געטאָן. — נו, גייט געזונטערהייט און האָט דערפאָלג.

ווען זי איז שוין געשטאַנען בײַ דער שוועל, האָט ער איר נאָכגעשריִען:

— פאַרגעסט ניט, מיר וואַרטן אויף אײַך!

ווערא וולאַדימיראָוונאַ איז געווען צופרידן. נאָך דעם הײַנטיקן שמועס מיט גאָלוביאָוון האָט זי דערפילט, אַז דער אָנפירער פון די היגע שוואַרצמייעניקעס האָט איר געגעבן זײַן בראָכע און זי קאָן איצט גיין ווי איבער אַן אײַזערנער בריק.

דאָס זיסע געפיל פון נעקאָמע איבער דער צײַטונגס־פלוי בראַזול־ברושקאָווסקי האָט איר צוגעגעבן נײַע ענערגיע. זי וועט בײַ אים די נעשאָמע אַרויסנעמען, זי וועט אויסלאָזן צו אים דעם גאַנצן קאַס, וואָס זי טראָגט אויף די „ליאַגאַווע" און אויף יענע, וואָס ווילן בײַ איר זיך דערשלאָגן דעם עמעס וועגן דעם בײַסטרוק. אָט דער בראַזול מיט די פאַרדרייטע וואָנצעלעך וועט בײַ איר האָבן קאַלט און וואַרעם. נישקאָשע, ער האָט עס פאַרדינט, זאָל ער וויסן, ווי צו קריכן איר אין דער נעשאָמע...

בראַזול איז געקומען צו ווערע טשעבעריאַק ווי געוויינלעך, ווען דער מאַן אירער איז געווען אויף דער אַרבעט אין פּאָטשטאַמט. זי האָט אים באַגעגנט מיט אַ שמייכעלע.

— אָ, סטעפּאַן איוואַנאָוויטש, מאָיאָ פּאָטשטעניע! ווו זײַט איר עס פאַרפאַלן געוואָרן?

בראַזול האָט אַ קנייטש געטאָן מיטן שטערן. אים איז ניט געפעלן דער אופנאַם. שטענדיק באַגעגנט זי אים צוריקגעהאַלטן, אומצופרידן, מיט באַהאַלטענע אויגן, וואָס קוקן ניט אין זײַן זײַט. דאָס מאָל האָט זי כוצפּעדיק געקוקט אים אין פּאָנעם אַרײַן.

— וואָס זײַט איר אַזוי דערשלאָגן, מײַן גנעדיקער סטעפּאַן איוואַנאָוויטש? — און ווײַל ער האָט געשוויגן, איז זי געוואָרן אופגעלייגטער: — וואָס איז עס מיט אײַך, עפּעס האָט געטראָפן אין אײַער רעדאַקציע? אָדער עפּשער איז דאָס ווײַבל אַנטלאָפן מיט אַן אָפיצער? שעמט זיך ניט, מײַן הער, אַזוינס טרעפט הײַנטיקע צײַטן.

אַז עפּעס איז פאָרגעקומען מיט ווערע טשעבעריאַק, איז פאַר דעם קלוגן, מעיושעוודיקן בראַזולן גאַנץ קלאָר געווען. אָבער בײַ אַזאַ קאַפּריזער און צעבאַלעוועטער פרוי, ווי טשעבעריאַק, איז שווער גלײַך, פונעם ערשטן קוק, עפּעס צו דערוויסן זיך. דעריבער מוז מען צוּוואַרטן, ביז זי וועט אַליין אַלץ אויסדערציילן.

— איר האָט עפּשער געבראַכט עפּעס נײַס? — האָט ווערע שוין רויִק געפרעגט. — וועגן מיפּלע האָט איר זיך עפּעס דערוווּסט? כ'האָב אײַך ריכטיק געזאָגט, אַז מיפּלע איז דער ווירקלעכער מערדער פון דעם דאָמאָוואָי...

— וויִאַזוי זאָגט איר, ווערא וולאַדימיראָוונאַ, — דאָמאָוואָי?..

— פאַר אײַך איז דאָס אַ נײַס, מיר האָבן גערופן דעם בײַסטרוק — דאָמאָוואָי.

— ווער איז דער „מיר"?

— מיר, מיר, סטעפּאַן איוואַנאָוויטש...

איצט האָט בראַזול דערפילט צערייצטקײַט אין איר שטים. בראַזול האָט פאַרשטאַנען, אַז עפּעס פאַרדריסט איר, האָט ער דעריבער איבערגעכאַזערט מיט אַ צולאָכעסדיקער אײַנגעשפּאַרטקײַט:

— איך פרעג, ווערא וולאַדימיראָוונאַ, ווער איז דאָס דער „מיר"?

— אײַך האָט זיך אויסגעדוכט. איך נעם קיינמאָל קיינעם ניט אַרײַן אין קאָן. איך מיט מײַנע קינדער פלעגן שטענדיק אַנדריושקען רופן — דאָמאָוואָי.

— נאָר איר מיט אײַערע קינדער?

— יאָ, יאָ, יאָ, איך מיט מײַנע קינדער! — האָט זי קימאַט אויסגעשריִען.

— און איך האָב געמיינט, אַז איר און מיפּלע... — זאָגט בראַזול־ברושקאָווסקי רויִק.

— איך און מיפּלע?! — סטאַרטשעט זי אויס די אויגן. — ניין, מיט מיפּלע האָבן מיר קיין שום געמיינזאַמס ניט. גאָט באַהיט!

— און איך האָב געמיינט...

— איר פּלאָנטערט די גאַנצע צײַט, סטעפּאַן איוואַנאָוויטש. — זי זעצט זיך צו אויף אַ בענקל און פרעגט געלאַסן: — איר אײַלט זיך אַוועקצוגיין?

— איר ווילט, איך זאָל אײַך פאַרלאָזן?

— ניין, כ׳האָב דאָך אײַך געזאָגט: מײַן מאַן איז אין פּאַטשטאַמט און ליודאָטשקע איז בא א שכיינע.

כאָטש בראַזול איז שוין געווינט געוועזן צו טשעבעריאַקס צווידייַטיקע רייד, איז ער דאָך רויט געוואָרן. זי האָט עס באַמערקט.

— ווי קומט עס, אַז איר, דער געערטער רעפּאָרטיאָר פון „קיִעווסקאַיאַ מיסל", זאָל זיך שעמען, ווי א באַרישניע, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל אַרויס אפן קרעשטשאַטיק... לייגט צו אַן אויער, סטעפּאַן איוואַנאָוויטש, וועל איך אײַך עפּעס זאָגן. איר גייט צו מיר שוין עטלעכע כאָדאָשים. און קראַסאָווסקי איז אויך אהער געגאַנגען, און ווער ניט... איר אַלע ווילט מיך פאַרשיטן...

— גאָט באַהיט! וואָס רעדט איר?

ווערא וולאַדימיראָוונא פאַרנעמט די האָר, לייגט אויס שענער דעם בייגל אפן שפּיץ קאָפּ, פּודערט זיך צו און זאָגט, קוקנדיק אים אין די אויגן:

— אַלציינס מיינט איר דאָך אַלע, אַז איך בין שולדיק אין דערמאָרדן דעם בייַסטרוק. איז הערט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן.

— איך הער.

— איר קאָנט איבערגעבן אײַער קאַגאַל, אָדער די, מיט וועמען איר זייַט פאַרבונדן, אַז איך בין גרייט צו נעמען אף זיך די שולד אין דעם מאָרד איבער יושטשינסקין...

— איר?!

— יאָ. איך. וואָס כידעשט איר זיך? איר טראַכט דאָך סײַווי, אַז אין מײַן מאַלינע... איר מיינט, איך ווייס ניט?

בראַזול ענטפערט דערויף גאָרניט. ער וואַרט מיט אומגעדולד, וואָס נאָך וועט זאָגן די מאַדאַם טשעבעריאַק. זי לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן און רעדט ווײַטער:

— קאָנט איר זאָגן אײַער קאַגאַל, אַז איך בין גרייט, אָבער... — זי שלאָגט זיך אַליין איבער, קוקט אף בראַזולן, יענער זיצט רויק, ווײַזט ניט אַרויס קיין סימאָנים פון אינטערעס. — סטעפּאַן איוואַנאָוויטש, עפּעס זייַט איר הײַנט אינגאַנצן קאַלטבלוטיק צו מײַנע רייד...

— פאַרוואָס? ווי שטענדיק, הער איך אופמערקזאַם.

— איז זאָגט זיי, אַז דאָס וועט זיי קאָסטן אַן ערעך פּערציק טויזנט רובל...

— פאַרוואָס עפּעס אזא כעזשבן, ווערא וולאַדימיראָוונא?

— אַזוי מאַכט עס אויס. אַז מע וועט מיך אַרעסטירן, דאַרף דער קאַגאַל שטעלן די גרעסטע אַדוואָקאַטן, מע זאָל מיך אַרויסנעמען פון דער פּאָליציי און פון די הענט פון די ריכטער און פּראָקוראָרן. זיי וועלן זיצן דאָרטן, די ריכטער, מיט די שווערע קייטן אפן האַלדז און אף דער ברוסט, און מישפּעטן מיך, אַן אומשולדיקע. דאַרף מען דערווײַזן מײַן אומשולד. איר פאַרשטייט, סטעפּאַן איוואַנאָוויטש? וואָס זאָגט איר דערויף?

— וואָס איך זאָג דערויף... — בראַזול־ברושקאָווסקי טראַכט זיך אײַן אין טשעבעריאַקס רייד. — מע קאָן דרינגען, אַז איר האָט זיך באַטראַכט און ווילט האַנדלען, ווי אַן אָרנטלעכע פרוי, בא וועלכער עס האָט זיך דערוועקט דאָס געוויסן...

ווי נאָר ער האָט אַרויסגעבראַכט אָט די ווערטער, איז טשעבעריאַק זיך פאַרגאַנגען אין א בייז געלעכטער.

— איר זייַט, דוכט זיך, הײַנט ניט בא די געדאַנקען, הער בראַזול־ברושקאָווסקי. איר האָט ניט באַנומען מײַנע רייד. וואָס דערציילט איר מיר א מײַסע וועגן געוויסן? וואָסער געוויסן? שפּײַען האָב איך געוואָלט אפן געוויסן! ניטאָ קיין געוויסן, עס זײַנען נאָר פאַראַן אינטערעסן פון ליבע, געלט, שיין זיך אָנטאָן און מאַכן א גרינג לעבן. אָט דאָס זײַנען מײַנע אינטערעסן. און איר — די צײַטונגס־פּאַטשקונעס — האָקט א טשײַניק וועגן גערעכטיקייַט, עמעס און געוויסן. ווען איך בין נאָך געוועזן א קינד, האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס שטאַרקסטע געפיל בא א מענטשן איז די שטרעבונג צו ווערן פאַרמעגלעך, און קעדיי צו דערגרייכן דעם ציל, זײַנען אַלע מיטלען הייליק... מײַן ברודער פּעטיאַ, דער קאַצעוו־יונג, זאָגט, אַז פאַר איין גליקלעכן טאָג איז ער גרייט צעהאַקן הונדערט טושעס פלייש. איר פאַרשטייט? צוליב איין גליקלעכן טאָג הונדערט טושעס.

אין בראַזולס אויערן האָט טשעבעריאַקס מאָנאָלאָג אָפּגעקלונגען ווי א גרוס פון די ווײַטע דזשונגלען. געדוכט האָט זיך אים, אַז אהער, אין דער פּרעכטיקער דאַרעמדיקער שטאָט, האָט פאַרבלאָנדזשעט א ווילדע בריִע פון פאַרצײַטן.

— איז וואָס קלערט איר, סטעפּאַן איוואַנאָוויטש, וועגן דעם, וואָס כ׳האָב געזאָגט? — דער־הערט ער טשעבעריאַקס הייזעריקלעך קאָל. — איר, בראַזול, קלערט, קלערט און קאָנט גאָרניט צוקלערן.

— וואָס, אייגנטלעך, ווילט איר פון מיר? — פרעגט ער.

— איר זאָלט אײַער קאגאל דערציילן, וואָס איך האָב אײַך געזאָגט. איך ווייס, זיי וועלן זיך אָנכאַפּן אין מײַנע רייד, זיי וואַרטן דערויף. אָבער געדענקט, אַן פּערציק טויזנט זאָלט איר צו מיר ניט קומען. און אויב...

— איז וואָס, ווערא וולאַדימיראָוונאַ?

— אויב איר וועט פאַרשפּעטיקן מיטן ענטפער, וועט שוין זײַן פאַרפאַלן.

— נאָר פאַרוואָס ווילט איר פערציק טויזנט?

— ווײַל וועגן מערער האָב איך נאָך ניט א טראַכט געטאָן, — קומט טשעבעריאַקס פרע־כער ענטפער.

— גוט, ווערא וולאַדימיראָוונאַ, איך וועל אײַך ברענגען ענטפער.

— ווען?

— אין דרײַ טעג אַרום.

— פאַרשפּעטיקט זשע ניט.

אַף מאָרגן אינדערפרי האָט דער זשורנאַליסט אָנגעקלונגען דורכן טעלעפאָן צו מאַרגאָלינען און געזאָגט, אַז ער וויל זיך זען מיט אים וועגן א וויכטיקן איניען. „קומט, און אפילע גלײַך“, — האָט געענטפערט דער אַדוואָקאַט.

געקומען איז בראַזול זייער אַן אופגערעגטער און א צעפּלאָנטער. מאַרגאָלין האָט גלײַך פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען.

— איז וואָס האָט איר געבראַכט גוטס? — האָט מאַרגאָלין א פרעג געטאָן.

דער זשורנאַליסט האָט איבערדערציילט פּינקטלעך דעם שמועס מיט ווערע טשעבעריאַק. מאַרגאָלין האָט אַף לאַנג זיך פאַרטראַכט.

— איר ווייסט, ליבער בראַזול... — האָט ער אָנגעהויבן. — איך וואָלט א באַלן געוועזן אַן אייצע האַלטן זיך מיט גרוזענבערגן. ער דאַרף קומען צו פאָרן קיין קיִעוו — א סוואָרע, אַז ער וועט אַרויסטרעטן אַלס בייליסעס פאַרטיידיקער.

— און איר? — האָט געפרעגט בראַזול, ניט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פונעם אַדוואָקאַט.

— איך? איך אויך. אָבער גרוזענבערג... איר פאַרשטייט, וואָס פאַר אונדז באַטײַט גרוזענ־בערג! און וועגן דעם, וואָס טשעבעריאַק פאַרלאַנגט, דוכט זיך מיר, אַז ניט פון איר קאָפּ גייט אָט דער פאָרשלאָג.

— איז וואָס פאַר אַן ענטפער דאַרף מען איר געבן?

— דערווײַל קיין שום ענטפער. דאָס איז אויך אַן ענטפער.

נאָר ווערא וולאַדימיראָוונאַ האָט אפילע ניט געקלערט וואַרטן אַף בראַזולס ענטפער. זי האָט צו וויסן געגעבן דעם פּראָקוראָר טשאַפּלינסקי, אַז זי דאַרף מיט אים זיך דורכריידן. דעם זעלבן טאָג האָט דער פּראָקוראָר זי אײַנגעלאַדן צו זיך. טשאַפּלינסקי האָט א צופרידענער באַ־געגנט זײַן אַלטע באַקאַנטע.

— וואָס מאַכט איר גוטס, ווערא וולאַדימיראָוונאַ, איך גלייב, אַז קיינער באַליידיקט אײַך ניט.

— איך בין ניט פון די, וועלכע לאָזן זיך באַליידיקן. נאָר ער... אָך, ניט קעדײַ צו ריידן... — זי נעמט אַרויס א זײַדן טיכעלע און ווישט אָפּ די ליפּן.

— ערגערט זיך ניט, ווערא וולאַדימיראָוונאַ.

— ווי זאָל איך זיך ניט ערגערן, אײַער עקסעלענץ, אַז אַף שריט און טריט קוקט מען מיר נאָך.

— ווידער דער רעפּאָרטיאָר... פון „קיִעווסקאַיאַ מיסל“, ווי הייסט ער דאָרט, ברוזקאָל־בראַזולסקי?

— בראַזול־ברושקאָווסקי, — שמייכלט ווערא וולאַדימיראָוונאַ, — פונוואַנען ווייסט איר, אײַער עקסעלענץ, אַז איך רייד וועגן אים?

— מיר ווייסן אַלץ, מיר גיבן אַכטונג אַף אײַך. און דער גאַלעך סינקעוויטש איז מיט אונדז אויך אין גוטע באַציִונגען... דערציילט, וואָס האָט ער געוואָלט פון אײַך, דער זשורנאַליסט?

— וועגן דעם בין איך טאַקע געקומען צו אײַך. בראַזול האָט מיר אײַנגערעדט, און איך בין מיט אים געוועזן אין כאַרקאָוו. דאָרט האָט ער מיך באַקענט מיט איינעם א באַאַרטן פּליכעוואָטן הער, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס מיטגליד פון דער מעלוכע־דומע. ווען מיר זײַנען געבליבן מיט אים אויג אַף אויג, האָט ער זיך אוועקגעשטעלט פאַר מיר אַף די קני...

— אינטערעסאַנט, — האָט באַמערקט דער פּראָקוראָר.

— מיר איז באַוווּסט, — האָט ער געזאָגט, — אַז איר זײַט אַן איידלמוטיקע פרוי. כאָטש עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז איר האָט א שײַכעס צום מאָרד איבער יושטשינסקין, מיר גלייבן ניט דערין. מיר ווילן אײַך אָפּראַטעווען פון דעם פאַרדאַכט...

— ער האָט טאַקע געזאָגט, אַז איר האָט א שײַכעס צום מאָרד איבער יושטשינסקין?

— הערט ווײַטער, אײַער עקסעלענץ, — ווערא וולאַדימיראָוונא האָט, קוקנדיק אין די אויגן דעם פּראָקוראָר, פאַרגעזעצט:

— אין נאָמען פון קאַגאַל האָט ער מיר פאַרגעלייגט פּערציק טויזנט רובל.

— ווארט, ווארט, ווערא וולאַדימיראָוונא. פּערציק טויזנט... פאַר וואָס? וואָס דאַרפט איר טאָן? — האָט טשאַפּלינסקי זי געשטאָכן מיט זײַן בליק.

— גאַנץ פּאַשעט, אײַער עקסעלענץ, איך זאָל זיי אַרויסגעבן אַ פּאַפּיר, אַז איך האָב געהאַרגעט אין מײַן שטוב דאָס יינגעלע. מיך וועט מען, פאַרשטייט זיך, גלײַך אַרעסטירן — איר אַליין, אײַער עקסעלענץ, וועט באַפוילן, מע זאָל מיך אַרעסטירן... דעמלט וועט דער קאַגאַל שטעלן די בעסטע אַדוואָקאַטן פון רוסלאַנד, וועלכע וועלן מיך פאַרטיידיקן. דערנאָך וועט מען פאַר מיר צוגרייטן אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט און אַרויספירן מיך קיין אַמעריקע אָדער אין דער שווייץ. דאָרט וועט מען קויפן פאַר מיר אַ הויז פאַר הונדערט טויזנט רובל, — געלט, האָט יענער געזאָגט, שפּילט דאָ ניט קיין ראָליע. „איר ווייסט דאָך, ווערא וולאַדימיראָוונא, האָט ער געזאָגט, אַז ייִדן זײַנען רײַך“.

זי איז אַנשוויגן געוואָרן און געוואַרט, אַז דער פּראָקוראָר זאָל ווײַטער זי פרעגן.

— איר האָט באַווײַזן? — האָט אומגעריכט געפרעגט טשאַפּלינסקי.

— אַוודע... ווי דען? פאַראַן שטאַרקע באַווײַזן...

— וועלכע?

— ווען איך בין געבליבן אַף עטלעכע מינוט אין קאַבינעט אַליין, האָט זיך מיר אײַנגעגעבן זיך כאַסמענען אַף דער אַנדערער זײַט פונעם קייסערס פּאָרטרעט, וואָס איז דאָרט געהאַנגען.

— אַפן קייסערס פּאָרטרעט זיך געכאַסמעט! אויסגעצייכנט!

— וואַרט, אײַער עקסעלענץ. און אויך אַף דער וואַנט אין אַ ווינקל.

— אויסגעצייכנט! מיר וועלן עס דורכקאָנטראָלירן.

זוכנדיק עפּעס אין זײַנע פּאַפּירן, האָט טשאַפּלינסקי אַ פרעג געטאָן:

— דער הער מיטן פּליך איז ניט דער קיִעווער אַדוואָקאַט מאַרגאָלין? אַ מענטש מיט אַ פעטער נאָז, ברייטע אַקסלען און לאַנגע הענט.

— דאָס ווייס איך ניט.

— און וואָס האָט איר געענטפערט אַף דעם פאָרשלאָג?

— וואָס האָב איך געקאָנט ענטפערן? פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך אָפּגעזאָגט.

— ניט ריכטיק האָט איר געהאַנדלט. איר האָט געדאַרפט אײַנגיין דערויף, און מיר וואָלטן שוין געפונען אַן אייצע, ווי אַרויסצופּלאָנטערן אײַך.

טשעבעריאַק איז טרויעריק געוואָרן, דאָס פּנעם האָט באַקומען אַלע קאָלירן.

— פערציק טויזנט רובל! ס'איז דאָך אַן אוצער, ווערא וולאַדימיראָוונא, און מיר וואָלטן געהאַט אין אונדזערע הענט דעם ייִדישן קאַגאַל. איר פאַרשטייט? — דער פּראָקוראָר האָט זיך אַף אַ ווײַלע פאַרטראַכט, פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ און צוגעגעבן: — איר, מאַדאַם טשעבעריאַק, דאַרפט אַוועקגיין צו בראַזולן און אים זאָגן, אַז איר נעמט אָן דעם פאָרשלאָג. זאָל מען אײַך אויסצאָלן די פערציק טויזנט רובל. איר מעגט אים אַפילו געבן אַ צעטעלע.

— ניין, ניין! — שרײַט אויס ווערע און שפּרינגט אויף פון אָרט. — איך וויל ניט, איך האָב ניט געהאַרגעט יושטשינסקין... איך האָב פײַנט די ייִדן מיט זייער קאַגאַל, און איך דאַרף ניט זייער געלט...

און אין מויעך בא איר פּלאָנטערט זיך: „אויב איך וועל עס טאָן, וועט דער ברודער סינגאַיעווסקי מיך דערהאַרגענען... צוזאַמען מיט רודזינסקין און לאַטישעוון וועלן זיי מיך קוילען, ווי אַנדריושקען“...

זי האָט אַפילו ניט געהערט, ווי טשאַפּלינסקי האָט זי באַרויִקט:

— איך פאַרשטיי אײַערע געפילן, ווערא וולאַדימיראָוונא. נו, מיילע. — און ווידער קערט זיך אום דער פּראָקוראָר צום הויפּט־פּונקט פון איר דערציילונג: — אַ שאָד, אַ שאָד, אַזאַ וויכטיקער קאָזיר[1]. נו, גוט. מיר וועלן דורכקאָנטראָלירן אײַער כסימנע אַף דער וואַנט און אַפן פּאָרטרעט אין כאַרקאָווער האָטעל און טאָן, וואָס מע דאַרף. — דער פּראָקוראָר האָט עפּעס פאַרצייכנט בא זיך אין נאָטיץ־ביכל, צוגעגאַנגען צו ווערע טשעבעריאַק און איר דערלאַנגט די האַנט: — זייער וויל, וואָס איר זײַט צו אונדז געקומען, זײַט מיט אונדז פאַרבונדן און שלאָפט רויִק. מיר וועלן שטענדיק פאַרטיידיקן אײַערע אינטערעסן, ווערא וולאַדימיראָוונא.

— אַ דאַנק, אײַער עקסעלענץ!

אַ צופרידענע איז די מאַדאַם טשעבעריאַק אַרויס פונעם קאַבינעט.

---

[1] אַ גוטע קאָרט.

גלייך נאָך דעם באזוך פון ווערע טשעבעריאַק האָט טשאַפּלינסקי אָנגעשריבן א ראַפּאָרט אַף שטשעגלאָוויטאָווס נאָמען און מיט א ספּעציעלן קוריער אים אָפּגעשיקט קיין סאַנקט־פּעטערבורג.

באַקומען דעם ראַפּאָרט פון קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע, האָט דער מיניסטער פאַר יוסטיץ־איניאַנים א טראַכט געטאָן, אז אין קיִעוו פאַרנעמען זיך מיט דעם יושטשינסקי־איניען א ריי פּערזאָנען, וואָס האָבן ניט קיין דירעקטע שייכעס צום אַפּאַראַט פון יוסטיץ־דעפּאַרטאַמענט, זיי פאַרנעמען זיך דערמיט לויטן אייגענעם ווילן און איניציאַטיוו. און דאָס ווערט צו קיין גוטס ניט ברענגען. דעריבער וואָלט גלייכער געווען צו באַזייטיקן אַזעלכע פּערזאָנען.

אין דער ערשטער ריי האָט דער מיניסטער צונויפגעשטעלט א באַפעל פאַר דער קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע וועגן אויסשליסן מאַרגאָלינען פון דער אַדוואָקאַטור... אָבער אין לעצטן מאָ־מענט האָט ער באַשטימט האַלטן זיך אָן אייצע מיט זיינע גענייטע קאָלעגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אז עס ווערט זיין גלייכער, עס זאָל אפילו ניט בלייבן קיין שפּורן אין די קאַנצעלאַריעס. ער וועט מינדלעך זיך צונויפריידן מיט טשאַפּלינסקין, ווי צו באַזייטיקן מאַרגאָלינען פון דער אַדוואָ־קאַטור, און דעמלט וועט דער דאָזיקער פאַרשוין זיך באַרויִקן. דער מיניסטער ווייסט, אז טשאַפּ־לינסקי וועט שטענדיק זיין גרייט אויסצופילן זיין, שטשעגלאָוויטאָווס, פאַרלאַנג. ער קען אים גאַנץ גוט, דעם דאָזיקן האַכנאָעדיקן און איבערגעשפּיצטן „סאַיוזניק“, ער טוט שטענדיק, וואָס מע הייסט אים...

בייס טשאַפּלינסקיס נאָענטסטן באַזוך אין פּעטערבורג איז צווישן אים און זיין געהויבע־נעם שעף — שטשעגלאָוויטאָוון — פאָרגעקומען אַזא שמועס:

— און איצט, מיין ליבער געאָרגי גאַווריִלאָוויטש, וועגן אייער קיִעווער אַדוואָקאַטיק מיט דער הויקערדיקער נאָז און הוילן שאַרבן...

דער פּראָקוראָר האָט כניפּעדיק זיך צעלאַכט:

— איך שטויס זיך אָן, איוואַן גריגאָריעוויטש, וועמען איר מיינט.

— וועמען?

— מאַרגאָלינען.

— ריכטיק. ביזוואַנען וועט ער זיך האַלטן בא אייער פּאַלאַטע?

— ביז איר וועט האַלטן פאַר נייטיק, איוואַן גריגאָריעוויטש.

— דאָס איז ניט בלויז מיין פאַרלאַנג, הער פּראָקוראָר.

— כ׳פאַרשטיי, כ׳פאַרשטיי, — פאַרנייגט טשאַפּלינסקי דעם קאָפּ.

## דער עקספּערט סיקאָרסקי

א זוניקער מיי־טאָג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער אַלטער שטאָט און דורכגעשליפן זי מיט שטראַלן. דער קרעשטשאַטיק האָט געגלאַנצט, ווי א צויבער־שפּיגל. דער וויצע־דירעקטאָר פון ערשטן דעפּאַרטאַמענט פון יוסטיץ־מיניסטעריום — אַלעקסאַנדער וואַסיליעוויטש ליאַדאָוו, וואָס איז אין דעם דאָזיקן טאָג אַראָפּגעקומען פון פּעטערבורג מיטן גאַנצפּריִעדיקן שנעלצוג, איז פאַר־פאָרן אין ערשטקלאַסיקן האָטעל „קאָנטינענטאַל“. ער האָט צעעפנט די ברייטע פענצטער פון זיין צימער און איינגעאָטעמט אין זיך די פרילינגדיקע קיִעווער לופט. עס האָט א קלונג געטאָן דער טעלעפאָן. פון דער פּראָקוראַטור האָט מען אים מודיִע געווען, אז צו עלף אזייגער וועט מען צו־שיקן פאַר אים אַן עקיפּאַזש.

דער הויכער באַאַמטער האָט געבעטן דעם סעקרעטאַר איבערגעבן טשאַפּלינסקין, אז עס וואָלט זייער געוווּנטשן געווען, אז צו זיין קומען אין דער פּראָקוראַטור זאָל מען איינלאַדן דעם געערטן פּראָפעסאָר פון קיִעווער אוניווערסיטעט פון הייליקן וולאַדימיר — דעם הער סיקאָרסקי איוואַן אַלעקסייעוויטש.

דער פּראָפעסאָר איז גראָד דעם טאָג געווען פריי פון לעקציעס און האָט צוגעזאָגט קומען צו דער צייט.

ליאַדאָוו איז אָבער געקומען פריִער מיט עטלעכע מינוט, קעדיי אויג אַף אויג איבערגעבן טשאַפּלינסקין ניט בלויז די מיינונג פון דעם מיניסטער שטשעגלאָוויטאָוו, נאָר, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, פון נאָך העכערע פּערזאָנען. „ס׳איז נייטיק, — האָט ליאַדאָוו געזאָגט, — צוגרייטן דעם „פּראָצעס פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט“ מיט א געהעריקן פאַרנעם. דעריבער מוז מען געפינען דעם שולדיקן...“

דער פּראָקוראָר פון קיִעווער געריכט־פּאַלאַטע האָט גוט פאַרשטאַנען זיין קאָלעגע און צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ.

דער פעטערבורגער טשינאָווניק מיט די דינע וואָנצעלעך און פּאַרביקן שניפּסל אויף דער ווײַסער מאַנישקע איז געווען צופרידן. אַלע מאָל, ווען טשאַפּלינסקי האָט מיט געהאַרכזאַמקייט פאַרנייגט דעם קאָפּ, האָט ליאַדאָוו ווירדיק צוגעמאַכט די קליינע אייגעלעך און ניט גאַר קלאָר אַרויסגעבראַכט עפּעס אַ פראַזע, דאָך האָט דער פּראָקוראָר זי דערהערט:

„זײַן מאַיעסטעט — דער קייסער — וועט זײַן העכסט צופרידן פון אײַער האַנדלונג...“

— איידער איך בין אַרויסגעפאָרן קיין קיִעוו, — האָט געזאָגט ליאַדאָוו, — האָב איך געגעבן זיך באַקאַנט מיטן איניען פון קאָנדראַט מאַליאָוואַני — דעם סעקטאַנט פון איינעם אַ דאָרף פון טאַראַשטשער אויעזד פון דער קיִעווער גובערניע. אַגעוו, דער פּראָפעסאָר סיקאָרסקי האָט אויך זיך פאַרנומען מיט דערלערנען דעם איניען פון דעם אַזויגערופענעם רעליגיע־רעפאָרמאַטאָר. די „מאַליאָוואַנצעס“ האָבן געטײַנעט, אַז „עס קומט אָן אַ צײַט, ווען דאָס גאַנצע ערדישע לעבן וועט געענדערט ווערן. עס וועט פּאַרקומען אַ שרעקלעכע איבערקערעניש, און ניט אויף די הימלען, נאָר אויף דער ערד“. נאָר דאָס ערגסטע, — האָט ווײַטער דערציילט ליאַדאָוו, — דאָס ערגסטע אין דעם איניען איז דאָס, וואָס די „מאַליאָוואַנצעס“ האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן בײַ די גוט־באַזיצערס, זיי האָבן געטײַנעט: „גענוג צו האָרעווען אויף די גאַלאָכים און אויף די פּריצים“. אַזאַ רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכער בונט צווישן די פּויערים האָט געקאָנט אָננעמען שרעקלעכע פאָרמען און אַריבערוואַרפן זיך אין אַלע גובערניעס פונעם גרויסן רוסלאַנד. דעריבער האָט מען גערופן צו הילף די וויסנשאַפט אין דער פּערזאָן פונעם קיִעווער פּסיכיאַטער סיקאָרסקי, ער זאָל דער־לערנען די דאָזיקע דערשײַנונג. און סיקאָרסקי, דאַרף מען זאָגן, האָט אַרויסגעוויזן אויסערגע־וויינלעכע דערפאַרונג אין געביט פון רעליגיעזער באַוועגונג. דער באַרימטער געלערנטער פּאַר־מאָגט אַ שטאַרקע באַאָבאַכטונגס־קראַפט. ער האָט מיט זײַן טיפזיניקן אַנאַליז באַוויזן, אַז די אידיע „מאַליאָוואַנצעס“ קאָן אַרויסרופן אַן עפּידעמיע, אַ מאַסן־פּסיכאָז. אַלס רעזולטאַט פון דער עקספּערטיזע, פון דער פּסיכיאַטרישער אויספאָרשונג האָט דער געלערנטער געמאָלדן: „דאָס זײַנען אָן סאָפּעק ניט קיין רעפאָרמאַטאָרס, נאָר געוויינלעכע פאַרברעכער“.

סיקאָרסקי האָט געוווּסט, אַז דער פּירער פון די „מאַליאָוואַנצעס“ קאָנדראַט מאַליאָוואַני איז פאַרשפּאַרט געוואָרן אין אַ קיִעווער מעשוגאָים־הויז. אין אַ צײַט אַרום האָט מען אים אַריבער־געפירט אין דער קאַזאַנער פּסיכיאַטרישער קליניק. ערשט נאָכן 1905 יאָר, נאָך דער אַמניסטיע פאַר רעליגיע־רעפאָרמאַטאָרס, האָט מען אים אַרויסגעלאָזט.

איר פאַרשטייט, געאָרגי גאַוורילאָוויטש, דער הער סיקאָרסקי האָט דעמלט אין זײַן עקס־פּערטיזע געפונען בײַ די „מאַליאָוואַנצעס“ אינטערעסאַנטע סימפּטאָמען: „זיי האָבן גענומען עסן צוזאַט, האָט ער געשריבן, טרינקען טיי מיט צוקער...“

ליאַדאָוו האָט זיך אַזוי צעלאַכט, אַז דער קיִעווער פּראָקוראָר איז געצוווּנגען געווען מיט־צולאַכן.

— אָט וואָס אונדזער רוסישן מוזשיטשאָק האָט זיך פאַרגלוסט — זיסע טיי, כאַ־כאַ־כאַ.

— דאָס וויכטיקסטע איז אָבער דאָס, וואָס איוואַן אַלעקסייעוויטש סיקאָרסקי איז אונדזערער אַ געלערנטער, — שטעלט אַרײַן טשאַפּלינסקי.

— יאָ, יאָ, — שיפּעט אַרויס פון צווישן די ציין דער פעטערבורגער גאַסט. — זיסע טיי... נאָך אַ כידעש, וואָס זיי האָבן ניט געפאָדערט קיין לימענע...

ביידע האָבן לאַנג געלאַכט, און ביידע האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס געלעכטער זייערס האָט מער אַ שײַכעס צו דעם פּראָפעסאָרס אַנאַליז, איידער צו די ניט־געהערטע פאַרלאַנגען פון די „מאַליאָוואַנצעס“.

ווען דער סעקרעטאַר האָט געמאָלדן, אַז דער הער סיקאָרסקי איז געקומען, האָבן די געריכט־טוער זיך אויפגעשטעלט און געגאַנגען אַנטקעגן דעם הויכגעשעצטן גאַסט.

— פּראָפעסאָר איוואַן אַלעקסייעוויטש, — האָט טשאַפּלינסקי פאָרגעשטעלט אים פאַר זײַן קאָלעגע פון פעטערבורג, — זײַט באַקאַנט: דאָס איז אַלעקסאַנדער וואַסיליעוויטש ליאַדאָוו, פון יוסטיץ־מיניסטעריום.

ליאַדאָוו האָט מיט דער לינקער האַנט פאַריכט דעם שניפּס, דערנאָך זיך פאַרנייגט און דער־לאַנגט די רעכטע האַנט דעם געקומענעם.

— איך האָב די ערע, איוואַן אַלעקסייעוויטש.

באַם פּראָפעסאָר האָבן זיך אָנגעבלאָזן די בלאָוולעכע בײַטעלעך אונטער די קאַלטע אויגן און די נאָזלעכער האָבן ברייטער זיך צעעפנט, גלײַך ער זאָל וועלן עפּעס דערשמעקן. אויסגע־צויגן אַ גרויסע שווערע פאַרוואַקסענע האַנט, האָט ער צווישן די ציין אַרויסגעבורטשעט:

— זייער אָנגענעם, — און שטײַף צוגעפּרעסט די ליפּן.

אַלע דרײַ האָבן זיך צוגעזעצט צום גרויסן פּראָקוראָר־טיש, וואָס איז געווען געדעקט מיט גרינעם געוואַנט. דערפון האָט טשאַפּלינסקיס פּאָנעם אַזש אויסגעזען פרישער, ווי געוויינלעך.

דער סעקרעטאַר איז אַרײַנגעקומען אין קאַבינעט און אַף אַ באַזונדער טישל אַוועקגעשטעלט אַ פֿלעשל טאָקײַער ווײַן מיט דרײַ געשליפֿענע באָקאַלן. דעם פּראָקוראָר איז באַוווּסט געווען דעם פּראָפֿעסאָרס שוואַכקײַט צו דעם דאָזיקן ווײַן, דעריבער האָט ער גלײַך גענומען אָנגיסן די באָקאַלן. ער האָט באַמערקט, אַז נאָך אײדער עפּעס־וואָס, זײַנען דעם פּראָפֿעסאָרס קאַלטע גרינבלעכע אויגן לעבעדיקער געוואָרן און קלײנע פֿײַערלעך האָבן אין זײ אַ שפּיל געטאָן. די שטײַף־צונויפֿגעפּרעסטע ליפּן האָבן זיך צעעפֿנט און אַנטבלויזט צוויי אַרײַנגעשטעלטע קאַסטנס צײן.

— אַ, געאָרגי גאַווריִלאָוויטש, — האָט געזאָגט דער פּראָפֿעסאָר, — איר זײַט אַן אויפֿמערקזאַמער באַלעבאָס.

— געוויס, געוויס, — כאַפּט אונטער דער פּעטערבורגער יוסטיץ־באַאַמטער.

ס'האָבן אַ קלונג געטאָן די גלעזלעך.

— מער טאָר מען ניט, — האָט דער פּראָפֿעסאָר נאָך דעם דריטן באָקאַל געזאָגט, — דער קאָפּ דאַרף זײַן לויטער.

— גערעכט, איוואַן אַלעקסײעוויטש. מיר האָבן אײַך פֿאַרבעטן אַהער, קעדײ איבערגעבן אײַך אַ פּערזענלעכן גרוס פֿון איוואַן גריגאָריעוויטשן, — האָט גוטמוטיק געזאָגט ליאַדאָוו.

— פֿון וועמען? — קנײטשן האָבן זיך באַוויזן אויפֿן פּראָפֿעסאָרס גרויסן טונקל־הויטיקן שטערן.

— פֿון דעם יוסטיץ־מיניסטער שטשעגלאָוויטאָוו.

— אַך יאָ, איוואַן גריגאָריעוויטש... פֿאַרגעסן, אַנטשולדיקט.

— ביטע, הער פּראָפֿעסאָר, — פֿאַרנײגט ליאַדאָוו דעם קאָפּ. — רוסלאַנד געפֿינט זיך איצט ערעוו אַ גרויסן פּראָצעס. איז נײטיק אײַער הילף...

— מײַן הילף?.. — די אָפּגעצויגענע צעקנײטשטע באַקן באַם פּסיכיאַטער האָבן אַ ציטער געטאָן.

— יאָ, אײַער הילף... ווײַל עס איז פֿאַראַן אין פּראָקוראַטור ידיִעס, אַז דעם מאָרד זײַנען באַגאַנגען... אַ סעקטע פֿאַנאַטישע ייִדן... — ליאַדאָוו האָט דערבײַ געכאַפּט אַ קוק אויפֿן פּראָקוראָר, וועלכער האָט צושטימענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אַ פֿאַנאַטישע סעקטע? — פֿרעגט איבער דער פּראָפֿעסאָר. — געהערט, געהערט וועגן אָט דעם מערדערלעכן שווידער אויף לוקיאַנאָווקע... אַ סעקטע, זאָגט איר?.. — מעגלעך, אַז סיקאָרסקי האָט אין די רעגעס זיך דערמאָנט אין קאָנדראַט מאַליאָוואַני, אין די פּראָטעסטן, וואָס זײַנען געדרוקט געווען אין דער ליבעראַלער פּרעסע קעגן זײַן טענדענציעזער עקספּערטיזע. — איר זאָגט, אַ פֿאַנאַטישע סעקטע? — האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט.

— יאָ, הער פּראָפֿעסאָר. מיט אײַער טיפֿן וויסן און גרויסן אויטאָריטעט האָט איר שוין אײן מאָל צוגעדינט די אינטערעסן פֿון דער רעגירונג... — כאַפּט אונטער דער יוסטיץ־באַאַמטער סיקאָרסקיס געהײמע געדאַנקען. — מיר געדענקען גוט אײַערע ווערטער וועגן די ווילדע פֿויערים און זײער רעליגיעזן עקסטאַז...

ליאַדאָוו האָט באַמערקט אַן אומצופֿרידענע מינע אויפֿן פּראָפֿעסאָרס צעקנײטשטן פּנים און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— צי ווײסט איר, מײַנע הערן געריכט־טוער, וויפֿל שמוץ מע האָט אויף מיר געוואָרפֿן אין אײניקע קרײַזן פֿון דער רוסישער געזעלשאַפֿט?..

— מיר ווײסן און שעצן אײַער מוט, — ענטפֿערט ליאַדאָוו און קערעוועט זיך אויס צום פּראָקוראָר. — אָט וועט אײַך געאָרגי גאַווריִלאָוויטש זאָגן, מיר האָבן וועגן דעם דערמאָנט, אײדער איר זײַט אַהער געקומען, איוואַן אַלעקסײעוויטש.

— וועגן מיר דערמאָנט? — האָט זיך פֿאַרקרימט דער פּראָפֿעסאָר. — וואָס דערמאָנט?

— נו, וועגן אײַערע פֿאַרדינסטן...

— יאָ, יאָ, — שאָקלט סיקאָרסקי מיטן קאָפּ, בײַסט די אײבערשטע ליפּ, רײַבט זיך דעם שטערן און גיט צו, ווי ער זאָל אינערלעך האָבן עפּעס באַ זיך באַשלאָסן. — אויב אַ פֿאַנאַטישע סעקטע באַ יאַקאָווס זין, איז מיר קלאָר, אין וואָס דאָ גײט, מײַנע הערן. איז מיר אַלץ קלאָר...

אין דער רעגע האָט דער יוסטיץ־באַאַמטער האַסטיק זיך אויפֿגעשטעלט און דערמיט געגעבן צו וויסן דעם פּראָפֿעסאָר, אַז דער שמועס איז געקומען צו אַ לאָגישער גרענעץ. קוקנדיק אויף אים, האָט אויך סיקאָרסקי פּאַמעלעך זיך אויפֿגעהויבן און אויסגעשטרעקט זײַן רעכטע האַנט צוערשט דעם פּעטערבורגער גאַסט, דערנאָך — טשאַפּלינסקין.

— אײן רעגעלע, הער פּראָפֿעסאָר! — טשאַפּלינסקי האָט אַ קלונג געטאָן אין גלעקל. דעם סעקרעטאַר, וואָס האָט זיך באַוויזן, האָט ער באַפֿוילן:

— זײַט אַזוי גוט און הײסט דערלאַנגען דעם פֿאַעטאָן פֿאַר דעם הער פּראָפֿעסאָר.

סיקאָרסקי איז אַרויס. בײדע דינער פֿון דער געטן פֿעמידאַ האָבן צופֿרידענע זיך איבערגעקוקט.

אין אַ ווײַט פּאַרוקט געסל ערגעץ אויף פּאָדאָל, האַרט באַם דניעפּער־ברעג, האָט אין אַן אויס־געקרימט שטיבל געלעבט אין דאַכקעס ליפּע דער בלעכער, וואָס איז געקומען אַהער פונעם שטעטל טשערניכאָוו. אַ ייִד אַ פּאָשעטער, קוים געקענט דאַוונען, עפּעס איבערלייענען אויף ייִדיש, האָט ער פאַרמאָגט אַן אָפּן האַרץ פאַר מענטשן. אַ שטילער, ווי אַ טויב, קיינער פון זײַנע שכנים געדענקט ניט, ער זאָל ווען־עס־איז עמעצן מעוואַיעש זײַן אָדער מיט עפּעס באַאוולען. אויף זײַן ווײַב און קינדער קיינמאָל דאָס קול ניט געהערט. מיט איין וואָרט — אַ מענטש, ווי מע זאָגט, אָן אַ גאַל.

הענט האָט ער געהאַט גאָלדענע, געקאָנט אויסמײַסטרעווען פון געווייגלעכן בלעך און פון שפּיאָלטערו[1], וואָס דאָס מויל רעדט אויס: קווערטלעך, קענדלעך, טשײַניקלעך, בעקעלעך פון פאַרשיידענער פאָרם, עמערס. און כּוץ דעם — אַ גרויסער מײַסטער אויף רינוועס.

אין די יונגע יאָרן האָט ליפּע באַ זיך אין טשערניכאָוו געדעקט דעכער. איצט, זײַענדיק שוין אין די פופציקער און ווינענדיק אין אַ קראַך, האָט ער קיין דעכער ניט געדעקט: ווער קאָן עס איצט קריכן אויף הויכע מויערן — די פיס האַלטן אים שוין ניט און די ריִע האָט אויך גענומען קאַליע ווערן. איז ער זיך טאָג ווי נאַכט געזעסן באַ זײַן וואַרשטאַט און געמאַכט בלעכענע קיילים פאַר די פויערים פון די אַרומיקע דערפער, ווי אויך פאַר די צעלניקערס פון דער אומגעגנט.

וויִאַזוי אָט דער פּראָסטער מענטש איז מיט זײַן געזינדל געקומען קיין קיִעוו און דערשלאָגן זיך ווינרעכט — איז אַ געשיכטע אָן און פאַר זיך. איין זון מיט איין טאָכטער האָט ליפּע שוין געהאַט אויסגעגעבן, און נאָך צוויי טעכטער האָבן געוווינט מיט אים. פון דער אויסגעגעבענער טאָכטער, וואָס איז געשטאָרבן בייס אַ קימפּעט, איז באַ ליפּען פאַרבליבן אַן אייניקל — אַן עמעס וווּנדערקינד. איז איינמאָל אַ רײַכער סויכער פון טשערניכאָוו געפאָרן קיין קיִעוו אויף די קאָנ־טראַקטן. און ווײַל ער האָט געפירט אַ גרויסע פּאַרטיע סכוירע, האָט ער מיטגענומען מיט זיך ליפּעס אייניקל — דעם צוועלפיאָריקן מיכל, ער זאָל אַכטונג געבן אויף זײַן קראָם. האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז מיכל איז געפעלן געוואָרן איינעם אַ טשינאָווניק, וועלכער האָט געשלאָסן אַ גראָ־טענעם קאָנטראַקט מיטן טשערניכאָווער סויכער. דער טשינאָווניק האָט אײַנגעאָרדנט מיכלען אין אַ קיִעווער גימנאַזיע. דער סויכער האָט, באַדאַנקענדיק גאָט פאַר זײַנע גוטע געשעפטן, נאָך געדונגען פאַרן גראַטענעם באָכערל אַ דירע אין קיִעוו. פון דעמלט אָן איז מיכל קוריס געוואָרן אַ קיִעווער טוישעוו, און צוליב אים טאַקע איז ליפּע דער בלעכער מיט זײַן גאַנצן געזינדל אַרײַ־בערגעפאָרן צום אייניקל — דעם גימנאַזיסט. דאָס הייסט, אַז אַדאַנק זײַן אייניקל, וואָס איז געווען פאַרשריבן אַלס ליפּעס אַן אייגענער זון און איז געוואָרן אַ גימנאַזיסט, האָט דער באַיאָרטער בלעכער באַקומען ווינרעכט אין קיִעוו.

שוין פיר יאָר, ווי ליפּע מיט זײַן געזינד ווינען אין קיִעוו. מיכל דער גימנאַזיסט האָט זיך אויסגעצויגן אין דער לענג, באַקומען ברייטע אַקסלען, געוואָרן שטאַלטנע, געלערנט זיך אין איינעם פון די עלטערע קלאַסן, געגעבן אוראָקן און פון די פאַרדינסטן טיילווײַז אויסגעהאָלפן דעם זיידן.

די ווילדע געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט מיט מענדל בייליסן, האָט ניט געלאָזט רוען דעם פּאָדאָלער בלעכער ליפּע. ער פלעגט אָנכמורען די ברייטע צעוואַקסענע גראָוו־ווערנדיקע ברעמען און זיך נאָכפרעגן:

— גוואַלד געשריִען, דערקלערט מיר, מענטשן, צי ווייסט מען טאַקע ניט, ווער עס זײַנען די עמעסע מערדער?

און אַז מע האָט אים אַזוי גיך ניט געענטפערט, האָבן זיך באַ ליפּען צאָרנדיק צענומען די נאָזלעכער:

— ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט... ניטאָ, בענעמאָנעס, ניטאָ...

— וואָס רעדט איר, רעב ליפּע, שעמט זיך אַזוינס צו זאָגן, — האָט מען אים געשטראָפט.

דער בלעכער קערעוועט זיך אָפּ און נעמט שטאַמלען:

— כ'בין אוואַדע זינדיק אין מײַנע געדאַנקען... אַז גאָט זעט צו און שווײַגט... ווייס איך ניט...

דער וויכטיקסטער קוואַל, פונוואַנען ליפּע האָט געשעפּט יעדיִעס וועגן דער בייליס־געשיכטע, איז געווען דאָס אייניקל. מיכל פלעגט ברענגען דעם זיידן אַלע קלאַנגען פון גימנאַזיע, און ניט נאָר פון דער גימנאַזיע. אָט האָט זיך, אַשטייגער, באַוויזן, עפּעס אַן עמעסער מאַלעך, דער פּריסטאַוו ניקאָלײַ קראַסאָווסקי, וואָס איז געפאַלן אויף אַ שפּור, און דער שפּור פירט צו ווערע טשעבעריאַקס מאַלינע; אָדער אַז פּענעקאָ דער אויספאָרשער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו טאַנצן אונ־

[1] צינק.

טער דעם פּראָקוראָרס, טשאַפּלינסקיס, דודקע. דער פּאַשעטער באַלמעלאָכע פלעגט פון די נײַס אופלעבן: זײַנע ברוינע אויגן פלעגן זיך אָנצינדן מיט א פריילעך פײַערל און באַלויכטן דאָס אויסגעהאַרעוועטע פּאָנעם. ער איז גרייט געווען אין יענע מינוטן איטלעכן אנטקעגנקומענדיקן מענטשן — א ייִד אָדער א קריסט — אָפּגעבן שאָלעם, נעמען מיט אים א ביסל מאשקע מיט לעקעך און טײַנען, אז דאָך איז דאָ א גאָט אף דער וועלט, און בא מענטשן איז פאראַן יושער, און סאָװעסט, און אָרנטלעכקײַט.

— איר זאָגט, ניטאָ? — ווערן פלוצעם טרויעריק ליפּעס אויגן, ווען אים דוכט זיך אויס, מע גלייבט ניט, אז אלץ וועט זיך ענדיקן צום גוטן. — ניין, מע טאָר אזוי ניט ריידן...

ווען אים איז אָבער שווער געווען אף דער נעשאָמע, פלעגט ער אויסלאָזן זײַן קאַס צו דער פרוי, און יענע האָט געוואַרט, עס זאָל שוין גיכער קומען מיכעלע און ברענגען א נײַע גוטע בסורע פאַרן זיידן. נאָר מיכל האָט די לעצטע וואָכן קיין גוטע בסורעס ניט געבראַכט.

„און ביילים זיצט דאָרט, נעבעך, אין טפיסע אן איינזאַמער, א פארשטויסענער, אן אָפּגעריסענער פון ווײַב און קינדער...״ — אזוי האָט געקלערט ליפּע דער בלעכער.

מיט פארטרויערטע אויגן האָט דער אַלטער באַלמעלאָכע געקוקט צו דער סטעליע, און די בלייכע ליפּן האָבן געשעפּטשעט:

— אף קידעש־האַשעם, נעבעך...

דאָס ווײַב רופט אים צום טיש עפּעס איבערכאַפּן:

— ליפּע, גאָט איז מיט דיר... האָסט נאָך הײַנט אין מויל ניט געהאַט.

— וויסעך וואָס! — אין זײַנע פארמאַכטע אויגן, אין זײַן מויעך טוט זיך אזוינס... עס גייט א וויקועך מיט מענטשן, מיט דער וועלט, מיט גאָט...

זיצנדיק באַם וואַרשטאַט, האָט ליפּע מיטן הילצערנעם האַמער געקלאַפּט איבערן בלעך, און א בלעך־געקלאַנג האָט זיך צעשרויטלט אַרום און אַרום.

אין איינעם א שיינעם טאָג האָט מען ליפּע פּאַדעלקע אַרויסגערופן אין פּאָליציי־באַצירק. צוליב וואָס? צוליב ווען? און אזויווי קיינער איז אין שטוב ניט געווען, ווען מע איז געקומען אים רופן, האָט ער בא זיך געפּוילעלט קיינעם ניט דערציילן וועגן דעם, אפילע דער פּלוינעסטע. „לאָמיר הערן פריִער, צוליב וואָס דאַרף מען מיך, וועלן מיר דערנאָך זען...״ — האָט ער געקלערט.

ווען ער איז געקומען אין פּאָליציי־באַצירק, האָט מען דאָרט בא אים דורכגעקאָנטראָלירט דעם פּאַס און דאָס וווינרעכט. אלץ איז אין פולער אָרדענונג.

— פּאַדעלקע, — האָט צו אים געזאָגט א נאַטשאַלניק, — איר ווייסט עפּעס וועגן אײַערער א מומע אין אמעריקע?

— א מומע?..

— יאָ, א מומע.

— ווי הייסט זי, די מומע? — וויל ליפּע וויסן.

— מיר ווילן, איר זאָלט אונדז אליין זאָגן, ווי האָט געהייסן אײַער מומע?

אין די ערשטע רעגעס פון דעם דאָזיקן שמועס איז ליפּע מעוווּלבל געוואָרן. מיטן סייכל־האַיאַשאָר האָט ער אָבער פארשטאַנען, אז קיין געפאַר איז דאָ ניטאָ. נעמט ליפּע זיך דערמאָנען, אז פון טשערניכאָוו איז בעשײַטע אוועקגעפאָרן זײַן טאַטנס א שוועסטער — ביילע־ראָכל.

— איז וואָס זשע, מײַן מומע ביילע־ראָכל איז געשטאָרבן? — האָט ליפּע זיך דערשראָקן.

— ביילע־ראָכליא האָט זי געהייסן? — פרעגט איבער דער נאַטשאַלניק, אַרײַנקוקנדיק אין א פּאַפּיר.

— יאָ, איך זאָג דאָך אײַך — ביילע־ראָכל.

— ריכטיק. ביילע־ראָכליא... און די פאַמיליע אירע? — אינטערעסירט זיך דער נאַטשאַלניק.

— די פאַמיליע? אויך ווי מײַנע, ווי מײַן טאַטנס — פּאַדעלקאָ.

— און איר מאַנס פאַמיליע? — וויל דער נאַטשאַלניק כאַפּן ליפּען.

— זי האָט, דוכט זיך, קיינמאָל ניט כאַסענע געהאַט, — ענטפערט ליפּע.

— זנאַטשיט, פּאַדעלקאָ, ביילע־ראָכליא...

— יאָ, אײַער ווילגעבורט, גאָספּאָדין פּריסטאַוו. פּאַדעלקאָ, ביילע־ראָכל.

דער פּריסטאַוו הייבט זיך אוף פון אָרט, דרייט זיך דורך איבערן צימער מיט פארלייגטע הענט אף הינטן און שווײַגט, דערנאָך נעמט ער בורטשען אונטער דער נאָז:

— אזוי, אזוי, הער פּאַדעלקאָ... — שמייכלט ער. — איר זײַט א בלעכער, מאַכט בלעכענע פּושקעס?.. איז אויס פּושקעס, — צעלאַכט ער זיך, — אויס עמערס, גאָספּאָדין פּאַדעלקאָ. וואָס קוקט איר אף מיר אזוי פארגאַפט? איר ווערט א בראָדסקי, א ראָטשילד, גאָספּאָדין פּאַדעלקאָ...

„וואָס וויל ער פון מיר, דער פריסטאַוו? — שטוינט ליפּע, און די באָרד הייבט אָן באַ אים ציטערן. — צי מאַכט ער ניט כויזעק, דער אָדן?..“

אין דער רעגע נעמט אָן דער פריסטאַוו ליפּעס האַנט:

— איך באַגריס אײַך, הער ליפּע באָריסאָוויטש פּאָדעלקאָ, איך באַגריס אײַך מיט אַ גרויסער יערושע, — און דריקט דעם בלעכער די האַנט.

„וואָס ווילן פון אים אָט די גרויע לאַכנדיקע אויגן?“ — שטוינט ליפּע. ער פאַרשטייט נאָך אַלץ גאָרניט.

— איך בין גליקלעך, גאָספּאָדין פּאָדעלקאָ, וואָס איר ווינט באַ מיר אין אוטשאַסטאָק.

ליפּע האָט בעפּיירעש געוואָלט פרעגן, וויפל... וויפל האָט מען אים געלאָזט יערושע, נאָר פּאַשעט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. יערושע, האָט ער געוווּסט, איז אַ געפונענע זאַך, און נאָך אַזאַ ווײַטע...

— צי ווייסט איר, וויפל געלט מע האָט אײַך... — דער פריסטאַוו איז נאָך גײַציקער פון אים.

— יאָ, וויפל?.. — שלאָגט איבער ליפּע.

— צען טויזנט רובל! אַ גאַנץ פאַרמעגן, אַ בראָדסקי! — רופט אויס ניט מיט זײַן קאָל דער פריסטאַוו.

— צען טויזנט, אײַער ווילגעבורט... — האָט ליפּע, אַ פריטשמעליעטער, קוים איבערגעכאַזערט.

...אין דרויסן האָט דער האַרבסטיקער ווינט אויסגעשמיסן ליפּעס באַקן, פאַרפּלאָנטערט די באָרד. ער איז געשטאַנען אינמיטן גאַס און ניט געוווּסט, וואָס טוט זיך עס מיט אים. אין איין קעהערעף־אײַן געוואָרן אַ גוויר! קיינעם, קיינעם וועט ער ניט דערציילן, אפילע דעם ווײַב, אפילע מיכלען ניט, קיינעם ניט. פאַרוואָס? טאַקע, פאַרוואָס?.. וואָס וועט ער טאָן מיט אַזאַ גוטס?.. אַרום און אַרום צענעזיקטע שטיבער מיט אויסגעקרימטע רוקנס, צעפליקטע דעכער, צענעריקטע ווענט, פענצטער מיט אויסגעזעצטע שויבן. און דער ווינט פונעם דניעפּער נעמט דורך די ביינער אַף דורך און דורך. העלפן אָרעמעלײַט?.. ניין, ניין! צדאָקע טאָן איז דען שלעכט? גוט, זייער גוט...

און דער ווינט פײַפט און שלײַפט דורך די אויערן, פּאַטשט אין די באַקן. אַ געפיל פון אומגעריכטער פרייד און פון ניט וויסן, ווי בײַצוקומען אָט די פרייד, האָט זיך אַרופגעוואַלגערט אַף ליפּען, ווי אַן אומגעהייערע מאַסע, און בייגט אים ביז צו דער ערד. די קני זעצן זיך...

פלוצעם ווערט אים לײַכטער פון איינעם אַ געדאַנק, אַ שווערן געדאַנק. יאָ, ער וועט קיינעם פון זײַנע אייגענע ניט דערציילן וועגן די צען טויזנט רובל, קיינעם ניט! צו וועמען גייט מען זיך אָן אייצע האַלטן?.. ער ווייסט צו וועמען. אָט דער מענטש, צו וועמען ער רעכנט גיין זיך אָן אייצע האַלטן, וועט מיט אים מאַסקים זײַן. מע דאַרף אָבער פריִער אַליין גוט זיך באַקלערן, אַ גאַנצע נאַכט וועט ער הײַנט קלערן און קלערן...

געקומען איז ליפּע אַהיים און אָפּגעגעסן וועטשערע, קימאַט אַף קיינעם קיין קוק ניט געטאָן. דאָס ווײַב האָט זיך געפּאָרעט אין שטוב. דאָס איניקל, דער גימנאַזיסט, האָט געגרייט זײַנע לימודים, און די אַנדערע קינדער — צוויי טעכטער, דערוואַקסענע מיידלעך, האָבן געטאָן זייער זאַך: איינע האָט געניייט, די צווייטע — געפּרעסט. און ליפּע איז איינער מיט זײַנע געדאַנקען.

געקלערט האָט ליפּע אַזוי: מענדל בייליס ווערט פאַרוואַלגלט אין טפיסע, שמאַכט דאָרט און ווערט פאַרשוואַרצט. איז אַ ראַכמאָנעס אַף אים... ער זיצט, נעבעך, ניט פאַר זײַנע זינד. וואָסערע זינד? וועלכע זינד? געהאַרגעט דאָס יינגל יושטשינסקי האָט וועראַ טשעבעריאַק מיט איר קנופּיע גאַזלאָנים. אָבער זי וויל זיך ניט מוידע זײַן, מע וועט זי ניט לאָזן, אפילע ווען זי וואָלט וועלן זיך מוידע זײַן...

עפּעס האָט זיך געדרויעט אין קאָפּ באַ אָט דעם פראָסטן מענטשן. עס זײַנען אופגעקומען מעטושטעשע געדאַנקען, אָבער אַזעלכע, וואָס מוזן ברענגען צו אַ גוטן סאָף.

ער ווייסט, ליפּע, קעדיי צו דערגרייכן אַ ציל, פאָדערן זיך קאָרבאָנעס. איז אָט וויל ער, ליפּע דער בלעכער, זײַן דער ערשטער קאָרבן. בעפּיירעש אַזוי, כאָטש די יערושע וואָלט אים מיט זײַן הויזגעזינד געקאָנט שטעלן אַף די פיס און — ווי ס'האָט געזאָגט דער פריסטאַוו — אויס מיטן בלעכענעם געקלאַנג, וואָס גייט אים נאָך דאָס גאַנצע לעבן, אויס אָרעמקייט, אויס אײַנגעבויגענער רוקן, אויס דאָס צעקאָליעטשעטע לעבן! הײַנט צדאָקע, וואָס ער, ליפּע, וואָלט געקאָנט טיילן! וויפל ליכט און האָפענונג וואָלט אַרײַנגעקומען אין זײַן שאָפּעלער שטוב! און די אַלטיטשקע זײַנע מיט דער שטענדער בעטנדיקער שטים: „ליפּע, וואָס גיסטו מיר אַף שאַבעס?“ וואָלט אופגעריכט געוואָרן, אין זײַן שטוב וואָלט שטענדיק געהערשט סימכע, פרייד און ליכט. אפילע אין אַ פּראָסטן אינדערוואָכן וואָלט געלעגן אַ טישטעך פאַרשפּרייט ניט בלויז אַפן עסטיש, נאָר אפילע אין קיך אַפן טאָפּטשאַנדל...

אָבער ניין, ער וועט אויסוואַרטן, פונקט ווי אַלע ייִדן וואַרטן אַף דער ליטעראַרער יאָמטעוודי־קייט, וועגן מאָשיִעך וועט קומען. נישקאָשע, מע האָט געוואַרט אַזויפיל, וועט געדויערן נאָך א ביסל! דערפאַר וועט ליפע פאַדעלקאַ, דער בלעכער, דער באַלמעלאָכע פון שאַנים־קאַדמוינים, ראַטעווען דעם אומגליקלעכן מענטשן. ער וועט גיין און אויסגעפינען דעם אַדוואָקאַט מאַרגאָלין, מע זאָגט, ער טוט עפעס אין דעם איניען פון ראַטעווען מענאַכעם־מענדל בייליסן. מיט אים וועט ער זיך האַלטן אַן אייצע...

א פאַרזאָרגטער און א פאַרטיפטער אין זײַנע מאַכשאָוועס, איז ליפע גאַנצפרי אופגעשטאַנען, זיך אײַנגעוואַשן און אָפּגעדאַוונט. א שוויַיגנדיקער האָט ער עפעס איבערגעכאַפּט, דאָס האָרץ זאָל ניט כאַלעשן, און, קיינעם גאָרנישט ניט געזאָגט, אַוועקגעשפּאַנט צו מאַרגאָלינען.

די דינסט האָט צוערשט ניט געוואָלט אַרײַנלאָזן דעם בלעכער:

— דער הער מאַרגאָלין איז פאַרנומען, דער אַדוואָקאַט נעמט הײַנט ניט אוף. זאָגט, ווער זײַט איר און ווי רופט מען אײַך.

— ווי מע רופט מיך? — האָט ליפע זיך פאַרקלערט.

— וואָס זשע, איר האָט גאָר קיין נאָמען ניט? — צעלאַכט זיך די דינסט.

נאָך א קליינינקער פויזע האָט די דינסט זיך דערבאַרעמט אַפן געקומענעם און זיך שוין גע־לאָזט גיין, נאָר ווידער זיך אומגעקערט.

— וויִאַזוי זשע זאָל איך זאָגן אַרנאָלד דאַווידאָוויטשן: ווער וויל זיך זען מיט אים?

— זאָגט, זײַט מויכל, א באַלמעלאָכע פון פאַדאָל. זאָגט, וועגן א וויכטיקן איניען, גאָר א וויכטיקן איניען.

— וואַרט צו, — און זי פאַרמאַכט די טיר.

אין א פּאָר מינוט אַרום לאָזט די דינסט אַרײַן ליפען אין שטוב. ער נעמט אַראָפּ זײַן איי־בערשטן בעגעד, טרייסלט אָפּ דאָס געמיינע אָפּגעריבענע רעקל און די הויזן, גלײַך ער וואָלט געוווען מיט עפעס פאַרפאַראָשעט.

— איר האָט מיך געוואָלט זען? — דערהערט ער א שטים.

— יאָ, געוואָלט... — ליפע האָט דערזען פאַר זיך א מיטליאָריקן מענטשן מיט א קײַלעכיק גלאַט אָפּגעראַזירט פּאָנעם און א פליך קימאַט ביזן האַלדז־און־נאַקן.

— וואָס האָט איר געוואָלט זאָגן?

— איך וויל, איר זאָלט מיך אויסהערן, רעב... רעב...

— רעב אַרן רופט מען מיך.

— בען?..

— בען דאַוויד.

— זייער גוט. און מיך רופט מען ליפע בען באָרעך.

— וואָס זשע האָט איר צו זאָגן, רעב ליפע בען באָרעך?

— מע זאָגט, אַז איר זײַט בייליסעס א מייליץ־יוישער, א זאַשטשיטניק...

— דערווײַל, מײַן ליבער ייִד, ווייסט מען נאָך גאָרניט. צי איך וועל ווערן זײַן זאַשטשיט־ניק, ווייס איך נאָך אַליין ניט. און אויב אַפילע יאָ, איז וואָס האָט עס צו אײַך?

— איר פאַרשטייט, איך האָב באַקומען א גרויסע יערושע... איז וואָלט געוווען גוט, ווען איר פאַרנוצט מײַן יערושע אַף צו ראַטעווען דעם אומשולדיקן מענטשן... מענאַכעם־מענדל בייליס...

— א גרויסע יערושע? אַשטייגער, וויפל?

— צען טויזנט...

— אָ־אָ־אָ, א פּויטעקע. — און נאָך א פויזע: — איז וויִאַזוי שטעלט איר זיך עס פּאָר, איך מיין, וויִאַזוי פאַרנוצן דאָס געלט?

— פאַרנוצן דאַרף מען עס מיט סייכל, מיט קאָפּ, מיט בינע. וויִאַזוי איר וועט געפינען פאַר נייטיק. איר זײַט דאָך דערפאַרענער פון מיר אין אַזעלכע אָסאָקים...

ליפע זעט, ווי דער אַדוואָקאַט נעמט אומרויִק אַרומשפּאַנען איבערן צימער, ווײַזט אויס, ער באַקלערט זיך. דער פליך גלאַנצט, דער אַדוואָקאַט גלעט אים עטלעכע מאָל אויס מיט זײַן גרויסער און שווערער האַנט. ענדלעך שטעלט ער זיך אָפּ לעבן ליפען.

— איז וויִאַזוי, שטעלט איר זיך פּאָר, דאַרף מען אויסנוצן אײַער... געלט? — פרעגט ער.

— וואָס הייסט? דינגען די גרעסטע און בעסטע אַדוואָקאַטן פון פּיטערבאַרג, פון גאַנץ רוס־לאַנד, פונוואַנען איר ווילט. מע דאַרף האָבן אַדוואָקאַטן־קריסטן, לײַטישע און אָרנטלעכע מענטשן... — פלאַמט בא ליפען דאָס פּאָנעם פון אופגעלייגטקײַט.

---

[1] פאַרטיידיקער.

— אַ, איר זײַט טאַקע בעפּײרעש אַ פֿילאָסאָף, רעב ליפּע.

— מע דאַרף גאָר ניט זײַן קיין פֿילאָסאָף, איך מיין, ס'איז אַ פּאַשעטע זאַך, עס ליגט זיך אויפֿן סײַקל, ס'איז פּראָסט, ווי אַן עמער מיט וואַסער.

— גאָר ניט אַזוי פּראָסט, ווי איר מיינט, — פֿאַרקלערט זיך מאַרגאַלין. ער גייט צו צום טיש, פֿאַרשרײַבט עפּעס אין זײַן בלאָקנאָט, פֿרעגט איבער באַם באַזוכער זײַן נאָמען און פֿאַמיליע, וווּ וווינט ער אין קיִעוו. פֿאַרשרײַבט אַלץ און זאָגט, ער וועט זיך אַליין באַקלערן און זיך אַן אייצע האַלטן מיט נאָך אַזעלכע, ווי ער. און זאָל ליפּע פֿאַדעלקאָ שפּעטער מיט אַ וואָכן צוויי ווידער אַרײַנקומען צו אים. אָדער, אויב ער וויל, אָנקלינגען אין טעלעפֿאָן.

— איך קאָן ניט קלינגען אין טעלעפֿאָן, — שעמט זיך דער בלעכער צו זאָגן, — איכל בעסער אַליין... נישקאָשע, ס'איז ניט ווײַט פֿון פֿאָדאָל אַהער אויף קוזניעטשנע, עס וועלן מיך גרינג טראָגן אַהער מײַנע פֿיס...

## אין נאָמען פֿון גערעכטיקייט

דער פּעטערבורגער פּריסיאַזשני פּאָווערעני[1] אָסקאַר אָסיפּאָוויטש גרוזענבערג פֿאַרנעמט זײַן באַזונדער אָרט אין דער געשיכטע פֿון דער רוסלענדישער אַדוואָקאַטור. זײַן אַליִע איז געווען דער בייליס־פּראָצעס. דער דאָזיקער אַדוואָקאַט האָט אין פֿאַרשיידענע צײַטן מיט גלאַנץ פֿאַרטיידיקט מאַקסים גאָרקין, וולאַדימיר קאָראָלענקאָן, קאָרניי טשוקאָווסקין, ווענגעראָוון און אַנדערע פֿאָרשטייער פֿון דער רוסישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק. ער, גרוזענבערג, איז אין 1906 געשטאַנען בעראָש פֿון דער פֿאַרטיידיקונג אויפֿן פּראָצעס פֿונעם סאָוועט פֿון אַרבעטער־דעפּוטאַטן און האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ גאָוניטקייט און פֿאַך־קענטעניש, וואָס האָט איבעראַשט סײַ ספּעציאַ־ליסטן־קרימינאַליסטן, סײַ גאָניטע קאַסאַציאָניסטן. אָבער דעם וועלט־נאָמען האָט גרוזענבערג געקראָגן בײַס דעם בייליס־פּראָצעס.

צוזאַמען מיטן קיִעווער אַדוואָקאַט אַרנאָלד מאַרגאָלין האָט גרוזענבערג נאָך בייליסעס אַרעסט גענומען אויף זיך די פֿאַרטיידיקונג. מאַרגאָלינען האָט אָבער שטשעגלאָוויטאָוו באַזײַטיקט, נאָר צו גרוזענבערגן האָט ער ניט געקאָנט דערלאַנגען.

דער אַדוואָקאַט האָט פֿאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף דרינגענדיק אויסשטודירן די פֿראַגע פֿון ריטועלן מאָרד, באַוואָפֿענען זיך קעגן אַלע מעגושעמדיקע מעטוראָפֿים, ווי זאַמיסלאָווסקי, שמאַ־קאָוו און אַנדערע ליוטאָסטאַנסקיס שילער. גרוזענבערג האָט אויך פֿאַרשטאַנען, אַז די רוסישע פּראָגרעסיטענע אינטעליגענץ — שרײַבער, געלערנטע, פּעדאַגאָגן, מאָלער, אַרטיסטן — דאַרפֿן און וועלן געוויס זאָגן זייער וואָרט, קעגנשטעלן זיך קעגן דעם באַרבאַריזם.

דערפֿאַר טאַקע האָט ער זיך געווענדט צו קאָראָלענקאָן, ביפֿראַט, אַז קאָראָלענקאָ האָט זיך שוין אַליין געהאַט אַרײַנגעמישט.

צום אַדוואָקאַט איז דערגאַנגען, אַז אין די קרײַזן פֿון דער קינסטלערישער אינטעליגענץ גרייט מען זיך אַרויסטרעטן מיט אַ וואָרט צו דער רוסישער געזעלשאַפֿט, פֿאַרשטעמפּלען יענע, וואָס וועקן ראַסן־האַס און רופֿן צו פּאָגראָמען. אַ גרופּע פּעטערבורגער שרײַבער האָבן שוין גע־האַט צונויפֿגעשטעלט אַן אויפֿרוף, נאָר גרוזענבערג האָט נאָכן באַקענען זיך מיט זײַן ערשטן וואַריאַנט, וועלכן עס האָבן צונויפֿגעשטעלט די שרײַבער טשיריקאָוו און אַראַבזשין, געהאַלטן, אַז דער אויפֿרוף איז ניט גענוג שטאַרק, עס פֿעלט אין אים פֿײַער, קראַפֿט, לאָגיק און שײַנקייט פֿון געדאַנק, וואָס זאָל ווירקן אויפֿן האַרצן און מויעך פֿונעם לייענער.

מיט קאָראָלענקאָן האָט דער אַדוואָקאַט זיך געטראָפֿן אויף קיראָטשנע באַ זיך אין שטוב. אונטער אַ גרינעם גלעזערנעם אַבאַזשור האָט העל געלויכטן דער לאָמפּ אויפֿן שרײַבטיש, באַ וועלכן גרוזענבערג איז געזעסן אַרומגערינגלט מיט פּאַפּקעס און פּאַפּירן. שוין עטלעכע מאָל האָט ער מיט די דינע פֿינגער אַראָפּגענומען די פּענסנע פֿון נאָז, צוריק זיי אָנגעטאָן און קוקנדיק מיט דערעכערעץ אויף קאָראָלענקאָן, גערעדט:

— וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש, דאָס איז אַ פּראָיעקט פֿון אַן אויפֿרוף צו דער רוסישער געזעלשאַפֿט. מיר ווילן זייער הערן אײַער מיינונג.

איבערלייענענדיק די ערשטע שורעס פֿונעם אויפֿרוף, אָפּגעדרוקט אויף אַ שרײַבמאַשינקע, האָט קאָראָלענקאָ גלײַך אָנגעהויבן אומצופֿרידן קנייטשן מיט די אַקסלען. דערלייענט ביזן סאָף, האָט ער אומגעקערט גרוזענבערגן דעם בויגן פּאַפּיר.

---

[1] געשוווירענער אַדוואָקאַט.

— איך פאַרשטיי, וואָס איר ווילט זאָגן, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש. אַזאַ דאָקומענט קאָן ניט באַפרידיקן. ערשטנס, איז שוואַך דערקלערט די געשיכטע פון ריטוועלן מאָרד, און, צווייטנס, איז דער דאָקומענט ערטערווייַז שוואַך אַרגומענטירט.

קאַראַלענקאָ האָט גענומען דעם בויגן פּאַפּיר און נאָכאַמאָל איבערגעלייענט דעם טעקסט:

— איך בין מסכים מיט אייַך, אָסקאַר אָסיפּאָוויטש, — האָט ער געזאָגט. — דאָ פעלט דאָס וויכטיקסטע: ס'איז ניט אויפגעדעקט דער פאַרצעף פון יענע, וואָס זייַנען פאַרינטערעסירט אין פאַרשפּרייטן דעם פאַנאַטישן בילבל, די בייזע לעגענדע... ס'איז, מעגלעך, נייטיק צו דער־מאָנען דאָ דעם מולטאַנער איניען — וועגן קלוימערשטע מענטשלעכע קאָרבאָנעס בײַ די מול־טאַנער וואָטיאַקעס...

— אַנטשולדיקט, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש, איך צווייפל, צי אין דעם דאָקומענט דאַרף מען אַרייַנמישן דעם מולטאַנער איניען, — שלאָגט אים איבער גרוזענבערג.

— שטעלט אייַך פאָר, אָסקאַר אָסיפּאָוויטש, אַז אין יענעם פּראָצעס, וועלכער איז אייַך זיכער באַקאַנט, האָב איך אָנטיילגענומען...

גרוזענבערגן איז געווען באַוווּסט, אַז קאָראָלענקאָ איז דעמלט אַרויסגעטראָטן אַלס פאַר־טיידיקער און אַז ער האָט פיל געשריבן אין דער פּרעסע וועגן דעם פּראָצעס.

— מע דאַרף אָבער ניט פּלאָנטערן יענעם פּראָצעס מיט דעם פאַרשטייענדיקן, — דערווי־דערט דער אַדוואָקאַט.

— וואָרט אַ רעגעלע, מייַן ליבער. איך געדענק, אַז דער באַשולדיקער פון די וואָטיאַקעס האָט אין זייַן ערשטער רעדע קאַטעגאָריש געמאָלדן: „ווי ס'איז באַקאַנט, באַנוצן ייִדן קריסטלעך בלוט פאַר זייער פּייסעכדיקער מאַצע".

— יאָ, יענער פאַנאַטיקער — דער פּראָקוראָר האָט אומפאַרשעמט געקאָנט זיך דערלויבן אַזוי צו זאָגן אין אַ רעדע, אָבער אין אַזאַ דאָקומענט, ווי אָט דער, — גרוזענבערג טייַטלט אָפן בויגן פּאַפּיר, — איז דאָס, לויט מייַן מיינונג, איבעריק.

— מעגלעך, מעגלעך, אָסקאַר אָסיפּאָוויטש... — האָט נאָכגעגעבן דער שרייַבער.

גרוזענבערג האָט זיך אויפגעהויבן און שטייענדיק געזאָגט:

— איך האָב לאַנג געקלערט און זיך געייעצט מיט מייַנע קאָלעגן — אָנגעזעענע יוריסטן. איך בין געקומען צום באַשלוס, אַז נאָר איר, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש, דאַרפט אָנשרייַבן דעם טעקסט פון אַזאַ אויפרוף צו דער רוסישער געזעלשאַפט.

— אָבער צייַט ווו נעמט מען? אויף מייַנע אַקסלען ליגט איצטער דער זשורנאַל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ". די אַנדערע מיטגלידער פון רעדאַקציע זייַנען קראַנק, און איך אַליין האַלט זיך קוים אויף די פיס.

בײַ קאָראָלענקאָן האָבן אַ בליץ געטאָן די אויגן, און ער האָט צוגעגעבן:

— איך וועל אייַך דערציילן אַ סאָד — בײַ מיר אין שטוב ליגט שוין אַ פּראָיעקט פון אַזאַ דאָקומענט — אַ ווענדונג צו דער רוסישער געזעלשאַפט, אָבער ער באַפרידיקט מיך דער־ווייַל ניט...

— וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש, וואָס זשע שווייַגט איר?..

— ווייַל איך דאַרף נאָך גוט, גוט אָן אַרבעט טאָן איבער אים, דערפאַר האָב איך אים אייַך ניט געבראַכט. איך האָב פאַרשטאַנען, וועגן וואָס איר ווילט מיט מיר ריידן...

— אויסגעצייכנט, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש, דאָס איז עמעסער הומאַניזם...

— מע דאַרף ניט קיין הויכע ווערטער, — הייבט אויף קאָראָלענקאָ די האַנט, — איך פאַרשטיי זייער גוט, אין וואָס עס גייט דאָ.

— דאָס איז נאָך ניט אַלץ, מייַן ליבער וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש...

— וואָס נאָך? — ווערט קאָראָלענקאָ אומרויִק.

— ס'וואָלט געווען גוט, ווען איר, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש, זאָלט זיך אויך אייַנשליסן אין דער פאַרטיידיקונג... אויפן פּראָצעס...

— איך וועל זיך באַטראַכטן. צוערשט וועל איך אָנשרייַבן דעם אויפרוף, און וועגן דער פאַר־טיידיקונג וועלן מיר נאָך זען. וואָרפט אויף מיר ניט אַרויף אַזויפיל מיטאַמאָל. — אין זייַנע טיפע אויגן באַווייַזט זיך אַ שמייכל. — איך בין דאָך שוין אַלט.

— אין אַזעלכע מאָמענט קאָנען מיר זיך ווענדן נאָר צו אייַך, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש. ווען לעוו ניקאָלייַעוויטש זאָל לעבן, וואָלטן מיר צו אים אויך זיך געווענדט.

— עס לעבט אויף דער וועלט מאַקסים גאָרקי... — דערמאָנט קאָראָלענקאָ.

— גאָרקי... יאָ, דאָס וואָלט געווען גוט. ער וווינט אָבער איצט אויף קאַפּרי...

— נישקאָשע, ער וועט קומען, אַז מע וועט דאַרפן...

— װלאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָװיטש, איך בין זיכער, אַז גאָרקי װעט אײנער פֿון די ערשטע גערן שטעלן זײַן סימען אונטער דעם דאָקומענט. קײנער צװײפֿלט ניט דערין. אָבער די געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרטײדיקונג דאַרף איר נעמען אַף זיך, געערטער װלאַדימיר גאַלאַקטיאָ־נאָװיטש.

גרוזענבערג האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַרױס אין קאַלטן פּעטערבורגער דרױסן באַגלײטן דעם שרײַבער אַהײם.

באַ זיך אַפֿן שרײַבטיש האָט קאָראָלענקאָ געטראָפֿן אַ בריװ פֿון זײַן פֿרױ. איבערגעלײענט אים אַפֿגיך, האָט ער זיך צוגעזעצט, קעדײ פֿאַרצײכענען געדאַנקען, װאָס זײַנען באַ אים געבױרן געװאָרן. די פֿען איז האַסטיק געלאָפֿן איבערן פּאַפּיר:

„צו דער רוסישער געזעלשאַפֿט (װעגן דעם בלוט־בילבל אַף ייִדן).

אין נאָמען פֿון יושער, אין נאָמען פֿון סײכל און מענטשן־ליבע הײבן מיר אױף אונדזער שטים קעגן דעם נײַעם אױסברוך פֿון פֿאַנאַטיזם און פֿינצטערן שעקער.

פֿון אוראַלטע צײַטן אָן גײט אָן אײביקער קאַמף פֿון דער מענטשלעכקײַט, װאָס רופֿט צו פֿרײַהײַט, גלײַכבארעכטיקונג און ברידערלעכקײַט פֿון מענטשן, קעגן פֿרײדיקן שקלאַפֿערײַ, פֿײַנטשאַפֿט און צעטײלונג. אױך אין אונדזער צײַט, — װי ס׳איז שטענדיק געװען, — װעקן די זעלבע מענטשן, װאָס שטײען פֿאַר דער רעכטלאָזיקײַט פֿונעם אײגענעם פֿאָלק, אַלץ העפֿטיקער דעם גײַסט פֿון רעליגיעזער סינע און ראַסן־האַס. נישט אכטנדיק ניט די פֿאָלקס־מײנונג, ניט די פֿאָלקס־רעכט, גרײט צו דערשטיקן זײ מיט די סאַמע אכזאָריעסדיקע מיטלען, האַלטן זײ אונטער די אָבערגלױבענישן, בלאָזן פֿאַנאַנדער די פֿאָרורטײלן און רופֿן אײַנגעשפּאַרט צו גװאַלדטאַטן איבער לאַנדסלײַט פֿון אַנדערן אָפּשטאַם. מיקױעך דעם נאָך ניט אױסגעפֿאָרשטן מאָרד איבערן ייִנגל יושטשינסקי אין קיִעװ איז דעם פֿאָלק װידער אונטערגעװאָרפֿן געװאָרן די פֿאַלשע באָבע־מײַסע, אַז ייִדן באַנוצן קריסטלעכן בלוט. דאָס איז אַ שױן פֿון לאַנג באַװוסטער גאַנג פֿונעם אור־אַלטן פֿאַנאַטיזם. אין די ערשטע יאָרהונדערטער נאָך דעם געבורט פֿון יעזוס קריסטוס האָבן די געצנדינערישע פּריסטערס באַשולדיקט די קריסטן, אַז זײ פּראַװען, קלױמערשט, אַ הײליקע סודע מיטן בלוט און מיטן קערפּער פֿון אַ געצנדינעריש קינד, װאָס װערט בעקיװען דערהאַרגעט. אַזױ האָבן זײ אױפֿגעקלערט די געהײמניס פֿון יעװכאַריסטיע. אָט װען ס׳איז געבױרן געװאָרן די דאָזיקע פֿינצטערע און בײזע לעגענדע!

דאָס ערשטע בלוט, װאָס איז איבער איר פֿאַרגאָסן געװאָרן, איז, לױט די פֿניִעסדיקע אור־טײלן פֿון די רױמישע ריכטער און אונטער דעם דרוק פֿון פֿינצטערן געצנדינערישן האַמױן, געװען דאָס בלוט פֿון די קריסטן. און די ערשטע, װעלכע האָבן דאָס אָפּגעלײקנט, זײַנען געװען די פֿאָטערס און די לערער פֿון דער קריסטלעכער קירכע. „שעמט זיך, — האָט געשריבן דער הײליקער מאַרטירער יוסטין אין זײַן װענדונג צום רױמישן סענאַט, — שעמט זיך צוצושרײַבן אַזעלכע פֿאַרברעכנס מענטשן, װעלכע זײַנען דערין ניט פֿאַרמישט. הערט אױף! באַדענקט זיך!"

אָפּגעשטעלט די לױפֿנדיקע פֿען און איבערגעלײענט דאָס אָנגעשריבענע, האָט קאָראָלענקאָ געמאַכט אַ פּױזע, געגעבן עטלעכע זופּ טײ פֿון דער גלאָז און װײַטער געשריבן:

„...איצט איז די פֿאַלשקײַט פֿון די קלאַנגען, לױט װעלכע עס זײַנען באַשולדיקט געװאָרן די ערשטע קריסטן, קלאָר װי דער טאָג. עס לעבט נאָך די לעפֿישע אױסטראַכטעניש, װאָס איז גע־בױרן געװאָרן פֿון האַס און אונטערגעכאַפּט געװאָרן דורך פֿינצטערער אַמראַצעס. די דאָזיקע אױסטראַכטעניש איז געװאָרן אַ געװער פֿון פֿײַנטשאַפֿט און רײַסערײַען אַפֿילע צװישן די קריסטן גופֿע. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז אין אײניקע ערטער האָט די קאַטױלישע מערהײַט געװאָרפֿן פּונקט אַזאַ באַשולדיקונג קעגן די ליוטעראַנער, און די מערהײַט ליוטעראַנער האָבן דערמיט געשטעמפּלט די קאַטױליקער.

אָבער מער פֿון אַלעמען האָט פֿון דער דאָזיקער אױסטראַכטעניש געליטן דער ייִדישער שײװעט, װאָס איז צעזײט צװישן די אַנדערע פֿעלקער. די פּאָגראָמען, װאָס זײַנען דעריבער אַרױסגערופֿן געװאָרן, האָבן איבערגעלאָזט אַ בלוטיקן שפּור אין דער פֿינצטערער געשיכטע פֿון מיטלאַלטער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אוקאַזן פֿױלן אין די אַרכיװן, אָבער פֿאָרורטײלן לעבן. און אָט װערט אַפֿילע פֿון דער טרי־בונע פֿון דער מעלוכע־דומע פֿאַרשפּרײט אָט דער אַלטער שעקער, װאָס דראָעט מיט גװאַלדטאַט און פּאָגראָמען. אין דעם דאָזיקן ליגן קלינגט דער זעלבער צאָרן, מיט װעלכן דער פֿינצטערער געצנדינערישער האַמױן איז אַמאָל אָנגעפֿאַלן אַף די ערשטע אָנהענגער פֿון דער קריסטלעכער לערע. נאָך ערשט ניט לאַנג האָט די זעלבע באָבעמײַסע װעגן געבראָכן קינדערש בלוט, װעלכע די כינעזישע פּריסטערס האָבן פֿאַרשפּרײט קעגן די מיסיאָנערן, געבראַכט צום אומקום פֿון הונ־דערטער אָרטיקע קריסטן און אײראָפּײער. אָט די באָבעמײַסע איז שטענדיק באַגלײט דורך די

סאמע פינצטערע און פארברעכערישע לײדנשאפטן, װעלכע האָבן שטענדיק געשטרעבט צו פאַר־בלענדן און פארנעפּלען דעם האמוין און פארקריפּלען די גערעכטיקייט.

און שטענדיק האָט קעגן איר געקעמפט דאָס געפיל פון ליבע און עמעס.

ניט בלויז צום רוימישן סענאַט זײַנען געװען געװענדט די װערטער פונעם קריסטלעכן שרײַבער — דעם מארטירער יוסטין, װאָס האָט זײַנערצײַט אויך געקעמפט קעגן דעם זעלבן פאָרורטייל: „שעמט זיך צוצושרײַבן אזעלכע פארברעכנס מענטשן, װעלכע זײַנען דערין ניט פארמישט!"

מיר פאַרייניקן אונדזערע שטימען מיט דער שטים פונעם קריסטלעכן שרײַבער יוסטין, װאָס קלינגט פון די טיפענישן פון יאָרהונדערטער מיט א רוף צו ליבע און צו פארנונפט.

היט זיך פאַר די, װעלכע פלאַנצן ליגנס. גלייבט ניט דעם װיסטן שעקער, װאָס איז שוין פיל מאָל באַגאָסן געװאָרן מיט בלוט, װאָס האָט אייניקע אומגעבראַכט און אנדערע באדעקט מיט זינד און מיט שאַנדע..."

קאָראָלענקאָ איז געזעסן באַם שרײַבטיש ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אפן צװייטן טאָג איז גרוזענבערג געקומען צו קאָראָלענקאָן אַהיים. באַקאַנט זיך מיטן טעקסט פונעם אופרוף, איז ער איבעראַשט געװאָרן.

— װלאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָװיטש, די געשיכטע װעט אײַך קיינמאָל ניט פארגעסן! — האָט זיך ארויסגעריסן באַם אַדװאָקאַט.

דאָס מאָל האָט קאָראָלענקאָ אים אפילע ניט אָפּגעשטעלט מיט זײַן געװײנלעכן אויסרוף „אָן הויכע װערטער", נאָר בלויז געפרעגט, װיאַזוי מע קאָן װאָס גיכער איבערשיקן דעם טעקסט צו גאָרקין.

— דערויף איז פאַראַן א טעלעגראַף, — האָט געענטפערט גרוזענבערג.

אונטער דעם דאָזיקן אופרוף האָבן געשטעלט זייערע כסימעס די שרײַבער װלאַדימיר קאָ־ראָלענקאָ, סערגייעװ־צענסקי, אַלעקסיי טאָלסטאָי, לעאָניד אַנדרייעװ, מאַקסים גאָרקי, אַלעקסאַנ־דער בלאָק, פּראָפעסאָר טוגאַן־באַראַנאָװסקי, פּראָפעסאָר באָדוען־דע־קורטענע, אַקאַדעמיקער אָװסיאַניקאָ־קוליקאָװסקי, די מיטגלידער פון מעלוכע־דומע מ. קאָװאַלעװסקי און א. װאַסיליעװ, אַקאַדעמיקער װ. װערנאַדסקי און נאָך פיל.

## באַ בייליסן אין שטוב

אונטער א שניי־צודעק איז באַהאַלטן בייליסעס שטיבל, װאָס שטייט אינעם הויף פון זײַצעװס ציגל־זאַװאָד. אין יענעם קאַיאָר איז אַלץ אַרום דעם שטיבל נאָך געשלאָפן. ס'האָט געדרייט א זאַװערוכע, א דריבנער שניי האָט געשאָטן, װי דורך א שיטערער זיפּ, און קלעפּיק צוגעשטאַנען צו דער הויך־אָנגעבעטער דעק אפן דאַך.

מע האָט אָנגעקלאַפּט אין פענצטער, נאָר פון שטוב הערט זיך ניט קיין פּיפּס, װי אַלע װאָלטן אויסגעשטאָרבן. אזוי האָט זיך אויסגעדוכט די צװיי מענטשן. די אַרבעטער פון זאַװאָד גרעטער־קריװאָנעק, פּעטראָ קאַסטענקאָ און טימקע װײַס האָבן געדולדיק געװאַרט. זיי האָבן זיך אָנגע־שטויסן, אַז די אומגליקלעכע פרוי מיט די קינדער זײַנען אָנגעשראָקן.

מענדלס װײַב עסטער האָט א שטיקל צײַט מוירע געהאַט צו בלײַבן מיט די קינדער אַף באַנאַכט אין דער היים. איר האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז אָט װעט װידער זיך ארײַנכאַפּן א כאַפּטע זשאַנדאַרמען און אװעקשלעפּן זיי אַלעמען אין טפיסע. קיינער װעט ניט קאָנען זיי אָפּשרײַען, און קיינער װעט ניט קאָנען זיי דערנאָך ארויסרײַסן פון דאָרטן, פּונקט װי דעם מאַן און דעם פאָטער פון די קינדער.

דאָס עלטערע יינגל האָט עסטער אװעקגעשיקט צו אירע אייגענע אַף דעמיִעװקע, און מיט די איבעריקע פיר קינדער טוליעט זי זיך אין דער פאַריאָסעמטער שטוב און ציטערט פאַר א מינדסטן שאָרך. ס'איז קיין כידעש ניט, װאָס זיי האָבן זיך אזוי דערשראָקן, װען ס'האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין פענצטער.

— מאַמע, ס'איז שוין גרויסער טאָג און מיר שלאָפן נאָך, — האָט געזאָגט דאַװידל.

— שטילער זאָל זײַן, מע קלאַפּט. דו הערסט דען ניט?

— עס װײַזט זיך דיר אויס, מאַמע, — טרייסט זי דאָס יינגל.

ביידע שװעסטערלעך — אויסגעדאַרטע מיידעלעך מיט שמאָלע פּענעמלעך און שטײַף פאַר־פלאָכטענע צעפּעלעך — און דאָס ברודערל מיט די גרויסע, ברייט צעעפנטע אויגן האָבן זיך אויך אופגעכאַפּט און זיך אײַנגעהערט.

— מאַמע, מע קלאַפּט טאַקע...

עסטער וויל ניט עפענען. זי ווינקט צו די קינדער, זיי זאָלן זיך ניט רירן פון אָרט.

— שלאָפט, שלאָפט! ס'איז נאָך פרי, און ס'איז א מעסוקענע קעלט, — שעפטשעט זי.

עסטער לאָזט זיך האסטיק צו דער הויז־טיר, זעט גאָרנישט ניט און הערט גאָרנישט ניט. ווערט זי רויִקער און קערט זיך אום צו די איבערגעשראָקענע קינדער.

— מיסטאמע דער ווינט. ס'א זאווערוכע אין דרויסן, — זאָגט זי, — איכל באלד איינהייצן דעם אויוון און צושטעלן א סופ פון קאַרטאָפל.

מע קלאַפט ווידער אין פענצטער...

— מאמע, ניט אין דער טיר, אין פענצטער קלאַפט מען.

דורך די פאַרפרוירענע שויבן דערזעט עסטער צוויי מענטשן.

— ווער קאָן דאָס זײַן? — זאָגט זי ווי צו זיך אליין.

— כ'האָב מוירע, — צעוויינט זיך א מיידעלע.

— שטיל זאָל זײַן! — שרײַט אויס דאָדיק און זאָגט צו דער מאמען: — וואָס האָסטו מוירע, עפן אוף. עפשער א גרוס פונעם טאַטן.

— טאקע, עפשער א גרוס, — כאַפּט אונטער פינקע און צעעפנט נאָך ברייטער זײַנע גרויסע אויגן.

עסטער נעמט זיך אָן מיט הארץ:

— ווער איז דאָרט? — פרעגט זי.

— עפנט אוף, מאַדאַם ביילים, — דערהערט זי א קאָל, וואָס קומט פון יענער זײַט טיר.

— וואָס ווילט איר פון מיר?

— שרעקט זיך ניט, עפנט אונדז אוף.

— ווער זײַט איר?

— מענטשן. האָט ניט קיין מוירע.

— מענטשן? ווער ווייסט, וואָס פאַרא מענטשן. וואָס דאַרפט איר?

— עפנט אוף, זײַט אזוי גוט, ווען מיר אײַך זאָגן...

עסטער וואקלט זיך, קוקט פרעגנדיק צו די עלטערע קינדער.

— ווען דאָ זאָל זײַן טעווקע... — זאָגט זי שטיל.

— עפן, מאמע, — רופט זיך אָן דאָדיק און נעמט זי אָן בא דער האנט.

ווי דערפילט זײַן שטיצע, ציט עסטער אפגיך ארויס דעם פאַרוקער.

צוזאמען מיט די ארײַנגעפלויגענע שנייעלעך האָבן אריבערגעשפּאַנט די שוועל ביידע ארבעטער.

צוגעטוליעט איינס צום אנדערן, האָבן די שוועסטערלעך מיט פאַרגליווערטע אויגן געקוקט אף די ארײַנגעקומענע.

דאָדיק האָט אָנגענומען די מאמע פאַר אַן אַקסל, גלײַך ער זאָל װעלן זי טרייסטן, און ניט אָפּגעלאָזט זי, ביז זי האָט ניט דרייסט געפרעגט:

— ווער זײַט איר?

קאָסטענקאָ טוט א װונק צו טימקע ווײַס, יענער זאָל ריידן.

— האָט ניט קיין מוירע פאַר אונדז. מיר זײַנען ארבעטער פון זאוואָד גרעטע־קריוואנעק. דאָס איז מײַן כאַווער — א קריסט, זייער א לײַטישער מענטש.

— א קריסט?.. — עסטער קוקט אף קאָסטענקאָן, וואָס שמייכלט. ער פאַרשטייט, וואָס זײַן כאַווער זאָגט וועגן אים.

— מיר וועלן אײַך קיין שלעכטס ניט טאָן, — זאָגט קאָסטענקאָ און ווינקט ווידער גוטמוטיק צו טימקען, ער זאָל ריידן.

ביילים פּרוט פירט איבער דעם בליק פון איין ארבעטער אפן אנדערן, זי וויל זיך איבער־צײַגן אין זייער אופריכטיקײַט. מיטאמאָל נעמט זי ארויס די הענט פון אונטערן פאַרטעך, וווּ זי האָט זיי ביז אהער געהאלטן פאַרשטעקט, ווישט אָפּ איין טאַבורעטקע, דערנאָך א צווייטע:

— זיצט, זײַט מויכל, זיצט.

— א דאנק, מיר קאָנען באשטיין, — שמייכלט טימקע ווײַס.

דאָדיק רוקט אונטער א טאַבורעטקע קאָסטענקאָן און קוקט אים אין די אויגן.

— איר, דיאַדיאַ, זײַט שוין אמאָל געזעסן אין אוטשאַסטאָק? — פרעגט ער.

פעטראָ קוקט פאַרכידעשט אפן ייִנגל, צעשמייכלט זיך, נעמט אים אָן פאַרן הענטל, ציט אים צו צו זיך און, קוקנדיק אף ווײַסן, ענטפערט ער:

— דערווײַל ניט...

— און איך בין שוין געזעסן...

— ווען?

— זומער, מיטן טאַטן צוזאַמען.

— דרײַ טעג האָט מען אים אָפּגעהאַלטן, און ער האָט ניט געוויינט, — שטעלט אַרײַן דאָס קלענערע ברודערל פּינקע, אַ יאַטל פון אַ יאָר זיבן.

— מאַלאַדיעץ! — די אַרבעטער גלעטן דאַדיקס קעפּל. — זאָלסט קיינמאָל ניט וויינען...

די מוטער האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ ווינקל און שטילערהייט געווישט די אויגן.

— הער אויף, מאַמע, — לויפט צו איר צו דאַדיק, — ס'איז ניט שיין. דער טאַטע האָט דאָרטן אויך ניט געוויינט...

די אַרבעטער האָבן זיך דערפילט אַ ביסל ניט גוט.

— מאַדאַם ביילים, — ווענדט זיך צו איר קאָסטענקאָ, — מיר זײַנען געקומען צו אײַך אין נאָמען פון אַ גאַנצן קאָלעקטיוו מענטשן. עפּשער האָט איר געלייענט אין די בלעטער, אַז געדלערנטע, אַרטיסטן, שרײַבער שטעלן זיך אײַן פאַר אײַער מאַן, דאַרפט איר זיך האַלטן שטאַרק. טימקע, זאָג דו עפּעס, — טוט קאָסטענקאָ ווידער אַ ווונק צום כאַווער, — דיך וועט זי בעסער פאַרשטיין.

— די מאַדאַם ביילים פאַרשטייט דיך אויך גוט, עמעס? ווי רופט מען דײַן מאַמע? — פרעגט טימקע בא דאַדיקן.

אַלע קינדער רופן זיך אָפּ אין איין קאָל:

— עסטער!

— איר דאַרפט זײַן שטאַרק, עסטער. מיר זײַנען מיט אײַך און וועלן אײַך ניט פאַרלאָזן.

בייס טימקע ווײַס האָט גערעדט צו בייליסעס פרוי, איז קאָסטענקאָ צוגעגאַנגען צו איינעם פון די גלעגערס און אַפּגיך אַרונטערגעלייגט עפּעס אונטער דער קאָלדרע...

דאַדיק האָט עס באַמערקט און געשוויגן.

— איר ווייסט ניט, ווען וועט מען אַרויסלאָזן מײַן מענדלען? — פרעגט פּלוצעם די פרוי בא ווײַסן.

— אינגיכן, גאָר אינגיכן, איר מעגט זײַן רויִק.

— קיין מישפּעט וועט ניט זײַן איבער אים? איר האָט ניט געהערט?

— מיר מיינען, אַז ניין. און ווײַטער... זיכער קאָן מען ניט זײַן, — זאָגט ווײַס.

— וואָס וועט איר פאַרט זאָגן גוטס, יונגעלײַט? — איז סאַפּקאָלסאָף געקומען די נאַטירלעכע פראַגע.

— מיר... מיר... האָבן אײַך שוין געזאָגט, מיר זײַנען אַרבעטער... דאָרטן, אונטער דער קאָלדרע... האָבן מיר אוועקגעלייגט... מע שיקט עס אײַך פון גאַנצן האַרצן. איר זאָלט בא זיך ניט אַראָפּפאַלן... זײַט שטאַרק בא זיך, — קאָסטענקאָ ווייסט ניט, ווי פינקטלעכער זיך אויסדריקן. ער פאַרענדיקט: — די בעסטע מענטשן פון רוסלאַנד זײַנען מיט אײַך.

— איך דאַנק אײַך זייער, דעריקער פאַר פרײַנטשאַפט. מיר פאַרשפּאַרן זיך דאָ, ווי נאָר עס ווערט נאַכט, ווײַל טשעבעריאַטשקע רייצט אָן אָף אונדז הינט. נאָך דער אַרבעט איז אין הויף פּוסט, ווי אין אַ מידבער, פאַרשפּאַר איך זיך דאָ מיט די קינדער.

— אויך די שכיינים טשעפּען אײַך? — וויל וויסן טימקע.

— ניין, זיי טשעפּען ניט, אָבער ס'איז שרעקלעך, איר דאַרפט אַליין פאַרשטיין.

— מיר וועלן נאָך צו אײַך אַרײַנקומען, — זאָגט גוטמוטיק קאָסטענקאָ, און די אַרבעטער געזעגענען זיך מיט עסטערן און מיט די קינדער.

## נאָכן אופרוף

די עלטערן האָבן ניט געוואָלט ליידן, וואָס בא יאַקאָוון קומען זיך צונויף סטודענטן און אַפילע איינער אַזאַ, וואָס האָט קיין שום שײַכעס ניט צו די סטודענטן.

— ווער איז ער, אָט דער מיט דער בלאָנדער היטשקע? — האָט זיך אינטערעסירט די מוטער.

— וואָס פאַר אַ היטשקע, מאַמע? — איז יאַקאָוו ניט צופרידן.

— נו, מיט די בלאָנדע האָר און מיט דער קורנאָסער נאָז.

— בא וועמען איז אַ קורנאָסע נאָז, מאַמע?

— נו, אָט דער מיטן היטעלע פון אַ מאַראָזשעניק.

— מאַמע, דאָס איז דאָך אַן אַרבעטער, אַן אָרנטלעכער און אַ פײַנער מענטש.

— אַ צאַדיק אין פּעלץ. ווי קומט ער צו דיר און צו דײַנע סטודענטן?

— ער איז מיר טײַערער, מאַמע, ווי צען סטודענטן.

— אײַ, יאשקעלע, זע נאַר, זאָלסט מיר ניט װערן קײן סטרוקציִאָנער און מע זאָל דיך ניט מעשאַלײעך זײַן אהין, װו דער שװאַרצער פּעפּער װאַקסט.

— שװאַרצער פּעפּער, װײַסער פּעפּער!.. װאָס װילסטו, מאמע?

— װאָס איך װיל?.. װאָס זאָל װעלן א מאמע פון אירע קינדער? — דאָס גוידערל בלאָזט זיך בא איר אָן, זי רעדט גאַדלעסדיק: — איך װיל פון מײַנע קינדער, זײ זאָלן װערן לײַטישע מענטשן. און אז דו ברענגסט צו מיר אין שטוב ארײַן אזא פּאַרשױן, האָב איך מוירע, ער זאָל דיך ניט פּאַרפירן. געװנג שױן, װאָס דו גײסט אָף דײַנע סטודענטישע סכאָדקעס. מײלע, דאָרטן הער איך ניט, װאָס דו טײַנעסט. אָבער דאָ הער איך, װי דו שרײַסט אלעמען איבער, און אָט דער קורנאָסע מיטן היטעלע פון א מאַראָזשעניק לערנט מיט דיר באַלעק. װער איז ער בא אײַך, װאָס ער רעדט מערער פון אלע?

— זאָל דיך ניט ארן, מאמע.

— נו, און װער איז דאָס מײדל?

— א קורסיסטקע. אויך א סטודענטקע.

— אזוי גאָר. דער טאטע זאָגט, ס'איז די טאָכטער פונעם סודעבני טשלען פּאַלאטי, ס'איז עמעס?

— איך װײס ניט, מאמע, װער איר טאטע איז.

— װער זשע איז זי, אָט די באַרישניע, װאָס האָט פּאַרבלאָנדזשעט צװישן אזױפיל קאַװאַלערן?

— א פּײַנע, גאָר א פּײַנע, מיט א לויטערן קאָפּ...

— אויך א סאָציִאַליסטקע, װי דו? אײַ, זון מײַנער, זע נאַר, מע זאָל דיך ניט אויסשליסן פונעם אוניװערסיטעט.

— האָב קײן יעסורים ניט, מאמע.

— עס װאָלט מיך ניט געאַרט, אז יעסורים זאָל האָבן דער טאטע פון דער קורסיסטקע, װאָס קומט צו דיר און האַלט רעדעס. גװאַלד, װאָס רעדט איר אזױפיל און װאָס שפּאַרט איר זיך שאָענלאַנג? זאָג מיר, זונעניו, דערפון, װאָס איר װעט לאַנג רײדן, װעט זיך דען ענדערן די װעלט?

— איך װײס ניט, מאמע, װאָס צו ענטפערן דיר דערויף. ס'איז א קלאָץ־קאַשע, װי דער זײדע, דײַן טאטע, פלעגט זאָגן.

— צי װײסטו, אז דײַן טאטן האָט מען נעכטן שױן װידעראַמאָל גערופן אין גימנאַזיע צום אינספּעקטאָר און אלץ װעגן ניומען?

— װאָס איז שױן װידער?

— עפּעס א געשיכטע מיט אן אופרוף, װאָס ער האָט פּאַרגעלײענט פאַר די גימנאַזיסטן. װאָס שמײכלסטו? איך זע, אז דו װײסט, װעגן װאָס איך רײד. װאָס קנײטשסטו מיט די אַקסלען? אז דו שמײכלסט, קומט אויס, אז דו װײסט גאַרניט. און עפּשער מאַכסטו זיך, יאשקעלע?

— אײַ, מאמע, לאָז מיך אָפּ, מע װאַרט אָף מיר.

— מיסטאמע װידער די קורסיסטקע און דער בלאָנדער ארבעטער מיטן היטשקעלע?

— דו הערסט אונטער, מאמע... ס'איז ניט שײן פון דײַן זײַט.

— און דו װאָלסט א באַלן געװען, זאָלסט ברענגען צו מיר אין שטוב ארײַן א קורסיסטקע מיט ארבעטער, מיט סטודענטן און איך זאָל אפילע קײן קוק ניט טאָן אָף זײ? דערויף בין איך דאָך א מאמע! דער טאטע דײַנער פּאַרשפּאַרט זיך אין קאַבינעט מיטן טשלען, סודא, מיט דאַ־מאָטשקעס, און איך זאָל זיך נאָר פּאַרנעמען מיט קיך־זאַכן... איך װיל אויך װיסן, װאָס עס טוט זיך אָף דער װעלט. מײנסט, איך װײס ניט װעגן דעם אומגליק מיט בײליסן? איך װײס אלצדינג. איך װײס, אז מע מוטשעט אומזיסט און אומנישט אן אומגליקלעכן מענטשן, און די באַסיאַטש־קע — װערע טשעבעריאַטשקע — גײט ארום אָף דער פרײַ, כאָטש זי איז די עמעסע מערדערן פון אַנדריושע יושטשינסקי.

— אוי, מאמע, ביסטו דאָך טאַקע א גאַנצע װײסערקע...

— װאַרט אויס, כאַפּ ניט. מײנסט, כ'האָב ניט געהערט, װי דער מיטן היטשקעלע...

— װידער — דער מיטן היטשקעלע... װי שעמסטו זיך ניט, מאמע?

— נו, זאָל זײַן דער, װאָס מיט די בלאָנדע האָר. דער ארבעטער דײַנער... װי ער האָט גע־טײַנעט, אז מע דאַרף זײַן גליקלעך, װאָס קאָראָלענקאָ... ער מײנט, מיסטאמע, דעם שרײַבער...

— דאָס האָסטו אויך געהערט, מאמע?

— װאָס זשע, איך האָב קײן אויערן ניט?

— װאָס האָסטו אזוינס געהערט?.. — שמײכלט דער זון גוטמוטיק.

— אז איר זײַט גליקלעך, װאָס קאָראָלענקאָ האָט אָפּגעדרוקט א פּראָקלאַמאַציע צו אלע

רוסישע מענטשן וועגן דעם, אז די ייִדן זײַנען אומשולדיק... און אַלע פּעטערבורגער בלעטער האָבן אויך אָפּגעדרוקט די דאָזיקע פּראָקלאַמאַציע...

— ניט נאָר די פּעטערבורגער בלעטער, נאָר אויך די מאָסקווער, קיִעווער, אָדעסער, כאַר־קאָווער... אין גאַנץ רוסלאַנד האָט מען דאָס אָפּגעדרוקט.

אין פֿאַרשיידענע קרײַזן פֿון דער רוסלענדישער געזעלשאַפֿט האָט מען אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים אויפֿגענומען דעם אופֿרוף. נאַטירלעך, אַז די פּורישקעוויטשעס מיט די גאָלוביאָווס האָבן געוואָלט צונישט מאַכן די באַדײַטונג פֿון אָט דעם דאָקומענט, וואָס האָט גערופֿן אַלע אָרנטלעכע מענטשן צו פֿאַרשטעמפּלען דעם אַלילאָס־דאַם. אָט די שוואַרצע קױכעס האָבן אין זייערע בלעטער, ווי „רוסקאָיע זנאַמיא", „נאָוואָיע וורעמיא", „זעמשטשינאַ", „דוווגלאַווי אָריאָל", און אַנדערע אויסגעגאָסן זייער צאָרן אויפֿן קאָפּ פֿון וולאַדימיר קאָראָלענקאָ, געוואָלט פֿאַרפֿלעקן דאָס געוויסן פֿונעם רוסישן פֿאָלק, וועמעס ווילן דער שרײַבער האָט אויסגעדריקט. און ער, קאָראָלענקאָ, איז רויִק געזעסן אין פּאָלטאַווע און פֿאַרגעזעצט שרײַבן זײַנע דערציילונגען, וועלכע זײַנען, ווי גוטע בסורעס, זיך צעגאַנגען איבער אַלע ווינקעלעך פֿונעם גרויסן לאַנד און געוועקט די הערלעכסטע געפֿילן. ער איז אַרויסגעפֿאָרן קיין פּעטערבורג און, אַלס רעדאַקטאָר פֿונעם זשורנאַל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ", געטאָן זײַן זאַך, געבראַכט אין היכל פֿון ליטעראַטור אַלץ נײַע און נײַע קויכעס, זיי זאָלן מיט זייערע טאַלאַנטן וועקן הויכע געדאַנקען און גוטע געפֿילן באַם אָרנטלעכן רוסישן און ניט־רוסישן פֿאָלקסמענטשן.

א באַשטראַלטער מיט דער שײַן פֿונעם אופֿרוף צו דער רוסישער געזעלשאַפֿט, איז פּעטראָ קאָסטענקאָ געקומען צו זײַנע כאַווירים, וועלכע האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט אין „קלוב פֿון באַ־אַמטע אין די קאָנטאָרן און אינדוסטריִעלע אונטערנעמונגען". אהער האָט מען אויך אײַנגעלאַדן די צוויי אַרבעטער — סעריאָזשען און ניקאָלײַען, וועלכע זײַנען אַנומלטן געזעסן אויף די קלעצער אין זאַוואָד־הויף און געצווייפֿלט, צי ס'איז עמעס דאָס, וואָס דער סטודענט גאָלוביאָוו האָט געפּרעפּלט וועגן האַס צו די אַזויגערופֿענע „אינאָראָדצעס". אהער אין קלוב איז געקומען אויך דער אַרבעטער פֿיאָדאָר גוסיעוו, וועלכער איז שוין צוליב זײַן עלטער ווייניקער אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

איצט האָט גוסיעוו דער ערשטער גענומען דערציילן, וויאַזוי ער האָט פֿריִער מיט א צענדליק יאָר געהאַט דאָס גליק צו באַגעגענען מאַקסים גאָרקין אין איינעם א דאָרף פֿון פּאָלטאַווער גו־בערניע און ווי גאָרקי האָט דערציילט וועגן וולאַדימיר קאָראָלענקאָן.

— וועמען זשע געדענקסטו בעסער, פֿיאָדאָר, — וויצלט זיך סעריאָזשע, — גאָרקין צי קאָראָלענקאָן?

גוסיעוו האָט קרום א קוק געטאָן אויף דעם באָכער. אופֿגעהויבן זיך פֿונעם אָרט, האָט ער אָנגענומען אים פֿאַר די אַקסלען און בייזלעך געזאָגט:

— הער נאָר אויס, דאָס האָסטו דעמלט אויף די קלעצער אַגיטירט פֿאַר גאָלוביאָוון?

— איך, פֿיאָדאָר אַלעקסייעוויטש, — האָט סעריאָזשע געענטפֿערט מיט אַזאַ מילדער האַכ־נאַעדיקײַט און אומגעריכטער צוגעלאָזנקייט, אַז דערפֿון איז באַם אַלטן אָפּגעגאַנגען דער קאַס.

— דאַרפֿסט פֿאַרשטיין, אַז אויב דו ווילסט זײַן א מענטש צווישן מענטשן, טאָר מען אַזוי בייז ניט ריידן.

— זײַ ניט בארויגעז, איך האָב קיינמאָל ניט געהערט וועגן קאָראָלענקאָן און גאָרקין.

— שרײַבער. רוסישע שרײַבער. און ביידע דערציילן וועגן אונדזערע ברידער, וועגן פּויע־רים און פּראָסטע מענטשן.

— און א שרײַבער, — כאַפּט אונטער קאָסטענקאָ, — איז ווי אָן אָנגעצויגענע סטרונע אויף א גוטן פֿידל. מיר דאַרפֿן זיך צוהערן צו די קלאַנגען, וועלכע די דאָזיקע סטרונעס גיבן אַרויס...

— אַהאַ! און גאָלוביאָוו, הייסט עס, גיט אַרויס פֿאַלשע קלאַנגען, פֿיאָדאָר אַלעקסייע־וויטש? — מישט זיך אַרײַן ניקאָלײַ, סעריאָזשעס שטענדיקער כאַווער.

— נײַן! — ווערט גוסיעוו אופֿגערעגט. — גאָלוביאָוו איז קיין שרײַבער ניט, נאָר ער פֿאַר־שפּרייט פֿאַלשע קלאַנגען.

— און דאָס, וואָס ער שרײַבט אין זײַן בלעטל? — פֿרעגט סעריאָזשע.

— ס'איז ניט קיין שרײַבעכץ, ס'איז מייקעכץ פֿון א כוליגאַן, — ווערט גוסיעוו נאָך מער אופֿגערעגט.

— וואַרט צו, פֿיאָדאָר אַלעקסייעוויטש! — צעשמייכלט זיך קאָסטענקאָ. — גאָלוביאָוו מיט זײַן בלעטל דערמאָנען מיר אָן איבערגעשראָקענע שפּין. איר האָט אַמאָל געזען, ווי א שפּין פּלאָנטערט? זי לאָזט אַרויס פֿונעם מויל איר שפּינוועבס, פֿלעכט אויס א נעץ, און אַליין אַנטלויפֿט

זי אין סאמע עק, וואַרטנדיק, ביז עס קומט צו פֿליִען אַ פֿליג און פֿאַרטשעפּעט זיך אין שפּינוועבס. דעמלט איילט אַהין די שפּין, וואָס האָט זיך פֿאַרטייעט אין אַ זייט, און וואַרפֿט זיך אַרויף אויף איר קאָרבן. איר האָט פֿאַרשטאַנען?

קיינער האָט ניט געענטפֿערט.

— וואָס שווייגט איר? איר האָט מיך ניט פֿאַרשטאַנען? — פֿרעגט קאָסטענקאָ.

— פֿאַרשטאַנען... — זאָגט סעריאָזשע אומצופֿרידן. — קומט אויס, אַז איך מיט ניקאָלייען זיינען די פֿליגן...

אַ צופֿרידענער שמייכל האָט באַלויכטן קאָסטענקאָס פּאָנעם.

— און דיין גאָלוביאָוו איז די שפּין. פּראָסט און פּאָשעט! — האָט אויף אַ קאָל זיך צעלאַכט גוסיעוו.

— זייער גוט, — האָט אויסגערופֿן פּעטראָ, — בעסער קאָן ניט זיין.

— און קאָראָלענקאָ? און גאַרקי וואָס? — פֿרעגן איינצייטיק סעריאָזשע און ניקאָליי.

— לאָז מיך, פּעטראָ, זאָגן, — און גוסיעוו נעמט פֿאַמעלעך אויפֿקלערן: — זיי, די שרייבער, זיינען ווי טראַנסמיסיעס אויף אַ מאַשין. איר האָט געזען, ווי אַ טראַנסמיסיע טרייבט די מאַשין? די שרייבער גיבן איבער זייערע געדאַנקען אונדז, די אַרבעטס־מענטשן, און מיר ווערן דערפֿון שענער, בעסער און קליגער. כ׳האָב ריכטיק דערקלערט, פּעטראָ? — דער אַלטער האָט זיך אויסגעגלייכט, ווי ער וואָלט דערפֿילט זיך העכער, שענער און שטאַרקער.

— און וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אויפֿרוף?

— דעם אויפֿרוף, — זאָגט קאָסטענקאָ, — האָט קאָראָלענקאָ אָנגעשריבן. ער האָט אויפֿגע־קלערט די שעדלעכקייט, וואָס עס ברענגען די פּורישקעוויטשעס און די קיִעווער גאָלוביאָווס...

אומגעריכט האָט סעריאָזשע זיך אויפֿגעהויבן און איז צוגעלאָפֿן צו דער טיר, אויפֿגעעפֿנט זי אויף אַ רגע, אַרויסגעקוקט און מיט אַ דערשראָקן פּאָנעם צוגעלאָפֿן צו קאָסטענקאָן:

— פּעטראָ, דאָרט שטייט אַ פֿאַראָאָן...

קאָסטענקאָ איז בלאַס געוואָרן.

— איינער?

— איך ווייס ניט.

— וואָרט... — קאָסטענקאָ טוט אַ ווונק צו טימקע ווייס, ער זאָל אַרויסגיין אַ קוק טאָן. טיפֿער אָנגערוקט דאָס היטל איבערן שטערן, איז טימקע אַראָפּ אַפֿן ערשטן שטאָק. אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער געקומען צוריק.

— צוויי פֿאַראָאָנען... — האָט ער אויסגעעטעמט. — איינער אין אַן אוניפֿאָרם און דער צווייטער — אין אַ ברוינער פּאַלטאָ.

— כאַווײרים, — הייבט אויף קאָסטענקאָ די האַנט, — מיר קלייבן פֿאַנאַנדער דעם שריי־בער קאָראָלענקאָס דערציילונג „אַפֿן טייך“. שטילער!

— איך וויל ניט הערן קאָראָלענקאָס געשיכטע, — זאָגט ניקאָליי.

גוסיעוו האָט מיט אָנגעכמורעטע ברעמען אַ קוק געטאָן אויף אים.

— איז זיץ און שווייג, האַלט זיך ווי אַ מענטש.

סעריאָזשע האָט העפּטיק אַ צי געטאָן ניקאָלייען פֿאַרן אַרבל און גאַנץ ענערגיש געזאָגט:

— פֿאַרשעם מיך ניט, קיריוכאַ, אַניט וועט מען מיינען, מיר זיינען פּאַדלעס...

— זאָל מען מיינען... — טוט ניקאָליי אַ צוק מיט דער האַנט. — מיך אַרט עס ניט.

— און מיך אַרט! — צינדט זיך אָן סעריאָזשע. — מיר זיינען אויך אַזעלכע פּראָלעטאַריער, ווי ער, — ווייזט סעריאָזשע אָן אויף טימקען, — און ווי ער... — טיטשעט ער מיטן פֿינגער אויף קאָסטענקאָן.

ניקאָליי איז אין כּעס געוואָרן, זיך אַ ריס געטאָן פֿונעם אָרט און איז אַרויס פֿון קלוב.

— לייגט ניט קיין אַכט אויף אים, ער איז אַ ווילדער יאַט... — סעריאָזשע קוקט פֿאַרשעמט אויף די בייזוויזנדיקע. — קיין שלעכטס וועט ער קיינעם ניט טאָן, איך קען אים גוט.

אויף דער שוועל באַווייזט זיך אַ גאָראָדאָוואָי אין דער באַגלייטונג פֿון אַ פֿילער.

— מע לייענט געשמאַק, — טוט אַ ווונק דער גאָראָדאָוואָי צום פֿילער. — וואָס לייענט מען? — דורכגייענדיק ווײַלינגעריש איבערן צימער, האָט ער זיך אָנגעבויגן צו קאָסטענקאָן און גענומען דאָס ביכל בײַ אים פֿון דער האַנט, גוט זיך אייַנגעקוקט און אויף אַ קאָל דורכגע־לייענט: — „וולאַדימיר קאָראָלענקאָ“. טשיקאַווע מייסעס? — פֿרעגט ער מיט אַ שמייכעלע.

— יאָ, — ענטפֿערט מען אים, — זעצט זיך צו, וועט איר אויך הערן אַ גוט וואָרט.

— איך בין שוין אַ געלערנטער, — שמייכלט דער גאָראָדאָוואָי, — און דו דאַרפֿסט עס האָבן... — ווייזט ער אויף סעריאָזשען. — דיין פֿאַר איז אַוועק, און דו ביסט דאָ געבליבן.

— יאָ, אייער וווילגעבורט, איך בין געבליבן. מיר איז אינטערעסאַנט צו הערן.

— דיר איז אינטערעסאנט, אוווא! נו, לייענט. וואָס זײַט איר שטיל געבליבן? ווער איז דער דעקלאַמאַטאָר?

— איך, — האָט זיך אָנגערופן פּיאָדאָר גוסיעוו.

— דו?.. — סטאַרטשעט אויס די אויגן דער גאַראַדאָוואָי. — ביסט שוין צו אַלט דערויף.

— יונג, אײַער ווילגעבורט, פאַר דעם בין איך נאָך יונג! — ווײצלט זיך גוסיעוו.

— דו האָסט שוין דײַנס אָפּגעדעקלאַמירט... — ער טוט כיטרע א ווונק: — איך געדענק דיך שוין לאַנגע יאָרן.

— א גוטער זיקאָרן באַ אײַך.

— אוודע א גוטער, פּיאָדאָר גוסיעוו.

— זיצט, אײַער ווילגעבורט, — דערהערט זיך סעריאָזשעס קאָל.

— זע נאָר, אז דיך זאָל מען ניט אוועקזעצן...

סעריאָזשע האָט נעענטער זיך צוגערוקט צו קאָסטענקאָן. דער פּילער דרייט זיך איבערן צימער, קוקט איטלעכן אריין אין די אויגן. ווען ער איז צוגעקומען צו טימקע ווײַס, האָט ער גוט זיך אײַנגעקוקט אין זײַן פּאָנעם, דערנאָך זיך אויסגעקערעוועט צום גאָראָדאָוואָי און געזאָגט:

— דאָס איז ער... אָט דער שוואַרצינקער...

ס׳איז שטיל געוואָרן. דער גאָראָדאָוואָי איז צוגעגאַנגען נעענטער צו טימקען.

— קום מיט אונדז! — האָט ער א וואָרף געטאָן.

— איך וועל אין ערגעץ ניט גיין.

— טו זיך אָן!

טימקע דרייט מיטן קאָפּ אַף ניין: ער וועט ניט גיין.

קאָסטענקאָ, פּיאָדאָר און נאָך אייניקע האָבן ארומגערינגלט טימקען.

— פאַרוואָס ווילט איר אים נעמען, אײַער ווילגעבורט? — האָט געפרעגט א באַכערל מיט אַן אײדל, קימאַט מײדלש פּאָנעם.

— ניט דײַן זאַך...

אומגעריכט האָט טימקע האַסטיק זיך א ריס געטאָן פון אָרט, איז אין איין קעהערעך־אײַן צוגעלאָפן צו דער טיר און ניט געבליבן.

דער גאָראָדאָוואָי מיטן פּילער האָבן פאַרוווּנדערט זיך איבערגעקוקט. באַם פּילער האָבן פון קאַס זיך אָנגעבלאָזן די באַקן, ער האָט אזש א פײַף געטאָן — פּיו־ו־ו!

עמעצער האָט זיך צעלאַכט.

## באַ מיכײַלאָ קאָציובינסקי

אין רעדאַקציע פון „קיִעווסקאיא מיסל“ האָט מען אין דעם ווינטערדיקן זוועררוכע־טאָג ווידער א לויב געטאָן איסײַ כאַדאָשעוון פאַר זײַן ענערגיע און געטרײַשאַפט די אינטערעסן פון דער צײַטונג און אירע לייענער.

ווי נאָר כאַדאָשעוו האָט זיך דערוווּסט, אז קיין קיִעוו איז געקומען דער אוקראַיִנישער שרײַבער מיכאַיִל מיכײַלאָוויטש קאָציובינסקי, איז אים גלײַך אײַנגעפאַלן, אז ער וועט אויך זיכער זיך אונטערשרײַבן אונטער קאָראָלענקאָס אופרוף.

די צײַטונג „קיִעווליאַנין“ האָט מיטגעטיילט, אז קאָציובינסקי, וואָס איז געקומען פון טשערניגאָוו, האָט זיך אָפּגעשטעלט אין האָטעל „ראָסיִא“. כאַדאָשעוו האָט געוווּסט, אז דער שרײַבער פילט זיך די לעצטע צײַט שלעכט אין געזונט. דאָך האָט ער זיך ניט אָפּגעזאָגט פונעם געדאַנק זיך באַגעגענען מיט אים.

קאָציובינסקי פלעגט געוויינלעך ארבעטן באַם שרײַבטיש אין די אינדערפריִעדיקע שאָען, נאָר יענעם פרימאָרגן האָט ער אפילו זיך ניט געקליבן זעצן צום טיש. ער האָט געוואַרט אַפן פּראָפעסאָר סטראַזשעסקאָ, וועלכער האָט צוגעזאָגט צונויפירן אים מיטן פּראָפעסאָר אָבראַזצאָוו. אָט די בײדע מעדיקער האָבן גוט דערלערנט קאָציובינסקיס קרענק.

מע האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. ס׳איז ארײַנגעקומען כאַדאָשעוו.

אין דער מינוט האָט דער ווינט אופגעעפנט די פאַרטקע.

— זײַט אזוי גוט, יונגערמאַן, און מאַכט צו די פאַרטקע, — האָט א זאָג געטאָן קאָציובינסקי און ארופגעצויגן אַף די אקסלען דעם געקעסטלטן פלעד, וואָס איז געלעגן אַפן אָנלען פון זײַן בענקל.

דער זשורנאַליסט האָט צוגעשטעלט דאָס בענקל צום פענצטער און צוגעמאַכט די פאַרטקע.

— איך בין א ביסל פאַרקילט פונעם וועג, — פאַרענטפערט זיך מיכאַיִל מיכײַלאָוויטש און קוטעט זיך אין פלעד.

— אָף קאַפּרי איז איצט געוויס וואַרעמער, — האָט כאַדאַשעוו אַ שמייכל געטאָן.

— יאָ, איך קלײַב זיך אײַנגיכן ווידער אַהין, דאָרטן איז גאָרקי, און לעבן אים איז שטענדיק וואַרעם, — האָט ערנסט געענטפערט קאָציובינסקי. — נאָר שטעלט אײַך פֿאָר, אַז אַפֿילו דאָרטן קומט אויך אַמאָל צוניץ דער פּלעד, מיר האָט אים געשענקט טאַקע אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש. זיצט, מײַן הער.

כאַדאַשעוו האָט גענומען אין האַנט די פֿרישע צײַטונג „קיִעווסקאַיאַ מיסל״, וואָס איז געלעגן אויפֿן טיש, און זיך פֿאָרגעשטעלט:

— איך אַרבעט אין רעדאַקציע פֿון אָט דער צײַטונג.

— זייער ווויל. איך בין אַ שטענדיקער לייענער אירער. אַנטשולדיקט, ווי רופֿט מען אײַך?

— מײַן פֿאַמיליע איז כאַדאַשעוו, מיך קענט איר ניט. איסײַ דאַווידאָוויטש רופֿט מען מיך. מעגלעך, צו פֿרי געקומען...

— פֿאַרוואָס רעדט איר אַזוי אָפּגעריסן, איסײַ דאַווידאָוויטש? איך בין דאָך ניט קיין מיניסטער אָדער עפּעס אַ טשינאָווניק. איך בין אַ ליטעראַטאָר און דערצו ניט פֿון פּעטערבורג, אַפֿילו ניט פֿון מאָסקווע, נאָר פֿון טשערניגאָוו, פֿון דער טיפֿער פּראָווינץ.

— און איך בין פֿון אַ פּראָווינציעלער צײַטונג...

קאָציובינסקי האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון די אַקסלען דעם פּלעד און, ווי ער זאָל האָבן אין עפּעס זיך דערמאָנט, מיט אַ וויכער באַוועגונג פֿון דער האַנט אַ גלעט געטאָן דעם נאַקעטן שאַרבן:

— אַ פּראָווינציעלע צײַטונג, זאָגט איר... און איך געדענק, אַז אין אײַער רעדאַקציע אַרבעטן וואָיטאָלאָווסקי און יאַבלאָנאָווסקי...

— אַנטשולדיקט, מיכאַיִל מיכײַלאָוויטש, וואָס איך שלאָג אײַך איבער. אין אונדזער רעדאַקציע אַרבעט אויך בראַזול־ברושקאָווסקי... ער פֿאַרנעמט זיך פּריוואַט מיט פֿאָרשן דעם איניען וועגן דעם מאָרד איבער יושטשינסקין און האַלט באַם דערווײַזן, אַז דערמאָרדעט דאָס ייִנגל האָט ניט מענדל בייליס, נאָר אַ באַנדע גאַנאָווים באַ דער טשינאָווניצע ווערע טשעבעריאַק אין שטוב.

— דערציילט, דערציילט, ס'איז טשיקאַווע. עפּעס איז געווען וועגן דעם אין דער פּרעסע, אָבער איך וויל וויסן גענויער. ווער איז דער בראַזול־ברושקאָווסקי?

— איך ווייס ניט, צי אַ רוס, צי אַן אוקראַיִנער... — הייבט אָן כאַדאַשעוו.

— ניט וויכטיק, אַבי אַן אָרנטלעכער מענטש.

און דער זשורנאַליסט האָט דערציילט קאָציובינסקין דאָס, וואָס ער אַליין האָט זיך דערוווּסט באַ בראַזול־ברושקאָווסקין, און אויך וועגן דעם, אַז ער איז ניט איין מאָל געווען מיט בראַזולן באַם פּריסטאַוו קראַסאָווסקי. ער האָט מיט אייניצלהײַטן אויסגעמאָלט די מאַלינע אָף לוקיאַנאָווקע.

קאָציובינסקי האָט מיט אינטערעס אויסגעהערט די גאַנצע געשיכטע און צום סאָף אַ זאָג געטאָן:

— איז וואָס האָט אײַך געבראַכט צו מיר אין אַזאַ זאַווערוכע?

ער האָט זיך אופֿגעהויבן פֿון אָרט, געשטאַנען אַ מינוט באַם פֿענצטער און געקוקט אויפֿן שיטנדיקן שניי.

— וואָס מיך האָט געבראַכט צו אײַך?.. איר, מיכאַיִל מיכײַלאָוויטש, האָט געוויס געלייענט אין „רוסקאַיאַ באָגאַטסטוואָ״ און אין אַנדערע ליבעראַלע אויסגאַבעס דעם אופֿרוף צו דער רוסישער געזעלשאַפֿט וועגן דעם בילבל...

— איך ווייס, איך ווייס וועגן דעם, — שלאָגט איבער קאָציובינסקי, — איך האָב געלייענט. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך פֿאַרייניק זיך צו דעם אופֿרוף און וועל גערן געבן מײַן כסימע.

קאָציובינסקי פֿאַרקלערט זיך אָף אַ ווײַלע און זעצט פֿאָר:

— איך וואָלט אַ באַלן געוועזן, מע זאָל זיך ווענדן אויך צו דער אוקראַיִנישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט. איר פֿאַרשטייט, דער איניען קומט פֿאָר אין קיִעוו, אין אוקראַיִנע, אָבער אין טאָך בײַט זיך דאָ, אייגנטלעך, גאָרניט.

כאַדאָשעוו האָט זיך אַרײַנגעטראַכט אין שרײַבערס ווערטער:

— איך פֿאַרשטיי, וואָס איר מיינט, מיכאַיִל מיכײַלאָוויטש. דרײַסיק מיליאָן אוקראַיִנער — און מע רעכנט זיי אויך פֿאַר „אינאָראָדצעס״, ווי אונדז.

— ווי אײַך? — קאָציובינסקי האָט אופֿגעהויבן זײַנע גוטע, אופֿמערקזאַמע אויגן.

— יאָ, ווי אונדז, ייִדן...

— אַך, יאָ... — טוט דער שרײַבער אַ שמייכל. — פֿאַרשטאַנען, פֿאַרשטאַנען. איר דאַרפֿט וויסן, אַז ניט בלויז איך וועל זיך פֿאַרייניקן צום אופֿרוף, נאָר אויך אַזעלכע בינע־קינסטלער אונדזערע, ווי מאַריִאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ זאַנקאָווצקאַיאַ, מיקאָלאַ קאַרפּאָוויטש סאַדאָווסקי, טאָבילעוויטש און זייערע כאַוויירים.

— ס'א געדאַנק! — טוט זיך א קלאַפּ אין שטערן כאַדאַשעוו. — ווו, אַשטייגער, שפּילט זייער טרופּע היינטיקן טאָג?

— ווערליק מיר איז באַוווּסט, גאַסטראַלירן זיי איצט אין פּעטערבורג, די גאַנצע טרופּע זייערע.

— אין פּעטערבורג?.. — זאָגט ווי צו זיך אַליין דער זשורנאַליסט. — א ביסל ווייט פון אונדז.

— ווען איך בין אַף אייער אָרט און אין אייערע יאָרן, וואָלט דאָס מיך ניט אָפּגעשטעלט. פּעטערבורג איז ווייט? מיטן צוג זייט איר פאַר צוויי מעסלעס אין פּיטער, און... פאַרגעסט ניט, אַז ס'איז זאַנקאָוועצקאַיאַ! מעגלעך, אַז זי איז פאַרטראָגן מיט אירע טעאַטער־איניאַנים און ווייסט אפילע ניט פון אָט דעם בילבל. — קאַציובינסקי איז צוגעגאַנגען צום זשורנאַליסט, פרייַנטלעך אים אַרופגעלייגט די האַנט אַפן אַקסל און צוגעגעבן: — פאָלגט מיך, פאָרט אַראָפּ צו אונדזער זאַנקאָוועצקאַיאַ. זי וועט זיין זייער צופרידן, וואָס מע האָט אין איר ניט פאַרגעסן. און עפּשער האָט זי שוין אויסגעפילט איר בירגער־כוווו?.. מעגלעך, איך ווייס ניט.

דעם זעלבן אָוונט איז כאַדאַשעוו אָפּגעפאָרן קיין פּעטערבורג.

## א נייַער אויספאָרשער

אונטערן דרוק פון דער רוסישער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכער מיינונג האָט די קיִע־ווער געריכט־פּאַלאַטע דעם 21 יון 1912 געמוזט אָפּשאַפן איר באַשטימונג פון יאַנוואַר כוידעש וועגן שטעלן ביילִיסן צום געריכט. זי האָט באַשלאָסן דורכפירן צוגאָב־אויספאָרשונגען. און כאָטש עס איז שוין געווען קלאָר, אַז ביילִיס איז אומשולדיק, האָט מען דאָך געהאַלטן אים אונטער דער וואַך.

ווען עס איז אָנגענומען געוואָרן דער דאָזיקער דער באַשלוס, האָט טשאַפּלינסקי עטוואָס אַראָפּ־געלאָזט די הענט. נאָר אינגיכן האָט ער זיך פאַרשטענדיקט מיטן יוסטיץ־מיניסטער און מיט נייער ענערגיע זיך גענומען צו דער אויספאָרשונג. ס'איז אָבער נייטיק געווען פּאָטער ווערן פון פענענקאָן און צוזוכן אַזאַ אויספאָרשער, וואָס זאָל פירן דעם איניען אין דער געהעריקער ריכטונג.

דער אויסוואַל איז געפאַלן אַף ניקאָליי אַקימאָוויטש מאַשקעוויטשן, וועמען די מאָנאַרכי־סטישע צייטונגען האָבן געהאַלטן פאַר איינעם פון די „ליכטיקסטע קעפּ״. זיי האָבן געגלייבט, אַז מאַשקעוויטש איז דער מענטש, וואָס וועט אויפלייזן דעם סוידעס־קנופּ פונעם יושטשינסקי־מאָרד אַזוי, אַז זייער אויטאָריטעט וועט אויסוואַקסן.

א כאַדאָשים צוויי־דריי, איידער אין דער פּרעסע האָט זיך באַוויזן בראַזול־ברושקאָווסקיס איבעראַשנדיק דעמאַסקירונג־אַרטיקל וועגן טשעבעריאַקס באַנדע, האָט טשאַפּלינסקיס פּראָקו־ראַטור צוגעגרייט נייע באַווייַזן, וואָס האָבן געזאָלט ענדגילטיק פעסטשטעלן ביילִיסעס שולד.

דער הויפּט־איידעס פון די נייע באַווייַזן איז געווען גריגאָרי קירילאָוויטש אָפּאַנאַסענקאָ, וואָס האָט אָפּיציעל זיך גערעכנט אַלס פּאָרזיצער פון איינעם פון די אָפּטיילן פון „סאַיוז רוסקאָוואָ נאַראָדאַ״. ער איז געווען א רייַכער פּורמאַן. בא אים האָט געדינט א היפּשע צאָל פאַרטשיקעס, וועלכע זייַנען געפאָרן מיט זייַנע פערד און פאַעטאָנעס און דערפאַר באַקומען סכירעס. אָפּאַנאַ־סענקאָ האָט שטענדיק צוגעשטעלט פאַר די פּאָגראָם־דעמאָנסטראַציעס צו עטלעכע צענדליק אָנ־טרייבער, וואָס האָבן פאַרמאָגט הייס בלוט, א טונקל באַוווּסטזייַן און געזונטע פויסטן.

אויסערלעך זייַנען די פאַרטשיקעס ענלעך געווען איינער אַפן אַנדערן: זומער האָבן זיי גע־טראָגן אויסגעפּוצטע יוכטאָווע שטיוול מיט אַרייַנגעלאָזטע מייַטקעס און שמאָלע וואָלוועלע פּידזשאַקלעך; ווינטער פלעגן זיי אָף די אַקסלען אַרופציִען קורצע מאַרינאַרקעס אָף שמויסלעך, זיך אַרומבינדן מיט גרינע אָדער רויטע גאַרטלען און אָנשטאָט היטלעך מיט גלאַנציקע דאַשעק־לעך אַרופזעצן אַפן קאָפּ שמויסענע יאַלעמס, פון אונטער וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט היטש־קעלעך, וואָס האָבן געגרייכט ביז די גנייוויִשע אויגן.

צו טשאַפּלינסקין איז אָפּאַנאַסענקאָ געקומען לויט דער רעקאָמענדאַציע פון וולאַדימיר גאָלוביאָוון. ער האָט דערקלערט דעם פּראָקוראָר, אַז ער קאָן צושטעלן וויכטיקע מאַטעריאַלן, וואָס באַווייַזן די שולד פון מענדל ביילִיסן.

דער פּראָקוראָר האָט זיך דערפרייט מיט דעם מענטשן, וואָס האָט פרייַוויליק זיך אינטערע־סירט מיטן מאָרד איבער יושטשינסקין און נעמט זיך אונטער דערווייַזן, אַז דער מאָרד איז אויס־געפילט געוואָרן מיט ספּעציעלע אינסטרומענטן און מיט א ספּעציעלן ציל.

דער באַלעבאָס פון די קיִעווער פּאַרטשיקעס האָט זיך פּאַרופן אַף אַ בריוו פון זײַנעם אַן אָנטרײַבער, וואָס זיצט איצט צוזאַמען מיט ביילי̇סן אין איין קאַמער. אין דעם בריוו שרײַבט מאַיסיי קוליניטש (אַזוי רופט מען דעם פּורמאַן), אַז ביילי̇ס האָט אַליין אין אַלץ זיך מודה געווען.

דער פּראָקוראָר האָט געבעטן אַפּאַנאַסענקאָן אַלץ אויסלייגן אַף פּאַפּיר, עס זאָל בלײַבן אַ דאָקומענט.

ווען קיין קיִעוו איז אַראָפּגעקומען דער נײַער פּעטערבורגער אויספאָרשער פאַר באַזונדערס וויכטיקע איניאַנים — מאַשקעוויטש, האָט טשאַפּלינסקי אים פאָרגעלייגט דורכקאָנטראָלירן די באַווײַזן פון אַפּאַנאַסענקאָ—קוליניטש. מאַשקעוויטש איז צוליב דעם אַוועקגעפאָרן קיין קאַניעוו, ווו עס איז דאַן געזעסן אין טפיסע דער קיִעווער פּאַרטשיק און גאַנעוו מאַיסיי קוליניטש.

אַ הויכער, אַ ברייטביינערדיקער, מיט אַ היפּשן קאָפּ און אָנגעבלאָזענעם גרויסן גוידער, האָט דער אויספאָרשער מאַשקעוויטש אין שאָפּעלן צימער פון קאַניעווער טפיסע זיך באַגעגנט מיט קוליניטשן.

— מאַיסיי קסענאָפאָנטאָוויטש, — האָט מאַשקעוויטש געפּרוווט גלײַך אײַנשטעלן גוטע באַציִונגען מיטן אַפּעריסט, פאָרלייגנדיק אים אַ גוטן פּאַפּיראָס. קוליניטש האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ: ער רייכערט ניט.

— זיצט, קוליניטש. וואָס מאַכט איר עפּעס גוטס און ווי פילט איר זיך?

— ווער זײַט איר? — פרעגט דער אַפּעריסט קאַלטבלוטיק.

— הם... איך בין מאַשקעוויטש.

— אויך אַן אַפּעריסט צי אַ קעשענע־גאַנעוו? — אינטערעסירט זיך קוליניטש.

— הם... מאַשקעוויטש — דער אויספאָרשער פאַר באַזונדערס וויכטיקע איניאַנים, פון פּעטערבורג צוגעשיקט צו אײַך.

— איז וואָס ווילט איר פון מיר? — האָט קוליניטש באַהאַלטן זײַנע אָנגעבראָקנטע אויגן.

— זאָגט מיר, מאַיסיי קסענאָפאָנטאָוויטש, וואָס איז מיט אײַך?

— ס'איז מיר שוין נימעס צו וואַלגערן זיך אין די טפיסעס. איך בענק נאָך מײַנע ריסאַקעס, און ס'ווילט זיך שוין אַדורכטראָגן זיך מיט זיי איבער קרעשטשאַטיק, — ענטפערט דער אַפּעריסט.

— פאַר וואָס זיצט איר? — פרעגט מאַשקעוויטש.

— פאַר אַ פאָדלאָג[1].

— אַ גרויסער?

— נאַרישקײַטן! עטלעכע טויזנטער אין „רוסקי־פראַנצוזסקי" באַנק.

אַ פויזע.

— צוליב וואָס זײַט איר צו מיר אַהער געקומען? — וויל וויסן קוליניטש.

— איך?.. — מאַשקעוויטש בלאָזט אָן דעם גוידער, און אַף זײַן פּאָנעם באַווײַזט זיך אַ ליבלעכע מינע. — זיצט, איר מעגט זיצן, און זײַט רויִק. מיך אינטערעסירט ניט אײַער פאָדלאָג. דאָס איז ניט מײַן זאַך. מיך אינטערעסירט ביילי̇ס, מיט וועלכן איר זײַט געזעסן צוזאַמען אין לוקיאַנאָווקע.

קוליניטש האָט אופגעלעבט.

— ביילי̇ס... יאָ, איך בין מיט אים געזעסן אין איין קאַמער. ער האָט געזאָגט...

מאַשקעוויטש שלעפּט פלינק אַרויס פון זײַן גרויסן פּאָרטפעל אַ בויגן פּאַפּיר און נעמט די פּען אין דער האַנט.

— דערציילט, איך בעט אײַך, און איך וועל אָנשרײַבן אַ פּראָטאָקאָל.

קוליניטש לייגט אַוועק די שווערע האַנט אַפן פּאַפּיר און צעלאַכט זיך:

— אהא, איך ווייס, וואָס איר דאַרפט, הער אויספאָרשער. אָבער איך וועל ריידן נאָר דאַן, ווען איר וועט מיך אַרויסלאָזן אַף דער פרײַ.

— מירן דאָס נעמען אין אַכט, מאַיסיי קסענאָפאָנטאָוויטש, — זאָגט מאַשקעוויטש.

— איך וויל נאָך הײַנט, באַלד אַרויס אַף דער פרײַ און מיטן פאָדלאָג זאָל זײַן אויס, — זאָגט ציניש דער פּאַרטשיק. — וועלן מיר דעמאָלט שרײַבן אַ פּראָטאָקאָל.

— צוערשט שרײַבט אונטער... און דערנאָך וועלן מיר זען...

— ניין, צוערשט פילט אויס דאָס, וואָס איר זאָגט צו אַף דערנאָך, — לאַכט קוליניטש.

אָבער באַפרידיקן קוליניטשעס פאָדערונג — גלײַך אים באַפרײַען פון דער טפיסע — האָט דער אויספאָרשער ניט געקאָנט.

---

[1] אַ פעלשונג.

מאשקעוויטש האָט פאַרשטאַנען, אַז זײַן קומען קיין קאַניעוו צו קולינישטשן איז פּריצײַטיק. ער וועט זיך נאָך אומקערן צו אים.

## בראַזול־ברושקאָווסקי — דער העלד פון טאָג

ווי אַ וויכער האָט זיך אַרײַנגעריסן אין שטוב אַרײַן יאַשע ראַטנער.

— וווּ איז ניומע?

— יאָסיף! יאָסיף! — רופט קלאַראַ אָסיפּאָוונאַ דעם מאַן.

דער ציינדאָקטער שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פונעם קאַבינעט.

— זע נאָר, יאָסיף, ווי יאַשע איז צעהיצט.

— וואָס איז געשען? — איז אין עסצימער אַרײַן דער דאָקטער.

יאַשע שלעפּט אַרויס פון קעשענע אַ צונויפגעלייגטע צײַטונג און צעוויקלט זי.

— אָט דאָ איז גענוי באַשריבן די גאַנצע געשיכטע פונעם מאָרד איבער יושטשינסקין. נעמט, לייענט. איי איז דאָס אַ בראַזול־ברושקאָווסקי — אַן עמעסער פינקערטאָן.

— ווי קאָן איך איצט לייענען, אַז דאָרט זיצט אַ פּאַציענט! — ווײַזט דער פאָטער אויף דער טיר פון קאַבינעט. — דערצייל אינקורצן, וואָס איז דאָ אָנגעשריבן.

— יאָ, דערצייל אונדז, וועגן וואָס רעדט זיך דאָרטן.

— וווּ איז ניומע, איך דאַרף האָבן ניומען! — יאַשע זוכט מיט די אויגן אין די שטוב־ווינקלען, גלײַך דער ברודער זאָל זײַן ערגעץ באַהאַלטן.

— זע, ווי ער האַלט דאָס אין איין כאַזערן: ניומע, ניומע. אויף וואָס דאַרפסטו אים? — האָט די מוטער אומצופרידן געטײַנעט. — דערצייל אונדז דערווײַל, וואָס שרײַבט מען אין דער גאַזעטע.

— דאָ איז באַשריבן דער גאַנצער עמעס. וויאַזוי מע האָט אין טשעבעריאַקס הײַזל געקוילעט אַנדריושקען.

— און וואָס וועט זײַן מיט בייליסן? — פרעגט דער ציינדאָקטער. — וויבאַלד אַזוי, דאַרף מען דאָך אים גלײַך אַרויסלאָזן.

— וועט מען אים טאַקע באַפרײַען, וואָס דען מיינט איר? אָבער ניט גלײַך... — און דער סטודענט איז אַרויס פון שטוב.

— יאַשע! — איז די מוטער אים נאָכגעלאָפן אויף די טרעפּ, — יאַשעניו, וווּהין אײַלסטו? ניומע וועט דאָך באַלד קומען... — האָט זי אים נאָכגעשריען, און דערנאָך צו זיך: — אייסעך־וואָס, דולע קינדער באַ מיר... — און זי פאַרמאַכט די טיר. — אַנטלאָפן מיסטאַמע ווידער אויף אַ סכאָדקע... — זי האָט אַ ווונק געטאָן צום מאַן, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ געפּלעפּטער פון דער ידיעה, וואָס יאַשע האָט געבראַכט: — מע וואַרט דאָך אויף דיר...

— מאָרגן דאַרף באַ מיר זײַן יענער פון דער סודעבנע פּאַלאַטע, וועל איך שוין וויסן דעם גאַנצן עמעס, ער וועט מיר דערציילן, — טרייסט זיך יאָסיף און פאַרשווינדט הינטער דער טיר פון זײַן קאַבינעט.

לעאָנטי איוואַנאָוויטש האָט ווירקלעך דערציילט וועגן דעם אַרטיקל, וואָס בראַזול־ברושקאָווסקי האָט אָפּגעדרוקט אין „קיעווסקאַיאַ מיסל“ דעם 31 מײַ 1912, נאָר ניט באַם ציינדאָקטער אין קאַבינעט.

אין די קיעווער געריכט־קרײַזן האָט מען ניט געלייענט אַזעלכע ליבעראַלע צײַטונגען, ווי „קיעווסקאַיאַ מיסל“, ווער שמועסט נאָך, אַז אייניקע האָבן געהאַלטן די צײַטונג פאַר אַ פּראָווינ־ציעלער. אין די דאָזיקע קרײַזן איז מען נויטע געווען צו דער הויפּטשטאָטישער, פּעטערבורגער פּרעסע. די מערהײַט האָט אפילו אָפן געהאַלטן פאַר אַ גוטן טאָן אַרײַנצוקוקן אין אַזעלכע צײַטונגען, וועלכע זײַנען געווען דורכגעזאַפּט מיט מאַנאַרכיסטישע, שוואַרצמייעדיקע אידייען. דעריבער איז קיין כידעש ניט, וואָס סוואָרינס „נאָוואָיע ווּרעמיאַ“ מיט איר פּראָפּאַגאַנדע פון האַס צו רעוואָליוציאָנערן און „אינאָראָדצעס“ איז דאָרט געווען געשעצט און געקרוינט.

דעם טאָג, ווען ס'איז געווען אָפּגעדרוקט בראַזולס מאַטעריאַל, איז אין געריכט־פּאַלאַטע אַ פאַרסאָפּעטער אַרײַנגעלאָפן דער סטודענט וולאַדימיר גאָלוביאָוו און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון טשאַפּלינסקיס קאַבינעט. ניט געטראָפן דעם פּראָקוראָר, איז ער צוגעלאָפן צו דער שכינעס־דיקער טיר און מיט קוראַזש זי צעעפנט:

— טשאַפּלינסקי וווּ איז, גאָספּאָדאַ?

וואַסילי פּאַוולאָוויטש בוקאָווסקי איז מיט שטילע טריט צוגעגאַנגען צו דער טיר און אָנגע־וויזן מיט דער האַנט אין קאָרידאָר:

— אַט דאָ־אָ, הער סטודענט.

— יענער קאַבינעט איז פאַרמאַכט, — האָט גראָב געענטפערט גאָלוביאָוו, — דאָרט איז טשאַפּלינסקי ניטאָ.

— איז וואָס זשע ווילט איר פון אונדז? — רופט זיך שוין אָן שישאָוו.

— איר זאָלט זאָגן, ווו איז דער פּראָקוראָר פון דער פּאַלאַטע.

שישאָוו האָט זיך אופגעשטעלט פון אָרט.

— יונגערמאַן... — האָט ער אָנגעהויבן.

נאָר גאָלוביאָוו האָט ניט געלאָזט ריידן:

— איך בין וולאַדימיר גאָלוביאָוו, — האָט ער געזאָגט, — און ווי איז אײַער פאַמיליע?

— דאָס איז שישאָוו, לעאָנטי איוואַנאָוויטש. זעצט זיך. זײַט אַזוי גוט, וולאַדימיר סטעפּאַנאָוויטש, — האָט זיך ארײַנגעמישט בוקאָווסקי.

— ניטאָ קיין צײַט, הערן ריכטער!

שישאָוו האָט מיט כויזעק־פײַערלעך אין די אויגן געקוקט אף זײַן קאָלעגע און וועגן דעם צעהיצטן סטודענט א קלער געטאָן: „אַט דאָס איז ער, מײַן זונס אָנפירער. מיט עפּעס איז ער ענלעך אף א ווילדן צאַפּ מיט אָנגעבראָכענע הערנער...“

— איר זײַט שישאָוו?.. זייער צופרידן צו באַקאַנען זיך, הער שישאָוו. מיט אײַער זון בין איך פון לאַנג באַקאַנט. מיר זײַנען זייער היימיש. מיסטאָמע האָט ער אײַך געזאָגט.

— עס פרייט מיך זייער, הער סטודענט.

— כ׳האָב ניט געצווייפלט, אַז עס קאָן אײַך פרייען. ער איז בא אײַך אַן אויסגעשפּילטער, אײַער אַנאַטאָלי.

„אַז ער לויבט אים, איז עס שוין א שיינער סימען...“, — האָט א קלער געטאָן שישאָוו.

— וואָס זאָגט איר וועגן די שטינק־באָמבעס, הערן ריכטער? — פרעגט דער סטודענט און צעזעצט זיך ברייט, קוקנדיק אַזעסדיק אף די ריכטער.

— שטינק־באָמבעס?.. — פאַרשטייט ניט בוקאָווסקי. — וואָס איז דאָס?

— נו, די צײַטונגען מיט זייערע היסטערישע געשרייען, מיט זייער וואַיען. — און באַלד עטוואָס העכער: — אַזעלכע, ווי איר, וואָלטן געדאַרפט זאָגן זייער וואָרט וועגן די דאָזיקע צײַטונגען.

גאָלוביאָוו האָט גענומען פון בוקאָווסקיס טיש א ריין בייגעלע פּאַפּיר און פאַרגעזעצט:

— אַט וועל איך אײַך אָנוואַרפן א טעקסט פון א פּראָטעסט, און איר וועט אונטערשרײַבן.

— באַמיט זיך ניט, הער סטודענט, — האָט איראָניש א זאָג געטאָן שישאָוו.

— ניט יעדערער וועט אָנשרײַבן אַזוי, ווי איך, — האָט דער סטודענט גענומען פירן מיט דער פּען איבערן פּאַפּיר.

— כ׳האָב דאָך אײַך געזאָגט, הער סטודענט... — כאַזערט איבער שישאָוו.

שישאָוו איז צוגעלאָפן צו דער טיר, זי אופגעעפנט און פלינק, גאָר ניט לויט זײַנע יאָרן, ארויס אין קאָרידאָר. אין א רעגע ארום האָט ער זיך אומגעקערט און געמאָלדן:

— דער הער פּראָקוראָר איז אָקאָרשט ארײַן צו זיך אין קאַבינעט...

— דער הער טשאַפּלינסקי?

— נו, שרײַבט אליין אָן, הערן ריכטער, — האָט געזאָגט גאָלוביאָוו. צוגערוקט צום סאַמע טיש־ראַנד דאָס פּאַפּיר, אף וועלכן ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן, איז ער ארויס פון צימער.

שישאָוו האָט גענומען דאָס פּאַפּירל פון טיש, עס צעריסן אף פּיצ־פּיצלעך און ארײַנגעוואָרפן, ווי א מיִעסקײַט, אין קויש אונטערן טיש. ער האָט ארויסגעשלעפּט א טיכעלע און אָפּגעווישט די הענט.

פון גאַנצפרי אָן האָבן יינגלעך — צײַטונגס־פאַרקויפער ארומגעשמײַעט איבער די גאַסן, מערק און פּלעצער מיט געשרייען: „הײַנט איז אין דער צײַטונג „קיִעווסקאַיאַ מיסל“ אָפּגעדרוקט א סענסאַציאָנעל אַרטיקל, אַז יושטשינסקיס עמעצע מערדער זײַנען אופגעדעקט“.

ארום צווי אזייגער באַטאָג האָט מען אין רעדאַקציע אָנגעקלונגען פון קיִעווער קרײַז־געריכט. צום טעלעפאָן איז צוגעגאַנגען איסיי כאַדאַשעוו.

— עטלעכע עקזעמפּליאַרן? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— יאָ, ווײַל אין די קיִאָסקן איז אוממעגלעך צו קריגן.

— צי דען באַקומט איר ניט די צײַטונג אין אײַער וועדאָמסטווע? — האָט כאַדאַשעוו זיך געכידעשט. נאָר אף אָט דער פראַגע האָט ער קיין ענטפער ניט באַקומען.

— מענדל! מענדל! — האָט ביילּיסן געוועקט פון שלאָף דער שאָכן.

נאָר מענדל כאַפּט זיך ניט אויף. ער האַלט אָפן דאָס מויל און שרײַט אָף קוילע־קוילעס.

א דערשראָקענער שטייט לעבן אים דער שאָכן, ציט אים פאַר די הענט, פאַר די פיס. מענדל גייט אָפּ מיט שווייס. מיט פאַרציפּעטע ציין און א פאַרשלאָסן מויל שרײַט ער נאָך אַלץ.

דער שאָכן נעמט אָן מענדלען פאַרן העמד, פּרוּווט אים אופהייבן פונעם געלעגער און שרײַט אים אין אויער אַרײַן: „מענדל! כאַפּ זיך אוף!"

מענדל איז געבליבן זיצן אָפן בעטל, מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט.

— וואָס איז מיט דיר, ביילּיס? — פרעגט דער שאָכן.

א צערודערטער קוקט מענדל מיט ווילד־אופגעריסענע אויגן אָפן שאָכן, וואָס ווישט אים אַרום דאָס פּאָנעם און דעם אָנטבלויזטן האַלדז. מענדל אָטעמט שווער.

דער וואַכמאַן קלאַפּט אָן אין טיר. די שלעסער נעמען קלימפּערן. דער שאָכן הערט זיך צו — עס איז שטיל. הייסט עס, די וואַך האָט זיך באַרויִקט.

דאָס טשאַדענדיקע קאָנעצל טוקט זיך אין קויטיקן אייל, ביילּיס וואַרגט זיך מיטן שטיקנדיקן רייעך און פאַרהוסט זיך. פלוצעם האָט זיך דאָס שוואַכע פלעמל א ריס געטאָן אין א זײַט און איז פאַרלאָשן געוואָרן.

— דערצייל, מענדל, וואָס איז מיט דיר געשען? — וויל דער שאָכן וויסן.

— א בייזער כאָלעם, גאַווריל!

— שפּײַ זיך אויס אָף אַלע כאָלוימעס, טשאָלאָוויטשע![1]

— א כאָלעם איז א האַלבער נאָווי, — שעפּטשעט מענדל.

— נאַרישקײַטן, — זאָגט דער שאָכן, — בײַקי![2]

ביילּיס ווישט אויס דעם שווייס און קוקט צום אייגל אין דער טיר.

גאַוורילאָ טוט א מאַך מיט דער האַנט אין דער ריכטונג צו דער טיר, ווי איינער רעדט: שוין, זיי לייגן שוין מער ניט קיין אכט, זײַ רויִק.

אין דער רעגע האָט אופגעשײַנט דאָס עלעקטרישע לעמפּל איבער דער טיר און באַלויכטן די קויטיקע אָפּגעריבענע ווענט פון דער קאַמער. אין אייגל באַווײַזט זיך א דורכדרינגענדיקער בליק. מע קוקט, צי די עלעקטרישע שײַן באַלויכט די גאַנצע קאַמער.

— אַנטקעגן דעם, וואָס דו זאָגסט, מענדל, א כאָלעם. הער אויס, וועל איך דיר דערציילן. — און אַז ביילּיס האָט געמאַכט א באַוועגונג, ווי ער וואָלט אַליין וועלן דערציילן וועגן זײַן כאָלעם, נעמט אים אָן גאַוורילאָ פאַרן אַקסל: — מע דאַרף ניט, מענדל, הער בעסער מיך אויס...

כאָטש ביילּיס איז שוין געזעסן אין טפיסע דעם צווייטן ווינטער, איז אים דאָך שווער געווען אינמיטן נאַכט צו טרעפן, וויפל איז דער זייגער. מע האָט אין דער טפיסע־קאַמער קיינמאָל ניט געפילט די צײַט. וויפל די וואַך האָט ניט געפּאָדערט, מע זאָל באַנאַכט ניט ריידן, האָבן די אַרעסטאַנטן דאָך שטילערהייט געשמועסט, אַנדערש וואָלט מען פון צאַר און פון פּײַן געקאָנט אומקומען.

מענדלס שאָכן האָט גענומען דערציילן:

— ...איך בין דעמלט געווען אין קיִעוו, אין דאָרף זײַנען מײַנע אייגענע געשוואָלן געוואָרן פון הונגער, באַזונדערס האָט מיר געשניטן דאָס האַרץ פאַר מײַן קליינער טעכטערל אַריסקע — א צאַרט אויסגעבלייכט קינד. „טאַטו, — האָט זי געבעטן, — כליבאַ!" נאָר ווו וועל איך איר נעמען א שטיקל ברויט, אַז דאָס דאָרף פוכנעט. און דאָ אין קיִעוו האָט מען מיך ניט געוואָלט נעמען אין זאַוואָד, ווײַל כ׳האָב קיין פּאַספּאָרט ניט געהאַט. האָב איך זיך געוואָלגערט בא מײַנעם א זעמליאַק אָף דעמיִעווקע. כאָלעמט זיך מיר איינמאָל, אַז כ׳האָב געפונען אַן אויצער און אײַנגעקויפט א גאַנצע פור קאָרן. פאָר איך און פיר דעם שווערן וואָגן צו זיך אַהיים, אין דאָרף אַרײַן, און אַנטקעגן לויפן מיר אַרויס אַלע מײַניקע און פון פאָרנט — די קליינינקע אַריסקע מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך. און זי שרײַט: „טאַטו כליבאַ פּריוויז"[3]. איז בא מיר א יאָמטעוו, מענדל, אַן עמעסער יאָמטעוו, קאָנסט אַליין פאַרשטיין... — גאַוורילאָ איז אַנשוויגן געוואָרן.

ביילּיסן האָט זיך געדוכט, אַז זײַן שאָכן איז אײַנגעשלאָפן. עס גייט דורך א מינוט, צוויי, דרײַ — דער שאָכן שווײַגט.

— גאַוורילאָ... — רופט ביילּיס.

---

[1] מענטש; [2] באָבעמײַסעס; [3] דער טאַטע האָט געבראַכט ברויט.

דער שאָכן שווייַגט. די שטילקייט ווערט שטיקנדיקער און ווארגט ביילִיסן. ניט איין מאָל איז ער געזעסן אין קאמער אליין, האָט דאָס אים אזוי געשראָקן און געפּלאָגט, אז ער האָט געבעטן די טפיסע־אדמיניסטראַציע, מע זאָל עמעצן ארײַנזעצן צו אים. אָבער ניט שטענדיק האָט מען זיין באקאָשע באפרידיקט. גאָר ניט לאנג — אינגאנצן א צוויי־דריי וואָכן צוריק — האָט מען צו אים ארײַנגעזעצט אָט דאָס שטילע מענטשעלע... זאָל זיין, ער איז אײַנגעשלאָפן? „גאָורילאָ, גאָורילאָ...‟ — רופט ביילִיס, און זיין שאָכן שווייַגט...

ביילִיס האָט אראָפּגעלאָזט די פיס פונעם בעטל אפן פייַכטן שטיינערנעם דיל. ווי נאָר ער האָט זיך צוגערירט צום שאָכנס אקסל, האָט יענער גלייך פארגעזעצט ריידן:

— זאָג איך דאָך, מענדל, אז נאָך אזא זיסן כאָלעם וואָלטן געדארפט אָנקומען גוטע טעג. ניט עמעס?

— עמעס, עמעס, — באשטעטיקט ביילִיס.

— איז מעגסטו אויסהערן מיין דאָליע. א הונגעריקער, א דערשלאָגענער, האָב איך אפן אנדערן טאָג ארומגעבלאָנדזשעט איבער די פארפוצטע קיִעווער גאסן אָן א גראָשן אין קעשענע, געקוקט אין די שייַנענדיקע רעקלאמעס און אין שיינע פענצטער פון די געבעקס־קראָמען אף קרעשטשאטיק און פונדוקלייעווער גאס. די גאנצע צייַט האָב איך געקלערט וועגן מיין הונגעריקער אָריסקע מיטן אויסגעשטרעקטן הענטל. פון די פענצטער ווינקען צו מיר פרישע ראָגאליקעס מיט מאָן, בולקעס מיט פארפאליעטע בעקלעך, און איך פיל אין מויל זייער טאַם... אך, מענדל, מענדל, האָסט אמאָל געפרווט הונגערן? הערסט, מענדל, דו זאָלסט וויסן, ווי דאָס הארץ פרעסט זיך צונויף, ווען דו דערמאָנסט זיך, אז דו אליין באארבעטסט די ערד... און מיט אזעלכע געדאנקען פארקוק איך זיך אפן קאָרענעם ברויט פון יענער זייט גלאָז אי... ביס יעהאָ זנייעו![1] — ס'האָט מיך א שטויס געטאָן דער ניטגוטער, און איך שטרעק אויס די האנט, צעהאק דאָס גלאָז, כאַפּ ארויס א קוילעטש און לויף, און לויף, און לויף... — גאָורילאָ רייַסט איבער זיין דערציילונג.

ביילִיס הערט, ווי זיין שאָכן אָטעמט שווער, זאָגט ער אים גאָרניט, ער ווארט צו א ביסל, ביז יענער וועט אליין פארענדיקן.

— ...און אזוי בין איך פארלאָפן אזש אין לוקיאַנאָווקער טפיסע, דאָס הייסט — מע האָט מיך אײַנגעזעצט... — און נאָך א קליינער שווערער פויזע: — אָט האָסטו דיר א כאָלעם, א זיסן כאָלעם!.. שפּיַי זיך אויס, מענדל, אף כאַלוימעס... — פארענדיקט גאָורילאָ און צעלאַכט זיך אליין מיט א שטיקנדיק געלעכטער, פארהוסט זיך אזוי, אז ער קאָן זיך ניט אָפּשטעלן. ער קאָכיקעט און קאָכיקעט, ביז ער שפּייַט אויס א שטיק בלוט.

— ווידער?! — זאָגט צו זיך אליין ביילִיס. — וואָס טוט מען מיט דיר, גאָורילאָ! האָסט אליין אף זיך קיין ראַכמאָנעס ניט. דארפסט שווייַגן, ווייניקער ריידן, און דו רעדסט און רעדסט... — ביילִיס דערפילט גאָורילאָס אויסגעשטרעקטע האנט.

— סייַווי וועל איך שטארבן, מענדל. אז דו וועסט זיך באפרייַען — דו וועסט זיך זיכער באפרייַען, — זאָלסטו צופאָרן אין מיין דארף ווטשערייַשע, ס'איז ניט ווייַט פונדאנען, און זיך זען מיט מיין אָריסקען, מיט אלע מייַניקע...

פון יעסורים איז ביילִיס צוגעפאלן צו דער טיר און גענומען קלאפן מיט ביידע פויסטן:

— בלוט, בלוט אפן דיל!..

דער וואכמאן האָט געכאפּט א קוק אין אייגל און געוואָרנט שטרענג:

— שטיל זאָל זיין! איר האָט זיך פארבענקט נאָכן קארצער?

א צעבראָכענער און א דערשלאָגענער זעצט זיך ביילִיס צוריק אוועק אפן בעטל, נעמט אָן זיין שאָכנס אָפּגעשוואכטע האנט און אָן ווערטער, בלויז מיט א דרוק, טרייסט ער דעם אומגליקלעכן.

ווען עס איז געקומען דער אינדערפרי און דער ווינטערדיקער פארכמארעטער טאָג האָט פון אונטער די טונקעלע פידאשיקעס דורך די פארגראַטעטע פענצטער ארייַנגעגליטשט עטלעכע בלייכע טאָג־שטראַלכלעך, האָט דער שווינדזוכטיקער גאָורילאָ דאָצענקאָ פונעם דאָרף ווטשערייַשע געוואָלט ווידער דערציילן די געשיכטע פון זיין קליינינקער אָריסקע, נאָך וועלכער ער בענקט אזוי, נאָר ביילִיס האָט אף אן איידעלן אויפן אייַנגערעדט גאָורילאָן, ער זאָל שווייַגן.

— און כוץ דעם, — ער האָט אָנגעוויזן אף דער טיר, — לאָזט מען אונדז ניט ארויס פון אויג.

שפּעטער, נאָך דער פרימאָרגנדיקער באלאַנדע[2], וואָס איז הייַנט דערלאנגט געוואָרן א ביסל פריִער, ווי שטענדיק, האָט מען אומגעריכט ארייַנגעלאָזט אין קאמער דעם פאריקמאכער

[1] דער רוצח ווייסט אים! [2] א מין סופּ, א טפיסע־געקעכץ.

אין דער באַגלייטונג פון אַ נאַדזיראַטעל. קימאַט מיט גוואַלד האָט ער אָפּגעשוירן גאַוורילאַ דאָ־צענקאָן און ריין אָפּגעגאָלט, גאָר ניט ווי שטענדיק. ביילים האָט ניט געוואָלט זיך גאָלן, בעשום־אופן ניט געלאָזט. האָט מען אַרײַנגערופן דעם געהילף־שעף פון טפיסע, וועלכער האָט באַפוילן, אַז אויב ניט גאָלן, זאָל מען דעם ייִדן מיט דער שוואַרצער באָרד אַרומשערן און אַזוי אַרומפּוצן, ער זאָל ניט אויסזען, ווי... אַ בער, וואָס ציגײַנער פירן אַרום איבער די הויפן.

ווען דער געהילף־שעף איז אַוועק, האָט דער פאַריקמאַכער אײַנגערוימט ביילים אָפן אויער:

— וואַרט אויף געסט... — מער האָט ער גאָרנישט ניט געזאָגט.

ביילים האָט געמיינט, אַז דאָס וועט מען אים געבן אַ „סווידאַניע" מיטן ווײַב אָדער מיט זײַנעם אַ פאַרטיידיקער. דעריבער איז ער שוין די נאַכט ניט געשלאָפן, געלעגן מיט אָפענע אויגן, פאַרזונקען אין מאַכשאָוועס. אַן אַרעסטירטער באַדאַרף מער ניט: האָט ער זיך עפּעס אַרײַנגענומען אין קאָפּ, רוידעפט אים דער געדאַנק און פּלאָגט אים: איז טאַקע מעגלעך, אַז ער וועט זיך זען מיטן ווײַב, זיך דערוויסן עפּעס וועגן די קינדערלעך און וועגן ברודער... עפּשער?.. עפּשער איז עפּעס געשען? עפּשער וועט אינגיכן זיך אָנהייבן דער געריכט?

ביילים איז לאַנג געלעגן מיט אָפענע אויגן און געציילט די מעסלעסן, זינט מ'האָט אים צוגענומען פון דער היים, צעשיידט מיט ווײַב און קינדער, געלאָזט אָן שײַן, אָן לופט, אָן לעבן...

פאַר מענדלס אויגן שטייט אויף דאָס געשטאַלט פון דעם געשוווירענעם אַדוואָקאַט גריגאָראָ־וויטש־באַרסקי — זײַן צוקינפטיקן פאַרטיידיקער, וועלכער איז באַ אים אַנומלטן געווען. יענער האָט אים דערציילט און אויפגעקלערט, אַז די רעכטע אָרגאַניזאַציע, די „סאָיוזניקעס", ווילן שאַפן אַן אַליליאָס־דאַם אָפן גאַנצן ייִדישן פאָלק, האָט מען אים, מענדל טעוועליעוו ביילים, אויסגע־קליבן אַלס קאָרבן. כאָטש אַ נאַדזיראַטעל האָט דעמלט באַגלייט דעם פאַרטיידיקער גריגאָראָ־וויטש־באַרסקי צו ביילים אין קאַמער, האָט דער אַדוואָקאַט דאָך זייער קונציק און פאַרשטעלט אויפגעדעקט פאַרן אַרעסטירטן די גאַנצע מיִעסע געשיכטע אַרום זײַן צוקינפטיקן פּראָצעס.

ווען דער אַדוואָקאַט איז אַוועק און מענדל האָט געגומען צעקײַען, וואָס גריגאָראָוויטש־באַרסקי האָט אים דערקלערט, האָט ער אין די ערשטע מינוטן שטאַרק זיך געערגערט, פאַרשטאַ־נען, אַז דער איניען איז אַן ערנסטער און געפערלעכער. עס שמעקט מיט סיביר און קאַטאָרגע. און, ווער ווייסט, עפּשער גאָר מיט טליִע. הענט און פיס זײַנען אים פאַרקילט געוואָרן: ער האָט געפּרוווט מאַכן עטלעכע שפּאַן איבער דער קאַמער — ער קאָן ניט. געוואָלט אויסשטרעקן די הענט — עס לאָזט זיך ניט. שוין זשע געליימט געוואָרן? מענאַכעם־מענדל בערעב טעוויע! וואָס איז מיט דיר? דוכט זיך, קיינמאָל ניט געווען קיין פּאַכדן, קיין מעלופן־קינד...

האָט ער זיך אַ הייב געטאָן פונעם אָרט און האַסטיק אַרויסגעוואָרפן די הענט פאָרויס, אויפ־געהויבן איין פוס, דעם צווייטן — די הענט דינען, ווי פריִער, די פיס באַוועגן זיך, דער קאָפּ דענקט, דאָס האַרץ קלאַפּט, ער לעבט, מענדל, ער וועט אַלץ איבערלעבן! ער וועט אַריבערשפּאַ־נען איבערן וויסטן אָפּגרונט פון זײַנע צאָרעס! נאָר מוט, מענדל! ניט אומזיסט זאָגט אַן אַלט פאָלקס־ווערטל: מוט פאַרלוירן — אַלץ פאַרלוירן.

מיט אַזעלכע געדאַנקען איז פאַרפלויגן דאָס פיסנע און פײַנפולע טפיסע־לעבן פון דעם אומ־שולדיקן אַרעסטאַנט, וואָס זיצט הינטער די צען שלעסער אין לוקיאַנאָווקער טפיסע. און די העכסטע יוסטיץ־ און געריכט־באַאַמטע פון רוסלאַנד האָבן אַלץ זיך געבראָכן די מויכעס, ווי זאָל מען גיכער איבערגעבן אים צום געריכט און פאַרמישפּעטן.

דערווײַל האָט ביילים זיך דערוואַרט אויף אַ באַזוך צו אים אין קאַמער. דאָס איז געווען אין איינעם פון די ווינטערדיקע טעג אין סאַמע אָנהייב פון 1913. די צען שלעסער האָבן זיך צע־עפנט, זיי זײַנען אַראָפּגעפאַלן. אין אַזעלכע רעגעס ווערט מענדל בלאַס, דאָס האַרץ לאָזט זיך אַראָפּ ערגעץ נעענטער צו די פיס, און עס דוכט זיך אים אויס, אַז אָט־אָט שטעלט זיך עס אָפּ. דער אָטעם פליט פאַרעטעריש אַרויס פונעם גוף, אין די אויגן ווערט פינצטער, ווי ער זאָל האָבן אַרײַנגעפאַלן טיף אונטער דער ערד, ווו עס הערשט בלויז איין פאַרב פון אַלע פאַרבן אין דער וועלט — שוואַרץ. דעם פאַרכאַלעשטן ביילים טאַרעט דער נאַדזיראַטעל און שטעלט אים אויף די פיס.

— אָט דאָס איז דער פויגל? — דערטראָגט זיך צו ביילים'ס אויער און צום אופגעוואַכטן מויעך אַ קאָל פון אַ פרוי.

ער דערזעט פאַר זיך באַ דער שײַן פון אַ ספּעציעל אַרײַנגעדרייטן היפשן עלעקטרישן לאָמפּ אַ גראָטעסקיש אויסגעפּוצטע דאַמע מיט אַן אויפגעבלאָזענעם בוזעם. די אויסגעקעלטע האַנט האַלט מאַיעסטעטיש אַ לאָרנעט פון העלפאַנדבייך. די אויגן אירע זײַנען פול מיט צוריקגעהאַל־טענעם ראַכמאָנעס, עטוואָס פאַרהוילענער וואַטראָנעס און אַ ווײַט פײַערל פון עקל.

— אָט דאָס איז ביילים, מײַן גאָט!.. שוואַרץ, ווי אַ זשוק! בררר...

דער דאָזיקער „בררר" האָט ביילים אַ שניט געטאָן אין האַרצן. מיטאַמאָל דערפילט ער זיך

שטאַרקער, כאָטש זײַנע פיס האָבן זיך אונטערגעהאַקט. די אויגן גיסן זיך בא אים אָן מיט האַס, פאַראַכטונג און ביטל צו דער אויסגעצאַצקעטער פילאַנטראָפּישער יעפּייפע. ניט ווילנדיק קײַקלט זיך אַראָפּ פון זײַנע ליפּן:

— מאַדאַם... — דער אינסטינקט פון זעלבסטפּאַרהיטונג זאָגט אים אונטער: בעסער שווײַגן.

— צי ווייסטו, ביילים, ווער איז צו דיר געקומען? — פרעגט אײנער פון די באַגלייטער, אָנוויַזנדיק אָף דער דאַמע. — דעם גענעראַל־גובערנאַטאָרס פרוי...

אײנער א מיליטערמאַן מיט פּיל אָרדענס אָף דער ברוסט טרעט אַרויס פאָרויס.

— דו ווייסט, מיסטאַמע, ביילים, אַז אינגיכן ווערט דרײַ הונדערט יאָר, זינט מיט אונדזער פאָטערלאַנד פירט אָן די דינאַסטיע פון די ראָמאַנאָווס. צו אָט דער וויכטיקער דאַטע ווערט אַרויסגעגעבן ווערן אַן אוקאַז פון זײַן מאַיעסטעט אַליין — פון אונדזער גאָסודאַר־אימפּעראַטאָר — וועגן אַמניסטיע פאַר אַלע פאַרברעכער, אויך פאַר די שרעקלעכסטע מערדער און גאַנאָווים. דו, אַלס א גרויסער פאַרברעכער, קאָנסט אַרונטערפאַלן אונטער דער אַמניסטיע. אויב דו וועסט אָנשרײַבן אַפּן נאָמען פון זײַן מאַיעסטעט, דעם גאָסודאַר־אימפּעראַטאָר, א ביטע וועגן באַגנעדיקונג...

א שטילקייט האָט געהערשט אין דער קאַמער און געדריקט אָף ביידע אַרעסטאַנטן. דער מיליטערמאַן, א גרויסער, פּוללײַביקער, מיט גראָוע אונטערגעשווירענע באַקענבאַרדן, האָט זיך אָנגעבויגן און אויפגעהויבן פונעם דיל דאָס טיכעלע, וואָס די דאַמע האָט פאַרלאָרן, און עס דערלאַנגט איר.

— ניין, ניין, — טרייסלט זיך אָפּ די דאַמע, — זי וועט ניט נעמען אין די הענט דאָס אַראָפּגעפאַלענע טיכעלע.

אײנער פון די טשינאָווניקעס, וועלכע האָבן באַגלייט די גענעראַל־גובערנאַטאָרשע, האָט איבערגענומען דאָס טיכעלע און געוואָלט עס אָפּגעבן דעם פויער גאַווריליאַ דאָצענקאָ, נאָר יענער האָט דאָס טיכעלע אַראָפּגעוואָרפן אונטער די פיס און שווער אַרופגעטראָטן מיטן שטיוול.

— אַך, טי נעגאָדיַי![1] — האָט אויסגעשריִען דער טשינאָווניק, און די ליפּן האָבן בא אים גענומען ציטערן.

די דאַמע הייבט אוף דעם לאָרנעט און קערעוועט זיך אויס צום מיליטערמאַן:

— פרעגט אים, פאַר וואָס זיצט ער?

— פאַרוואָס ביסטו אהער אַרײַנגעפאַלן? — האָט ער געפרעגט גאַווריליאַן.

— פאַר א ברויט, אײַער וווילגעבורט...

— פאַר א ברויט? דאָס קאָן ניט זײַן! — שעפּטשען די ליפּן בא דער פרוי. — דאָס איז שוין צו שטרענג, — האָט זי זיך אויסגעקערעוועט צו אירע באַגלייטער.

— שטרענג, גראַפיניע, אָבער גערעכטיק, — קנאַקט אָף דער מיליטערמאַן, גלעטנדיק דערבײַ מיט האַרכאָווע די באַקענבאַרדן. — נו, ביילים, האָסט פאַרשטאַנען, וואָס דו דאַרפסט טאָן? גיט אים פּאַפּיר מיט א פּען, — האָט באַפוילן דער מיליטערמאַן.

— מע דאַרף ניט, הער גענעראַל, — האָט געזאָגט ביילים, — איך וועל ניט שרײַבן קײן שום ביטעס וועגן באַגנעדיקונג. איך בין אומשולדיק און בין איבערצײַגט, אַז מע וועט מיך באַפרײַען. זײַט זיך ניט מאַטריִעד...

— נו, איצט זעט איר! — האָט אַן אופגעקאָכטער געזאָגט דער גענעראַל.

— ניט צו באַגרײַפן! — האָט די דאַמע געקנייטשט מיט די אַקסלען. — א מין קראַפט! — פאַרנומען דעם זוים פונעם לאַנגן שורשענדיקן קלייד, האָט זי זיך געלאָזט צו דער טיר.

(ס אָ ף ק ו מ ט)

---

[1] אויסוואורף.

# דרײַ לידער

(פונעם דיכטערס ליטעראַרישער ירושע)

## בענקשאַפט

כ׳וויל דיך זייער, זייער זען איצט,
כ׳וויל דיך שפּירן, כ׳וויל דיך הערן,
כאָטש מיר זײַנען אָפּגעגרענעצט
מיט א גרענעץ מיט א שווערער.

כ׳טאַפּ די וועגן, ווי א בלינדער,
און איך זע דיך ניט אַצינדער,
נאָר עס סוידען זיך די זאַנגען,
ביסט פאַרבײַ ערשט דורכגעגאַנגען...

פרעג איך בא מײַן האַרץ: ווו ביסטו
און אין וועלכע גערטנער פליסטו?
ענטפערט מיר מײַן האַרץ, אז דאָרטן,
ווו עס הייבט זיך אָן דער גאָרטן.

זוך איך צווישן גרינע בלעטער,
צווישן הויכע קוסטעס כ׳קלעטער.

קומט א הייסער ווינט א גרינגער
און דערציילט, אז דײַנע פינגער
האָבן דײַנע האָר געגלעט דיר
און דײַן בעט מיט פוך געבעט דיר...

קומט די זון איבערן טויער,
רוימט א סאָד מיר אָפּן אויער,
אז זי האָט דיך אומגעאַרעמט,
אז זי האָט דײַן האַרץ דערוואַרעמט...

בין איך ניט קיין ווינט קיין גרינגער,
האָב איך ניט קיין שטראַלן—פינגער,
און עס איז די ערד צעגרענעצט,
אָבער כ׳וויל דיך זייער זען איצט.

1926

## מײַ

קומט אלע יאָר א מײַ א נײַער,
עס הילכט אין בערג זײַן פרישער טראָט,
די ערד שוימט אוף מיט גרינעם פײַער,
וואָס שפּראָצט פון פעלד, פון וואַלד, פון סאָד...

עס טוקט אין פלאַם דער האָריזאָנט זיך,
די זון איז פריילינגדיק צעהעלט,
און וואַרעם ווערט, ווען מע דערמאָנט זיך:
ס׳איז דאָ א מאָסקווע אַף דער וועלט!

און ס׳ווערט דער מײַ אונדז אלע ליבער,
ווען מיר דערמאָנען זיך אין איר,
מיר ווינען רויִק אין די שטיבער,
מיר קאָנען עפענען א טיר.

און אויב די ביקסן אָנגעצילטע
צעפינקלען זיך אין שטאַרקע הענט,
און ס׳טראָגן טאַנקען זיך צעשפּילטע
אין מינסק, אין קיִעוו, אין טאַשקענט —

איז דאָס דער גלויבן און די גרייטקייט,
איז דאָס די קראַפט פון אונדזער דאָר,
איז דאָס די וואַכעדיקע ברייטקייט
פון אונדזער יאָמטעוודיקער וואָר!

דער מײַ, ער ווייסט ניט פון קיין שוועלן,
און קיינער פרעגט גאָר ניט, לעמײַ
די ביימער שטייען אין שינעלן
און גרינען, ווי אליין דער מײַ...

דאָס איז דער גלויבן און די גרייטקייט,
דאָס איז די קראַפט פון אונדזער דאָר,
וואָס האָט די שוואַכקייט און צעצווייטקייט
געשיקט צו אלדי שוואַרצע יאָר!

אַף פלעצער יאָגן זיך און אײַלן,
פאַר שאָלעם און פאַר שלאַכטן גרייט,
דער מײַ, פון אלע ווײַטסטע מײַלן, —
די גאַנצע, ניט־צעדרויבטע פרייד.

1933

# די אַלטע טײַנע

װען זאָלסט צונױפֿנעמען די נאַרישקײַטן דײַנע,
װאָס ביסט באַגאַנגען,
װאָלסטו געװען מיט זײ באַהאַנגען.
זײ װאָלטן דיר געקלעקט
אַף דרײַ מאָל מער, װי דו האָסט אָפּגעלעבט...

פֿונװאַנען האָבן זײ זיך נאָר גענומען,
פֿון װעלכע נעסטן זײַנען זײ געקומען,
פֿון װעלכע קװאַלן האָסטו זײ געשעפּט?

אַז אַלץ, װאָס רינגלט דיך אַרום, איז איבערקלוג
און פֿול מיט כאָכמע, װי אַ קרוג,
און דער פֿאַרשטאַנד
געפֿינט זיך ניט אַף אױבערשטאָקן בלױז, —
אין טיפֿן קעלער פֿון אַ הױז
ער יױרט מיט שפּילנדיקן װײַן באַנאַנד,
געזונט זאָל ער אונדז זײַן, דער ניכטערער פֿאַרשטאַנד...

דו זע, װי קלוג די בינען ציִען זיך צו רױזן,
זײ ציט ניט דער בוריאַן, װאָס װאַקסט אַף יעדן שליאַך...
װי קלוג דער שפּין װעבט זײַנע לופֿטיקע געװעבן,
װי קלוג די מילבן לעבן!
די קאַץ אַפֿילע װײַזט אַזױפֿיל קלוגן כײן אַרױס
אין פֿלינקן יאָגן נאָך דער מױז,
די מױז אַפֿילע, װען זי לױפֿט פֿון איר אַװעק,
אַנטפּלעקט אַזױפֿיל כאָכמע אין איר שרעק...

שױן אָפּגערעדט פֿון מײַנע קלױמערשטיקע פֿרײַנט,
װאָס דאַרפֿן זי בא קײנעם גאָר ניט באָרגן,
אין יעדער קנײטשעלע די „כאָכמע" שײַנט,
פֿאַר יעדן האָבן זײ אַן אַנדער מין גוטמאָרגן
און אַ גוט־יאָר,
זײ װײסן גוט שױן, װאָס מע „טאָר ניט", װאָס מע „טאָר",
פֿאַר יעדן האָבן זײ אַן אַנדער פּאָרל אױגן,
זײ טוען זיך פֿאַר העכערע פֿאַרנױגן,
פֿאַר קלענערע פֿון זײ זײ קאָנען װערן הױך,
זײ װײסן, װעמען ס'קומט דאָס פֿײַער, װעמען ס'קומט דער רױך,
אין יעדערן פֿון זײ די װאָכעדיקע קלוגשאַפֿט לעבט,
האָסטו בא זײ דײַן נאַרישקײַט געשעפּט?

און װידער בלײַבט די אַלטע טײַנע —
פֿונװאַנען נעמען זיך די נאַרישקײַטן דײַנע?

1947

כאַיִם זילבערמאַן

# דער טײַטש פון זעלבסטווירדע

פון סאַמע אײַנדערפרי איז הײַנט אין דער זאַוואָד־פאַרוואַלטונג אַן אײַלעניש. אין פּלאַן־אָפּטײל גרײַלצן אָן אופהער די רעכענונגס־מאַשינעס. די מיטאַרבעטער זײַנען פאַרהאַוועט, קײנער פאַרגינט זיך ניט אַפילע אופהייבן דעם קאָפּ, קעדיי אַ קוק טאָן אַפן זייגער. אין בוכהאַלטעריע איז שטיל, פונקט ווי עס זאָל זײַן אַן אָפּרו־טאָג, כאָטש אַלע מיטאַרבעטער זיצן אָף זייערע ערטער. מע איז פאַרטאָן אין די פּאַפּירן, אין די כעזשבוינעס, ניטאָ קײן צײַט צו פאַרנעמען זיך מיט זײַטיקע זאַכן, דערציילן אַ נײַעם וויץ, כאַפּן אַ קוק אין אַ צײַטונג.

הײַנט פאָרט באָריס מיראָנאָוויטש אין סאָוונאַרכאָז[1], גרייטן אַלע אָפּטײלן מאַטעריאַלן פאַרן דירעקטאָר. באָריס מיראָנאָוויטש וועט האָבן אַ באַגעגעניש מיט די אָנפירער פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג. כאָטש ער האָט שוין אַלע יעדיִעס, פאָדערט ער פונדעסטוועגן, אַז די בוכהאַלטעריע, דער פּלאַן־אָפּטײל און די איבעריקע אָפּטײלן זאָלן אים געבן נײַע און נײַע ציפערן, וועלכע קאָנען זײַן נייטיק צום באַריכט אין סאָוונאַרכאָז.

יעדעס מאָל, ווען באָריס מיראָנאָוויטש פאָרט וועגן זאַוואָד־איניאָנים, איז ער נערוועז און אומגעדולדיק, פון אַ קלײניקײַט רעגט ער זיך אוף. ער בייזערט זיך, און די מיטאַרבעטער ווייסן שוין, אַז אין אַזאַ טאָג איז בעסער, ס'זאָל אין קאָנטאָר זײַן שטיל, די טירן זאָלן ניט קלאַפּן, די טעלעפאָנען — ניט קלינגען.

אינעם טאָג ווען באָריס מיראָנאָוויטש פאָרט אַוועק, קאָן נאָר אײן מענטש פרײַ אַרײַן צו אים אין קאַבינעט. דאָס איז לעאָניד אַפּאָלאָנאָוויטש — דעם דירעקטאָרס סעקרעטאַר. כאָטש עס איז פאַראַן אַ ניט געשריבן געזעץ, אַז בײַ דירעקטאָרן אָדער פאַרוואַלטערס זיצן בײַ די סעקרעטאַר־טישן מיידלעך, און עס איז טאַקע אָנגענעמער, ווען איבערן אופנעם־צימער טראָגט זיך הין און צוריק אַ יעפּאַס־טויאַר מיט אַ הויכער פריזור און אָף שפּילקע־קנאַפּל, — דאָך וואַרפט זיך באָריס מיראָנאָוויטש ניט אונטער דעם דאָזיקן געזעץ. „איך דאַרף האָבן אַ סעקרעטאַר, וואָס זאָל אַרבעטן און פאַרשטיין, וואָס ער טוט! אַ סעקרעטאַר — איז אַן ערנסטער איניען", — זאָגט ער.

לעאָניד אַפּאָלאָנאָוויטש — דאָס איז פונקט דער מענטש, וואָס טויג זיך פאַרן גוסט פונעם דירעקטאָר. ווען לעאָניד אַפּאָלאָנאָוויטש שפּאַנט איבער די צימערן פון דער זאַוואָד־פאַרוואַלטונג, טרייסלען זיך די שויבן, זאָגן די מיטאַרבעטער פון בוכהאַלטעריע, פון טעכנישן אָפּטײל, קאָנטראָל־אָפּטײל און פון די אַנדערע אָפּטײלן. צום דירעקטאָר אָבער אין קאַבינעט שלײַכט ער זיך אַרײַן שטיל, ווי אַ שאָטן, און רעדט נאָך שטילער, ווי אין טעאַטער אין גאַנג פון ספּעקטאַקל. אָף דעם דירעקטאָרס פראַגע, לאָמיר זאָגן, „צי זײַנען צוגעגרייט די טעלעגראַמעס?", ענטפערט לעאָניד אַפּאָלאָנאָוויטש גיך און מיט זיכערקײַט:

— נאָך צוריק מיט אַ שאָ אָפּגעשיקט.

אַזאַ סעקרעטאַר איז טאַקע ניט גרינג צו געפינען.

איצט, גרייטנדיק זיך אין וועג אַרײַן, דריקט באָריס מיראָנאָוויטש אָן די קנאָפּקע. אין טיר דערשײַנט טייקעף לעאָניד אַפּאָלאָנאָוויטש.

— ליאָניע, ווי האַלט עס מיטן בילעט? — פרעגט דער דירעקטאָר.

— אָט דאָ אין קאָנווערט ליגט ער, — ענטפערט דער סעקרעטאַר. — אײַער פּלאַץ אין «ТУ» איז נומער 4, צווייטע ריי, באַם פענצטער. זייער אַ באַקוועם אָרט. דער טשעמאָדאַן ליגט אין מאַשין, וועלכע וואַרט שוין אָף אײַך. אין רענצל האָב איך אַרײַנגעלייגט אַ קלײן פּאַקעטל: אַ שאַכטל שפּראָטן, קעז, וווּרשט און אַנדערע קלײניקײַטן. זײַט פאָרזיכטיק, באָריס מיראָנאָוויטש, זעט, עס זאָל זיך ניט צעברעכן דאָס פלעשל אין פּאַקעטל. איר דאַרפט מיך מער ניט, באָריס מיראָנאָוויטש? יאָ, פאַרגעסט ניט אונטערצושרײַבן דעם באַפעל וועגן פּאַקונג־צעך, אָט ליגט ער אַפן טיש. נו, דוכט זיך, אַלץ! אַפן וועג צום אַעראָדראָם וועט איר פאַרפאָרן אַהיים?

— שטער מיר ניט, ליאָניע, איך בין זייער פאַרנומען.

— אַנטשולדיקט, באָריס מיראָנאָוויטש! — און לעאָניד אַפּאָלאָנאָוויטש שלײַכט זיך אַרויס פון קאַבינעט אַזוי שטיל, ווי ער איז אַרײַן.

פון סאָוונאַרכאָז האָט דער דירעקטאָר אומגעקערט זיך אין אַ גוטער שטימונג. און ער האָט

[1] ראַט פון דער פאָלקסווירטשאַפט.

טאקע געמעגט זײַן צופֿרידן. זײַן פּאָרטראַג האָט מען באַוויליקט, דערלויבט אים שאַפֿן אַ היפּשן פֿאָנד אַף פּרעמיעס פֿאַרן איבערגעשטיגענעם פּלאַן. מע האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אַז וועגן די דערגרייכונגען פֿונעם זאַוואָד וועט וויסן אויך מאָסקווע. צוויי טעג איז באַ באָריס מיראָנאָוויטשן אין קאַבינעט געווען ראַשיק. די מיטאַרבעטער זײַנען געגאַנגען אַהין מיט שײַנענדיקע פּנעמער.

אַפֿן דריטן טאָג איז אין קאַבינעט אַרײַן גאָווריליִן, דער נײַער פּאַרזיצער פֿונעם זאַווקאָם. באָריס מיראָנאָוויטש האָט נאָכאַמאָל גענומען ריידן וועגן די אויפֿגאַבן, וועלכע די הויפּט־פֿאַרוואַלטונג האָט געשטעלט פֿאַרן זאַוואָד. גאָווריליִן האָט פּאַרזיכטיק איבערגעשלאָגן דעם דירעקטאָר אינמיטן די רייד:

— איך בין איצט געקומען וועגן אַן אַנדער איניען. פֿאַרוואָס האָט מען אָפּגעזאָגט פֿון דער אַרבעט מערכערן?

— מערכער? ווער איז דאָס? — האָט זיך אָנגעכמורעט באָריס מיראָנאָוויטש. ער האָט זייער ניט ליב געהאַט, מע זאָל אים איבערשלאָגן די רייד.

— פֿונעם פּאַקונגס־צעך.

— פּאַקונגס־צעך? — באָריס מיראָנאָוויטש האָט מיט צוויי פֿינגער געריבן דעם שטערן, נאָר ער האָט ניט געקאָנט דערמאָנען זיך. מיטאַמאָל האָט ער אַ פֿרעג געטאָן: — און ווער האָט אונטערגעשריבן דעם באַפֿעל?

— דו, פֿאַרשטייט זיך, — האָט געענטפֿערט גאָווריליִן.

— איך? — דער דירעקטאָר האָט אַ ווײַל אַ פֿאַרכידעשטער געשוויגן. דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופֿן: — איך? הייסט עס, דאַרף מען אַזוי.

— פֿאַרוואָס דאַרף מען אַזוי? — האָט געפֿרעגט גאָווריליִן.

— ווײַל איך שרײַב אונטער נאָר באַגרינדעטע באַפֿעלן.

— באַגרינדעטע. דו ווייסט אָבער, אַז אין דעם פֿאַל איז אָפּגעשפּילט געוואָרן אַ מיִעסע אינטריגע? — גאָווריליִן האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טיש און אָנגעשטרענגט געקוקט דעם דירעקטאָר אין פּאָנעם אַרײַן: — מערכער איז אַ הויכקוואַליפֿיצירטער אַרבעטער, מע וועט אים אומעטום נעמען מיט ביידע הענט. מיר קאָנען דאָך אָבער ניט אַראָפּנעמען פֿון דער אַרבעט אַ מענטשן צוליב אַן אינטריגע.

— איך בעט דיך, פּלאָנטער מיך ניט אין אינטריגעס, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט מיט קאַס. — איך זיץ דאָ ניט צוליב דעם, קעדיי גריבלען זיך אין אינטריגעס. ווען איך האָב אונטערגעשריבן דעם באַפֿעל, האָב איך אַלץ באַטראַכט.

— קאָנסט, פֿאַרשטייט זיך, טאָן, ווי דו האַלטסט פֿאַר נייטיק, נאָר מיר וועלן דעם איניען איבערגעבן אין געריכט, — האָט געזאָגט גאָווריליִן און איז אַרויס פֿון קאַבינעט.

— אין געריכט? — האָט באָריס מיראָנאָוויטש נאָכגעזאָגט דעם אַרויסגייענדיקן גאָווריליִן. — דאָס וועלן מיר נאָך זען.

געבליבן אַליין, האָט באָריס מיראָנאָוויטש אַ קוועטש געגעבן די קנאָפּקע. לעאָניד אַפּאַלאָנאָוויטש האָט נאָך ניט באַוויזן איבערטרעטן די שוועל, ווי דער דירעקטאָר, ניט באַהאַלטנדיק זײַן צאָרן, האָט אַ פֿרעג געטאָן:

— ווער איז מערכער?

— ...דער זעלבער, וואָס האַלט אין איין קלאַפּן מיט דער צונג, אַז איר יאָגט זיך נאָכן אויסערלעכן עפֿעקט! אַז איר זעט נאָר די ציפֿער! אויב איר געדענקט, באָריס מיראָנאָוויטש, האָט מען צוריק מיט דרײַ כאָדאָשים אומגעקערט דעם זאַוואָד צוויי קאַסטנס מיט דעטאַלן. זיי זײַנען געווען אַזוי שלעכט פֿאַרפּאַקט, אַז אין וועג זײַנען די קאַסטנס צעפֿאַלן געוואָרן...

— די רעקלאַמאַציע איז דאָך געווען אַף די דעטאַלן, ניט אַף די קאַסטנס, — האָט באַמערקט באָריס מיראָנאָוויטש, און דערבײַ מיט אינערלעכער צופֿרידנקייט אַ פֿרעג געגעבן: — דו געדענקסט זיכער, אַז די קאַסטנס זײַנען געווען שלעכט פֿאַרפּאַקט?

— אוודע געדענק איך, באָריס מיראָנאָוויטש! — האָט דער סעקרעטאָר אָנגעבויגן דעם קאָפּ און צעפֿירט מיט די הענט. — איך האָב אײַך נאָך דעמאָלט געמאָלדן... ערגעץ מוז זײַן וועגן דעם אַ ראַפּאָרט!..

— געפֿין גלײַך דעם ראַפּאָרט! — האָט באַפֿוילן דער דירעקטאָר. — און אַלץ, וואָס איז שײַך צו דעם איניען... גאָווריליִן פֿאָדערט...

— וואָס קאָן פֿאָדערן גאָווריליִן, אַז דער פֿאַבריקער זאַווקאָם האָט אײַער באַפֿעל באַשטעטיקט? — האָט לעאָניד אַפּאַלאָנאָוויטש האַכנאָעדיק געשמייכלט. — און ווידער, ווער קאָן עס אָפּשאַפֿן אײַערע באַפֿעלן? דער דירעקטאָר זײַט איר דאָך, ניט גאָווריליִן!

לעאָניד אַפּאַלאָנאָוויטש האָט געוווּסט דעם סאָד, ווי צו שטילן דעם קאַס פֿונעם דירעקטאָר און אַרײַנפֿירן אים צוריק אין די קיילים.

אין א האלב שאַ ארום האָט מען גיעקלונגען פונעם פאַקונגס־צעך. באַריס מיראַנאָוויטש האָט גענומען דאָס טרײַבל, געדולדיק אויסגעהערט, וואָס מע רעדט צו אים, און לעסאָף געזאָגט:

— איך וואָרף אָפּ די פּרעטענזיעס! אויב עס פעלן אויס פּאַק־אַרבעטער, איז גיט אָן אָנאָנס אין דער צײַטונג. וואָס שײַעך מערכערן, האָט איר געלייענט דעם באַפעל! ער בלײַבט גילטיק.

ער האָט אָוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.

איינמאָל, ס׳איז שוין געווען סאָף טאָג, האָט זיך פּאַרזיכטיק אופגעעפנט די טיר פונעם קאַבינעט און אין סאַמע מיט פון טיר־קאַלעל האָט זיך צעשטראַלט דאָס פּאָנעם פונעם זאַוואָדישן יוריסקאָנסולט לעאָפּאָלד פּאַוולאָוויטש קראַטמאַן.

— אַנטשולדיקט, באַריס מיראַנאָוויטש! איך וויל, אויב איר וועט דערלויבן, אָפּנעמען בא אײַך ניט מער ווי צוויי—דרײַ מינוט! — האָט געזאָגט דער יוריסקאָנסולט.

לעאָפּאָלד פּאַוולאָוויטש האָט דערלאַנגט פון זײַן גרויסן, פולגעפּאַקטן פּאַרטפעל עטלעכע פּאַפּירן, צעלייגט זיי אַקוראַט לעבן זיך אויפן טיש, אַרויסגעכאַפּט פון טאַש א זויבער־ווײַס נאָזטיכל, א דונער געטאָן מיט דער נאָז, צוריק אַראָפּגעלאָזט דאָס נאָזטיכל אין טאַש און צונויפגעלייגט די הענט, ווי אַן עסטראַדע־זינגער:

— דאָ ליגט פאַר אײַך אַן אַרויסרוף אין פאָלקס־געריכט פון צווייטן באַצירק, וווּ עס וועט אויסגעהערט ווערן דער איניען נומער צוויי טויזנט דרײַ הונדערט איין און צוואַנציק לויט דער טוויע פון איינעם א מערכער...

— ער איז באַפרײַט געוואָרן פון דער אַרבעט! — האָט קורץ באַמערקט באַריס מיראַנאָוויטש.

— יאָ, איך ווייס! — האָט אונטערגעכאַפּט לעאָפּאָלד פּאַוולאָוויטש, — אָט איז די קאָפּיע פונעם באַפעל, וואָס איז דורך אײַך אונטערגעשריבן. איך האָב זיך דערלויבט צו באַאומרויקן אײַך, באַריס מיראַנאָוויטש, נאָר קעדיי אויסצוקלאָרן א דעטאַל...

ער האָט אַפּגיך אָנגעהויבן מורמלען, אַרײַנקוקנדיק אין פּאַפּיר, און באַלד גענומען לייענען דײַטלעך: — „פון אזא און אזא טאָג... באַפרײַען מערכערן פונעם פּאַקונגס־צעך לויט דער שטאַטן־פאַרקירצונג!“ איר פאַרשטייט, באַריס מיראַנאָוויטש? אזוי שטייט געשריבן אין באַפעל. אָבער אין דער טוויע, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערן, איז בײַגעלייגט די צײַטונג, אין וועלכער עס איז אָפּגעדרוקט א מעלדונג, אז דער זאַוואָד לאַדט אײַן קוואַליפיצירטע אַרבעטער...

באַריס מיראַנאָוויטש האָט באַטראַכט דעם יוריסקאָנסולט מיט אַן אומרויִקן בליק.

— ...האָט קיין יעסורים ניט, באַריס מיראַנאָוויטש, — האָט פאַרגעזעצט לעאָפּאָלד פּאַוולאָוויטש, — ניט אומזיסט בין איך א יוריסט! איך וועל זיך שוין באַמיִען, אז אַלץ זאָל זײַן אין אָרדענונג. נאָר צוליב דעם איז נייטיק, אז איר, — ער האָט א קער געטאָן דעם קאָפּ צו לעאָניד אַפּאַלאָנאָוויטשן, וואָס איז גראָד אַרײַן אין קאַבינעט, — אז איר, לעאָניד אַפּאַלאָנאָוויטש, זאָלט צוגרייטן א פּאַפּירל, אז די מעלדונג אין צײַטונג איז געגעבן געוואָרן אַלפּי־טאָעס.

אין אָוונט איז דער דירעקטאָר געלעגן בא זיך אין קאַבינעט אויפן דיוואַן. דער זאַוואָד האָט געאַרבעט מיט שנעלע טעמפּן. מע האָט געבויט א נײַעם צעך, רעקאָנסטרויִרט די באַהייצונג־סיסטעם. מאָרגן וועט אין גרעסטן צעך, אין מעכאַנישן, פאָרקומען א פאַרברייטערטע פּראָדוציר־באַראַטונג, און ער, דער דירעקטאָר, איז געלעגן און געטראַכט וועגן דער קומענדיקער זיצונג פונעם פאָלקס־געריכט, אויף וועלכער מע וועט באַטראַכטן די טוויע פונעם פּאַק־אַרבעטער מערכער. ער האָט אײַנגעדרעמלט, די אויגן האָבן זיך געשלאָסן, און ער, באַריס מיראַנאָוויטש, האָט זיך דערזען זיצנדיק אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. רעכטס פון אים, אויף א צווייטער באַנק, זיצט לעאָפּאָלד פּאַוולאָוויטש, שיט מיט ווערטער און נייגט זיך אין אַלע זײַטן, פאַרטיידיקנדיק אים...

באַריס מיראַנאָוויטש צעעפנט די אויגן. עס ווערט אים שטאַרק הייס. פּלוצעם צעעפנט זיך די טיר און פונעם קאָרידאָר רײַסט זיך אַרײַן א לײַכט ווינטל. וויִזט אויס, ערגעץ האָט מען געעפנט א פענצטער.

— איך בין אַרײַן ניט אויף לאַנג! — זאָגט גאַווריליִן נאָך פון דער שוועל. באַריס מיראַנאָוויטש כאַפּט אים אָן פאַר דער האַנט:

— איז וואָס זשע שטייסטו אין טיר, קום אַרײַן! איך האָב געוואָלט אַרבעטן נאָך א פּאָר שאָ, קאָן איך ניט, דער קאָפּ טוט וויי.

גאַווריליִן נעמט אַרויס פון קעשענע א פּאַפּירל, וואָס איז צונויפגעלייגט אײַנפּירען.

— איך וואָלט וועלן, דו זאָלסט איבערלייענען דאָס פּאַפּיר, און אויב דו וועסט געפינען פאַר נייטיק, אונטערשרײַבן עס.

— וואָס איז דאָרט אזוינס? — האָט באַריס מיראַנאָוויטש אָנגעשפּיצט די אויערן און אויסגעשטרעקט די האַנט.

— דערווײַל בלויז א פּאַפּירל, נאָר אויב דו ווּעסט עס אונטערשרײַבן, וועט דאָס ווערן א באַפּעל, — האָט געענטפערט גאַווריליִן.

באַריס מיראָנאָוויטש האָט געמומען לייענען, צוערשט פאַר זיך, נאָכדעם האָט ער א קאָפּ געטאָן פון טיש די ברילן, גלײַך ער וואָלט ניט געגלייבט די אייגענע אויגן, און ווידער אָנגעהויבן לייענען, דאָס מאָל הויך, אַף א קאָל:

„אינעם באַפעל נומער 82 האָב איך דערלאָזט א פּאַרדריסלעכן טאָעס, איבער וועלכן דער קוואַליפיצירטער פּאַק־אַרבעטער ס. מערכער איז אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. אַנטשולדיקנדיק זיך פאַרן כאַווער מערכער, באַפּויל איך אופשטעלן דעם כאַווער אַף דער אַרבעט פון הײַנט אָן, און פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס ער האָט ניט געאַרבעט, אויסצאָלן אים זײַן געהאַלט אַפן כעזשבן פון מײַן אַרבעטסלוין".

באַריס מיראָנאָוויטש האָט געוואָרפן א בייזן בליק אַף גאַווריליִנען. א שלײַדער געטאָן פון זיך דאָס פּאַפּירל, האָט ער א שפּאַן געגעבן צום פאַרזיצער פונעם זאַוועקאָם, ווי קלײַבנדיק זיך וואַרפן אַף אים מיט די פויסטן.

— וואָס הייסט עס? ווי קאָן מען דאָס אָנרופן? — האָט ער א צערייצטער געפרעגט.

גאַווריליִן האָט אופגעהויבן דאָס פּאַפּירל און עס אוועקגעלייגט אַפן טיש.

— שפּײַען זיך אַליין אין פּאָנעם?! — האָט אויסער זיך געשריִען דער דירעקטאָר. — אינגאַנצן פאַרלירן די זעלבסטווירדע?!

— לויט מײַן מיינונג באַטײַט דאָס, פאַרקערט, פאַרהיטן די זעלבסטווירדע, — האָט ווידער רויִק זיך אָנגערופן גאַווריליִן. — האָב נאָר אין זינען, אַז איך וויל דיר קיין זאַך ניט אָנבינדן, איך האָב ניט אַזעלכע רעכט. דו ביסט דער דירעקטאָר פונעם זאַוואָד, איז באַטראַכט זיך גוט און טו, ווי דײַן געוויסן וועט דיר אונטערזאָגן!

— ווי מײַן געוויסן וועט מיר אונטערזאָגן!.. — האָט דער דירעקטאָר מיט ביטל א שמייכל געטאָן. — ווען איך זאָל אונטערשרײַבן אַזא באַפעל, וואָלט דאָך געלאַכט פון מיר קינד און קייט!

ער האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אַף זײַן שטול און צוגעגעבן:

— דו אייצעסט מיר, איך זאָל זיך גוט באַטראַכטן. און דו אַליין האָסט א טראַכט געטאָן, איידער דו ביסט געגאַנגען צו מיר מיט דעם פּאַפּירל?

— געטראַכט, געטראַכט, באַריס מיראָנאָוויטש!

ווערנדיק נאָך מער אופגערעגט, האָט דער דירעקטאָר ניט אופגעהערט צו טײַנען:

— אָנשרײַבן אַזא באַפעל איז דאָך א פּאַשעטער ביזויען!

— א ביזויען איז ניט דאָס! — האָט געזאָגט גאַווריליִן, — א ביזויען איז, וואָס דו האָסט דײַן יוריסקאָנסולט אַרויסגעגעבן א פאַלש פּאַפּירל, אַז דער זאַוואָד האָט געגעבן די מעלדונג אין דער צײַטונג אַלפי־טאָעס, און אַזויאַרום האָסטו געוואָלט אָפּנאַרן דעם געריכט! א ביזויען איז דאָס, וואָס דו האָסט אונטערגעשריבן דעם באַפעל, וועלכן עס האָט דיר אונטערגערוקט לעאָניד אַפּאַלאָנאָוויטש — דײַן באַליבטער סעקרעטאַר!

גאַווריליִן האָט זיך אופגעהויבן, געזאָגט „א גוטע־נאַכט" און איז אַרויס פון קאַבינעט.

אין אַנטקעגנדיקן הויז זײַנען שוין געווען אויסגעלאָשן אַלע פּענצטער. בלויז דער גאַסלאַמטערן האָט זיך געהוידעט אַפן ווינט. באַריס מיראָנאָוויטש איז נאָך אַלץ געזעסן אין פּאָטעל, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אַף די הענט און זיך געוויגט פּאַמעלעך, ווי מיטגעשווומען מיטן שאָטן פונעם לאַמטערן, וואָס האָט זיך געהוידעט אַף דער וואַנט.

„ווי קאָן איך געדענקען אַלע אַרבעטער פון זאַוואָד?.. טויזנט מענטשן. קאָן מען דען אַלעמען געדענקען?.." — האָט ער געמורמלט.

ער האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען לעבן זיך זײַן סעקרעטאַר, לעאָניד אַפּאַלאָנאָוויטשן, וואָס איז, ווי שטענדיק, אַרײַן מיט שטילע טריט. אָפּגעשטעלט זיך הינטער באַריס מיראָנאָוויטשעס שטול און, לויט זײַן שטייגער, אָנגעבויגן זיך, קעדיי אײַנרוימען א סאָד אין אויער... ער קוקט זיך אַרום, צי איז ניטאָ קיין זײַטיקער מענטש, צי וועט עמעצער ניט דערהערן דעם סאָד... ער בייגט זיך אָן איבערן שטול, אָטעמט באַריס מיראָנאָוויטשן גלײַך אין פּאָנעם...

דער דירעקטאָר גיט זיך האַסטיק א הייב אוף פונעם אָרט. עס עקלט פון יענעמס אָטעמען אים אין פּאָנעם... עס ווערט אים איבלדיק פון אָט דעם פּאַרשוין, וואָס איז געבוירן אַף דער וועלט בלויז קעדיי עמעצן אײַנרוימען א סאָד... באַריס מיראָנאָוויטש שטרעקט אויסביידע הענט און וויל מיטן גאַנצן קויעך אָפּשטויסן פון זיך דאָס מענטשל...

נאָר דאָ באַמערקט ער, אַז קיינער איז אין קאַבינעט ניטאָ. עס האָט זיך אים געדרעמלט, דעם דירעקטאָר. ער גייט צו צום טיש און נעמט אַרויס א בייגעלע ריין פּאַפּיר...

ער זיצט לאַנג איבערן פּאַפּיר און שטרענגט אָן אַלע געדאַנקען, קעדיי וואָס בעסער, וואָס ריכטיקער אָנשרײַבן די ערשטע שורע פונעם קינפטיקן באַפעל...





# לידער און באלאדעס



ניין, איך שפּאַס ניט, אַלטער, ניין, איך שפּאַס ניט,
זײַ א דיכטער — דו! און איך — א פּאַסטעך!

גיב מיר אָפּ דײַן דודע מיט די שעפּסן,
נעם די לידער מיט מײַן קיבעד — מיט א שנעפּסל!

לעב אין פּאַלאַץ פון פּאָעזיע, ווו ס'ליגן אויצרעס,
זאָל דײַן ליד אַן אויוועררבאַטל ווי א זאַנג מעלויצען.

כ'וויל ניט קריכן מער ארופצו אין די הימל־בוידעמער,
כ'וויל אָט דאָ, צווישן הויכע גראָזן, פּראָוען מײַן היסבוידעדעס

אָדער ליגן אין א שאָטן, רייכערן דײַן ציבעק,
זײַן, ווי דו, פון פעלדער דער שאַליעך־ציבור.

ווינטער ליגן אפן אויוון, פלעכטן לאַפּטיעס ליקענע,
אַלט זײַן קאַרעוו נײַנציק — פילן זיך א גליקלעכער.

זומער אָף דער פּאַשע זען, ווי בעכיפּאָזנדיק
טראָגט מיר עסטערל די קאַלטע זויערמילך מיט פּאָזעמקעס.

וואָס, דו שמייכלסט, אַלטער? מיינסט, איך בין מעשוגע?
מיינסט, אז גלאַט פון הימל פאַלן אָט די שורעס?

ניין, איך שפּאַס ניט, אַלטער, ניין, איך שפּאַס ניט,
זײַ א דיכטער — דו! און איך — א פּאַסטעך.

## מײַקל... ענדריו... דזשיימס...

צום ראַסיסטישן מאָרד אין מיסיסיפּי

עס קלאַפּן אין טויער פון שטאָט זאַלבעדריט,
צוויי באָכערים — יידן, א נעגער אין מיט.

— היי, עפנט אונדז, מענטשן! שטייט אוף, קומט ארויס!
מיר האָבן א טײַנע צו אײַך — הערט אונדז אויס...

נאָר ס'וויגט זיך די שטאָט פון א כאַזערשן כראָפּ,
זי וויל זיי ניט הערן — כאָטש שפּאַלט איר דעם קאָפּ.

און ווײַטער מאַרשירן אָף שליאַך זאַלבעדריט
צוויי באָכערים — יידן, א נעגער אין מיט.

נאָר פּלוצעם די ביימער זיך האָבן צעלאַכט
און... א שאָס האָט צעריסן די נאַכט.

דערזען האָט אָף מאָרגן די זוניקע ליכט:
דער דריטער געווען ניט קיין נעגער — נאָר איך!

עס ליגן צוויי יונגען, און איך אין דער מיט.
עס שווײַגן די טויטע. עס לעבט זייער ליד.

## דער בריגאַדיר

ער האָט דערזען,
ווען ער ט׳זיך אופגעהויבן אפן העכסטן שטאָק,
ווו זײַן בריגאַדע האָט געלייגט די לעצטע ציגל,
אין א גרין־פרילינגדיקער קלייד די נײַע שטאָט
האָט פריש־באַגינענדיק געשפּיגלט.

ער האָט דערזען
דעם שליאַך, און ער — א באָרוועס ייִנגעלע באַנאַנד
מיט טאַטע־מאַמע אין דער טויט־קאָלאָנע...
עס האָט דער וואַלד אים אויסגעשטרעקט א האַנט
און מיט א וואָלקן אויסגעלאָשן די דערשראָקענע לעוואָנע.

מיט קעלניעס אין די הענט פאַרקוקן זיך העט־ווײַט
צום שליאַך די יונגע מוליערס, אָן זײַן אָנדײַט,
און הערן שווײַגנדיק, ווי ער: עס רופט, עס שרײַט
א פויגל א פאַרוווּנדעטער — זײַן קינדהײַט.

נאָר אָט האָט זיך דער הימל זון־גאָלדיק צעהעלט,
פאַרשיקערט וואַרפן זיך די פייגעלעך אין בלויקײַט־יאַמען,
ער האָט דערזען —
פון אַלע פענצטער אין דער וועלט
מע ווינטשט דעם בריגאַדיר אריכאס־יאָמים.

## מײַן ייִנגעלע

ווען האַלבנאַכט פּאַוואָליע־שאַלוועדיק
נעמט פון טורעם קלינגען,
אין א פעלצל מיט א שאַלעכל
ווײַזט זיך א קליין ייִנגל.

גייט דורך גאַסן, גייט דורך פלעצער,
דרייט זיך אַרום הײַזער,
טוט א ביס א האַניק־פלעצל
און נעמט ווידער שפּרײַזן.

ציט אַרויס א דודעלע
פון די ווײַסע וואָליקלעך,
פון זײַן מײַלכל, שפּרודלדיק,
פליסט דעם זיידנס וואָלעכל.

ווועמען רופט ער? וועמען וועקט ער?
וועמען זוכט דאָס ייִנגל?
ווען האַלבנאַכט אָן אופגעוועקטע
נעמט פון טורעם קלינגען...

ווויל איך שרײַען: עווריקאַ!
(ענדלעך אים געפונען!)
נאָר ס׳פאַרשווינדט מײַן וועווריקל
אין די שנייען־פּונקען.

שמײַסט דער ווינט אין נאַקן מיר,
און ווי איך — ער פיבערט.
כ׳זע, ווי קינדער נאַקעטע
שיסט מען בא די גריבער...

## אַלטמאָדישער פּייזאַזש

אף א שטערנדיקן קישעלע
לייגט זיך שלאָפן די לעוואָנע.
שטייען ביימער ווי פאַרקישעפטע
אף די אופגעשײַנטע לאָנקעס.

און, ווי זיי, די בערג באַנאַכטיקע
שווײַגן אוראַלטע, אַלטמאָדישע,
און די לופט א כיִעס־זאַפטיקע
פונקט ווי קאַלטע מילך פון האַדישעק.

פון די קוסטעס לעם דער אָזערע
הער, ווי ס׳פייגעלע דאָס נאָבעלע
שיט אף ראַכוועסן טוי־גראַזיקע
לעצטע פּערל־טריל פון שנאָבעלע

און א ווינטל א לײַכטפיסיקער
וויגט די שטיבלעך אײַנגעשלאָפענע,
פון א קוואַל א מורמל־פליסיקן
טרינקט די ליד מײַנע פינפסטראָפיקע.

שלאָפט לעוואָנע אף איר קישעלע,
לעצטער שטערן — אויסגעלאָשן זיך.
אין טאַבון האָט א פאַרקישעפטער
הייס צעהירזשעט זיך א לאָשעקל.

## אַנהייב ליבע

נאָך ביידע יונג. דאָס טונקל צימערל
פאַר זיי איז א גאַניידן־ווינקל.
דער קוש — א זעמעלע מיט צימערינג,
און די לעוואָנע שעלמיש ווינקט זיי.

ווי אָדאָם־כאַווע ליגן זיי
שוין מידע, ניט דערשלאָפענע,
זיי זינגט א ליד די ליגנערן —
די זיסע האָפענונג.

ניט ווײַט, אין גאָרטן שטאַטישן,
עס זיצט און וויינט די הייליקע,
די איינזאַמע, אַלטמאָדישע,
די אייפערזוכט די אייביקע.

## א ראָמאַן אין פינף סטראָפעס

די מאַמע שווײַגט. דער טאַטע שווײַגט.
זיי קאָנען זיך ניט שיידן.
ווײַל זי — א קינד, א צאַרטע צווײַג,
זיך וויגט צווישן ביידן.

זי ווייסט נאָך ניט, אז ערגעץ שטום,
ווי א געהיימע מינע,
דאָ ליגט אף אופרײַסן די שטוב
א הייסער קנויל פון סינע.

און ווער איז שולדיק, ווער גערעכט —
זי קאָן עס ניט אנטשיידן,
נאָר אין דעם פײַנלעכן געפעכט
זי וויגט זיך צווישן ביידן.

זיי ברענגען איר די ליאַלקעלעך
און שאָקאָלאַדנע פּלעצעלעך,
און לידער וועגן ענטעלעך,
און קיצי־קיצי־קעצעלעך.

צעריסן האָט זי עס, פאַרברענט!
ניין, ניט געוויינט — געשוויגן.
ווײַל סאַפּקאָלסאָף האָט זי דערקענט
דעם עמעס און דעם ליגן.

## א יידיש ווערטל

איך בין דײַן האר, און דו — מײַן קנעכט,
געהאָרכזאַם זײַ, מעלאָכע!
ווײַל איך בין אַלעמאָל גערעכט, —
געזאָגט האָט די מעלוכע.

דאָס האָט א שנײַדערל דערהערט,
באַשפּריצנדיק א וועסטל,
און ס'גייט שוין לאַנג פון מויל צו מויל
זײַן ענטפער — זײַן קלוג ווערטל:

„צי דיר געפעלט, צי ניט געפעלט,
פאַרשרײַבן אין די לוכעס:
ניט דו דער האר פון אונדזער וועלט,
מעלאָכע איז מעלוכע!"



ווי עס טרײַבט דאָס יינגעלע זײַן לאָשעק קופער־ברוינעם,
טרײַבט מיך אויכעט דער פרימאָרגן צו מײַן לידערפולן ברונעם.

אף מײַן שרײַבטיש זינגען גראָזן, בלאָזט א ווינטל פריש און דאָרפיש,
רוף איך, זוך איך מײַן געליבטע, ווײַל איך בין נאָך הייס און דאָרשטיק.

כ'האָב איר מויל מיט מײַנע קושן יונג־פילטאַמיק אָנגעפּאַיעט,
טאַנצט מײַן ליד צופרידן, ווי דאָס לאָשעקל דעם פויערס.

וועלכער ווייסט, אז טרײַבן עס צום ברונעם איז פיל גרינגער,
ווי באַפוילן אים צו טרינקען — מיט קיין בײַטש וועסטו ניט צווינגען!



און ווען איך גיי פון דעם, וואָס איז געווען,
צו דעם, וואָס איז און וואָס פאַרויס נאָך וואַרט,
איז טײַערער מיר פון דער גאָרער וועלט פּאָלעסיע,
מיט ברונעמער און בושליעס אפן טראַקט.

און כאָטש מיר זײַנען אַלע מענטשן — ברידער,
און שוועסטער נאָענטע און פרײַנט,
נאָר ליבער פון דער גוטער סטעפּאַנידע
איז קיינער ניט געווען און ס'וועט ניט זײַן.

עס רופן אַלע זי: די באָבע סטעפּאַנידע,
זי איז ניט הויך אין וווּקס, ניט פול אין גוף.
נאָר אַלע ווײַסרוסן און אַלע ייִדן,
גלײַך ווי דעם בעסטן גאַסט, זי נעמען אויף.

עס גייט א פרוי צו קינד — איז זי א באָבע,
א יונג ווערט רײַף, איז איר די סימכע גרויס.
פון סאַד־רויבער אַן אייצע וועט זי האָבן,
ווערט איינער שוואַך — רעפּועס זוכט זי אויס.

נאָר דאָס איז אַלץ פון דעם, וואָס איז געווען,
און גייענדיק צו דעם, וואָס וואַרט פאַרויס...
ס'איז קלאָר מיר איינס: מײַן היים־קאַנט, מײַן פּאָלעסיע,
איז ווי די וועלט די גאַנצע ברייט און גרויס...



אכט און פופציק בין איך שוין אַלט,
אכט און פופציק — א ריזיקער וואַלד.
ניט פון אָנהייב און ניט פון דער מיט,
נאָר פון אָפּגרונטן ציט זיך דײַן ליד...

איז פאַרוואָס אַזוי גרינג מיר און שווער,
ווען דעם אַל טראָג איך שטום, ווי דער בער?
און פאַרליבט כ'בין אין גרוי און אין בלוי,
ווי אין ערשטליבע אין אירן די פרוי...



ערשטן טראָט, ס'ערשטע וואָרט, ערשטע שײַן
נעמסטו אויף, ווי ס'קאָן אַנדערש ניט זײַן,
מיט דעם ווי, מיט דער פרייד, מיט געזאַנג.
אָבער איך — איך פאַרשטיי שוין פון לאַנג,
אַז ס'איז פּראָסט א געבענטשטער געשאַנק.
און פון דעם איז מײַן האַרץ פול מיט דאַנק.

און מײַן אויג פול מיט בענקענדן בלענד —
ס'האָט דאָך אַלץ זײַן דאָ אנדערש געקענט.
און דערפאר, וואָס ס'איז טאקע אזוי,
הילכט מײַן הארץ, ווי א זילבער־געשריי, —
גרייט, ווי ס'באבעלע פאלן אין פלאם
פאר דער פרייד, פארן גליק פון זײַן שטאם...



אין מײַן פאמיליע זײַנען אלע שרײַבער —
דאָס ווײַב, די קינדער, אלע אויסער מיר.
און איך בין א פארליבטער פערלקלײַבער,
מיר דוכט, איך קלײַב די פערל אף פאפיר.

די קינדער שרײַבן וועגן זייער לערע,
די פרוי — וועגן איר קלאס, וועגן איר מי,
און איך — איך הער ניט אוף פון ווײַטע שטערן
צו זינגען יעדע נאכט און יעדן אינדערפרי.

די קינדער גרייטן זיך צו אן עקזאמען,
די פרוי גרייט פאר די שילער א „קאָנטראָל",
און איך, אין וועמעס הארץ די לידער פלאמען,
איך שפיל בא זיי א צווייטע צי א דריטע ראָל.

יאָ, איך בין א פארליבטער פערלקלײַבער,
מיר דוכט, איך קלײַב די פערל אף פאפיר.
אין מײַן פאמיליע זײַנען אלע שרײַבער —
דאָס ווײַב, די קינדער, אלע אויסער מיר.



# כראָניק

## לענין, די פארטיי, דאָס פאָלק

דאָס אלפארבאנדישע קולטור־מיניסטעריום און דער שרײַבער־פארבאנד פון פססר האָבן געמאָלדן א קאָנקורס אף דער בעסטער פיעסע, געווידמעט דעם 50־יאָריקן יובילײ פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

לענין, די פארטיי, דאָס פאָלק — דאָס זײַנען די גרונט־טעמעס פון די ווערק, וואָס וועלן צוגעשטעלט ווערן אפן קאָנקורס.

## רעקאָנסטרוקציע פון דער שטאָט בירָאבידזשאַן

דער ארכיטעקטאָר פונעם לענינגראדער אינסטיטוט פון מעלוכישער שטאָטישער פלאנירונג („לענגיפראָגאָר") אָלגא אבראמאָװנא בראָנסקאיא, וואָס איז דער אווטאָר פונעם גענעראלן פלאן פון דער ווײַטערדיקער בויונג פונעם געגנטלעכן צענטער בירָאבידזשאַן, האָט אין א שמועס מיט זשורנאליסטן דערציילט וועגן די פערספעקטיוון פון דער אנטוויקלונג פון דער שטאָט.

— צום 1970, — האָט זי געזאָגט, — וועט בירָאבידזשאַן א ברייטן שפאן טאָן איבער דעם טײַך בירא. אפן רעכטן ברעג פון טײַך וועלן אויסוואקסן שיינע פילשטאָקיקע וווינהײַזער, אדמיניסטראטיווע ביניאָנים און ספאָרט־זאלן.

## אויסשטעלונג פון מ. שאץ־אנינס ווערק

דאָס הויז פון סאָוועטישע שרײַבער אין ריגע האָט אָפגעמערקט דעם אכציקיאָריקן יובילײ פונעם באוווּסטן ליטעראטור־פאָרשער און היסטאָריקער מ. שאץ־אנין מיט א ספעציעלן אָוונט. די צענטראלע לעטישע מעלוכע־ביבליאָטעק האָט אָרגאניזירט אין אירע זאלן אן אויסשטעלונג פון שאץ־אנינס ווערק, וועלכע זײַנען דערשינען אין ייִדיש, רוסיש און דײַטש.

## שמועל האלקינס אָנדענק

צום פינפטן יאָרצײַט פון שמועל האלקין האָבן אין מאָסקווע, אפן נאָוואָדעוויטשיער בעסוילעם, זיך פארזאמלט פיל שרײַבער און לייענער. דער הויפט־רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד" ארן ווערגעליס, וואָס האָט געעפנט די טרויער־פארזאמלונג, האָט אָפגעמערקט די גרויסע פארדינסטן פון דעם מערקווירדיקן דיכטער פאר דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

מיט ווערטער און פאָרלעזונגען פון ש. האלקינס לידער זײַנען ארויסגעטראָטן די שרײַבער י. ראבין, מ. טייף, מ. גרוביאן, מ. ליפשיץ, א. גאָנטאר און די איבערזעצער פונעם דיכטערס ווערק אף רוסיש י. גורעוויטש, ל. אָזעראָװ, יו. ניימאן, וו. פעטראָוויטש.

**זענאָן קאָסידאָווסקי**

# ביבלישע לעגענדעס

## אַרײַנפיר

מײַנע ביכער פאַרעכנט מען געוויינלעך צו דער קאַטעגאָריע וויסנשאַפטלעך־פּאָפּולערע. ניט פאַרמינערנדיק דעם באַדײַט פון דאָזיקן זייער נוצלעכן זשאַנער, מוז איך מודיע זײַן, אַז איך טרוים וועגן עפּעס גרעסערס. עפשער האָב איך אַ טאָעס, נאָר איך האַלט זיך פאַר אַ שרײַבער, וואָס האָט אַלס טעמע פון זײַנע ווערק אויסגעקליבן די עפּאָפּיי פון וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען. עס לאָזן מיך ניט צורו די וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען, אָבער נאָך אין אַ גרעסערער מאָס אינטערעסירט מיך דער געלערנטער אַלס מענטש, זײַן אַרבעט, זײַן שווערע האָרעוואַניע, זײַנע דראַמאַטישע איבערלעבונגען אויפן וועג צום עמעס, זײַנע דערפאָלגן, פאַר וועלכע ער צאָלט מיטן געזונט און צומאָל מיטן לעבן גופע.

אינדערעמעסן, וואָס קאָן זײַן פאַרכאַפנדיקער, ווי דער דאָזיקער אומענדלעכער קאַראַהאָד פון שטילע פאָרשער, געניאַלע און איידעלע ענטוזיאַסטן פון וויסן און עמעס, וועלכע האָבן, דער וועלט אָפּצולאָכעס, באַקעמפט איין פאָרורטייל נאָך דעם צווייטן און אַרײַנגעלאָזט אַלץ מער ליכט אין אונדזערע פינצטערע מויכעס? זייער מאַרטיראָלאָג און זייערע טריומפן — דאָס איז עפשער די סאַמע פאַרכאַפנדיקע פון אַלע ליטעראַרישע טעמעס. פאַראַפראַזירנדיק סטענדאַלן, וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז די מענטשהײַט אָן וויסן וואָלט ענלעך געווען צו אַ שיף אָן באַלאַסט, וואָס איז איבערגעלאָזט געוואָרן אויפן באַראָט פון דער בלינדער סטיכיי.

אויב איך האָב געשריבן וועגן די גויראָלעס פון די אוראַלטע קולטורן, האָב איך דאָס געטאָן נאָר דערפאַר, ווײַל איך האָב געזוכט דאָס אייביק לעבעדיקע אין דער געשיכטע, דעם ליכטיקן פאָדעם פון פּראָגרעס, וואָס שפּינט זיך און שלאָגט זיך דורך אַ וועג דורך די שטורעמדיקע פעריאָדן פון מילכאָמעס, אַכזאָריעס און פינצטערניש. איך האָב געזוכט דעם מענטש, וועלכער איז, אַ געבונדענער פון די פענטעס פון אורשפּרינגלעכע אינסטינקטן און פאָרורטיילן, דאָך אַקשאָנעסדיק געגאַנגען פאָרויס צו די בלענדנדיקע האָריזאָנטן פון וויסן. נאָכפאָלגן זײַן פּײַנלעכן וועג דורך ערעס, עפּאָכעס און יאָרהונדערטער — דאָס איז, אייגנטלעך, די טעמע פון מײַנע ביכער, ווײַל עס איז ניט פאַראַן קיין מער פאַרכאַפנדיקע עפּאָפּיי, ווי די באַוועגונג פון דער מענטשהײַט פון דעם הייל־אײַנוווינער ביז דעם פאָרשער פון אַטאָם און דעראָבערער פון קאָסמאָס.

אין דער־אָ באַוועגונג פון דער מענטשהײַט פאַרנעמט אַ וויכטיק אָרט די ביבל. מיט טויזנטער פעדעמער האָט זי זיך אַרײַנגעפלאָכטן אין אונדזער קולטור. אונטער איר אײַנפלוס האָבן זיך פאָרמירט די פאָרשטעלונגען פון דוירעס, אונדזער שפּראַך און אונדזערע מינהאָגים.

און דאָך, ווי ווייניק זײַנען מיר באַקאַנט מיטן אינהאַלט פון דער ביבל! דער עלטערער דאָר געדענקט נאָך יאָ עפּעס. דער נײַער דאָר, וועלכער איז דערצויגן אין מאַטעריאַליסטישן גײַסט, ווייסט וועגן דער ביבל לאַכלוטן גאָרנישט. און די מאָדערנע וויסנשאַפט האָט דאָך דערוויזן, אַז די ביבל איז אַן אייגנאַרטיקער דאָקומענט פון אַ וועלטלעכן כאַראַקטער און אַנטהאַלט ניט ווייניק ווערטפולע געשיכטלעכע ידיִעס.

---

מיר דרוקן מיט קליינע קירצונגען דעם אַרײַנפיר און אַ קאַפּיטל פון זענאָן קאָסידאָווסקיס בוך „ביבלישע לעגענדעס“, וואָס איז אין יול 1964 באַלוינט געוואָרן דורכן מיניסטאָרן־ראַט פון דער פוילישער פאָלקס־רעפּובליק מיט דער מעלוכע־פּרעמיע פאַר די בעסטער ליטעראַרישע ווערק.

דער באַוווסטער פוילישער שרײַבער דערציילט געני און צוגענגלעך וועגן דער ביבל, קאָמענטירט זי פון שטאַנדפּונקט פון די נײַסטע פילאָלאָגישע, היסטאָרישע און אַרכעאָלאָגישע אָנגאַבן.

סיסטעמאַטישע אויספאָרשונגען אין דעם דאָזיקן געביט, — מיר שטעלן זיך דאָ ניט אָפּ אָף די פריערדיקע צופעליקע פּרוּוון, — האָבן זיך אָנגעהויבן אין XIX יאָרהונדערט. אָבער וואָס פאַרא ריזיקע רעוואָליוציאָנערע ענדערונגען זײַנען פאָרגעקומען אין אונדזער קוק אָף דער ביבל פאַר די דאָזיקע קנאַפּע הונדערט יאָר!

ביז דער מיט פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט די ביבל אַלס דער הייליקער בוך, פון גאָט אַליין א באַזעליקטער, געהאַט אַן אייגנאַרטיקן אימוניטעט קעגן דער וויסנשאַפט, אַן אימוניטעט, וועלכן עס האָבן גאַראַנטירט די שטרענגע רעליגיעזע געבאָטן. אָף די פּרוּוון קריטיש צו באַהאַנדלען דעם ביבלישן טעקסט פון לינגוויסטישן אָדער היסטאָרישן שטאַנדפּונקט האָט מען א לאַנגע צײַט געקוקט ווי אָף כילעל־האַשעם, ווי אָף אַן אַטענטאַט אָף די רעליגיעזע גלויבונגען.

עס האָט געהערשט די איבערצײַגונג, אַז מוישע, יעהוישוא בין נון, דאָוויד, שלוימע און די נעוויִים האָבן עס טאַקע אָנגעשריבן די אַנטשפּרעכנדיקע טיילן פון דער ביבל, אַז גאָט האָט געגעבן די צען געבאָטן אָף דעם באַרג סינײַ, אַז עליִאָהו־האַנאָווי האָט אָף א פײַערדיקן רײַטוואָגן זיך אַרופגעכאַפּט אָפן הימל, און אַז דאַניעל איז א גאַנצער אַרויס פון דעם לייבן־גרוב. ווען דער ביבלישער טעקסט פלעגט שוין צו אָנשוילעך ווידערשפּרעכן דעם באַגריף הייליקײַט, פלעגן די קאָמענטאַטאָרן אויסזוכן אין אים אַן אַלעגאָרישן, מיסטישן זין. אַזוי, צום בײַשפּיל, איז „שיר־השירים“, די דאָזיקע ליבע־ליד, וואָס אָטעמט מיט מיזרעכדיקער עראָטיק, פאַרוואַנדלט געוואָרן, לויט זייער ווערסיע, אין א רעליגיעזער פּאָעמע, ווו דער געליבטער איז דער סימבאָל פון גאָט.

אונדז, מענטשן פון דער עפּאָכע פון די גרויסע אַנטדעקונגען אין דער נאַטורוויסנשאַפט, איז שווער צו באַנעמען, אַז נאָך גאָר ניט לאַנג איז די ביבל באַטראַכט געוואָרן אַלס דער איינציקער אויטאָריטעט אין די פראַגן פון דעם, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די אַלוועלט. די וואונדערשיינע אין איר נאַיִוקײַט דערציילונג וועגן אָדאָם, כאַווען און דעם גאַניידן האָט די מערהײַט מענטשן אויפגענומען בוכשטעבלעך, ווי דעם עמעס וועגן דעם אויפקום פונעם לעבן אָף דער וועלט. ווען דאַרווין האָט אין 1859 יאָר אין זײַן בוך „די אַנטשטייונג פון די מינים“ פאַרעפנטלעכט זײַן עוואָליוציע־טעאָריע, האָט עס אַרויסגערופן א שטורעם פּראָטעסטן ניט נאָר בא די פאַרערער פון דער ביבל, נאָר אַפילע אין געוויסע וויסנשאַפטלעכע קרײַזן.

אין דער צווייטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווען דער האָריזאָנט פון דעם מענטשנס וויסן האָט זיך גוואַלדיק אויסגעברייטערט אַדאַנק דער קייט פּראַכטפולע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען, האָט זיך, נאַטירלעך, געמוזט ענדערן אויך די באַציִונג צו דער ביבל. מיט דער ביבל־פּראָבלעם האָבן זיך, ענדלעך, פאַרינטערעסירט עמעסע געלערנטע; עס האָט זיך גענומען אַנטוויקלען די ביבליסטיק, וואָס אירע אורקוואַלן געהערן נאָך צום XVII יאָרהונדערט. ס'איז אַנטשטאַנען א נײַע וויסנשאַפט־צווײַג מיט אירע אייגנאַרטיקע פאָרשונגס־מעטאָדן, וואָס זײַנען פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ טיפער.

די דאָזיקע ענדערונגען זײַנען מעגלעך געוואָרן קוידעמקאָל אַדאַנק דער אַלגעמיינער אַטמאָספער אין אייראָפּע, וועלכע האָט בעהאַדראָגעדיק גענומען אַרויסגיין פון איר קולטור־איזאָליאַציע. רײַזנדער און פאָרשער פון אומבאַקאַנטע קאָנטינענטן האָבן אַרויסגערופן בא די אייראָפּייער א לעבעדיקן אינטערעס צו די גרויסע קולטורן פון נאָענטן און װײַטן מיזרעך. ערשט דעמאָלט האָבן די מענטשן פאַרשטאַנען, אַז די ביבל קאָן מער ניט פּרעטענדירן אָפן נאָמען פון דעם איינציקן „הייליקן“ סייפער. וואָרעם די אינדישע בראַמינער האָבן די ריגוועדע, די נאָכפאָלגער פונעם נײַעם הינדויִזם — די מאַהאַבהאַראַטע און ראַמאַיאַנע, די בודיסטן פון אינדיע, יאַפּאָניע, כינע און מאָנגאָליע — דאָס בוך מאַהאַיאַנע, די פּאַרסן, די לעצטע נאָכפאָלגער פון זאָראָאַסטאַ, — זענד־אַוועסטאַ, די מוסולמענער — דעם קאָראַן, דערמיט איז אָט דאָס צעטל נאָך ווײַט ניט אויסגעשעפּט, ווײַל מע וואָלט געדאַרפט צוגעבן די „הייליקע“ ביכער פון כינעזישן קאָנפוציאָניזם און פון יאַפּאָנישן שינטאָיִזם.

יעדערער פון די דאָזיקע הייליקע ספאָרים אַנטהאַלט, לויט דער מיינונג פון זײַנע אָנהענגער, דעם איינציקן, עכטן עמעס, כאָטש זיי אונטערשיידן זיך אַזוי שטאַרק צווישן זיך. די ביבל פאַרנעמט צווישן זיי איר אָרט, ווײַט ניט דאָס ערשטע, כאָטשבי דערפאַר, וואָס זי האָט ווייניקער אָנהענגער, ווי איינינקע פון זיי. פאַרלוירן דעם אָרעאָל פון אוניקאַלישקײַט, האָט די ביבל אויפגעהערט צו זײַן אַן אויסערגעוויינלעכער פענאָמען און איז געוואָרן איינינקע פון די פיל אַנטפּלעקונגען פון מענטשלעכער בענקעניש נאָך עמעס. דער באָדן, אָף וועלכן זי איז אויסגעוואַקסן, זײַנען די נאָרמאַלע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע פּראָצעסן, אייגנטימלעכע פאַר אַלע פעלקער פון אַלע קאָנטינענטן, אומאָפּהענגיק פון זייער ראַסע, שפּראַך און קולטור.

די געלערנטע, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פאָרשן די ביבלישע טעקסטן, האָבן געשאַפן א נײַעם געביט פון דער וויסנשאַפט — די ביבל־קריטיק.

...די הייליקע ספרים פון די ייִדן האָבן זיך פאַרהיט אַף העברעיִש, אַכוץ די עטלעכע אַראַמעישע פראַגמענטן. אַדאַנק די דאָקומענטן, וואָס זײַנען געפונען געוואָרן אין טעל על־אַמאַרנא און אין ראַס־שאַמראַ, ווי אויך אַדאַנק אייניקע פון די עלטסטע ביבל־פראַגמענטן, ווי, צום בײַשפּיל, די ליד פון מיריאַם, מוישעס שוועסטער, די ליד פון דווירע האַנעוויִע, האָט זיך אײַנגעגעבן רעקאָנסטרוירן דעם אַנטוויקלונגס־וועג פון העברעיִש, אָנהייבנדיק פון XIII יאָרהונדערט פאַר אונדזער ערע. אַזױאַרום האָבן די געלערנטע באַקומען די מעגלעכקײַט צו מאַכן אַ טיפן לינגוויסטישן אַנאַליז פון באַזונדערע טיילן פון דער ביבל. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז אַן אַרבעט, וואָס פאָדערט שווערע האַרעוואַניע און אַ סאַך וויסן, זי איז נאָך ניט פאַרענדיקט, אַרום די אויספירן קומט פאָר אַ לעבהאַפטע וויסנשאַפטלעכע דיסקוסיע. אָבער אייניקע פּרינציפּיעלע באַהויפּטונגען פון דער ביבל־קריטיק רופן שוין איצט בא קיינעם ניט אַרויס דעם מינדסטן צווייפל.

קוידעמקאָל איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער אַלטער טעסטאַמענט איז אַ זאַמלונג פון היסטאָרישע דאָקומענטן, פאָלקסטימלעכע לעגענדעס, געזעצן, ריטועלע פאָרשריפטן, מיטן, וועלכע געהערן צו פאַרשיידענע עפּאָכעס און האָבן אַ שײַכעס צו פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן. געזאַמלט זיי און באַאַרבעט האָבן די ייִדישע קאָמפּיליאַטאָרן אין אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד, הויפּטזאַכלעך נאָכן אומקער פון גלות באָוול. אונטערן דרוק פון די דאָזיקע פאַקטן, וועלכע די הײַנטצײַטיקע געלערנטע האָבן פעסטגעשטעלט, האָט פאַרלוירן איר זין איין דוירעסדיקע טראַדיציאָנעלע פאַרשטעלונג, אַזאַ, אַשטייגער, ווי די אַקסיאָמע, אַז די מעכאַברים פון כומעש זײַנען געווען מוישע און יעהוישוע בין נון, אַז די נעוויִים האָבן אַליין פאַרשריבן זייערע נעוויִעס, אַז דאָוויד האָט פאַרפאַסט דעם טילים און שלוימע — „שיר־השירים“.

די ביבל־קריטיקער וועט נאָך אַף יאָרן קלעקן אַרבעט, ביז זיי וועלן זיך פאַנאַנדערקלײַבן אין די אָנצאָליקע טעקסט־אָנשיכטונגען און געבן די געהעריקע וויסנשאַפטלעכע באַשרײַבונג. זייער אופגאַבע פאַרשווערן נאָך די דערגאַנצונגען, וועלכע עס האָבן געמאַכט צוליב די אָדער אַנדערע סיבעס די פיל רעדאַקטאָרן, קאָמפּיליאַטאָרן און סאָפרים. צו די דערגאַנצונגען געהערן די אױגערופענע עטיאָלאָגישע מיטן, וועלכע זײַנען באַאַרבעט געוואָרן באַדײַטנדיק שפּעטער אַף קלאָר צו מאַכן געוויסע געשעענישן, וועלכע זײַנען שוין אָפּגעווישט געוואָרן אין זיקאָרן פון דוירעס. אַלס עטיאָלאָגישע מיטן קאָנען באַטראַכט ווערן, צום בײַשפּיל, די עפּיזאָדן מיט שפּאַלטן דעם רויטן יאַם, מיטן מאַן, וואָס איז געפאַלן פון הימל. די אויספאָרשער האָבן דערוויזן, אַז אין גרונט פון די דאָזיקע עפּיזאָדן ליגן גאַנץ נאַטירלעכע דערשײַנונגען, וועלכע די מענטשלעכע פאַנטאַזיע האָט אין מעשעך פון דוירעס פאַרוואַנדלט אין ניסים.

דער הויכפּונקט פון די אַלע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן איז די היסטאָרישע קריטיק פון דער ביבל. מיר וועלן זיך באַמיִען אין עטלעכע פראַזן קלאָר צו מאַכן, אין וואָס, אייגנטלעך, עס באַשטייט איר אופטו און אירע פאַרדינסטן.

ביז אָנהייב XIX יאָרהונדערט זײַנען אונדזערע יעדיִעס וועגן די אַלטערטימלעכע קולטורן פון נאָענטן מיזרעך געווען ביז גאָר באַגרענעצט און אין פיל פאַלן זייער מעטושטעשדיק. די אייניקע קוואַלן, וועלכע מיר האָבן געהאַט אין אונדזער רעשוס, זײַנען דאַן געווען די גאַנץ אומקלאָרע דערמאָנונגען אין דער ביבל און די באַשרײַבונגען פון גריכישע היסטאָריקער, אַזעלכע, ווי העראָדאָט, קסענאָפאָנט און אַנדערע. די נעמען פון אַזעלכע פעלקער, ווי באָוולער, אַסיריער, מיצרים, פּערסן, האָבן אין יענער עפּאָכע ווינציק־וואָס געזאָגט די מענטשן, און די טעריטאָריעס פון זייערע מעלוכעס האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך ווײַסע פלעקן אַף דער מאַפּע פון דער אוראַלטער וועלט. דעריבער איז קיין וווּנדער ניט, וואָס, אַרויסגעריסן פון היסטאָרישן קאָנטעקסט, האָט די ביבל געשאַפן אַ באָדן פאַר די סאַמע פאַנטאַסטישע אינטערפּרעטאַציעס. ס׳איז ניט געווען קיין שום מעגלעכקײַט פעסטצושטעלן, וואָס אין איר איז לעגענדע און וואָס — היסטאָרישער עמעס.

דער נעפל פון אַמעראַצעס האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן ערשט אינמיטן פאָריקן יאָרהונדערט, ווען ס׳איז געקומען די עפּאָכע פון די גרויסע אַרכעאָלאָגישע אַנטדעקונגען. פון אונטער דעם זאַמד פון דעם מידבער האָט מען אַרויסבאַקומען אַף דער אויבערפלאַך מערקווירדיקע דענקמעלער פון פאַרגעסענע קולטורן: טעמפּלען און קוואָרים פון פּאַרעס, רויִנען פון טעמפּלען און קייזערלעכע פּאַלאַצן פון כאָרסאַבאַד, האַטושאַש, נינווע, באָוול, אור, אוגאַריט, מאַרי און אַ סאַך

---

1 פון גריכישן וואָרט מיטוס (רוסיש — миф) — לעגענדעס, וועלכע דערציילן וועגן דעם, ווי די אוראַלטע פעלקער האָבן זיך פאָרגעשטעלט די אַנטשטייונג פון דער וועלט, וויִאַזוי זיי האָבן געקוקט אַף נאַטור־דערשײַנונגען, געטער, פאָלקס־העלדן אאַוו.

אַנדערע אוראַלטע שטעט פון סיריע און מעסאָפּאָטאַמיע. עס זײַנען געפונען געוואָרן אָן אַ שיר שריפטלעכע דאָקומענטן, בוכשטעבלעך גאַנצע ריזיקע ביבליאָטעקן און אַרכיוון. אַזוי, צום בײַשפּיל, האָבן זיך אין די רוּינען פונעם פּאַלאַץ פונעם אַשורישן קייסער אַשורבאַניפּאַל אין נינווע פאַרהיט פינף און צוואַנציק טויזנט ליימענע טאָוועלעך מיט טעקסטן, אָנגעשריבענע מיט פלעקלשריפט. דאָ זײַנען פאַראַן דיפּלאָמאַטישע דאָקומענטן, טראַקטאַטן, טפילעס, ליטעראַרישע ווערק און רעליגיעזע מיטן פון פאַרגאַנגענע דורות, דערונטער דער עפּאָס וועגן גילגאַמעש, וואָס אַנטהאַלט די לעגענדע וועגן מאַבל. אין 1901 איז אין סוז געפונען געוואָרן אַ געזעץ־קאָדעקס פון באַוווּסטן קייסער האַמוראַבי (1750—1690 פאַר אונדזער ערע). דער דאָזיקער קאָדעקס איז, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, געווען דער מקור פון אייניקע געזעצגעבערישע אײַנשטעלונגען פון חומש.

נאָך דעם ווי דער פראַנצויז שאַמפּאָליאָן (1832—1790) האָט דעשיפרירט די מיצרישע היעראָגליפן און דער דײַטש גראָטעפענד (1853—1775) איז מעגאַלע געווען די סודעס פונעם פלעקלשריפט, האָט מען אָנגעהויבן דעשיפרירן אויך די דאָזיקע דאָקומענטן. די אַרבעט איז נאָך ניט פאַרענדיקט, נאָר שוין הײַנט האָבן מיר, ווי אין אַ העלער שײַן, דערזען די געשיכטע פון ווינציק באַקאַנטע אָדער אינגאַנצן פאַרגעסענע פעלקער פון דער אוראַלטער וועלט: שומערן, באָוולער, פלישטים, פיניקיער, פּערסן, אַראַמייער און מיצרים. מיר ווייסן שוין אַ סך וועגן זייער קולטור, רעליגיע און מינהאָגים. און די געשיכטע פון אייניקע פעלקער ווייסן מיר הײַנט־צו־טאָג אַזוי גענוי, אַז אַף דער דאָזיקער טעמע זײַנען שוין דערשינען קאַפּיטאַלע ווערק.

אינמיטן פאָריקן יאָרהונדערט האָבן זיך אָנגעהויבן אַרכעאָלאָגישע אַרבעטן אויך אין פּאַלעסטינע. עס זײַנען שוין אויסגעגראָבן געוואָרן די מערהײַט שטעט, וואָס זייערע נעמען זײַנען אונדז באַקאַנט געווען נאָר פון דער ביבל. אין די רוּינען זייערע זײַנען געפונען געוואָרן באַווײַזן, וועלכע באַשטעטיקן אַ ריי פאַקטן, וואָס זײַנען דערמאָנט אין דער ביבל, דערונטער זיכערע באַווײַזן וועגן יעהוישועס פאַרכאַפּערישער קאַמפּאַניע, רעשטלעך פון געבײַדעס פון שאָולס, דאָווידס און שלוימעס צײַטן און סימאָנים פונעם קורבן, וואָס האָבן דאָ געמאַכט די אַראַמייער, סיריער, כאַלדייער בײַס זייערע אָנפאַלן. פון דער אַנדערער זײַט, האָבן די מיצרישע, כאַלדייִשע און פּערסישע אויפשריפטן און דאָקומענטן דערלויבט פעסטצושטעלן, אַז ניט אַלץ אין דער ביבל איז לעגענדע און פאַנטאַזיע.

דאָס פאָלק ייִסראָעל האָט, פונקט ווי יעדער אַנדער פאָלק, ניט געקאָנט לעבן אין פולער קולטור־שטייגערישער איזאָליאַציע, ביפראַט נאָך דערפאַר, וואָס דאָס איז געווען אַ יונג פאָלק אין פאַרגלײַך מיט די אַלטע, רײַכע און רײַפע ציוויליזאַציעס, וועלכע האָבן עס אַרומגערינגלט. די היסטאָרישע קריטיק פאַרנעמט זיך טאַקע מיט פעסטשטעלן די דאָזיקע פאַרבינדונגען און האָט שוין צו פאַרשרײַבן אַף איר קאָנטע אייניקע דערפאָלגן. קוידעמקאָל האָט זיך איר אײַנגעגעבן מיט דער הילף פונעם קאָרעליאַציע־מעטאָד טיילווײַז צו רעקאָנסטרויִרן די כראָנאָלאָגיע פון דער ביבלישער געשיכטע, דערגאַנצן אָדער אופשטעלן געוויסע עפּיזאָדן, וועלכע די ביבל פאַרשווײַגט אינגאַנצן אָדער באַלײַכט זייער לאַקאָניש און איינזײַטיק, און קלאָר מאַכן די פּאָליטישע מאָטיוון פון פיל געשעענישן, וועלכע זײַנען געווען ניט פאַרשטענדלעך, מיט איין וואָרט, אַרײַנטראָגן אין דער נאַיִוו דערציילטער ביבלישער געשיכטע אַ געוויסן סיידער פון סיבעס און רעזולטאַטן.

וויכטיקער פון אַלץ איז פאַר אונדז געווען פעסטצושטעלן די ענגע פאַרבינדונגען אין געביט פון מינהאָגים, געזעצגעבונג און רעליגיע. די דאָזיקע פּראָבלעמען ווידמען מיר אַ סך אָרט אין בוך. דעריבער וועט דאָ זײַן גענוג, אַלס בײַשפּיל, צו באַווײַזן, אַז מוישעס צען געבאָטן זײַנען אַנטשטאַנען אונטערן אײַנפלוס פון דער מעסאָפּאָטאַמישער געזעצגעבונג, אַז די געשיכטע וועגן דעם וועלט־באַשאַף, וועגן מאַבל און אַ ריי אַנדערע זײַנען גענומען פון דער באָוולשער מיטאָלאָגיע, אַז אַפילע די גאַנצע עסכאַטאָלאָגיע פון די נעוויִים, ווי, צום בײַשפּיל, דער לעצטער מישפּעט, יענע־וועלט, הימל און גענעם, מאַלאָכים און שיידים — דאָס אַלץ איז געיאַרשנט פון פרעמדע קוואַלן. אַלזאָ, אַלע רעליגיעזע קאָנצעפּציעס זײַנען אַף עטלעכע יאָרהונדערט עלטער, ווי די ביבל גופע, פון וועלכער מע האָט זיי גענומען.

אונטער דער האַשפּאָע פון אָט די אַלע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען האָבן מיר גענומען קוקן אַף דער ביבל מיט גאָר אַנדערע אויגן, און, צו אונדזער שטוינונג, האָבן מיר דערזען, אַז דאָס איז אייבער פון די גרעסטע שעדעווערן פון דער וועלט־ליטעראַטור, אַ ווערק פון גרויסן רעאַליזם, אַ ווערק, וואָס אין דעם קאָכט און זידט דאָס לעבעדיקע לעבן. ס'איז פּאָשעט שווער צו גלייבן, אַז דער דאָזיקער רײַכער קאַליידאָסקאָפּ פון דערציילונגען, וואָס זײַנען פיל און פול מיט פּלאַסטיק, באַוועגונג און קאָלאָריט, פון מענטשן אין בלוט און פלייש, איז אַנטשטאַנען אין אַזאַ ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט און איז דערגאַנגען אַזש צו אונדזערע צײַטן.

בישכיינעס מיט אידילישע סצענעס געפינען מיר דאָ בילדער פון בלוטיקע מילכאָמעס, פאַקטן פון ווילקיר און אויסגעלאַסנקייט, עפּיזאָדן, וואָס דערשיטערן מיט זייער טראַגיזם. און ווי רייַך און פאַרשיידנאַרטיק עס איז די געשטאַלטן־גאַלעריי! גענוג צו דערמאָנען אין אין אָטעם שימשון־האַגיבער, דעם טראַגישן שאָולן אָדער דעם עלעגאַנטן און געשיקטן שלוימע־האַ־מעלעך, וועלכער האָט געמאַכט א מאַיאַנטעק, האַנדלענדיק מיט פערד און קופּער.

אָט אַזוי האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט די ביבל, בייס איך בין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט איבער מייַן בוך. די שוועריקייַט איז באַשטאַנען אין דעם צווייענדיקן כאַראַקטער פון מאַטעריאַל. פון איין זייַט, דער ביבל־טעקסט, און פון דער אַנדערער — דער גאַנצער שלאַל וויסנשאַפטלעכע יעדיעס, וועלכע ווארפן גאָר אַן אַנדער שייַן אַף די געשעענישן, וואָס זייַנען באַשריבן אין דער ביבל. מע האָט געדאַרפט פאַרייניקן אָט די צוויי עלעמענטן אין א בוך, וואָס זאָל זיך אונטער־שיידן אי פון וויסנשאַפטלעכע, אי אַפילע פון וויסנשאַפטלעך־פאָפּולערע ווערק.

עס איז מיר געגאַנגען אין דעם, אַז די לייענער זאָלן זיך באַקענען מיטן אינהאַלט פון דער ביבל און לייענען זי אַזוי, ווי עס לייענט זי הייַנט די מאָדערנע וויסנשאַפט. אָט פאַרוואָס איך האָב אויסגעקליבן פאַרן בוך אַן אַזוי צו זאָגן צווייגאַרנדיקע קאָמפּאָזיציע, באַזונדער — דער אינהאַלט פון דער ביבל און באַזונדער — די קאָמענטאַרן צו איר. אָט אַזוי איז אַנטשטאַנען די עטוואָס מאָדנע און ריזיקאַלישע פאָרם, וועלכע וועט, האָף איך, ניט זייַן איבעריקס אומבאַקוועם פאַרן לייענער.

## פונעם וועלט־באַשאַף ביז דעם באָוול־טורעם

וועלט־באַשאַף. אין אָנהייב האָט גאָט באַשאַפן דעם הימל און די ערד. די ערד איז געווען פּאַרמלאָז, וויסט און ליידיק, איינגעהילט אין אייביקער כאַשכעס. אומעטום איז געווען וואַסער און וואַסער. און דער גייַסט פון גאָט האָט געשוועבט איבער די וואַסערן. האָט גאָט געזאָגט: זאָל ווערן ליכט! האָט גאָט דערזען, אַז ליכט איז גוט, האָט ער אָפּגעשיידט דאָס ליכט פון דער פינצ־טערניש און אָנגערופן דאָס ליכט — טאָג און די פינצטערניש — נאַכט.

אַפן צווייטן טאָג האָט ער אינמיטן די וואַסערן באַשאַפן דאָס הימל־געוועלב, וואָס האָט צע־טיילט די וואַסערן אַף צוויי טיילן: אַף די, וועלכע זייַנען געווען אַף דער ערד, אונטערן הימל, און אַף די, וועלכע זייַנען געהאַנגען אַפן הימל, — וואָלקנס און רעגן. אַפן דריטן טאָג האָט ער אופגעשאַרט די וואַסערן פון אונטערן הימל אין איין אָרט, און ס'האָט זיך באַוויזן די יאַבאָשע. האָט ער אָנגערופן די צונויפגעזאַמלטע וואַסערן יאַם און די יאַבאָשע ערד. און גאָט האָט באַ־פוילן, אַז פון דער ערד זאָלן אַרויסשפּראָצן קאָלערליי געוויקסן, וועלכע גיבן זוימען, און קאָלערליי ביימער, וועלכע גיבן פּרוכטן. דעם פערטן טאָג האָט גאָט געשאַפן צוויי הימל־קערפּערס, וועלכע לויכטן אַפן הימל־געוועלב: א גרעסערן, וואָס זאָל שייַנען באַטאָג, און א קלענערן, וואָס זאָל שייַ־נען באַנאַכט. אַזוי זייַנען אַנטשטאַנען די זון און די לעוואָנע אַף אָפּצוטיילן טאָג פון נאַכט און צו באַצייכענען די צייַטן פון יאָר, טעג און יאָרן. אַפן הימל־געוועלב האָט ער אופגעהאַנגען אָן א שיר שטערן.

אַפן פינפטן טאָג האָט ער געשאָנקען לעבן יאַם־באַשעפענישן און קאָלערליי ווידמונגען, וואָס ווימלען אין די וואַסערן, און פייגל, וואָס פליִען איבער דער ערד. און ער האָט זיי געבענטשט אַזוי צו זאָגן: פּרוכפּערט זיך און מערט זיך, פּילט אָן דעם יאַם און די לופט.

דעם זעקסטן טאָג האָט ער באַשאַפן בעהיימעס, שראַצים און קאָלערליי מינים באַלעכייִים, וועלכע באַוועגן זיך איבער דער ערד. סאַמע צום סאָף האָט ער באַשאַפן דעם מענטש לויט זייַן אויסזען און געשטאַלט, אַז דער מענטש זאָל געוועלטיקן איבער דער גאַנצער ערד, איבער אַלץ, וואָס האָט געלעבט און איז געוואַקסן אַף דער ערד.

דעם זיבעטן טאָג האָט גאָט גערוט נאָך זייַן גאַנצער אַרבעט און האָט דעם דאָזיקן טאָג געבענטשט און געהייליקט, ער זאָל זייַן א יאָמטעוו אַף אַלע צייַטן.

אָדאָם און כאַווע אין גאַניידן. אַף דער פּרוכטבאַרער ערד, וועלכע ליגט אין מיזרעך, האָט גאָט באַשאַפן א גאָרטן — דעם גאַניידן, און האָט דאָרט באַזעצט אָדאָמען, ער זאָל דעם גאָרטן באַאַרבעטן און אַכטונג געבן אַף אים. אין גאָרטן איז געוואַקסן א וועלט מיט פאַר־שיידענע ביימער, וועלכע האָבן געפרייט דאָס אויג מיט זייער שיינקייַט און פאַרשאַפט טייַנעג מיט זייערע זיסע פּייִרעס. אין סאַמע מיטן פון גאַניידן איז געשטאַנען דער בוים פון לעבן (דער אייץ־האַכאַיִם) און דער בוים פון וויסן גוטס און שלעכטס (דער אייץ־האַדאַס). א גרויסער טייַך האָט דאָרט געשטראָמט און האָט אָנגעטרונקען די געוויקסן. דאָרט, ווו דער טייַך איז אַרויסגע־

פלאָסן פון גאניידן, האָט ער זיך געטיילט אָף פיר הויפּט־טייַכן פון דער וועלט. איין טייַך האָט געהייסן פּישוין. ער האָט ארומגערינגלט דאָס לאַנד כאווילאָ, ווו עס געפינט זיך דאָס ריינסטע גאָלד, וווילשמעקנדיקער פּעך און דער אָניקל־שטיין. דער צווייטער טייַך האָט געהייסן גיכוין. ער האָט געשטראָמט ארום דעם גאנצן לאַנד קוש. דער דריטער טייַך האָט געהייסן כידעקעל, און ער איז געפלאָסן אָף מיזרעך פון דעם לאַנד אשור. דער פערטער טייַך האָט געהייסן פּראָס. גאָט האָט דערלויבט אָדאָמען צו געניסן די פרוכט פון אַלע ביימער, כוץ די פרוכט פון אייץ־האדאס. פארן פארזוכן די פּיירעס פון דעם בוים האָט אָדאָמען געדראָעט טויט. און גאָט האָט געזען, אז דעם מענטשן איז ניט גוט צו זייַן אַליין. האָט ער געבראכט צו אָדאָמען אין גאניידן קאָלערליי כייַעס, וועלכע לעבן אָף דער ערד, און פייגל, וועלכע פליִען אינדערלופטן. אָדאָם האָט געגעבן נעמען אַלע כייַעס, פייגל און אנדערע באשעפענישן. נאָר סייַוויסיי האָט ער זיך געפילט איינזאַם און עלנט, ווייַל קיין כאווער זייַן גלייַכן האָט ער ניט געהאט. האָט גאָט אראָפּגעשיקט א טיפן שלאָף אָף אָדאָמען, האָט אויסגעשניטן בא אים א ריפּ, און פון דער ריפּ האָט ער באשאַפן די פרוי. דאן האָט אָדאָם אזוי געזאָגט: „דאָס מאָל איז דאָס א ביין פון מייַנע ביינער און פלייש פון מייַן פלייש; די דאָזיקע זאָל גערופן ווערן פרוי, ווייַל פון א מאן איז גענומען געוואָרן די דאָזיקע. דרום פארלאָזט א מאן זייַן פאָטער און זייַן מוטער און באהעפט זיך אָן זייַן ווייַב, און זיי ווערן איין לייַב“. אָדאָם מיט זייַן ווייַב זייַנען געווען נאקעט, און זיי האָבן זיך מיט דעם ניט געשעמט. צווישן אַלע כייַעס, וואָס גאָט האָט באשאַפן, האָט זיך די שלאנג אויסגעצייכנט מיט איר דורכגעטריבנקייַט. איינמאָל האָט די שלאנג געפרעגט בא דער פרוי: פארוואָס האָט עס גאָט פארבאָטן עסן די פרוכט פון אייץ־האדאס? האָט די פרוי געענטפערט: „קעדיי מיר זאָלן ניט שטארבן“. — „איר וועט געוויס ניט שטארבן“, — האָט די צוויִעסדיקע שלאנג געזאָגט און האָט גענומען דערווייַזן, אז גאָט וויל ניט, זיי זאָלן עסן די פרוכט פון דעם דאָזיקן בוים, ווייַל ער האָט מוירע, אז בא זיי וועלן זיך עפענען די אויגן און זיי וועלן, פונקט ווי גאָט אַליין, פארשטיין, וואָס אזוינס איז גוטס און וואָס אזוינס איז שלעכטס. דאן האָט די פרוי זיך בעסער צוגעקוקט צום אייץ־האדאס און האָט דערזען, ווי שיין ער איז און זייַנע פרוכט, וואָס גיבן כאָכמע. און דעמלט האָט זי אראָפּגעריסן א פּיירע, אופגעגעסן זי און דערנאָך אייַנגערעדט דעם מאן, ער זאָל גיין און איר נאָכטאָן. דאן האָבן זיך געעפנט זייערע אויגן און זיי האָבן דערזען, אז זיי זייַנען נאקעט. זיי האָבן זיך פארשעמט, אָנגעריסן פייַגן־בלעטער אָף צו פארדעקן זייער נאקעטקייַט. ווען גאָט האָט שפּאצירט איבערן גאניידן, האָבן אָדאָם מיטן ווייַב זיך באהאלטן צווישן די ביימער. האָט גאָט גערופן אָדאָמען און געפרעגט: „ווו ביסטו?“ און אָדאָם האָט געענטפערט מיט די ווערטער: „כ׳האָב פארנומען דעם שאָרך פון דייַנע טריט, האָב איך זיך דערשראָקן, ווייַל איך בין נאקעט, און כ׳האָב זיך באהאלטן“. האָט גאָט געפרעגט: „ווער האָט דיר געזאָגט, אז דו ביסט נאקעט? האָסטו געגעסן פון דעם בוים, וואָס איך האָב דיר אָנגעזאָגט ניט צו עסן פון אים?“ האָט אָדאָם ארופגעוואָרפן די גאנצע שולד אָף דער פרוי. זי, ווידער, האָט באשולדיקט די שלאנג, אז יענע האָט זי צוגערעדט צו געניסן די פארווערטע פרוכט. אין גרימצאָרן האָט גאָט פארשאָלטן די שלאנג, אז זי זאָל אייביק פויזען אָפן בויך און זאָל עסן שטויב און סינע זאָל אייביק הערשן צווישן איר און דעם מענטשן. און צו דער פרוי האָט גאָט געזאָגט, אז אין יעסורים וועט זי געבוירן קינדער און דער מאן וועט זייַן איר הערשער. צום סאָף האָט ער זיך געווענדט צו אָדאָמען: „פארשאָלטן זאָל זייַן די ערד פאר דייַן שולד. מיט מאטערניש זאָלסטו זיך נערן פון איר אַלע טעג פון דייַן לעבן. און דערנער און שטעכיקע געוויקסן זאָל זי דיר מאכן שפּראָצן, און זאָלסט עסן קרייַטעכצער פון פעלד. אין שווייס פון דייַן פּאָנעם זאָלסטו עסן ברויט ביז דו קערסט זיך אום צו דער ערד, ווייַל פון איר ביסטו גענומען געוואָרן. וואָרעם שטויב ביסטו און צו שטויב זאָלסטו זיך אומקערן“. אָדאָם האָט א נאָמען געגעבן זייַן ווייַב כאווע, ווייַל זי האָט געדארפט ווערן די מוטער פון אַלע מענטשן אָף דער ערד. און גאָט האָט געמאכט פארן זינדיקן פּאָרפּאָלק בגאָדים פון פעלן פון כייַעס, צוגעדעקט זייער נאקעטקייַט און פארטריבן פון גאניידן, ווייַל ער האָט ניט געוואָלט דערלאָזן, זיי זאָלן געניסן די פרוכט פון אייץ־האכאיִם און ווערן אזויארום אומשטערבלעך. בא די טויערן פון גאניידן האָט ער אוועקגעשטעלט א מאלעך מיט א פייַערדיקער שווערד.

**קאַיִן און העוול.** אָדאָם און כאווע האָבן געהאט צוויי זין: דער עלטערער האָט געהייסן קאַיִן און דער יִינגערער העוול. העוול האָט געפּיטערט שאָף, און קאַיִן האָט באארבעט די ערד. אין איינעם א טאָג האָט קאַיִן געבראכט א קאָרבן פאר גאָט די פרוכטן פון דער ערד. העוול, ווידער, אָן ערשטגעבאָרן שעפּעלע פון זייַן טשערעדע. גאָט האָט באוויליקט צונעמען העוולס מאטאָנע, און אָף קאַיִנס קאָרבן זיך אפילע ניט אומגעקוקט. איז קאַיִן דערצאָרנט געוואָרן, און זייַן פּאָנעם איז געוואָרן שווארץ. האָט גאָט געפרעגט בא קאַיִנען: „פארוואָס פארדריסט דיך? פארוואָס ביסטו אראָפּגעפאלן פון פּאָנעם? טוסטו גוטס, וועט דייַן קאָרבן אָנגענומען ווערן. טוסטו ניט

קיין גוטס, הויערט די זינד בא דייַן טיר און ציט דיך צו זיך. נאָר דו קאָנסט געוועלטיקן איבער איר". אָבער קאַין האָט ניט פארנומען גאָטס וואָרענונג, די קינע האָט אין אים געקאָכט און געברענט, און ער האָט העוולען פארנארט אין פעלד און האָט אים דאָרט דערהארגעט. דערזען דעם פארברעכן, האָט גאָט זיך ווידעראמאָל אָנגערופן און געפרעגט בא קאַינען: „ווו איז העוול, דייַן ברודער?" און יענער האָט געענטפערט: „איך ווייס ניט. איך בין דען דער שוימער פון מייַן ברודער?" האָט גאָט געזאָגט אין גרויס קאַס: „וואָס האָסטו געטאָן? דייַן ברודערס בלוט שרייַט צו מיר פון דער ערד ארויס". און גאָט האָט פארשאָלטן קאַינען, ער זאָל זייַן אן אייביקער נאוונאד אף דער וועלט. און דער, וואָס וועט אים וועלן הארגענען, וועט זיבנפאך באשטראָפט ווערן. באהאלטנדיק זיך פון גאָט, האָט קאַין אוועקגעוואנדערט קיין נאָד, וואָס ליגט מיזרעך־צו פון גאניידן. דאָרטן האָט ער זיך גענומען א וויַיב, און זי האָט געבוירן א זון כאנויך. כאנויכס אורייניקל איז געווען לעמעך. לעמעך האָט געהאט צוויי וויַיבער...

אָדאָם האָט געלעבט 930 יאָר. און כאווע האָט אים געבוירן זין און טעכטער. פון זיי זייַנען געבוירן געוואָרן א סאך קינדער. איינער פון זיי, מעסושעלעך, האָט געלעבט 969 יאָר. זייַן אייניקל איז געווען נויעך, וועלכער האָט געבאָרן דריַי זין — שיים, כאָם און יעפעס.

ד ע ר  מ א ב ל. אָדאָם און כאוועס קינדער האָבן ביסלעכוויַיז באפעלקערט די ערד. נאָר די מענטשן האָב געטראָגן אף זיך דעם זיגל פון דער אורזינד. אין שווערער האָרעוואניע האָט זיך דער מענטש געמוזט זייַן שטיקל ברויט דערביוועז. און זייַן הארץ איז געוואָרן א נעסט פון שלעכטס און געמיינקייַט. מיט גוואלדטאטן און פארברעכנס איז פול געוואָרן די ערד. און אין דעם ווירוואר האָט קיינער ניט געלייגט קיין אכט אף דעם שעפערס וואָרענענדיקער שטים. האָט גאָט כאראָטע געהאט אף דעם, וואָס ער האָט אַלץ באשאפן, און זייַן זעל איז פול געוואָרן מיט וויטעק איבער דעם, וואָס דער מענטש זינקט אין פארברעכנס. האָט גאָט באשלאָסן צו פארטיליקן און פארלענדן אלדאָס לעבעדיקע, קעדיי א סאָף צו מאכן צום אומרעכט אף דער ערד. פונדעסטוועגן האָט זיך אים זייער ניט געוואָלט מאכן צו אש און צו שטויב זייַן גאנצע ארבעט. ער האָט געהאָפט, אז די נייַע דוירעס מענטשן וועלן זייַן פאָלגעוודיקער און וועלן שאפן א בעסערע, א גליקלעכע וועלט. צווישן די זינדיקע מענטשן האָט בלויז דער גאָטספאָרכטיקער נויעך געפונען כיין און לייַטזעליקייַט בא דעם אייבערשטן אין די אויגן. נויעך האָט געהאט דריַי זין — שיים, כאָם און יעפעס, וועלכע זייַנען אויך געגאנגען אין די וועגן פון גאָט. לויט גאָטס אָנווייַזונג האָט נויעך אויסגעבויט א קאסטן פון פימסן־האָלץ, די שפאלטן האָט ער פארטינקעוועט מיט פעך. דער קאסטן האָט געהאט דריַי הונדערט איילן די לענג, פופציק איילן די ברייט און דרייַסיק איילן די הייך. דריַי שטאָק האָט דער קאסטן געהאט, און נאָר איין טיר און איין פענצטער. מיט דער הילף פון די זין האָט נויעך געענדיקט בויען דעם קאסטן, כאָטש אלט איז ער שוין דעמלט געווען 600 יאָר. און ווי נאָר גאָט האָט געזען, אז דער קאסטן איז פארטיק, האָט ער געלאָזט וויסן, אז א מאבל וועט פארפלייצן די ערד. ער האָט באשלאָסן צו ראטעווען נאָר נויעכן און זייַנע דריַי זין מיט זייערע וויַיבער, ווי אויך איין פּאָר פון אלע פירפיסיקע, שראָצים און פייגל, זיי זאָלן זיך פונדאָסנייַ מערן און פרוכפערן. האָט נויעך אריַינגענומען אין קאסטן די אלע באלעכייַים, אויך פארשיידענע שפייַז האָט ער גענומען און האָט זיך מיט זייַן מישפּאָכע פארשפארט אין קאסטן. אין זיבן טעג ארום האָט זיך אָנגעהויבן א שלאַקסרעגן, וועלכער האָט געדויערט פערציק טעג און פערציק נעכט. די וואסערן האָבן געשטיגן אַלץ העכער און העכער, ביז עס האָט פארגאָסן די גאנצע ערד, אפילע די העכסטע בערג. די מענטשן, די כייַעס, די פייגל — אלדאָס לעבעדיקע איז אומגעקומען, נאָר נויעכס קאסטן מיט זייַן מישפּאָכע און מיט די באלעכייַים האָט זיך געטראָגן איבער דער אומענדלעכער וואסערפלאָך. ענדלעך האָט דער רעגן אופגעהערט, אָבער די וואסערן זייַנען אָפּגעטראָטן זייער לאנגזאם, און נאָך הונדערט און פופציק טעג האָט מען ניט געזען קיין סימען פון יאבאָשע. ערשט אפן זיבעטן כוידעש האָט זיך נויעכס קאסטן אראָפּגעלאָזט אפן שפיץ פונעם בארג אראראט אין ארמעניע. און אפן צענטן כוידעש האָבן ארויסגעטויכט פון אונטערן וואסער די שפיצן פון די בערג. נויעך האָט געוואַרט נאָך פערציק טעג, און ער האָט ארויסגעשיקט דורכן פענצטער דעם ראָב, קעדיי זיך צו איבערצייַגן, צי וועט דער פויגל ערגעץ געפינען א שטיקעלע יאבאָשע. נאָר דער פויגל האָט זיך באלד אומגעקערט. דערנאָך האָט נויעך ארויסגעלאָזט א טויב, נאָר אויך זי איז באלד צוריקגעקומען, וויַיל זי האָט ניט געפונען קיין פּיצל אָרט, וווּ זיך אָפּצורוען. אין זיבן טעג ארום האָט ער ווידער ארויסגעלאָזט די טויב. ערשט העט פארנאכט האָט זי זיך אומגעקערט מיט אן איילבירט־בלאט אין שנאָבל. דאָס איז געווען א סימען, אז די וואסערן זייַנען אָפּגעפאלן. נויעך האָט אָפּגעוואַרט נאָך זיבן טעג און האָט צום דריטן מאָל ארויסגעלאָזט די טויב. אָבער מער איז זי שוין ניט צוריקגעקומען, וויַיל די ערד איז געווען אינגאנצן טרוקן. נויעך איז ארויס פון דעם קאסטן. ער האָט אויסגעבויט א מיזבייעך, קעדיי צו ברענגען א קאָרבן גאָט דעם האר. און גאָט האָט באשטימט, אז מער וועט ער קיינמאָל ניט באַ־

שטראָפן די מענטשן מיט קיין מאַבל. און אַלס צייכן פון אייביקן בונד מיט אַלדעם לעבעדיקן אַף דער ערד האָט ער אופגעהאַנגען אַפן הימל־געוועלב דעם שטראַלנדיקן זיבנקאָליריקן רעגנ־בויגן. נויעך האָט זיך ווידער גענומען באַארבעטן די ערד און פאַשען פי. ער האָט פאַרפּלאַנצט אַ ווייַנגאָרטן און האָט זיך אַפילע אויסגעלערנט מאַכן ווייַן. איינמאָל האָט ער אויסגעטרונקען און איבערגעכאַפּט די מאָס. ער איז געוואָרן אַזוי שיקער, אַז ער האָט אַראָפּגעריסן פון זיך די קליידער און איז אַן אָדאָם־נאַקעטער אייַנגעשלאָפן אין זייַן געצעלט. דאָס האָט אַקוראַט דערזען זייַן זון כאָם, דער פאָטער פון קנאַאַן. קייַכנדיק פון געלעכטער, האָט ער דערציילט די ברידער, וואָס ער האָט געזען. אָבער שיים און יעפעס האָבן אַרויסגעוויזן מער קיבעד־אָוו: אָפּווענדנדיק די בליקן, קעדיי ניט צו זען דעם פאָטערס נאַקעט לייַב, האָבן זיי אַרופגעוואָרפן אַף אים אַ בעגעד. ווען נויעך האָט זיך אופגעכאַפּט און האָט זיך דערוווּסט, ווי זייַן זון כאָם האָט פון אים געשפּעט, איז ער אַרייַן אין אַזאַ גרימצאָרן, אַז ער האָט אים פאַרשאָלטן און פאַרויסגעזאָגט, אַז כאָמס קינדער וועלן זייַן קנעכט בא די קינדסקינדער פון שיים און יעפעס. נאָכן מאַבל האָט נויעך געלעבט נאָך דריי הונדערט פופציק יאָר. ווען ער איז געשטאָרבן, איז ער אַלט געווען נייַן הונ־דערט פופציק יאָר. פון זייַנע זין זייַנען אַרויס די דריי גרויסע שוואָטים, וועלכע באַפעלקערן די ערד. יעפעס איז געווען דער אורפאָטער פון די צאָפנדיקע שוואָטים, פון שיימען שטאַמען סעמיטן, פון כאָמען — די אַפריקאַנער פעלקער — די כאַמיטן, איינער פון כאָמס אור־אייניקלעך איז געווען נימרויד, וועלכער איז באַרימט געוואָרן אַלס „מעכטיקער יעגער פאַר גאָט".

דער באָוול־טורעם. טכילעס האָבן אַלע מענטשן אַף דער ערד גערעדט אַף איין שפּראַך. געוווינט האָבן זיי אינעם לאַנד סינאַר, צווישן די טייַכן פּראַט און כידעקל. די ערד איז דאָרט געווען זייער פּרוכטבאַר, און די מענטשן האָבן געלעבט אַלץ בעסער און בעסער. זייַנען זיי פול געוואָרן מיט גייַווע און האָבן באַשלאָסן אופבויען אַ טורעם, וואָס זייַן שפּיץ זאָל גרייכן צו די הימלען. אָנשטאָט שטיינער האָבן זיי גענוצט ציגל, אַרומגעבערענטע אין פייַער, און אָנשטאָט וואַפּנע — ליים. אַלץ העכער און העכער איז געוואַקסן דער טורעם, ביז גאָט האָט זיך גענומען באַמרויקן און האָט אַראָפּגענידערט אַ קוק צו טאָן, וואָס טוען דאָרט די מענטשן. דערזען דעם טורעם, איז ער אַרייַן אין גרימצאָרן אַף דעם מענטשנס גייַווע און האָט אויסגעמישט די לעשוי־נעס, זיי זאָלן זיך ניט קאָנען פאַרשטענדיקן צווישן זיך. איז געוואָרן בא די בויער אַזאַ מישמאַש, אַז זיי האָבן געמוזט וואַרפן די אַרבעט. דעם טורעם האָבן זיי ניט דערבויט, זייַנען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט. און די שטאָט, ווו מע האָט געבויט דעם טורעם און ווו עס זייַנען אויסגעמישט געוואָרן די לעשוינעס, האָט גאָט אָנגערופן באָוול.

## וווּנדערלעכע אַנטדעקונגען וועגן דעם וועלט־באַשאַף, דעם גאַניידן, דעם מאַבל און דעם באָוול־טורעם

פון דער ביבל דערוויסן מיר זיך, אַז דאָס אורשפּרינגלעכע היימלאַנד פון די ייִדן איז געווען מעסאָפּאָטאַמיע. אַווראָמס מישפּאָכע האָט געלעבט אין אור, דער אוראַלטער הויפּטשטאָט פון די שומערן. דערנאָך זייַנען זיי אַוועק אין לאַנד קנאַאַן, די איצטיקע פּאַלעסטינע. די ייִדן געהערן אַזויאַרום צו דער גרויסער גרופּע פעלקער, וועלכע האָבן אין באַסיין פון די טייַכן פּראַט און כידעקל געשאַפן איינע פון די רייַכסטע קולטורן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. די גרונט־שעפער פון דער דאָזיקער גרויסער קולטור זייַנען געווען די שומערן. שוין אין דריטן יאָרטויזנט פאַר אונדזער ערע האָבן זיי געבויט פּראַכטפולע שטעט, האָבן באַוואָסערט דעם באָדן מיט דער הילף פון אַ צעצווייַגטער נעץ קאַנאַלן. זיי האָבן אַנטוויקלט אַלערליי מעלאָכעס און האָבן געשאַפן גרויסאַרטיקע דענקמעלער פון קונסט און ליטעראַטור. די אַקאַדיער, אַסיריער, באַווילער, אַראַמייער, וועלכע האָבן שפּעטער געשאַפן זייערע מעלוכעס אין מעסאָפּאָטאַמיע און סיריע, זייַנען געווען טאַלמידים פון די שומערן און באַקומען פון זיי בעירושע גרויסע קולטור־אויצרעס.

ביז דער מיט פון XIX יאָרהונדערט האָבן מיר וועגן די קולטורן פון די דאָזיקע פעלקער געהאַט זייער קאַרגע, אַפילע אומגעלומפּערטע ידיִעס. ערשט די אַרכעאָלאָגישע אַרבעטן אין מעסאָפּאָטאַמיע האָבן אַנטפּלעקט פאַר אונדז זייער גרויסקייַט און רייַכקייַט. עס זייַנען אויסגע־גראָבן געוואָרן אַזוינע שטעט, ווי אור, באָוול, נינווע. אין די קיניגלעכע פּאַלאַצן האָט מען געפונען טויזנטער טאָוולעך מיט פּלעקלשריפט, וועלכע עס האָט זיך שוין אייַנגעגעבן איבערצולייענען. לויטן אינהאַלט שטעלן פאָר מיט זיך די דאָזיקע דאָקומענטן היסטאָרישע כראָניקעס, דיפּלאָ־מאַטישע קאָרעספּאָנדענץ, אָפּמאַכן, רעליגיעזע מיטן און פּאָעמעס, צווישן וועלכע עס האָט זיך

אויך געפֿונען דער עלטסטער עפּאָס פֿון דער מענטשהײַט — דער עפּאָס װעגן דעם נאַציאָנאַלן העלד פֿון די שומערן — גילגאַמעשן. װאָס מער עס זײַנען דעשיפֿרירט געװאָרן די אוראַלטע טעקסטן, אַלץ קלאָרער איז געװאָרן, אַז די װאָרצלען פֿון דער ביבל, װעלכע איז דוירעסלאַנג באַטראַכט געװאָרן װי אַן אָריגינעל אוראַלט װערק פֿון די ייִדן, װי אַ הייליקער סייפֿער, דאַרף מען זוכן אין די מעסאָפּאָטאַמישע טראַדיציעס, אַז אַ סאַך פּראָטים און גאַנצע געשיכטעס זײַנען אין דער אָדער יענער מאָס געיאַרשנט פֿון דעם אויצער פֿון די שומערישע מיטן און לעגענדעס.

אייגנטלעך גערעדט, איז עס גאָר קיין כידעש ניט. אין דער שײַן פֿון דער מאָדערנער היסטאָרישער װיסנשאַפֿט װאָלטן מיר זיך גיכער געדאַרפֿט כידעשן, װען עס װאָלט געװען ניט אַזוי. מיר װייסן דאָך, אַז קולטורן און ציװיליזאַציעס װערן ניט פֿאַרשװוּנדן שפּורלאָז, אַז זייערע װערטפֿולסטע דערגרייכונגען גיבן זיי איבער בעיערושע — צומאָל מיט קאָמפּליצירטע און אומגעװיינלעכע װעגן — די ייִנגערע קולטורן. ביז ניט לאַנג האָבן מיר געהאַלטן, אַז די אייראָפּעיִשע קולטור האָט אַלץ צו פֿאַרדאַנקען אויסשליסלעך גריכנלאַנד. אָבער די נײַע אויספֿאָרשונגען האָבן באַװיזן, אַז אין אַ סאַך הינזיכטן זײַנען מיר נאָך אַלץ יאָרשים פֿון דעם, װאָס עס האָט מיט פֿינף טויזנט יאָר צוריק געשאַפֿן דער שומערישער פֿאָלקס־געני. קולטורן און פֿעלקער טויכן אויף און פֿאַרשװינדן אין אייביקן שטראָם פֿון לעבן, אָבער זייער דערפֿאַרונג לעבט, באַרײַכערט זיך אין די קומענדיקע דוירעס, נעמט אָנטייל אין שאַפֿן די נײַע, רײַפֿערע קולטורן.

אין דער דאָזיקער היסטאָרישער קעסיידערדיקײַט זײַנען די ייִדן ניט געװען און האָבן ניט געקאָנט זײַן קיין אָפּגעזונדערטע גרופּע. זייערע װאָרצלען זײַנען אַרײַנגעװאַקסן אין באָדן פֿון דער מעסאָפּאָטאַמישער קולטור. זיי האָבן אַרויסגעטראָגן פֿון דאָרטן קיין קנאַאַן פֿאָרשטעלונגען, מינהאָגים און רעליגיעזע מיטן, װאָס זײַנען אופֿגעקומען אין פֿאַרלויף פֿון יאָרטויזנטער אויף די ברעגן פֿון פּראָס און כידעקעל. בולטע שפּורן פֿון דער דאָזיקער װײַטער האַשפּאָע געפֿינען מיר הײַנט אין די ביבלישע טעקסטן.

אויסגעפֿינען אָט די פֿאַרבינדונגען איז ניט פֿון די לײַכטע זאַכן. װען די ייִדן האָבן זיך באַזעצט אין קנאַאַן, האָבן זיי זיך צוביסלעך אָנגעהויבן אָפּרײַסן פֿון די מעסאָפּאָטאַמישע אײַנפֿלוסן. די פֿאָרשטעלונגען, מיטן און געשיכטעס, װעלכע זיי האָבן פֿון דאָרטן מיטגעבראַכט, זײַנען מינדלעך איבערגעגעבן געװאָרן פֿון דאָר צו דאָר און האָבן זיך מיט דער צײַט אַזוי געענדערט, אַז נאָר מיט דער הילף פֿון די מעסאָפּאָטאַמישע קװאַלן קאָן מען זיך דערגרונטעװען צו זייערע אורקװאַלן.

אין אויסבאַהאַלטן די דאָזיקע אוראַלטע קרױװעשאַפֿט זײַנען געװען פֿאַרינטערעסירט הויפּטזאַכלעך די קויהאַנים, װעלכע האָבן נאָכן גאָלעס באָװל, דה. אין דעם פּעריאָד פֿון VI ביזן IV יאָרהונדערט פֿאַר אונדזער ערע, רעדאַגירט דעם טעקסט פֿון אַלטן טעסטאַמענט און האָבן אים אונדז איבערגעלאָזט אין דער פֿאָרם, אין װעלכער ער איז פֿאַרהיט געװאָרן ביזן הײַנטיקן טאָג. אין זייער קאָמפּיליאַציע האָבן די קויהאַנים אויסגענוצט אוראַלטע פֿאָלקסמײַסעס, זיי האָבן אָבער אָן געװיסנקלעמעניש פֿרעפּאַרירט די דאָזיקע געשיכטעס פֿאַר זייערע אָפּריאָרי אָנגעמערקטע רעליגיעזע ציִלן. זיי איז פֿרעמד געװען דער הײַנטצײַטיקער באַגריף פֿון היסטאָרישער פּינקטלעכקײַט. די געשיכטעס, װאָס זײַנען איבערגעגעבן געװאָרן פֿון דאָר צו דאָר, האָבן זיי אויסגענוצט נאָר דערצו, קעדיי צו דערװײַזן, אַז דער ריבוינע־שעל־אוילעם האָט שוין אין די צײַטן פֿון אװראָם־אָװינו זיך באַשעפּטיקט מיטן גוירל פֿון זײַן אויסדערװיילט פֿאָלק.

צום גליק פֿון די װיסנשאַפֿטלער, זײַנען די קויהאַנים אין דער דאָזיקער קאָמפּיליאַטיװער אַרבעט זייערער ניט שטענדיק געװען קאָנסעקװענט. אין די ביבלישע טעקסטן האָבן זיי איבערגעלאָזט אַ סאַך פּראָטים, װאָס זײַנען ענג פֿאַרבונדן מיט דער קולטור פֿון מעסאָפּאָטאַמיע. אין פֿאַרלויף פֿון דוירעס האָט טאַקע קיינער ניט געקאָנט דערקלערן זייער זין. ערשט די גרויסע אַרכעאָלאָגישע אַנטדעקונגען האָבן געגעבן אַ מעגלעכקײַט רעקאָנסטרויִרן די פֿאַרגעסענע קולטורן פֿון די שומערן, אַקאַדיאַנער, אַסיריִער און באָװלער, געװאָרפֿן אַ שטראַל ליכט אויף די פֿריִער אומפֿאַרשטענדלעכע פּראָטים, און אַזױאַרום האָט זיך אַנטפּלעקט זייער אוראַלטע אָפּשטאַמונג.

די ביבלישע געשיכטע װעגן דעם װעלט־באַשאַף קאָן דינען אַלס בײַשפּיל פֿון דעם, װיאַזוי די קויהאַנים האָבן איבערגעשטאַלטיקט די מעסאָפּאָטאַמישע מיטן. דער באַװוּסטער אַרכעאָלאָג דזשאָרדזש סמיט האָט איבערגעלייענט אויף די טאָװעלעך, פֿאַרשריבענע מיט פֿלעקלשריפֿט, אַ גאַנצע באָװלישע פּאָעמע װעגן װעלט־באַשאַף, װעלכע איז באַװוּסט אונטערן נאָמען „ענומאַ־עליש“. אויסערלעך האָט ניט די דאָזיקע פּאָעמע קיין שום געמיינזאַמע שטריכן מיט דער ביבלישער געשיכטע װעגן װעלט־באַשאַף.

דער קורצער אינהאַלט פֿון אָט דעם מיטאָלאָגישן עפּאָס באַשטייט אָט אין װאָס.

טכילעס איז געווען בלויז וואסער און עס האָט געהערשט א כאאָס. פון דעם דאָזיקן שרעקלעכן כאאָס זײַנען געבוירן געוואָרן די ערשטע געטער. אין פארלויף פון דורעס האָבן אייניקע געטער באשלאָסן מאכן אָרדענונג אף דער וועלט. דאָס האָט ארויסגערופן גרימצאָרן באם גאָט אבזו און בא זײַן ווײַב טיאמאט, דער שוידערהאפטער געטן פון כאאָס. די בונטארעס האָבן זיך פאריניקט אונטער דער אָנפירונג פון דעם קלוגן גאָט עא און האָבן דערהארגעט אבזו. טיאמאט, וועלכע ווערט געמאָלט אין דעם געשטאלט פון א דראקאָן, האָט באשלאָסן נעקאָמע צו נעמען פארן טויט פון איר מאן. דאן האָבן די געטער פון אָרדענונג אונטער דער אָנפירונג פון מארדוקן בייס א בלוטיקער שלאכט דערהארגעט טיאמאט און איר קאָלאָסאלן קערפער צעהאקט אף צוויי טיילן. פון איין טייל איז געוואָרן די ערד, פון דער צווייטער — דער הימל. אבזוס בלוט האָבן זיי צעמישט מיט ליים, און פון אָט דעם געמיש איז אנטשטאנען דער ערשטער מענטש. טייקעף קומט בא אונדז די פראגע: וואָס פאר א שײַכעס קאָן האָבן די דאָזיקע פינצטערע אומענדלעך פרימיטיווע קאָסמאָגאָניע מיט דער מאָנאָטעיִסטישער געשיכטע פון די קויהאנים, וועלכע האָבן רעדאגירט דעם אלטן טעסטאמענט? און דאָך זײַנען פאראן פעסטע באווײַזן, אז אף דעם אָדער אנדערן אויפן האָט די דאָזיקע באָוולשע לעגענדע געדינט אלס רוי־מאטעריאל פאר דער ייִדישער אָן אן ערעך מער דערהויבענער ווערסיע. דער אמעריקאנער ארכעאָלאָג דזשיימס דזש. פריטשארד האָט סקרופולעז פארגלײַכט ביידע טעקסטן און האָט אנטפלעקט אין זיי זייער פיל ווונדערלעכע אנאלאָגיעס. קוידעמקאָל ווארפט זיך אין די אויגן, אז אין ביידע טעקסטן פאָלגן די געשעענישן איינע נאָך דער אנדערער אף איין און דעם זעלבן אויפן: די אנטשטייונג פון דעם הימל און פון די הימל־קערפערס, די פאנאנדערגרענעצונג פון הימל און וואסער, דאָס, וואָס דער מענטש איז באשאפן געוואָרן דעם זעקסטן טאָג, און אויך דאָס, וואָס אין דער ביבל רוט גאָט אפן זיבעטן טאָג און אין טעקסט פון „ענומא־עליש“ מאכן די באָוולשע געטער זייער אלגעמיינע סודע אויך דעם זיבעטן טאָג.

אייניקע געלערנטע האלטן, אז דעם טעקסט פון „בריישיס“ (3:5) „...און איר וועט זײַן אזוי ווי גאָט צו וויסן גוטס און שלעכטס“ — האָט א פּאָליטעיִסטישן זין: „אזוי ווי געטער“. אויב דאָס איז אזוי, איז דאָך קלאָר, אז די ייִדישע רעדאקטאָרן זײַנען געווען ניט גענוג אופמערקזאם און אין ביבלישן טעקסט זײַנען געבליבן שפורן פון אוראלטע פּאָליטעיִסטישע אָנשויונגען. אין זעקסטן קאפיטל (פּאָסעק צוויי) פון „בריישיס“ זײַנען די מענטשן אָנגערופן: „די זין פון גאָט“. פונקט אזוי ווערן אינעם באָוולשן מיט אָנגערופן די געטער — די בונטארעס, ווײַל זיי זײַנען דאָך טאקע געווען די זין פון גאָט אבזו און דער געטן טיאמאט.

אין מעשעך פון א לאנגער צײַט האָבן די פאָרשער געבראָכן די קעפּ איבער אן אנדער פּאָסעק פונעם ערשטן קאפיטל „בריישיס“, ווו עס ווערט גערעדט וועגן גאָטס גײַסט, אין טאָך גענומען, וועגן גאָטס לעבעדיקן אָטעם, וועלכער טראָגט זיך איבער די וואסערן. מע האָט קאָמענטירט דעם פּאָסעק אף פארשיידענע, אָפט פאנטאסטישע אויפאנים אזוי לאנג, ביז מע האָט אין די רויִנען פון דער פיניקיִער שטאָט אוגאריט (ניט ווײַט פון דער איצטיקער ראס־שאמרא אין סיריע) געפונען טאוועלעך מיט פלעקלשריפט, וועלכע בילדן א זאמלונג פון מיטאָלאָגישע פּאָעמעס. אין דעם קאָסמאָגאָנישן מיט האָבן זיך די געלערנטע אָנגעשטויסן אף א טעקסט, וואָס נאָך אים איז גאָט געזעסן אפן וואסער, ווי א הון אף אייער, און פון כאאָס האָט ער אויסגעזעסן לעבן. אָן צווייפל איז דער ביבלישער גאָטס גײַסט, וואָס טראָגט זיך איבער די וואסערן, אן עכאָ פונעם אוגאריער מיט.

די ביבלישע געשיכטע וועגן וועלט־באשאף איז געוויס אנטשטאנען אין דער שטילקײַט פון א קויהאנישן כיידער־מעיוכעד און האָט אלס אינטעלעקטועלע קאָנצעפּציע פון די טעאָלאָגן ניט דערוואָרבן קיין פּאָפּולערקײַט בא די ברייטע פאָלקסמאסן. אף דער פאנטאזיע פון דעם פּאָשעטן מענטשן האָט געמאכט א גרעסערן אײַנדרוק דער דראמאטישער מיט וועגן העלדישן קאמף פון די געטער קעגן די גיגאנטישע מאָנסטרען פון כאאָס. אין די טעקסטן פון אלטן טעסטאמענט האָבן זיך פארהיט בוילעטע שפורן פון די דאָזיקע פאָלקס־גלויבונגען. אין דער אוגאריער פּאָעמע איז דער גאָט באאל מענאצייעך דעם זיבנקעפּיקן דראקאָן — דעם ליוויאָסן. אין יעשאיאָהו (27, 1) לייענען מיר בוכשטעבלעך פאָלגנדיקס: „אין יענעם טאָג וועט גאָט דער האר מיט זײַן שווערער און שטארקער שווערד טרעפן דעם ליוויאָסן, — די גלײַך־לויפנדיקע שלאנג, און דעם ליוויאָסן — די אויסגעבויגענע שלאנג. און ער וועט דערהארגענען די פארזעעניש, וואָס איז אין יאם“.

מיר געפינען זיך אין א גינסטיקער לאגע — מיר האָבן די מעגלעכקײַט נאָכצושפּירן דעם וועג, וועלכן עס האָט דורכגעמאכט אין דער געשיכטע דער מעסאָפּאָטאמישער מיט וועגן דעם געפעכט צווישן די געטער מיט דעם מאָנסטער. אין די צײַטן פון שומערן איז דער זיגרײַכער גאָט, וועלכער איז בײַגעקומען דעם דראקאָן, געווען ענליל. ווען דער אקאדיער קייסער האמוראבי האָט פארכאפּט מעסאָפּאָטאמיע, איז דער אויבערגאָט געווען מארדוק. עס זײַנען אוועק יאָרהונ־

דערטער, און די העגעמאָניע אינעם לאַנד צווישן פּראַס און כידעקעל האָבן פאַרכאַפּט די אַסיריער. דאַן איז דער העכסטער גאָט געוואָרן אַשור. די אַסירישע שרײַבער האָבן פון די טאָוועלעך מיט פּלעקלשריפט אויסגעמעקט מאַרדוקן און אָנשטאָט אים אַרײַנגעשריבן דעם גאָט פון זייער שיי־וועט — אַשורן. אָבער זיי זײַנען געווען ניט שטאַרק אופּמערקזאַם, אין אייניקע ערטער האָבן זיי אין טעקסט ניט אויסגעמעקט מאַרדוקן. דערנאָך איז דער מיט דערגאַנגען ביז פּאַלעסטינע, ווו די ייִדן האָבן געצוווּנגען גאָט אַדוינוי, ער זאָל זיך ראַנגלען מיטן שרעקלעכן ליוויאָסן. אייניקע געלערנטע זאָגן אַרויס אַ מיינונג, אַז דער מיט איז אַפילע אַרײַנגעדרונגען אינעם קריסטנטום אין דער פאָרם פון דער לעגענדע וועגן דעם הייליקן געאָרגי, וועלכער הארגעט אַ דראַקאָן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ביבלישער געשיכטע וועגן וועלט־באַשאַף איז קעדײַ צו ברענ־גען דאָ אַ טשיקאַווע דעטאַל, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די, וואָס האָבן געזוכט אין דעם אַלטן טעסטאַמענט די אַלפאַ און אָמעגאַ פון יעטווידן מענטשלעכן וויסן. אין 1654 האָט דער אירלענדישער אַרציבישאָף אושער געמאָלדן, אַז אופּמערקזאַם שטודירנדיק די הייליקע שריפטן, איז ער געקומען צום אויספיר, אַז גאָט האָט באַשאַפן די וועלט אין 4004 יאָר פאַר אונדזער ערע. אין מעשעך פון אַ גאַנצן יאָרהונדערט איז די דאַטע געבראַכט געוואָרן אין אַלע אויסגאַבעס פון דער ביבל. און ווער עס האָט געצווייפלט אין איר רעאַלקײַט, איז פאַררעכנט גע־וואָרן פאַר אַן אַפּיקורעס.

קעגן דעם אַרציבישאָף אושער איז אָבער אַרויסגעטראָטן דער בישאָף לייטפוט, וועלכער האָט אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער איז ניט גענוג פּינקטלעך אין זײַנע כעזשבוינעס. נאָך אים, לייט־פוטן, נאָך איז די וועלט אַנטשטאַנען דעם 23 אָקטיאַבער 4004, נײַן אַזייגער אינדערפרי.

וואָס איז שײַעך דעם גאַניידן, האָט אויך אים באַשאַפן די פאַנטאַזיע פון די שומערן. אין דעם מיט וועגן דעם גאָט ענקי ווערט דער גאַניידן געמאָלט ווי אַ גאָרטן, פול מיט פּרוכט־ביימער. מענטשן און כײַעס לעבן דאָ אין שאָלעם און שאַלווע און וויסן ניט פון קיין פּײַן און קראַנק. מע קאָן אַפילע מיט זיכערקײַט זאָגן, אַז דער ביבלישער גאַניידן איז געווען דיסלאָצירט אין מעסאָפּאָטאַמיע, ווײַל פון די פיר טײַכן, וואָס פליסן פון אים אַרויס, זײַנען צוויי — פּראַס און כידעקעל.

איןביידע מיטן זײַנען פאַראַן איבעראַשנדיקע אַנאַלאָגיעס. דאָ האָבן מיר ניט געשטעלט פאַר זיך די אופגאַבע פאַנאַנדערקלײַבן זיך אין צומאָל אומבאַדײַטנדיקע פּראָטים. עס איז אָבער קעדײַ אונטערצושטרײַכן, אַז סײַ אין דער ערשטער, סײַ אין דער צווייטער געשיכטע איז פאַראַן די אידיי פון דעם מענטשנס פאַל. אין דער ביבל רעדט אײַן די שלאַנג אָדאָמען און כאַווען, זיי זאָלן פאַרזוכן פון דעם אייץ־האַדאַס. אין מעסאָפּאָטאַמישן מיט איז דער בייזווילִיקער אייצעגעבער דער גאָט עאַ. ביידע ווערסיעס דריקן אויס דעם געדאַנק, אַז דאָס דערקענען גוטס און שלעכטס — דאָס הייסט כאָכמע — מאַכט דעם מענטשן גלײַך צו די געטער און גיט אים אומשטערבלעכקײַט. לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז אין גאַניידן איז באַנאַנד מיטן אייץ־האַדאַס געוואַקסן אויך דער אייץ־האַכאַיִם — דער בוים, וואָס מאַכט אומשטערבלעך. גאָט האָט דאָך אַרויסגעטריבן אָדאָמען און כאַווען פון גאַניידן ניט נאָר פאַר אומגעהאָרכזאַמקײַט, נאָר אויך אויס מוירע, אַז זיי זאָלן ניט פאַרזוכן די פּרוכט פונעם אייץ־האַכאַיִם און ווערן אומשטערבלעך, ווי גאָט אַליין. אין דעם דריטן קאַפּיטל פון „ברייִשיס“ (פאַסעק 22) לייענען מיר: „און גאָט דער האַר האָט געזאָגט: זע, דער מענטש איז געוואָרן, ווי איינער פון אונדז (ווידער רעשטן פון פּאָליטעיִזם!) צו וויסן פון גוטס און שלעכטס, און אַצינד קאָן ער נאָך אויסשטרעקן זײַן האַנט און נעמען אויך פון דעם בוים פון לעבן, און ער וועט עסן און וועט לעבן אייביק“.

אין אַ געוויסער מאָס איז אויך קלאָר געוואָרן, פונוואַנען עס שטאַמט די ביבלישע בייזווי־ליקע שלאַנג. דער שומערישער גיבער גילגאַמעש האָט זיך אַוועקגעלאָזט צום גאַניידן־אינדזל, ווו עס האָט געוווינט דער ליבלינג פון די געטער אוטנאַפּישטים, קעדיי באַקומען בײַ אים דעם פּלאַנץ פון לעבן. ווען גילגאַמעש איז געפאָרן צוריק איבערן טײַך, האָט איינער פון די געטער, וועלכער האָט ניט געוואָלט, אַז דער מענטש זאָל, באַקומענדיק אומשטערבלעכקײַט, ווערן גלײַך צו די געטער, אָנגענומען דאָס געשטאַלט פון אַ שלאַנג, אַרויסגעטויכט פון וואַסער און אַרויסגע־כאַפּט בײַ גילגאַמעשן דאָס וווּנדערלעכע געוויקס. אין דער דאָזיקער לעגענדע דאַרף מען, אַגעוו, זוכן די דערקלערונג, פאַרוואָס, אָנגעהויבן פון אוראָם־אָווינוס צײַטן, האָבן די ייִדן אין מעשעך פון אַ סאַך דוירעס געמאָלט גאָט אין דעם געשטאַלט פון אַ שלאַנג. און ערשט די קויהאַנים האָבן פאַרניכטעט די דאָזיקע סימבאָלן אין זייער פאַרביטערטן קאַמף קעגן די רעשטן פון געצנדינערײַ.

די אַרכעאָלאָגן האָבן אין די רויִנען פון אַ מעסאָפּאָטאַמישער שטאָט געפונען אַן אַקאַדיִער שטעמפּל מיט אַן אויסגעגראַווירטער סצענע, וועלכע איליוסטרירט, וואַרשײַנלעך, דעם פּראָטאָ־טיפּ פון דער געשיכטע וועגן אָדאָמען און כאַווען. מיר זעען אין דער שניצערײַ אַ בוים מיט אַ

שלאַנג, פון ביידע זײַטן — צוויי פיגורן: אַ מאַנצבל מיט הערנער און אַ פרוי. פון אָביעקטיווקײַט וועגן דאַרף מען זאָגן, אַז די קאָנטורן פון די פיגורן זײַנען שטאַרק אָפּגעריבן און דעריבער איז זיי שווער צו דערקענען. דעריבער האָבן אייניקע פאָרשער אָנגעהויבן צווייפלען, צי דאָס שטעמפּל האָט אַ שײַכעס צום מיט וועגן דעם ערשטן מענטשן.

נאָר אַף וויפל עס האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן צו געפינען אַ מער איבערצײַגנדיקע דערקלערונג פון דער סצענע, זיגט, אַפּאָנעם, די מיינונג, אַז נאָך אין מעסאָפּאָטאַמיע האָט עקזיסטירט דער מיט וועגן אַדאָמען און כאַווען.

די מענטשן האָט שוין פון לאַנג אינטריגירט, פאַרוואָס גאָט האָט באַשאַפן כאַווען אַף אַזאַ אויסטערלישן אופן, נעמלעך, פון אַדאָמס ריפּ. ער האָט דאָך געהאַט אונטער דער האַנט גענוג ליים, פון וועלכער ער האָט געקאָנט, פונקט ווי דעם מאַנצבל, אויסקנעטן די פרוי! די טאָוועלעך מיט פּלעקלשריפט, וועלכע מע האָט אויסגעגראָבן אין באָוול, האָבן געגעבן בעעמעס אַ סענסאַציאָנעלע באַשיידונג פון דער דאָזיקער רעטעניש. לאָזט זיך אויס, אַז די גאַנצע געשיכטע איז זיך סוימעך אַף אַ טשיקאַווער מיספאַרשטייעניש. איז אָט, אין דעם שומערישן מיט האָט דער גאָט ענקי אַ קראַנקע ריפּ. „ריפּ" אַף שומעריש הייסט „טי". די געטין, וועלכע איז גערופן געוואָרן אויסצוהיילן ענקיס ריפּ, האָט געהייסן נין־טי, דאָס הייסט „די פרוי פון דער ריפּ", אָבער „נין־טי" באַטײַט גלײַכצײַטיק „געבן לעבן". אַזוי־אַרום קאָן „נין־טי" גלײַכצײַטיק באַטײַטן „די פרוי פון דער ריפּ" און „די פרוי, וואָס גיט לעבן".

אין דעם גראָד שטעקט די סיבע פון דער מיספאַרשטייעניש. די ייִדישע שוואָטים האָבן נין־טי פאַרביטן אַף כאַווען, מאַכמעס כאַווע איז געווען פאַר זיי די לעגענדאַרע אורמוטער פון דער מענטשהײַט, אָדער „די פרוי, וואָס גיט לעבן". אָבער די צווייטע באַדײַטונג פון „נין־טי" („די פרוי פון דער ריפּ") איז נאָך געבליבן אינעם זיקאָרן פון די ייִדן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט זיך אין די פאָלקס־געשיכטעס באַקומען אַ קאָנפוז. נאָך פון די מעסאָפּאָטאַמישע צײַטן האָט מען פאַרגעדענקט, אַז כאַווע האָט עפּעס אַ שײַכעס צו דער ריפּ. און אַדאַנק דעם איז געבוירן די אויסטערלישע געשיכטע, אַז כאַווע איז געשאַפן געוואָרן פון אַדאָמס ריפּ[1].

דערפאַר איז די לעגענדע וועגן קאַיִנען און העוולען, ווײַזט אויס, אויסשליסלעך אַ פּראָדוקט פון ייִדישער פאַנטאַזיע. די אוראַלטע ייִדישע שוואָטים האָבן מיט אָט דער לעגענדע געפּרוווט דערקלערן, האַלעמײַ האָט דער ריבוינע־שעל־אוילעם, זייער גוטער טאַטע, פאַרמישפּעט דעם מענטשן אַף שווערער האָרעוואַניע, ליידן און קראַנקײַטן. אייניקע פאָרשער פון דער ביבל האַלטן זיך בײַ דער מיינונג, אַז כוץ אַלעמען איז די לעגענדע וועגן קאַיִנען און העוולען אַן אָפּקלאַנג פון די סיכסוכים, וועלכע פלעגן אויסברעכן אין די שוין לאַנג פאַרגעסענע צײַטן צווישן די פּיציכטלערישע וואַנדער־שוואָטים און צווישן דער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט ערדאַרבעט. די אוראַלטע ייִדן זײַנען געווען אין יענער צײַט פּיציכטלער. דעריבער איז העוול, דער פּאַסטעך פון שעפּסן, געוואָרן אין זייער לעגענדע דער ליבלינג פון גאָט און דער אומשולדיקער קאָרבן פונעם ערדאַרבעטער קאַיִן. אַגעוו, איז קעדײַ אָפּצומערקן, אַז אין גאַנג פון דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהײַט איז געווען פונקט פאַרקערט: גראָד די פּיציכטלערישע וואַנדער־שוואָטים פלעגן אָנפאַלן אַף די פרידלעכע ערדאַרבעטער. אַזאַ סוביעקטיווקײַט אין דער ביבלישער לעגענדע איז אַלקאָלפּאָנעם סימפּאַטאָמאַטיש, ווײַל זי זאָגט אײדעס, אַז די געשיכטע וועגן קאַיִן און העוול איז אַנטשטאַנען אין יענער ווײַטער עפּאָכע, ווען די אוראַלטע ייִדן האָבן געפירט אַ וואַנדער־לעבן. אין יענער צײַט, ווען זיי האָבן זיך שוין באַזעצט אין קנאַאַן און זײַנען אַליין געווען געצוווּנגען זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די אָנפאַלן פון די קריגערישע מידבער־שוואָטים, איז די לעגענדע געוואָרן אַן אַנאַכראָניזם. פונדעסטוועגן איז זי געבליבן לעבן אַלס בעקאָוועדיקע יערושע פון די אָוועס — די פּיציכטלער.

אין די זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רוישעם די אַנטדעקונג, וואָס האָט אַ שײַכעס צום ביבלישן מאַבל. דער באַשיידענער אָנגעשטעלטער פון ברי־

[1] אין צוזאַמענהאַנג מיט אַדאָמען איז קעדײַ צו דערציילן וועגן איינעם אַן אויסערגעוויינלעך קאָמישן אינצידענט, וועלכער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק פאָרגעקומען אינעם קאָנגרעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אין דער רעגירונגס־בראָשור „די ראַסעס פון דער מענטשהײַט" האָט דער קינסטלער אָנגעצייכנט אַדאָמען מיט אַ פּופּיק. דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס גרימצאָרן באַם קאָנגרעסמען פון צאָפן־קאַראָלינע קאַרל ט. דאַרהעם. ער האָט געשטעמפּלט די דאָזיקע צייכענונג אַלס קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, ווײַל אַדאָם, וועלכן גאָט האָט אויסגעקנאָטן פון טייג, האָט ניט געהאַט קיין מוטער און האָט דעריבער ניט געקאָנט האָבן קיין פּופּיק. אין גאַנג פון די שטורמישע דעבאַטן האָט מען דעם פאַרברענטן פאַרערער פון דער ביבל אײַנגעשטילט מיט דעם פאַקט, אַז אין וואַטיקאַן איז פאַראַן מיקעלאַנדזשעלאָס אַ בילד, וואָס שטעלט אַדאָמען פאָר אויך מיט אַ פּופּיק.

טישן מוזיי אין לאָנדאָן דזשאָרדזש סמיט האָט אין איינעם א טאָג זיך גענומען צו דעשיפרירן די טאָוועלעך מיט פּלעקלשריפט, וועלכע זיינען צוגעשיקט געוואָרן פון נינווע און זיינען געלעגן אין קעלער פון מוזיי. גרויס איז געווען זיין פאַרווונדערונג, ווען ער האָט זיך אָנגעשטויסן אַף דער ערשטער פּאָעמע פון דער מענטשהייט, ווו עס ווערן באַשריבן די העלדנטאַטן און אופטוען פון דעם לעגענדאַרן העלד פון די שומערן — גילגאַמעש. אין איין שיינעם טאָג האָט סמיטן זיך אָנגעהויבן דוכטן, אַז ער שלאָפט און עס כאָלעמט זיך אים: אַף אייניקע טאָוועלעך האָט ער געפונען פראַגמענטן פון דער געשיכטע וועגן מאַבל, וועלכע זיינען געווען גוואַלדיק ענלעך צו דער ביבלישער ווערסיע. ווי נאָר ער האָט זיי פאַרעפנטלעכט, איז אויסגעבראָכן א שטורעם פּראָטעסטן צווישן די פרומאַקעס פונעם וויקטאָריאַנישן ענגלאַנד, פאַר וועלכע די ביבל איז א הייליקער סייפער, געגעבן פון גאָט אַליין. זיי האָבן ניט געקאָנט שאַלעם מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די געשיכטע פון נויעך איז א מיט, וואָס שטאַמט פון די שומערן. דאָס, וואָס די דעטאַלן פון ביידע געשיכטעס, דער שומערישער און דער ביבלישער, פאַלן צונויף, איז געווען, לויט זייער מיינונג, א צופעליקייט.

דער קאָנפליקט וואָלט געקאָנט געלייזט ווערן, ווען מע געפינט די פעלנדיקע טאָוועלעך. נאָר דאָס האָט אויסגעזען צו זיין העכסט אומוואַרשיינלעך. דזשאָרדזש סמיט האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן. ער איז אַליין אַוועקגעפאָרן קיין מעסאָפּאָטאַמיע, און ס'איז געשען א נעס: אין די גיגאַנטישע רוינען פון נינווע האָט סמיט געפונען די פעלנדיקע פראַגמענטן, וועלכע האָבן פולשטענדיק באַשטעטיקט זיין האַנאָכע. וועגן דעם האָבן איידעס געזאָגט אַזעלכע אידענטישע איינצלהייטן, ווי די קראָ און די טויב, וועלכע נויעך האָט אַרויסגעלאָזט אַף דער פריי, און דער באַרג, אַף וועלכן די טייווע איז געבליבן שטיין, דער אַלציינער טערמין פונעם מאַבל און דער מוסער־האַסקל פון דער געשיכטע: די מענטשהייט ווערט באַשטראָפט פאַר אירע זינד און דער גאָטספאַרכטיקער נויעך ווערט ניצל. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ניט אַלץ פאַלט צונויף. דער שומערישער נויעך הייסט אוטנאַפּישטים. אינעם פּראָטאָטיפּ פונעם מיט האָבן מיר צו טאָן מיט א גרויסער צאָל געטער, וועלכע האָבן אַלע מענטשלעכע שוואַכקייטן, און אין דער ביבל שיקט דעם מאַבל אַראָפּ אַף דער מענטשהייט גאָט, דער באַשעפער פון דער וועלט, וועלכער ווערט געמאָלט אין זיין גאַנצער מאַיעסטעטישקייט און מעכטיקייט. אין מאָנאָטעיִסטישן גייסט איז דער מיט איבערגעמאַכט געוואָרן אין די שפּעטערדיקע צייטן, און זיין ענדגילטיקע רעליגיעז־עטישע איבעראַרבעטונג האָט ער, ווייַזט אויס, צו פאַרדאַנקען די רעדאַקטאָרן פון צווישן די קויהאַנישע קרייזן.

א דערפאַרענער היסטאָריקער ווייסט, אַז לעגענדעס — דאָס איז אָפט פּאָעטיזירטע געשיכטע, אַז ניט זעלטן איז אין זיי פאַראַן א געוויסער געשיכטלעכער עמעס. דעריבער טאַקע האָט זיך געשטעלט די פראַגע, צי איז ניט די געשיכטע וועגן מאַבל אַן אָפּקלאַנג פון זייער א ווייַטער סטיכישער קאַטאַסטראָפע, וועלכע איז געבליבן אין זיקאָרן פון דורעס.

די דאָזיקע פראַגע האָט גלענצנדיק פאַרענטפערט דער גרויסער ענגלישער אַרכעאָלאָג לעאָנאַרד וואָלי, וואָס האָט אַנטדעקט די שטאָט אור. אין דער קאָלאָסאַלער מיסט־אָנהויפונג, וואָס האָט זיך אין מעשעך פון יאָרטויזנטער אָנגעזאַמלט בא די ווענט פון דער שומערישער הויפּטשטאָט, האָט ער דורכגעבראָכן א שאַכטע, און אַף דער טיף פון פערצן מעטער האָט ער געפונען קוואָרים פון שומערישע קייסאָרים, וואָס האָבן געהערשט דריי טויזנט יאָר פאַר אונדזער ערע. אין די קוואָרים זיינען געלעגן ריזיקע אוצרעס און אפילע ביינער פון די באַגראָבענע הערשער.

וואָלי האָט אָבער קוידעמקאָל געוואָלט וויסן, וואָס געפינט זיך אונטערן בעסוילעם. ווען די אַרבעטער האָבן לויט זיין אָנווייַזונג אופגעגראָבן דעם ווייַטערדיקן שיכט, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אַף טייַך־זאַמד, אין וועלכן עס זיינען ניט געווען קיין שום שפּורן פון דער עקזיסטענץ פון מענטשן. שוין זשע האָבן די אַרבעטער זיך דערקליבן צו א שיכט, וועלכער געהערט צו א פּעריאָד, ווען אין מעסאָפּאָטאַמיע זיינען נאָך ניט געווען קיין מענטשלעכע יישוּווים? די ווייַטערדיקע אויסגראָבונגען האָבן געבראַכט צו א מערקווירדיקער אַנטדעקונג — אונטער א שיכט זאַמד דריי מעטער די גרעב האָבן זיך ווידער באַוויזן שפּורן פון א יישעוו: ציגל, מיסט, אש פון שייטערס, ליימענע שערבלעך. סיי די פאָרם און סיי דער אָרנאַמענט פון די שערבלעך האָבן איידעס געזאָגט, אַז די געפינסן געהערן צו גאָר אַן אַנדער קולטור, ווי די, וועלכע זיינען געלעגן איבער דעם שיכט טייַך־זאַמד.

אָט דער סיידער פון די שיכטן האָט זיך געלאָזט דערקלערן נאָך אַף איין אויפן: א גראַנדיעזע פאַרפלייצונג האָט פאַרניכטעט אַן אומבאַוווּסטן יישעוו, וועגן וועלכן מע ווייסט אפילע ניט, ווען ער האָט עקזיסטירט. ענדלעך, ווען די וואַסערן זיינען אַוועק, זיינען אַנדערע מענטשן געקומען און האָבן פונסניי באַפעלקערט מעסאָפּאָטאַמיע. דאָס זיינען געווען די שומערן, די שעפער פון דער עלטסטער אונדזער באַוווסטער ציוויליזאַציע.

אַז עס זאָל זיך קאָנען אָנזאַמלען דרײַ מעטער זאַמד און שלאַק, האָט אַף דעם אָרט געדאַרפט שטיין אין מעשעך פון אַ לאַנגן פעריאָד קימאַט אַכט מעטער וואַסער. מע האָט אויסגערעכנט, אַז באַ אַזאַ ניוואָ פון וואַסערשטאַנד איז גאַנץ מעסאָפּאָטאַמיע געפאַלן אַ קאָרבן פון דער פאַרפלייצונג. דאָס איז, הייסט עס, געווען אַ קאַטאַקליזם פון אַן אומגעהערטן מאַסשטאַב, אָבער דאָך פון אַ לאָקאַלן כאַראַקטער. די דעמלטיקע אײַנוווינער האָט זיך אָבער געדוכט, אַז דער שעטעך ערד, וועלכן עס האָט געטראָפן די קאַטאַסטראָפע, דאָס איז די גאַנצע וועלט, און די פאַרפלייצונג איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ מאַבל, מיט וועלכן די געטער האָבן באַשטראָפט די זינדיקע מענטשהײַט. די לעגענדע וועגן דער קאַטאַסטראָפע האָט זיך געוועבט יאָרהונדערטער נאָכאַנאַנד — פון די שומערן ביז די אַקאַדיער און באָוולער. פון מעסאָפּאָטאַמיע האָבן זי די ייִדן מיטגעבראַכט אין קנאַאַן, איבערגעשטאַלטיקט אַף זייער אויפן און די דאָזיקע אייגענע ווערסיע אַרײַנגעטראָגן אין אַלטן טעסטאַמענט.

אין אַלע שטעט צווישן פראָס און כידעקעל פלעגן אויפגעשטעלט ווערן הויכע געבײַדעס פון אַ מאָדנער פאָרם. אַלס בוי־מאַטעריאַל האָט מען אויסגענוצט קובישע אָדער קײַלעכדיקע ריזיקע שטיינער, וואָס פלעגן געלייגט ווערן אין יאַרוסן, יעדער ווײַטערדיקער שמעלער פון דעם אונטערשטן. די דאָזיקע געבײַדעס זײַנען געווען ענלעך צו טרעפּאַרטיקע פּיראַמידעס. אויפן סאַמע שפּיץ איז געוויינלעך געשטאַנען אַ טעמפּל, געווידמעט דעם אָרטיקן גאָט. צום טעמפּל האָבן געפירט שטיינערנע טרעפּ מיט דרײַ מאַרשן. בייס די גאָטעסדינסטן איז איבער זיי געגאַנגען אַ פײַערלעכע פּראָצעסיע: ווײַס געקליידטע קויהאַנים, באַגלייט מיט געזאַנג פון אַ כאָר און מיט קלאַנגען פון מוזיק.

די סאַמע באַוווּסטע פון די דאָזיקע פּיראַמידעס, וועלכע האָבן געהייסן „זיקוראַט“, האָט זיך געפונען אין דער גרויסער און פּרעכטיקער הויפּטשטאָט פון באָוול. די אַרכעאָלאָגן האָבן אויסגעגראָבן אין די כורוועס איר פונדאַמענט און די אונטערשטע טיילן פון די ווענט. איצט וויסן מיר פּינקטלעך איר אַרכיטעקטור, ווײַל כוץ די באַשרײַבונגען אַף די טאָוועלעך מיט פלעקלשריפט האָט מען געפונען אירס אַ בילד. די פּיראַמידע איז באַשטאַנען פון זיבן יאַרוסן און האָט געהאַלטן נײַנציק מעטער די הייך.

עס איז אויפגעקומען אַ פראַגע: צי איז די באָוולער פּיראַמידע ניט דער פּראָטאָטיפּ פון ביבלישן באָוול־טורעם? דער באַוווּסטער פראַנצויזישער געלערנטער אַנדרע פּאַראָ האָט געווידמעט דער דאָזיקער פּראָבלעם אַ גאַנץ ביכל, און אויפן גרונט פון אַ ריי באַווײַזן איז ער געקומען צום אויספיר, אַז אין דער הינזיכט אַנטשטייט ניט באַ אים דער מינדסטער צווייפל.

דאָ איז ניט קעדײַ צו ברענגען זײַן גאַנץ קאָמפּליצירטע און דעטאַלע אַרגומענטאַציע. מיר וועלן זיך באַגרענעצן מיט די סאַמע וועזנטלעכע באַווײַזן.

ווען די ביבלישע געשיכטע, האָבן די מענטשן, ווען זיי האָבן נאָך גערעדט אַף איין שפּראַך, געבויט דעם באָוול־טורעם אינעם לאַנד סענאַר. אייניקע געלערנטע אידענטיפיצירן סענאַר מיט שומער. אַלס בוי־מאַטעריאַל האָבן זיי אויסגענוצט געברענטע ציגל און טײַך־ליים, וואָס אַנטשפּרעכט פּינקטלעך דעם בוי־מאַטעריאַל פון דער באָוולשער פּיראַמידע.

אין „ברייִשיס“ (7:11) לייענען מיר: „קומט לאָמיר אַראָפּנידערן און צעמישן דאָרט זייער שפּראַך אַזוי, אַז זיי זאָלן ניט פאַרשטיין איינער דעם אַנדערנס שפּראַך“. פאַרוואָס זשע האָבן די ייִדן באַטראַכט דעם באָוול־טורעם אַלס סימבאָל פון דעם מענטשנס גײַווע און פאַרוואָס האָט גאָט, נאָך זיי נאָך, גראָד צעמישט די שפּראַכן פון נויעכס קינדער? פריִער פון אַלץ דאַרף מען זאָגן, אַז דער נאָמען באָוול באַטײַט אַף באָווליש „די טויערן פון גאָט“ (באַב־אילו) און אַף העברעיִש איז פאַראַן אַן ענלעך קלינגענדיק וואָרט „באַלאַל“, וואָס באַטײַט דעם פּראָצעס פון צעמישן. אין רעזולטאַט פון דער קלאַנגען־ענלעכקײַט צווישן די ביידע ווערטער האָט באָוול לײַכט געקאָנט ווערן דער סימבאָל פון שפּראַך־כאַאָס אין דער וועלט, באַזונדערס דערפאַר, וואָס באָוול איז געווען אַ פילשפּראַכיקע שטאָט.

ס'איז קיין כידעש ניט, וואָס די ייִדן האָבן באַטראַכט באָוול און זײַן פּיראַמידע ווי אַ פאַרקערפּערונג פון אַזעס און גײַווע קעגן גאָט. די באָוולער קייסאָרים האָבן אויסגענוצט באַם בויען די פּיראַמידע קנעכט און קריגסגעפאַנגענע, צונויפגעטריבענע פון פאַרשיידענע עקן וועלט. אין VII יאָרהונדערט פאַר אונדזער ערע איז דער באָוולשער קייסער נאַבאָפּאָלאַסאַר צוגעטראָטן צו דער רעסטאַווראַציע פון דעם אוראַלטן טורעם און האָט צווישן אַנדערן באַפוילן אויסצוקריצן אַף דער וואַנט אַזאַ פראַזע: „מענטשן פון פיל פעלקער האָב איך געצוווּנגען צו אַרבעטן באַם אויפשטעלן דעם טורעם“.

צווישן די קנעכט, וואָס האָבן געבויט דעם טורעם, זײַנען געווים געווען ייִדן אויך. און אין זייער זיקאָרן האָט זיך פֿאַרקריצט די שווערע באַוויַלשע געפֿאַנגענשאַפֿט, און די גאַנצע ביטער־קייַט פֿון דער דאָזיקער דערינערונג האָבן זיי געבראַכט צום אויסדרוק אין דער געשיכטע וועגן באַוויל־טורעם. די טורעם־טעמע קומט אויף אין דער ביבל נאָכאַמאָל, אין דער זעונג פֿון דעם הימל־לייטער, וועלכער האָט זיך געכאָלעמט יאַנקעוון, אווראָם־אָווינוס אייניקל.

פֿון דעם באַווילשן פּעריאָד זײַנען שוין דעמלט אַוועק אַ היפּש ביסל יאָר, די דוירעס, וועלכע זײַנען געבוירן געוואָרן אין קנאַאַן, האָבן קיימאַט אינגאַנצן פֿאַרגעסן די אוולעס, וואָס די באַווילשע קייסאָרים האָבן אָנגעטאָן זייערע אָוועס. עמעס, דאָס געשטאַלט פֿון דער פּיראַמידע איז ניט פֿאַר־שוווּנדן פֿון זייער זיקאָרן, עס האָט אָבער באַקומען גאָר אַן אַנדער באַדײַט: די פּיראַמידע איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לייטער, וועלכער האָט סימבאָליזירט דעם בונד פֿון דעם מענטשן מיט גאָט.

ייִדיש — שירע גאָרשמאַן.



# גיי איך ארויס אפן גאנעקל

גיי איך ארויס אפן גאנעקל
דאָס וועלטעלע באקוקן.
זע איך, ווי אַלע שטערנדלעך
טוען צו מיר זיך בוקן.

זאָג איך צום ערשטן שטערנדל:
בייג ניט דיינע קניִען,
ווארט א ביסל צו, מיין גאָלד,
קום איך צו דיר צו פליִען.

זאָג איך צום צווייטן שטערנדל:
ציטער ניט, מיין לעבן,
ווארט א ביסל, ס׳קומט די צייט,
קום איך צו דיר צו שוועבן.

זאָג איך צום דריטן שטערנדל:
כ׳וועל קיינעם ניט פארשעמען,
כ׳קען דאָך אייך, אַלע שטערנדלעך,
אַלע אייערע נעמען.

גיי איך ארויס אפן גאנעקל,
קוק איך אראָפּ אין דער נידער, —
זע איך די ערד מיט מיינע שוועסטער
און מיט מיינע ברידער.

פּאָך איך צו זיי מיטן טיכעלע,
שמייכל אראָפּ מיט די אויגן,
און מיליאָנען גוטע הענט
זע איך אויסגעצויגן.

# זאָל זיין געבענטשט

זאָל זיין געבענטשט דער אָנהייב פונעם טאָג,
דאָס עפענען די אויגן צו דעם ליכט,
איך זע, די שטאָט זיך וויגט, ווי אף א וואָג,
די בערג ארויס דער שטאָט איז דאָס געוויכט.

באם אָנהייב פונעם טאָג איז גרינג די שטאָט
מיט יונגע פייגל אף א האלבן דאך,
מיט פריִען בלי, מיט קנאָספּן אינעם סאָד,
נאָר שווערער ווערט זי נע׳נטער צו פארנאכט.

דער דאך איז פארטיק פונעם נייעם הויז,
די קארשן־בליטן זיינען פונעם קנאָספּ ארויס,
די אוגערקע אין גאָרטן איז געוואָרן גרויס,
און ענג דעם זויג־קינד אין דער מוטערס שויס.

# אופגעוועקטע וועלט

עס קרייט דער האָן און וועקט אן אופגעוועקטע וועלט,
עס טרעפט, דער זון־אופגאנג — אן אופגעגאנגען פעלד,
און אין די שויבן פונעם ערשטן קלאס אף צווייטן שטאָק
צעקלינגען זיך די שטראַלן נאָכן קלינגען פונעם גלאָק.

עס ווייט דער ווינט און ברענגט דעם שטויב אין שטאָט,
פאָנטאנען שפריצן הויך און מאכן אים א באָד,
און לייגן אים צו דר׳ערד און מאכן פריי די לופט,
און מאכן פריי דעם וועג פאר דעם אקאציע־דופט.

ס׳איז גוט פארנאכט אהיים צו גיין פון ווייַט,
צו קוקן אַף דער וועלט פון דער מיט און פון א זייַט,
און פון מאשינען־רויש אהיים ברענגען א ליד,
ווי זאנגען, וואָס דער שניטער ברענגט אהיים פון שניט.



מייַן יונגער, מייַן אלטער, לאַנגאָניקער טרוים
צעהענגט אַף די צווייַגן פון נאקעטן בוים
פילפארביקע בלעטער,
וואָס וועלן ערשט אויסוואקסן שפעטער, —
רייַס מיר ניט איבער דאָס טרוימען.

מייַן יונגער, מייַן אלטער, מייַן שטענדיקער טרוים
צעהענגט האָט, ווי וואָלקנדלעך טונק׳לע אין רוים,
א סטאדע פון שאָף, וואָס איז נאָך ניט געשוירן,
די שאָף וועלן סאָפקאָלסאָף ווערן געבוירן, —
רייַס מיר ניט איבער דאָס טרוימען.

מייַן יונגער, מייַן אלטער, מייַן אייביקער טרוים, —
ער האלט זיך שוין הייַנט אַף די אויגן מיר קוים,
איך ציטער אים ניט צו פארלירן,
נאָך איידער איך זע די קאָלירן
פון בלעטער אַף בוים און די שאָף אין די רוימען, —
רייַס מיר ניט איבער דאָס טרוימען.

# דער טרויער שארט זיך

דער טרויער שארט זיך הינטערווייַלעכס מיט א מעסער צו מייַן רוקן,
דער וויסטער טרויער שעמט זיך אין די אויגן מיר צו קוקן,
ער ווייסט, ער האָט ניט איין מאָל מיך אוועקגענארט פון גאָרטן,
ווו פריידן בליִען, פרייד פון אלע סאָרטן.

די פרייד פון אופהייבן א זאק און אים דערטראָגן
און אָנלאָדן מיט זעק מיט אנדערע א וואָגן.

די פרייד פון היימברענגען ארבוזן פאר די קינדער
און מאנטעלעך און שיכלעך פאר זיי אַף ווינטער.

די פרייד פון ברענגען סכוירע אַף א קליידל
דער פרוי, וואָס איז געווען אמאָל דאָס שענסטע מיידל.

די פרייד פון לייענען נאָך דער ארבעט ביכער,
די פרייד פון זיצן רויִק אינדערמיטן פון א וויכער.

פון אייניקלעך, וואָס דרייען זיך און זינגען
און לאָזן איבער ארום זיך זינגענדיקע רינגען.

מיט וויפל פריידן האָב איך זיך געזעטיקט...
צו וויפל פריידן האָב איך שוין פארשפעטיקט...

דער טרויער שארט זיך הינטערווייַלעכס מיט א מעסער צו מייַן רוקן,
דער וויסטער טרויער שעמט זיך אין די אויגן מיר צו קוקן,
ער ווייסט, ער האָט ניט איין מאָל מיך אוועקגענארט פון גאָרטן,
ווו פריידן בליִען, פרייד פון אלע סאָרטן.

# אָן א נאָמען

דער אָוונט שארט זיך צו מייַן שוועל,
ווי כוואליעס צו די טייַכל־ברעגעס,
און טונקל ווערט מיר אַף דער זעל
די ערשטע אָוונטיקע רעגעס.

דערנאָך, באם אָנקום פון דער נאכט,
ווען דער ארום ווערט דורכויס פינצטער,
ווערט עפעס ליכטיקס אופגעוואכט —
א פונק, א שטערן אין מייַן פענצטער.

דער שטערן שייַנט און דרינגט אריין
אין טונקלען רוים פון מייַן נעשאָמע,
איך לאָז זייַן טרייסטנדיקע שייַן
דערווייַל נאָך אָן א נאָמען.

# מאָשלאַרטיק

אפֿן זעקסטן זײַטל פֿונעם „אַלעפֿבייס"
שטייט געמאָלט אַ הונט, וואָס האַווקעט בייז.
רופֿט אַ טאַלמיד צו זײַן הינטל פֿון דער שוועל,
ווײַזט אים אויף די אויסיעס, וואָס אונטערן געמעל,
און באַפֿעלט אים: לייען דעם גאַנצן טראַף!
שטרענגט זיך אָן דאָס הינטל, לייענט עס איבער: האַוו.
בעטן זיך די קינדער (די כאַווייררים פֿון דער שול),
זעץ אַוועק דײַן הינטל אויף אַ שטול,
לייג אַוועק דײַן ביכל אויפֿן טיש,
עפֿן אויף אַן אַנדער זײַטל, מיש!
מישט ער אויף דאָס זײַטל מיט דער קו,
וווּ ס'איז אונטן אָנגעשריבן: מו.
איז דאָס הינטל פֿונעם שטול אַראָפּ, אַרויס —
מיך האָט איר שוין אויסגערופֿן, איצטער רופֿט דאָס קעלבל אויס!

●

יויסעף אַלבירט

# צוויי מעשאָלים

## די טיר און דער פֿידל

אַ טיר האָט זיך צעבייזערט אויף דעם פֿידל:
„וואָס פֿידלסטו, פֿידל,
און וווּ איז האַרץ?
און וווּ זײַנען געפֿילן?
ווען דו זאָלסט האָרכן,
ווי מיר, די טירן, שפּילן,
וואָלסטו געכאַפּט און אַליין
אויף שטיקלעך זיך צעבראָכן!"

אַ הונט, וואָס איז דערבײַ געשטאַנען,
האָט אַ זאָג געטאָן:
„טיר, אויב סקריפּען הייסט
שפּילן,
מעג איך דאָך מיינען,
אַז מיר, די הינט,
ניט בילן, —
מיר זינגען".

## דער האָניק־לעקער און די מויז

„וויפֿל איז דער מעקעך
פֿונעם זיסן האָניק־לעקעך?" —
האָט אינעם קעלער באַ אַ פֿליג
געפֿרעגט אַ מויז.
„זום! זום! זום! אומזיסט.
נעם און עס, און זאָל דיר ווויל באַקומען,
האָב האַנאָע,
און אויס".
די מויז
האָט אופֿגעגעסן דעם האָניק־לעקעך

און איז ניפֿטער געוואָרן:
דער סאַם, וואָס איז געווען אַרײַנגעקנאָטן,
האָט איר מעקאַצער געווען די יאָרן.

און איך האָב זיך געטראַכט:
נאַראָנים גלייבן אין קיבעד — סטאַם
פֿון די קאַטערס,
וואָס קומען פֿון מעייווער־לעיאַם.
ס'מאַכט זיך, אַז מע לייגט אַרײַן
אינעם קיבעד סאַם...

●

# נײַע שטימען

יאשע רוביאן

## שיכעלעך




ף איינער פון די פרעסניער גאסן האָט זיך געעפנט א שוך־מאַגאַזין פאַר קינדער „באשמאטשאַק"[1]. וואָסערע שיכעלעך איר זאָלט ניט וועלן, קאָנט איר אין דעם מאַגאַזין קריגן.

איך בין געגאַנגען פאַרבײַ דעם דאָזיקן מויער מיט די ריזיקע פענצטער, אָנגעשפּיקעוועטע מיט רויטע, בלויע, ווײַסע קינדער־שיכעלעך. מיטאַמאָל האָט מיר דאָס האַרץ א צאַפּל געטאָן, און איך האָב זיך אָפּגעשטעלט. דורכן פענצטער האָט מען געזען יונגע מאַמעס, וואָס האָבן געשנורעוועט און געקנעפּלט די שפּאָגל־נײַע שיכעלעך אף די פיסלעך פון זייערע קינדער און זײַנען געווען גליקלעך.

איך בין צוגעפאַלן מיטן שטערן צום פײַכטן, קילן גלאָז פון פענצטער. איך האָב פאַרגעסן, פאַרגעסן, אז מײַן זון וואָלט שוין איצט אַלט געווען דרײַ און צוואַנציק יאָר, אז אָט דער שיינער שוך־מאַגאַזין איז אים שוין אַראָפּ פון דער מאָס, אז איך ווייס ביכלאַל ניט, וווּ דאָס געביין זײַנס איז אַהינגעקומען. אָבער אין מײַן דימיען האָט זיך גערייכערט א שיינער זומערדיקער טאָג אין דער הויפּטשטאָט פון אוקראַיִנע. מײַן פרוי, מײַן צווייאָריק ייִנגעלע און איך נישטערן מיט די אויגן איבער די שפּיגל־פענצטער פון די קיִעווער קראָמען. וואָס זוכן מיר?..

פאַרשטייט זיך, שיכעלעך. אָט אזעלכע פּיצימאַנצינקע, ווייכע, גלאַנציקע, מיט העל־בלויע בענדעלעך, מיט לעדערנע פּאָדעשוועלעך, גענייטע אָדער אף פּלעקעלעך. מיר האָבן אינדרײַען אויסגעמאָסטן דעם קיִעווער קרעשטשאַטיק אין דער לענג און אין דער ברייט. און אָט א גדולה. געפּאַקט די געגאַרטע שיכעלעך. עטלעכע מאָל האָב איך מיטן פינגער געמאָסטן דאָס פּיסעלע, געקאָמאַנדעוועט, מײַן פרוי זאָל גיכער גיין אין קאַסע באַצאָלן.

שיכעלעך, שיכעלעך, שיכעלעך! דער וועוועריק מײַנער האָט אָבער זיך אײַנגעאַקשנט, כאָטש שיס אין אים. איינמאָל ניין. ער לאָזט זיך ניט אָנטאָן. די היץ איז געווען גרויס. מיר זײַנען מיד געווען, האָב איך זיך אונטערגעגעבן מײַן צעבאַלעוועטן זון און אַרײַנגעשפּאַרט די שיכעלעך אין קעשענע.

קאָן זײַן, ווען איך זאָל געווען וויסן, אז באַלד וועט זײַן אזא אָנפּאַל פון דער פאַשיסטישער אוויִאַציע אף קיִעוו, וואָלט איך פונדעסטוועגן אָנגעטאָן מײַן זון די שיכעלעך. אָבער איך האָב ניט געוווּסט, אז מיר וועלן באַלד זיך צעשיידן אף אייביק.

אָט אזוי־אָ מיט מײַן קינדס שיכעלעך אין קעשענע בין איך דורכגעגאַנגען אזויפיל פראָנטן, דערגאַנגען ביז בערלין. זיי האָבן מיך געוואַרעמט אין די אָקאָפּעס, געטריבן מיך דורך ברענענדיקע שטעט און דערפער: איך וועל זיך אומקערן, אָנטאָן מײַן זון די שיכעלעך.

צעשיידט האָב איך זיך מיט זיי אין איינער פון די שווערסטע שלאַכטן אונטער גדאַנסק. די סאַניטאַרן האָבן מיך א פאַרוווּנדעטן ערגעץ אוועקגעטראָגן. די הויזן צעשניטן און אַרויסגעוואָרפן דעם קינדס שיכעלעך...

ווער ווייסט, וויפל איך וואָלט נאָך אזוי געשטאַנען בא דעם פענצטער מיטן שטערן צוגעטוליעט צום גלאָז, ווען א פרוי וואָלט ניט צוגעגאַנגען און ניט געפרעגט בא מיר:

— כאַווער, אײַך איז ניט גוט?..

— ניין, — האָב איך געענטפערט, — גאָרניט. איך האָב פאַרגעסן, אף וויפל יאָר איך דאַרף קויפן פאַר מײַן קינד שיכעלעך.

איך בין אָבער טייקעף אַרײַן אין מאַגאַזין, א ווײַז געטאָן מיט א פינגער אף איינער פון די גלעזערנע פּאָליצעס. אָט די שיכעלעך בעט איך מיר דערלאַנגען. שיכעלעך אף א צווייאָריק קינד.

[1] דאָס שיכעלע.

# דער פּראָפעסאָר און זײַן מאַמע



י ווענט אין קאבינעט זיַינען אינגאנצן אויסגעפּלאַסטערט מיט ביכער, און ער זעט אויס, ווי א טיף־טיפער ברונעם, אפן דעק פון וועלכן עס פּליושקעט זיך אין דער שיַין פון דעם מאָדערנעם טיש־לאָמפּ, ווי א האלבע לעוואָנע אין וואסער, די אלטיטשקע פערל.

כוץ דעם ביכער־ברונעם, איז אויך פאראן אן עסצימער, א שלאָפצימער און א שמאָל קאָרי־דאָרל מיט א קיכעלע. איצט לעבן דאָ צוויי מענטשן: דער פּראָפעסאָר און פערל, זיַין מוטער. די איינציקע טאָכטער זיַינע טאַיסע איז קראנק געוואָרן אף שווינדזוכט און געפּינט זיך מיט דער מוטער א לענגערע ציַיט אף דאָרעם. וווּהין איר זאָלט זיך דאָ אין דירעלע ניט ווענדן, וווּהין איר זאָלט זיך ניט קערן, אומעטום איז פול מיט ביכער. אפילע די גראבע לושע, וואָס שפּארט זיך קוים אריַין איין מאָל אין טאָג אופראמען, דריקט אויס איר אומצופרידנקיַיט און פרעגט פאר־כידעשט, צוליב וואָס דארף א מענטש אזויפיל ביכער.

נאָר היַינט איז לושע ניטאָ, מע האָט זי פארבעטן אף עטלעכע וואָכן צו א צווייטן פּראָפעסאָר, אן אָנקאָלאָג, און זי האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט. ראַמט איצט די אלטע פערל אליין. מיט א געהעפטן טשיפּעק אפן קאָפּ שטייט זי אף אן אָנגעבויגן געפארבט לייטערל מיט א שניי־וויַיסן פלעדערוויש אין האנט און ווישט די רוקנס פון די שווערע בענדער, מיט וועלכע זי לעבט שוין בישכיינעס העכער צוואנציק יאָר.

שטילע, ליַיטישע שכיינים אָט די ביכער. איר דוכט, אז ווען איר זון איז אופגערעגט, מאכן זיך די ביכער טאמעוואטע און זינקען נאָך מער אין א שטיל־שוויַיגן. און פארקערט, ווען ער איז אופגעלייגט און גלעט זייערע רוקנס, לאכן זיי, די ביכער, צוזאמען מיט אים און זיַינען גרייט אים אָנשיקערן מיט זייער שטארקן אויסגעשטאנענעם וויַין, פון וועלכן ס'ווערט ליכטיק און וואַרעם אין אלע ווינקעלעך.

סארא מערקווירדיקע באשעפענישן אָט די אלטע ביכער זיַינען, כאָטש אויסערלעך זעען זיי אויס שטיל און סטאטעטשנע. הייב זיך אָבער מיט זיי אָן, ביסטו מיטן לעבן ניט זיכער, זיי פאר־קישעפן דעם מענטשן. ניט איין מאָל האָט די אלטיטשקע פערל געזען, ווי איר דאָווידל, דער געלערנטער, זיצט מעסלעסנוויַיז אָנגעשטרענגט איבער די ביכער און קאָן זיך ניט אָפּריַיסן פון שריַיבטיש.

איז דאָווידל אין שטוב, פארלויפט ער איר אלע וועגן, לאָזט זי ניט אריַינטאָן קיין האנט אין קאלטן וואסער. וויַיל ער איז איצט ניטאָ, האָט זי זיך צוגעכאַפּט צו דער ארבעט און זיך טאקע אָנגעהאָרעוועט. פאמעלעך נעמט זי אראָפּ די ברילן און לאָזט זיי אריַין אין קעשענע פון דעם קאָלירטן פארטעך. פאוואָליע, ניט געיַיַלט, טראָט בא טראָט לאָזט זי זיך אראָפּ פון לייטערל, גייט צו צום פענצטער, פארוקט דאָס פאָרהענגל, און בניי־ביי כאַפּט זי א קוק אפן פאָרטרעט פון דעם עלטערן זון אזריליקן, וואָס הענגט רעכטס פון פענצטער, א באָכער א גוואַר, א דעמב, א פאָל־קאָווניק. אין יאנוואר 1945 געלייגט דעם קאָפּ פאר ווארשע. צוויי ברידער, צוויי זין, און א כילעק פון טאָג ביז נאכט. יענער איז געווען אן אָפּלאכער און א שטיפער, ליב געהאט זינגען און טאנצן, א ברען, א שאָדנווינקל. ער האָט זיך אמאָל קליינערהייט אריַינגעכאַפּט צו יאמפּאָלסקין אין דער וויַיבערשער באָד, זיַינען דאָרט געווען קוילעס, טויב צו ווערן. די וויַיבער האָבן אראָפּגעצויגן פון אים די הייזלעך און אים אריַינגעזעצט אין א שיסל אָקרעפּ. פערל האָט געמיינט, אז ס'איז אָן עק פון זיַין לעבן. נאָר אירער איז דאָך אליין געווען אן אפּטייקער, האָט ער אים געראַטעוועט. א ציַיט האָט אזריליק ניט געקאָנט זיצן. עסן פלעגט ער שטייענדיק, לערנען שטייענדיק, און פאר דער באָד מוירע געהאַט, ווי פאר'ן טויט. ניט ווייניק האָבן זיי זיך אָנגעמוטשעט מיט אים, ביז זיי האָבן אים אריַינגעגעבן אין א מיליטערישער שול. א מאמעס הארץ איז ניט קיין שטיין. האָט פערל אויסגעוויינט א טרער. וואָס וואָלט זי נאָך געוואָלט, ווען ער לעבט? עוואַקויִרט זיַינען זיי געווען אין מיטלאזיע. מארצעלי, דער מאַן אירער, האָט געארבעט אין אפּטייק. אפילע באנאכט פלעגט ער אופשטיין און לויפן אין אפּטייק ארויסגעבן ריצנייל, אקריכין און אנדערע רעפּועס.

ווען זיי האָבן באקומען די פינצטערע יעדיִע וועגן אזריליקס טויט, איז זי, פערל, געוואָרן קראנק, געוויינט, וועלטן געקערט, און מארצעלי איז געוועזן געזונט. דאָנערשטיק האָט ער זיך צוגעשפארט, קיין היץ האָט ער ניט געהאט, א מין פּאָפּלעקציע, און ביז שאבעס איז ער ניט געוואָרן. ניט געקאָנט דעם ווייטעק אריבערטראָגן. אזעלכע צוויי קלעפּ האָט זי שוין טאקע אויך ניט געקאָנט אויסהאלטן און איז געבליבן ליגן צו בעט ניט אף קאטאָוועס. ערשט דאן האָט זי דערפילט, וואָס פאר א געטרייַען זון זי האָט. די הענט האָט ער אונטער איר אויסגעשפּרייט. מילך געזאָטן, ייַיכעלעך געקאָכט און פּוטער געקויפט, עפּל געקריגן. ער האָט, ווייַזט אויס, פארשטאנען, אז א מאמע שארט מען ניט אוף אפן מיסט. וואָס פאר א גדולע איז געווען אין שטוב, אז די מאמע האָט זיך געשטעלט אף די פיס, געזונט געוואָרן! ער האָט איר געבראכט א פּאָר ווייכע, רויטע היטשיגעס אָן אָפּצאסן, גרינג, ווי א פעדער, בא איר אין דער היים פלעגן די ציגייַנער אזעלכע טראָגן, און א שניט רויטע סכוירע מיט קווייטעלעך אף א פּעניואר. כאָלילע, ווען זי נייט אוף דערפון א קלייד, וואָלט מען זי באוואָרפן מיט שטיינער. ער האָט זיך מיט איר ארומגעפירט, פונקט ווי זי וואָלט זיך אומגעקערט פון יענער־וועלט. דאָס פּאָנעם לויכט, די אויגן שטראַלן, ער ברומט א ניגן, פונקט ווי דער טאטע זייַנער. ער גייט צו צום שאכטל, נעמט ארויס דעם פידל, וואָס ליגט שוין א לאנגע צייַט שווייַגנדיק, געוויס איז שוין דעם פידעלע איבערגעטריקנט אין האלדז. ער נעמט שפּילן, און די שטוב ווערט באלויכטן, פול מיט פרייד. ער שפּילט און באַמקעט עפּעס צו. איצט אויך, אז ער שפּילט, דוכט זיך איר, אז דאָס פּאָלירטע מעבל זינגט, די שאפעס מיט ביכער פרייען זיך מיט איר, מיט אים, מיט דער גראָבער לושען, וואָס איז איצט ניטאָ. כאָטש וויפל מאָל די אלטיטשקע פערל הערט די זעלבע ווייכע זיסע קלאנגען, טראכט זי פאר זיך, אז פונקט ווי זי פארשטייט ניט דעם זונס ביכער, אזוי פארשטייט זי ניט זייַן מוזיק. ס׳איז עפּעס מער, ווי א כאסענע־ניגן, א „פריילעכס“ אָדער א „שער“. מארצעלי, אים צו לענגערע יאָר, פלעגט שפּילן ייִדישע כאסענע־שטיקלעך, אוקראַיִנישע לידער און גלאַט טענץ.

איצט האלט ניט דאָוויד באם שפּילן, ווייַל א טאנץ גייט ניט פארן עסן. וויפל צייַט זוכט דאָוויד און קאָן ניט אויסגעפינען אין די ביכער די רעפּוע צו היילן די ראק־קראנקייַט. דעם עמעס געזאָגט, האָט פערל פריִער ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין, מיט וואָס פארנעמט ער זיך. ווען מע האָט אריינגעלאָזט א ראקעטע אין הימל, א ספּוטניק, הייסט עס, איז די גדולע בא אים געווען אזוי גרויס, אז ס׳איז ניט איבערצוגעבן, פונקט ווי ער אליין וואָלט געפלויגן אין הימל אָן איר וויסן און זיך בעשאָלעם אומגעקערט. איר דוכט (א שוואכער זיקאָרן געוואָרן בא איר), אז פונקט דעמלט האָט דאָוויד געבראכט א גרויסע פּרעמיִע. ווי מיינט איר, ווען ער האָט ניט קיין כיילעק אינעם ספּוטניק, וואָלט מען אים אזוינס געגעבן? די אלע, וואָס האָבן א שייַכעס געהאט צום ספּוטניק, האָבן באקומען. פּלוצעם איז אָנגעפאלן אף איר א מוירע, א מעשוגאַס אזא, ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אז אָט באלד, מאָרגן, שפּעטער וועט איר דאָוידל זיך אריינכאפּן אין ספּוטניק און אוועק צום זיבעטן הימל. האָט זי געמאכט קוילעס, זיך געקלאַפּט אין קאָפּ אריין, געריסן די האָר, זי וועט דאָס ניט איבערטראָגן, טאָמער, כאָלילע, קערט ער זיך ניט אום. האָט ער איר דעמלט געגעבן צו פארשטיין, אז ער זוכט א רעפּוע־שליימע פאר אלע מענטשן, וואָס לייַדן פון דעם שרעקלעכן ראק.

א ביסל שפּעטער האָט זי אפילע געהאט אף אים פארדראָס. א פּראָסט מיידל, וואַליע הייסט זי, א מיידל פון פאבריק, וואָס אירע טאטע־מאמע האָבן געקלערט זי כאסענע מאכן פאר א גוטן באָכער א באלמעלאָכע און דערלעבן אף דער עלטער נאכעס פון אן אייניקל, איז געפלויגן, זיך אומגעקערט בעשאָלעם און באריִמט געוואָרן אף דער גאנצער וועלט. איר האָט נאָר געדארפט זען, וואָס פאר א באגעגעניש מע האָט איר געמאכט! וואָלט דען איר דאָוידל ניט געקענט פליִען און נאָכדעם שטיין אפן מאָוזאָליי אינאיינעם מיט אלע גרויסע מענטשן פון לאנד און מיליאָנען זאָלן אים פּליעסקען און אָפּגעבן קאָוועד? שיין איז ער, א קארטינע, נאָך איצט שטארבן נאָך זייַנע טריט גענוג מיידלעך, איז נייִן, האָט ער זיך גאָר אריינגעלאָזט אינעם זוכן דעם ראק און שוין אליין באלד אויסגעסאָכנעט, הויט און ביין. וויפל מאָל האָט זי אים שוין געזאָגט: „הער, זון מייַנער, ביז דו וועסט געפינען די רעפּוע פונעם ראק, וועסטו אליין אָנשפּארן צו מייַן פרומען זיידן נאכמען־הערש אָדער צו דער באָבע סויבל“. נעכטן איז ער ווידער געקומען אָן אופגערעגטער, אראָפּגעלאָזט דאָס פּעקל ביכער און זיך א וואָרף געטאָן אפן שטול, די אויגן פול מיט צאַר, די הענט ציטערן. פערל האָט זיך דערשראָקן, אראָפּ פון קאנאפּקעלע, פארבראָכן די הענט און ארויסגעבראכט: „זון מייַנער, ס׳האָט שוין ווידער עפּעס געטראָפן אין „פּיטאָמניק“?[1]

— דאָס כייַעלע, די מאלפּע, מארטע, איז געפערלעך קראנק, — האָט דאָוויד קוים ארויסגערעדט.

[1] א ספּעציעלע פּראָווּ־סטאנציע פון באלעכאַיִם, אין געגעבענעם פאל מאלפּעס.

— קינד מײַנס, — האָט פּערל געמורמלט, — זי וועט האָבן אַ רעפּוע. יעדער כאַלאַס האָט אַן אויסשטאַנד. ס׳געוועלדט זיך נאָר אין דער צײַט.

פּערל איז אַוועק גרייטן צום טיש און האָט דערלאַנגט אונטערבראָוויט. דאַוויד האָט געגעסן אָן געדאַנק און אָן געשמאַק, ווי מע קײַט שטרוי. די טיי געזופּט, פּונקט ווי ער וואָלט די אייגענע טרערן געשלונגען. נאָכדעם זיך פאַרשפּאַרט אין צימער און אָפּגעגעסן ביז קאַיאָר. ער לײַדט פּאַר מאַרטען, פּונקט ווי אַ פאָטער פאַר אַ קינד. געוויס לײַדט יעדער דאָקטער, ווען ער קאָן ניט העלפן דעם קראַנקן. דאַוויד איז אויפגעשטאַנען פון שטול. צו צום פענצטער. דער בלויער פּרי־מאָרגן האָט שוין געקלאַפּט אין שויב. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס פאַרהענגל, אַוועק אין קיך, זיך אײַנגעוואַשן, געמאַכט אַ גלעזל טיי. דורכגעשווענקט דעם האַלדז, אָנגעטאָן די ברילן און איז שטיל אַרויס פון שטוב. ער האָט ניט געפילט דעם טוי אַף די גראָזן. ער האָט ניט געפילט דאָס ווינטל, וואָס האָט זיך פאַרקליבן צו אים אונטערן מאַנטל. קיינער איז אים אַנטקעגן ניט געקומען. נאָר מאַרטע, וואָס איז געלעגן אין היץ אומבאַוועגלעך, האָט באַ זײַן אַרײַנקום זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנעם צו אים און אַ צאַפּל געטאָן, ברייטער געעפנט די אויגן, געבעטן הילף.

דאַוויד האָט אַ קוק געטאָן אין זשורנאַל, די היץ איז ניט געפאַלן. מאַרטע איז אָפּגעשוואַכט, מע דאַרף זי מיט עפּעס אונטערהאַלטן. נאָר מיט וואָס? ער האָט גענומען רײַדן שטיל און דערנאָך אַלץ העכער, געזאָגט איר גוטע הארציקע ווערטער. מאַרטע האָט זיך אונטערגעהויבן, אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ, דערשטיקט דעם ווייטעק אין זיך, און אַ שמייכל איז געפאַלן אַף איר געל, אײַנגעשרומפּן פּנעמל, אַף די טיף אײַנגעפאַלענע אויגן, אַפן ברייטן מויל, וואָס איז געוואָרן נאָך ברייטער, אַפן שוואַרצן קורנאָסן נעזל. דער עק, ווי אַן אַלט הענטל פון אַ גלאָק, וואָס קלינגט אָפּ די לעצטע שאָען פון זײַן לעבן, האָט זיך קוים באַוועגט. מע קאָן שווערן, אַז באַ מאַרטען זײַנען געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

דאַוויד האָט זיך אָפּגעקערט צום ברייטן פענצטער, זיך פאַרטראַכט. מאַרטע האָט שוין ווײַטער געפיבערט, זיך געקאַרטשעט פון ווייטעק און איז שטיל אויסגעגאַנגען, אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט.

ווען דאַוויד האָט זיך געכאַפּט, איז שוין געווען שפּעט. ס׳איז שוין געווען נאָך אַלעמען.

דאָ אין „פּיטאָמניק" האָט קיינער אַף פּערלען זיך ניט געריכט.

לעבן די ווײַסע טירן זײַנען געשטאַנען מיידלעך אין ווײַסע היטעלעך און שניי־ווײַסע כאַלאַטן. זיי זײַנען ערנסט און פאַרנומען. קיינער קוקט זיך אַף פּערלען ניט אַרום. נאָר אָט האָט זי איבערגעלייענט אַף איין טיר „דאַוויד מאַרצעלעוויטש ראַכמאַנאָוו" און זיך אַ צי געטאָן צום נאָמען. נאָר אַ קרעפּטיק מיידל מיט רויטע באַקן האָט זי אָפּגעשטעלט און פאַרשטעלט איר דעם וועג.

— באָבעשי! מע קאָן ניט אַרײַנגיין, דער פּראָפעסאָר נעמט קיינעם ניט אויף, באַ אונדז איז געשען אַן אומגליק.

— אַ בראָך איז צו מיר, — האָט באַ דער אַלטער זיך אַרויסגעריסן אַף ייִדיש. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פאַרויס און איז אַרײַן אין צימער. דערזען דאַווידן מיט רויטע אויגן און באַשלאָסן, אַז איר זון האָט געוויינט. זי האָט אַ שטעל געטאָן דאָס טעפּעלע מערן־צימעס (ער האָט ליב), אַ לייג געטאָן די קאָרזשעס מיט אײַנגעמאַכטס און אַרויס מיטן לאָשן. אַ ייִדענע, אַז זי זעט, אַז יענער וויינט, ביפּראַט אַ מאַנצבל, ביפּראַט איר זון, טוט איר אַ קאָלופּע באַם האַרצן, דערמאָנט זיך אין אַלע צאַרעס פון אַמאָל און פון הײַנט. — ווי איז מיר, ווידער אַ כײַעלע אומגעקומען, — האָט זי געכליפּעט.

דער ערשטער איז געקומען צו־זיך דאַוויד. ער האָט אַרויסגערופן די מאַשין און געהייסן, דאָס מיידל מיט די רויטע באַקן זאָל באַגלייטן די מאַמע מיטן בינטל קאָרזשעס און מערן־צימעס אַהיים.

אין דער מאַשין האָט זיך די אַלטע נאָך אַלץ באַגאָסן מיט טרערן. ס׳איז שוין ניט צוצוזען דאַווידלס מאַטערן זיך.

נאָר אָט איז די מאַשין צוגעפאָרן צום הויז, וווּ זיי וווינען. זי האָט זיך אויפגעהויבן אַפן דריטן שטאָק. ווי נאָר זי איז אַרײַן אין שטוב, דערפילט די געוווינטע לופט, דורכגעזאָפּט מיטן רייעך פון ביכער, האָט זי זיך באַרויִקט. נישקאָשע, זי האָט געדולד. זי וועט זיך דערוואַרטן דעם ליכטיקן טאָג, ווען דאַוויד וועט זיך אומקערן מיט אַ גוטער בסורע, מיט אַ פריילעכער נײַס, אַף וועלכער ס׳וואַרטן טויזנטער מענטשן, טויזנטער קראַנקע, אַז די רעפּוע פון דער ראַק־קראַנקײַט האָט ער געפונען, ער, איר זון, דאַוויד ראַכמאַנאָוו. דער ברונעם, וואָס איז פול געפּאַקט מיט ביכער, מיט וויסן, וועט ווידער לײַכטן, און דאַווידל וועט נעמען דאָס פידעלע און אַ שפּיל טאָן, ווי ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געשפּילט.

# דעם קאַרגנס צוואָע



ַאר די לעצטע דריי וואָכן האָט דער קאַנסער פולשטענדיק אופ־געגעסן דעם מענטשן. דעם קראַנקן איז געבליבן לעבן גע־ציילטע טעג. ער איז לאַנג און דאַר, איינגעשרומפּן, דאָס פּנים איינגעפאַלן, געל, די אויגן אויס־געלאָשן, פאַרזונקען טיף אין קאָפּ.

ס׳פאַלט צו די נאַכט. נאָר קיין שיין לאָזט ער ניט אָנצינדן. ער רופט דאָס איניקל מיט א צעצויגן קאָל:

— מארינע! פאָלג מיך דאָס לעצטע מאָל און טו נאָר דאָס, וואָס איך וועל הייסן: אפן בעסוי־לעם זאָלסטו זיך דינגען. זיי קאָנען ניט זשעברען בא די לעבעדיקע, באַרייסן זיי די טויטע. מענטשן שטאַרבן, און זיי שיקערן (דערלאַנג א טאַבלעטקע), בויען דאַטשעס, לייגן אָפּ א קערבל, לעקן אָפּ א ביינדל (גיב א קאָפּ וואַסער). די בעטלער, די שנאָרערס, וואָס היטן די טיר באַם בעסוילעם און רייסן פאַר די פּאַלעס, זאָלסטו קיין פּרוטע ניט געבן. זיי זיינען געזינטער פון מיר. איך האָב זיי שוין געררופן אף ארבעט, האָבן זיי מיר געענטפערט, אז אף ארבעט דאַרף מען קויען און בא זיי טוט ווי דער רוקן (נעם אראָפּ די קאָלדרע, איך שוויץ). וועסט בעטן, אז מע זאָל מיך לייגן א ביסל ווייטער פון דער באָבען. אף דער־וועלט א גאַנץ לעבן זיך געקריגט. יעדן טאָג איז געווען הינער־געלויף. זאָל כאָטש אף יענער־וועלט זיין שטיל. וועסט מיטנעמען אפן בעסוי־לעם מיין נייע לאָפּעטע. א שאָד, זי בלייבט איבער א יעסוימע. א מאציווע זאָלסטו שטעלן א פּראָסטע, נאָר א הויכן שטיין, ס׳זאָל דיר גרינג זיין געפינען מיך. וועסט זיך אראָפּכאַפּן צו וויק־טאָר שאַלפּי. ער האָט בא מיר אמאָל אויסגעטרונקען און פאַרביסן, זאָל ער דערפאַר דיר העלפן שטעלן דעם שטיין און טאַקע אָנשרייבן אף אים מיין נאָמען. מיר דוכט, אז ער קען...

ס׳וועט קומען נאַסטיע פון מאָסקווע און מאַריע פון ראַמענסק — אין שטוב לאָז ניט אריין, אפן פעלד זאָלן זיי גיין, זיי זיינען דאָך געווען שטיקלעך ווייבער צי ניט?.. (דערלאַנג דעם זיידן א טרונק, ס׳טריקנט אין האַלדז).

ווען דו וועסט קאָכן א פליישיקן סוף, פאַרגעס ניט, אז פלייש האָט אויך ביינער. דיין באָבע איז געווען א מייסטער אף קאָכן ביינער. מיר פלעגן אָפּלעקן, אויסמאָקען די ביינער און נאָכדעם אָפּגעבן דעם הונט. אלע פאַרנאַכט זאָלסטו גיין אין יאַטקע, אופקלייבן פּעטע פליישיקע ביינער, אריינשיטן פינף עס־לעפל גרויפּן און קאָכן דעם הונט א קוליש. האָדעווע אים ניט מיט קיין פלייש און ווורשט. ער וועט נאָכדעם ניט וועלן עסן דעם קוליש. מע דאַרף אים צוגעווינען עסן פּיסנע ברויט אָן פלייש, אָן פּוטער. איבעריקס קלוג איז ער אויך ניט. ער פאַרדינט אפילע ניט אף זיך.

מאַרינע, דאָ בא מיר ביסטו געבוירן געוואָרן, דאָ אופגעוואַקסן און געזען, וואָס איך פלעג טאָן (דעק איין די פיס, זיי פרירן מיר, ס׳וואָרפט אין קעלט, ס׳דראָזשעט מיך), פונקט אזוי זאָלסטו אויך טאָן. ווינטער־צייט הייצן דאָס קליינע שטיבעלע, די זריע זאָל ניט פאַרפרוירן ווערן. אין מאַרט ארויסזעצן די זריע אין די טעפּעלעך, הייצן צוויי מאָל א טאָג און געבן זיי טרינקען, וויפל זיי ווילן. אָנהייב מיי איבערזעצן די טעפּלעך אין באָדן, צעגראָבן דעם גאָרטן און דעם סאָד (אוי, ס׳איז מיר שלעכט, נאָר צום שטאַרבן!). זאָלסט אכטונג געבן אף די אוגערקעס און קנאָבל, באַ־ארבעטן די עפּלביימער, איבערזעצן די וויינשל, באגיסן פאַרטאָג און פאַרנאַכט, אויסזעצן די קוויטן, זיי באַארבעטן און פאַרקויפן. דעם בעז און זשאַסמין זאָלסטו איבערלאָזן פאַר זיך.

די הינער וועסטו פאַרקויפן. זיי האָבן זיך אופגעהערט לייגן. קיין נייעם לייטער דאַרף מען ניט.

ערשט איבעראיאָר וועסטו באַם טויער פאַרבייטן צוויי נייע סטויפּעס, ווייל יענע זיינען געגנוג פויל (וואַרט א קאָפּ, איך וועל זיך אָפּרוען).

מיר דוכט, אז קיינער איז מיר גאָרנישט ניט שולדיק. נאָר אויב יאָ, וועסטו אופמאָנען. די שכיינים לייען א פאָדעם, א שוועבעלע, א קאָפּ זאַלץ, — זיי זיי מויכל, זאָל מיינס איבערגיין. אָט דאָ, אונטערן קישן, ליגן די פּאַפּירן אף דער שטוב, אפן מעבל, אלץ איבערגעשריבן, אפילע די קאַץ, אלץ איז דיינס.

אף ווינטער זאָלסטו שטעלן אוגערקעס, קרויט, האַלץ פאַרגרייטן. לעב, ווי איך האָב געלעבט: דאַרט, וווּ מע קאָן גיין צופוס, קויף ניט קיין בילעט, אָן אווירע געלט, געזונטע פיס זיינען בע־סער, ווי א צעבראָכענער וואָגן. (אוי, אוי, וואַסער, ס׳איז מיר שלעכט!).

און דאַ מיטאמאָל האָט אים געגומען ווארגן דער הוסט. צוערשט איז ער געוואָרן רויט, זיך פארגאנגען. נאָכדעם איז ער געוואָרן בלאַס. און צולעצט איז ער געוואָרן בלוי, ווי א מילץ. ווען מארינע איז ווידער צוגעלאָפן מיט א קווערטל וואסער, איז ער שוין געווען טויט.

באַם לעבן האָט ער קיינעם ניט אריינגעלאָזט צו זיך אין דער נײַ־איבערגעבויטער שטוב. נאָכן טויט וויל קיינער צו אים ניט ארײַנגיין.

רעדלעך ווײַבער האָבן זיך צונויפגעקליבן פון יענער זײַט טויער. איינע זאָגט:

— ער איז געווען אזוי קארג, אז ער פלעגט ציילן דעם ווײַב די גרויפן אין טאָפּ.

א צווייטע דערציילט, אז כאָטש בא אים איז געווען א היפשער סאָד און א גרויסער גאָרטן, דאָך פלעגט ער ציילן די עפל אף יעדן בוים און וואָלט געהארגעט כעוורע יינגלעך, ווען ער טרעפט זיי בא זיך אין גאָרטן.

נאָך איינע ווייסט, אז פון גרינווארג און קוויטן פלעגט ער מאכן גרויס געלט און אליין טרינ־קען טיי מיט זאַלץ, עסן א קעפל פון א הערינג און צובײַסן א קנאָבל, און אן אנדערע, — אז ער האָט נאָך באקומען א פענסיע אויך.

און דאָס אייניקל מארינע זיצט א פארווײנטע און טראכט:

„צוליב וואָס און צוליב וועמען האָט ער געלעבט? פארשפילט אזא שיינע, אזא ליכטיקע, אזא גרויסע וועלט. ווער דארף עס האָבן זײַנע הויכע פארקאנעס, די טוירן מיט די שווערע שלעסער?"

עס האָט זיך דערהערט א רויש פון אן אווטאָמאשין. צוויי געזונטע באַכערים האָבן ארויס־געטאנצט, ארײַן אין שטוב, א כאַפּ געטאָן די טרונע און אף אייביק אוועקגעפירט דעם קארגן פון זײַן הויז, פון זײַן סאָד, פון זײַן געסעלע, וווּ ער האָט געפאַטערט אכט און זעכציק יאָר לעבן.

●

נאָסן ראָם

# געטאָ־מאָטיוון

ניט צום ערשטן מאָל, אין בוזעם,
ווי מע טראָגט א טויב,
געטראָגן האָסט א בלעטל קרויט.
אויך הײַנט וועסטו דערטראָגן,
האָסט געגלויבט, —
אין שטוב איז הונגעריק, אין שטוב איז גרויס די נויט.
די מאמע גרייט א יויך! אָנשטאָט קארטאָפל, מערן
וועט זי ארײַנלייגן א קרעכץ מיט טרערן
און פּאַרזיכטיק, מיט ביידע הענט,
דאָס בלעטל קרויט,
וואָס וועט פארבײַטן פלייש און ברויט...
עס איז שוין שפּעט, די מאמע גייט צום פענצטער,
זי לויפט צוריק און עפנט אוף די טיר,
דו ביסט אין שטוב דער אייניציקער, דער קלענסטער,
מיט שרעק און האָפענונג די מאמע וואַרט אף דיר.
שוין לאַנג זי שטייט באַם שויב
און ווייסט גאָר ניט, אז לעבן געטאָ־פלויט
עס ליגט איר יינגעלע געערעמט מיטן טויט
און אין זײַן קאַלטן בוזעם ווארעמט זיך דאָס בלעטל קרויט.

●

מוישע־דאַוויד כאַיעט

# געראַטעוועט



יך בין, ניט פאַר אײַך געדאַכט, צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן אַרײַנגעפאַלן אין שפּיטאָל. איך האָב אַף דער אַרבעט צעבראָכן אַ האַנט און אַ פוס. די קראַנקן־שוועסטער פון דער גיכער הילף האָט אַרויסגעשלעפּט פון ווײַסן קוואַדראַטנעם קעסטעלע אַ שפּריץ די לענג ווי אַ בלײַער און מיר אַזאַ שטאָך געגעבן, אַז עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. איך בין גלײַך אַנשלאָפן געוואָרן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך ניט גלײַך פאַרשטאַנען, וווּ איך בין, — ווײַסע ווענט, אַ הויכער ווײַסער סופיט. ערשט שפּעטער האָב איך באַמערקט די בעטלעך מיטן בלאַנקע־דיקן בעטגעוואַנט און מײַנע נײַע כאַווײרים. אַוועק סאַכאַקל עטלעכע טעג, און איך האָב שוין וועגן זיי געוווּסט אַלץ, וואָס אַ מענטש קען וויסן וועגן אַ צווייטן.

אַנטקעגן מיר ליגט דער אַלטער טוישעוו פון אונדזער פּאַלאַטע זשעניע זלאַטניקאָוו.

באַ זשעניען זײַנען די פיס פּאַראַליזירט. ליגן ליגט ער שוין אין די שפּיטאָלן אַריבער פיר יאָר. ער איז נאָך גאַנץ יונג, אינגאַנצן 24 יאָר אַלט, און אַף זײַן פּאָנעם איז גאָר ניט צו זען, ווי ער מאַטערט זיך.

זשעניע זלאַטניקאָוו איז אַלט געווען ערשט 19 יאָר, נאָר באַוויזן צו ענדיקן דעם צווייטן קורס פון אײַזנבאַן־אינסטיטוט. ער האָט געדאַרפט פאָרן אַף פּראַקטישער אַרבעט. אומדערוואַרט איז גע־קומען צוגאַסט זײַנער אַ פעטער. איז ווי פירט מען אים ניט אַף דעם טאַטנס מאָטאָציקל באַווײַזן אַלץ, וואָס אין און אַרום דער שטאָט: קוואַרטאַל באַ קוואַרטאַל נײַע געבײַדעס, נײַע ראַיאָנען און מאַסיוון, אַלץ, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן. און דערנאָך אַ לאַנגער פּריי־לעכער וועג צווישן וועלדער און גערטנער. אַנטקעגן קומט צו לויפן אַ געדיכטער וואַלד. ווי קאָן אין אַזאַ טאָג געשען אַן אומגליק? זעט איר דאָך... אַ לאַסטמאַשין, אַ שיקערער שאָפער, זשעניע פּרוווט נאָך אַ דריי טאָן דעם רודער פון מאָטאָציקל.

מער געדענקט זשעניע קיין זאַך ניט... פיר טעג און פיר נעכט האָבן די דאָקטוירים גע־קעמפט פאַר זלאַטניקאָווס לעבן, און זשעניע איז לעבן געבליבן.

— אַ גאַנצער ביסטו שוין, — האָט אים געטרייסט טומעל, דער הויפּט־כירורג פון שפּי־טאָל. — לאָמיר האָפן, אַז דײַנע פיס וועלן נאָך גיין אויך.

פון לינקס ליגט איוואַן סאָקאָלאָוו. אַ פישער לויט דער פּראָפעסיע.

ווי די מערהײַט פישער, האָט אויך סאָקאָלאָוו ליב צו דערציילן אָן אַ שיר מײַסעס וועגן פיש. דערבײַ פלעגן פיר ווערטער פון פינף געוויס זײַן ניט עמעס. נאָר ער פלעגט האָבן פון דעם האַנאָע. פלעגן מיר טאַקע מאַכן אַ שוויַיג און אויפמערקזאַם אויסהערן יעדע מײַסע ביזן סאָף.

פון אים האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס זײַנען דאָ פיש, וואָס שפּרינגען פון וואַסער און שלינגען די לופט, און פאַראַן אַזעלכע, וואָס קײנמאָל הייבן זיי זיך ניט אויף פון דעק. עס איז דאָ אַ פיש, וואָס האָט ליב ליכטיקײַט, און עס זײַנען דאָ אַזעלכע, וואָס אַנערקענען נאָר פינצטערניש. פאַראַן פיש, וואָס לעבן נאָר אין קאַלטער וואַסער, און אַנדערע, וואָס אין קאַלטער וואַסער קומען זיי אום, ווײַל זיי זײַנען געוווינט צו וואַרעמער. פיש זײַנען דאָ גאָלדענע און זילבערנע. קורצע און לאַנגע, גרויסע און קליינע, פעטע און דאַרע. מיט ביינער און אָן זיי, מיט וואָנצעס און אַ באָרד אויך.

אונדזער פישער האָט זיך איינמאָל דערעדט דערצו, אַז פיש כאַפּט ער אין איין און דעם זעלבן אָרט. ערשטנס, איז ער שוין אײַנגעוווינט צו דעם אָרט, און, צווייטנס, זײַנען אײַנגע־וווינט... די פיש צו אים, זיי זײַנען שוין, מיט איין וואָרט, גוטע באַקאַנטע. פּרוווט ניט הערן אַזאַ דערציילער.

קאָסטיע, דער שאָכן פון רעכטס, איז אַמאָל געווען ניט קיין שלעכטער שאָפער. וואָס ווייס איך שוין וועגן קאָסטיען? ער האָט שטאַרק ליב זײַן היים, זײַן מישפּאָכע און מער פון אַלע זײַן

אַלטע מאמע. קומענדיק פון דער ארבעט א מידער, פלעגט ער קוידעמקאָל אָפּגעבן קאָוועד דער מאמען, זי באַזעצן באַם טיש די ערשטע, איר אָרט באַם טיש פלעגט קיינער ניט טאָרן פאַרנעמען.

קאָסטיע איז געווען צופרידן מיט זײַן ארבעט און מיט זײַן לעבן. נאָר ווען עס לעבט זיך גוט, פאַרגעסט מען אין שלעכטס. אזוי איז געווען מיט קאָסטיען.

איינמאָל, נאָכן באַקומען דאָס געהאַלט, האָט אים זײַנער א כאַווער פון גאַראַזש אײַנגעלאַדן צוגאַסט אָפּמערקן זײַן געבורטסטאָג. אין אַזעלכע פאַלן גייט ניט קאָסטיע אָן זײַן פרוי. נאָר דעם אָוונט האָט ער זיך שפּעט פאַרהאַלטן אַף דער ארבעט און אריין אונטערוועגנס צו זײַן כאַווער. פון אָנהייב האָט קאָסטיע זיך אָפּגעזאָגט צו טרינקען. נאָר, ווי עס פּאַסירט אָפט, האָט ער זיך געלאָזן אײַנריידן. דער כאַווער האָט געהאַלטן, אַז א קראַנקן פרעגט מען און א געזונטן גיט מען, און צוגעגאָסן קאָסטיען אין קעלישעק. ווי ער איז ארויס פון שטוב, געדענקט קאָסטיע, נאָר ווי־אַזוי ער איז ארונטערגעפאַלן אונטערן צוג און געבליבן אָןביידע פיס, האָט ער זיך דערוווּסט אין שפּיטאָל.

דאָס אַלץ האָט פּאַסירט ערשט מיט פינף כאַדאָשים צוריק. נאָר דער אקשאָנעסדיקער פאַר־לאַנג צו לעבן האָט געראַטעוועט דעם דאָזיקן גוואַר פון טויט. איצט איז ער שוין א גאַנצער לײַט און פּרוּווט אָן אַנדערשמאָל זיך ווײַזלען. דער דאָקטער באַרעך ליובין האָט לאַנגע טעג און שלאָפלאָזע נעכט פאַרבראַכט בא זײַן בעט, ביז קאָסטיע איז געקומען צו־זיך.

יאָ, יעדערער פון די ליגנדיקע האָט זיך זײַן פּעקל צאָרעס. יעדערער לעבט אָבער מיט א האָפענונג: ווער אַף דער נאָענטער אָפּעראַציע, אַז זי וועט זײַן א געלונגענע, ווער אַף גיכער אויס־היילונג.

ניקאָלײַ גאָרבאַצענקאָ איז קימאַט געזונט. געקומען איז ער אין שפּיטאָל אָן אײַנלאַדונג. אַליין איז ער ניט קיין היגער. ער לעבט אין טשערניגאָווער געגנט, אַף דער אוקראַינע. פון קינדהײַט אָן איז ער אן אינוואַליד מיט אויסגעדרייטע פיס. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דער דאָקטער טומעל, דער הויפּט־כירורג פון שפּיטאָל, געמאַכט אן אָפּעראַציע ניקאָלײַס א שוועסטער, וועלכע האָט געהאַט פּונקט אַזעלכע פיס. זי איז געווען א יונג מיידל פון אכצן יאָר. ניקאָלײַען איז שוין בא די פּערציק. לאַנג האָט דער דאָקטער געצווייפלט, צי עס וועט געלינגען אויסגלײַכן ניקאָלײַען די פיס. נאָר ווי זאָגט מען אָפּ א קאַליקע אין הילף? איצט זײַנען ניקאָלײַס פיס גאָר אַף א דערעך עמעס, איין פוס איז נאָך אין גיפּס. גיין גייט ער דערווײַל אַף קוליעס. נאָך עטלעכע טעג, נאָך א וואָך, און דער צווייטער פוס וועט זיך אויך באַפרײַען פון דעם גיפּסענעם קלעם, און ער וועט ארומגיין, ווי אַלע מענטשן.

דער סטודענט פון באַברויסקער אויטאָטעכניקום זאָרעך קרוטשקאָווסקי איז געווען א ליב־האָבער פון ספּאָרט. באַזונדערס פון פוטבאָל. איינמאָל, טאַקע אינמיטן א פוטבאָל־מאַטש, איז ער געפאַלן און צעבראָכן דעם כרעמזל פון דער קני. איצט איז ער שוין אויך קימאַט געזונט.

מיר זײַנען שוין אַזוי לאַנג געווען אַלע אינײנעם, אַז מיר האָבן זיך געפילט, ווי איין מי־שפּאָכע. און, שטעלט אײַך פאָר, ניט געקוקט אַף אַלץ — א גאַנץ פריילעכע מישפּאָכע.

אין איינעם א פרימאָרגן האָט מען צו אונדז אין פּאַלאַטע ארײַנגעטראָגן אַף א טראָגבעטל א נײַעם פּאַציִענט, א בלאַסן, ווי דער לײַוונט, מיט א קורץ פאַרלאָזן בערדל, לאַנגע פאַרדרייטע וואָנצעס און מיט געדיכטע גרויסלעכע ברעמען. די האָר זײַנען געווען פאַרפּלאָנטערט, א לאַנגע הויקערדיקע נאָז האָט אראָפּגעקוקט פון א צעקנייטשטן פּאָנעם. לויט זײַן אויסזען וואָלט מען אים געקאָנט שאַצן אין די זעכציקער.

דער נײַנקער איז, קענטיק, געווען נאָך אן אָפּעראַציע, ווײַל ער האָט געזונקען אין טיפן שלאָף. די הענט זײַנען געווען פאַרפּאַנצערט אין גיפּס. ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן שפּעטער, איז דער נײַער אײַנוווינער פון אונדזער פּאַלאַטע ניט געשלאָפן, נאָר האָט פּאָשעט געהאַלטן פאַרקוועטשט די וויִעס. מײַן שאָכנס א פּלוצעמדיקער הילכיקער ניס האָט אים פאַנאַנדערגעריסן די אויגן. פון זײַן בליק איז אונדז אַלעמען אומעטיק געוואָרן. ער האָט שטאַרק געקרעכצט.

— אָך, אָך, אוי, ווײ, — דאָס איז געווען דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן פון אים געהערט.

איינמאָל האָבן די כעווערע פון פּאַלאַטע געגעבן מיר א ווונק: „פּאָפּראָבוי“, דאָס הייסט פּרוּוו אַף דײַן מאַמעלאָשן, ער איז, דוכט זיך, א ייִד. דו הייב נאָר אָן, און מיר וועלן דיר העלפן“. פּאָלג איך. דערצו בין איך אַליין אויך נײַגעריק.

— פּעטער, — ווענד איך זיך צו אים, — ווי רופט מען אײַך?

— אוי, ווײ, ווײ... — ענטפערט ער מיר.

— פונוואַנען איז א ייִד? — פּרוביר איך שוין עטוואָס דרייסטער.

— אוי, ווײ, ווײ... — ענטפערט ער ווידער.

— און וואָס האָט מיט אײַך פּאַסירט?

— איַ, ווי, ווי, אָך, ווי, ווי, — שטאַמלט ער פונדאַסניַ.

מיר האָט עס דערעסן, און איך האָב באַשלאָסן איבערגעבן די דאָזיקע פונקציעס, ווי אַן עסטאַפעטע, מײַן שאָכן. איך זע אָבער, אַז יענער גיט אַפּגיך איבער די עסטאַפעטע זײַן שאָכן. קיינער האָט שוין דעם טאָג ניט געהאַט קיין כיישעק צו ריידן מיטן נײַעם פּאַציִענט.

ערשט ווען די ווייטעקן האָבן אים אַ ביסל אָפּגעלאָזט, האָט ער אָנגעהויבן צו ריידן. וועגן זיך האָט ער קימאַט ניט דערציילט. דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן פון אים אַרויסגעצויגן, זײַנען געווען פּראַטים וועגן דעם אומגליק, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט. ער האָט געאַרבעט בא דער מאַשין, וואָס הובלעוועט ברעטער, האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ, ער האָט זיך אַ גליטש געטאָן, צעבראָכן די רעכטע האַנט, אויסגעלונקען אַ פוס, און אומדערוואַרט זײַנען צוויי פינגער פון דער לינקער האַנט געבליבן העגנגען. אין שפּיטאָל האָט מען זיי געמוזט אינגאַנצן אָפּשנײַדן. דערבײַ האָט בענצל דערמאָנט וועגן זײַן האַרץ־קראַנקײַט און ראַדיקוליט.

בענצל איז גראָד געווען ניט פון די מענטשן, וואָס צאַצקען זיך מיט זייער געזונט. נאָר איצטער, ליגנדיק אין בעט, נאָך דער אָפּעראַציע, האָט זיך אים געדאַכט, אַז די ווייטעקן ציִען זיך צו אַלע זײַנע גלידער. ער האָט אַפילע באַקומען פּאַכעד זיך צו באַוועגן.

זײַן דערציילונג איז געווען קורץ און אָרעם. עס האָט זיך געפילט, אַז ניט אַלץ דערציילט ער אונדז. און אונדז איז שוין געווען איבער דער טעווע הערן וועגן קראַנקײַטן. מיר האָבן טאַקע געפּרוּווט איבערדרייען די פּלאַסטינקע אַף דער אַנדערער זײַט.

— כאַווער, — האָט זיך אָנגערופן זאַרעך קרוטשקאָווסקי, — וואָס ליגסטו אַזוי און האַלטסט אין איין קרעכצן? מיט אַזוינע אומגליקן, ווי בא דיר, גייט מען אַרום.

— ס'איז מײַן זאַך. ווען עס וועט קומען די צײַט, וועל איך אַרומגיין, — האָט בענצל אַ בורטשע געטאָן.

— יאָ, דאָס איז טאַקע אײַער זאַך. אָבער אַז מע האָט פיס, וואָס גייען, טאָר מען ניט ליגן, — האָט מיט פאַרדראָס אין דער שטים געזאָגט קאָסטיע צערנאַדראַוו.

אַ גאַנצן טאָג האָט בענצל קימאַט מיט קיינעם מער ניט גערעדט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע האָבן אָן אים פאַרגעסן. מיט פאַרטראַכטע אויגן האָט ער לאַנג געקוקט אין דער צײַטונג. צײַטנווײַז האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, אַז ער לייענט איינס און דאָס זעלבע, אָן אַנדערשמאָל פלעגט ער סטאַם ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן.

מיטיק־צײַט, ווען בענצל האָט געהאַלטן דעם לעפל סוף בא די ליפּן, האָט פּלוצעם עמעצער אַ פויק געטאָן אין פענצטער.

בענצל האָט זיך אַרומגעקוקט און באַמערקט, אַז דאָס האָט אַ פייגעלע מיטן שנאָבל אַ קלאַפּ געטאָן אין שויב און אַרײַנגעקוקט אין פּאַלאַטע. אין אַ רעגע אַרום איז עס אַוועקגעפלויגן צו אַן אַנדער פענצטער.

בענצל האָט זיך אַף אַ מינוט פאַרטראַכט, נאָכדעם אָפּגערוקט דעם טעלער סוף אָן אַ זײַט. אַ טיפן קרעכץ געטאָן, האָט ער אַרויסגעצויגן די פיס פון אונטער דער קאָלדרע, געכאַפּט דעם שאָכנס קוליעס און, ווי אַ שיקער, זיך צוגעשלעפּט צום פענצטער. אַלע האָבן אופגעהערט עסן און מיט פאַרווונדערטע בליקן באַגלייט בענצלען אין זײַן שווערן וועג. ער האָט אָבער פאַרזאַמט. דאָס פייגעלע האָט ניט געהאַט מיסטאַם קיין צײַט צו זיצן און וואַרטן, ביז בענצל וועט זיך דערשלעפּן צום פענצטער. און ער האָט געקוקט אַפן אָרט, ווו ס'איז אָקאָרשט געשטאַנען דאָס פייגעלע, און אין די אויגן איז געווען אי בענקשאַפט, אי שרעק. בענצל האָט זיך לאַנגזאַם אומגעקערט און אַוועקגעלייגט זיך אַפן בעט.

„מעגלעך, אַז דאָס איז טאַקע אַ צופעליקע זאַך, — האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן בענצל. — קאָן זײַן, אַז מע דאַרף טאַקע אין דעם ניט גלייבן. נאָר איך קאָן ניט פאַרגעסן... דאָס איז געווען סאַמע פּאַרן אויסברוך פון דער מילכאָמע. די דײַטשישע באָמבעס האָבן נאָך ניט געריסן אַף שטיקלעך יונג און אַלט. איך דאַרף אײַך דען דערמאָנען, אַז ס'איז געווען אַ זונטיק? שאַבעס בין איך געקומען אַ מידער פון דער אַרבעט, ניט באַוויזן איבערלייענען די צײַטונג. בין איך איצט געזעסן מיט אַ בלאַט אין דער האַנט. ווי שטענדיק, געוואָרפן אַ בליק אַף די קעפּלעך אויסצוקלײַבן, וואָס לייענען פריִער. מײַנע צוויי יונגאַטשעס האָבן מיך ניט געלאָזט צורו. יאַנקעלען איז שוין געווען זעקס יאָר. שימקעלען — צוויי מיט אַ האַלבן. זיי האָבן בא מיר געריסן די צײַטונג פון די הענט, געטומלט, איך זאָל זיך שפּילן מיט זיי. איך האָב זיך אַפילע געגומען בייזערן. אין דעם מאָמענט האָט זיך באַוויזן אין פענצטער אַ פייגעלע. אַ קליינינקס, מיט גלאַנציקע אייגעלעך־קנעפּעלעך. עס האָט אַ דריי געטאָן דאָס קעפּל דאָ אַף לינקס, דאָ אַף רעכטס, גוט באַקוקט דעם צימער, עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט אין שויב און אַוועקגעפלויגן. איך האָב זיך אַפילע אַף דעם ניט אומגעקוקט.

מיין ווייב איז געווען אין קיך. די קינדערלעך האבן זיך, ווי פריער, געשפילט. איך האב אראפגענומען פון עטאזשערקע מיינע לערנביכער. עס זיינען געבליבן געציילטע טעג ביז די עקזאמענעס אין דעם אינסטיטוט, ווו כ׳האב זיך געלערנט אפן פינפטן קורס הינטער־אויגיק. פלוצעם האט א ווילדער גערויש צעריסן די לופט".

אין פאלאטע איז געווען שטיל. אלע קראנקע האבן געשוויגן. ווער עס האט אויפמערקזאם געהערט בענצלען און ווער עס איז געווען פארטאן אין דערמאנונגען. בענצל האט פון גראפין אריינגעגאסן א ביסל וואסער אין גלאז, אויסגעטרונקען. אין האלדז איז געווארן א ביסל לייכטער, און ער האט פארגעזעצט זיין דערציילונג:

„בייסמייסע האבן מיר נאך ניט געגלייבט, אז דאס איז אף לאנג. מיר האבן נאך געהאפט, אז היינט־מארגן וועט מען דעם סוינע אפשטעלן און אפווארפן אף צוריק. נאר אין עטלעכע טעג ארום האט שוין דער הימל געהאגלט מיט באמבעס, מענטשן זיינען געלאפן הין און צוריק, פון איין באהעלטעניש אין דער צווייטער. איך האב געכאפט מיינע צוויי יינגלעך, פארשלאסן די טיר פון שטוב, פארמאכט די לאדנס, און צוזאמען מיט מיין פרוי זיינען מיר געלאפן פון שטעטל. אן שפייז, אן זאכן, מיט דער האפענונג אינגיכן זיך אומקערן צוריק. אפן וועג האט מיך אנגעיאגט א האמוין מענטשן מיט פיצלעך קינדער אף די הענט. מיטן ביסל האב־און־גוטס אין די קינדער־וועגעלעך, געפאקטע וועגענער און לאסטאווטאמאבילן. אין הימל האט זיך דערהערט א גערויש פון מאטארן, וואס האט פארטויבט דאס געוויין פון די קינדער, די קוילעס פון די פלייטים. איך האב קוים באוויזן אופצוהייבן די אויגן צום הימל, ווי פון דער גאנצער טשאטע האבן זיך אפגעריסן פיר עראפלאנען, אראפגעלאזט זיך קימאט אף די קעפ און באשאטן דעם וועג מיט א האגל קוילן. מער האב איך קיין זאך ניט געזען. ווען איך בין געקומען צו־זיך, האב איך דערפילט א שטארקן ווייטעק אין דעם רעכטן אקסל און אין דער רעכטער האנט. איך בין קוים בעקויעך געווען אופהייבן דעם קאפ. אין עטלעכע מעטער פון מיר זיינען אין בלוט און שטויב געלעגן מיין ווייב און שימקעלע. דאס עלטערע יינגל איז דארט ניט געווען. עטלעכע מינוט האב איך נאך געהאלטן אופגעהויבן דעם קאפ, געקוקט ארום זיך און ווידער א פאל געטאן אף דער ערד..."

בא בענצלען שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. אין האלדז טריקנט. ער גיט עטלעכע זופ וואסער. א ווײַלע שווייגט ער. ער האט ניט באמערקט, ווי די קראנקן־שוועסטער איז אף די שפיץ פינגער אריין אין דער פאלאטע, וואנדערנדיק זיך אף דער שטילקייט. אין עטלעכע מינוט ארום האט ער פארגעזעצט:

„ווען איך בין א צווייט מאל געקומען צו־זיך, בין איך געלעגן אין א וואגן אף פרישן היי. א פרוי האט מיט א צעריסן שטיקל העמד מיר געוואשן די ווונדן. פון איין זייט איז געווען א וואלד, פון דער צווייטער — א גרויסע לאנקע. א סאך שפעטער האט מיר עמעצער דערציילט, אז דאס עלטערע קינד איז לעבן געבליבן. שוין בייס איך בין געווען א פארטיזאנער, האב איך פיל מאל געפרווט זיך דערוויסן וועגן מיין זון, נאר אומזיסט. לאנגע יארן האב איך אלץ געהאפט. אז איך וועל טרעפן מיין איינציק קינד. דאס הארץ זאגט מיר, אז ער לעבט..."

ער איז ווידער אנשוויגן געווארן. דערנאך מיט א טרויעריק, קרום שמייכעלע צוגעגעבן:

— איצט ווייסט איר שוין, אין וואס עס האט מיר דערמאנט דאס פייגעלע.

ווען בענצל האט געענדיקט זיין דערציילונג, האבן אלע נאך לאנג געשוויגן. געוויס האבן אייניקע כאראטע געהאט, וואס זיי האבן כויזעק געמאכט פון אים.

— ווייסט וואס, בענצל, ווען איך וועל ארויס פון שפיטאל, וועל איך פרווון דיר העלפן אפזוכן דיין קינד, — האט זיך אפגערופן זשעניע זלאטניקאוו.

— א דאנק, נאר ס׳איז אן אומזיסטע ארבעט, — האט אומעטיק געענטפערט בענצל.

— ווער גייט קוקן דעם טעלעוויזאר? היינט איז א גוטע פראגראם. הא, בענצל, עפשער וועט איר זיך צו אונדז פארייניקן? — האט עמעצער געפרווט בייטן דעם געשפרעך.

— ע, דאס מאל וועט איר זיך באגיין אן מיר.

ווען די גייענדיקע כאלאים האבן זיך אומגעקערט אין פאלאטע, איז שוין בענצל געשלאפן. נאר אפילע אין שלאף איז זיין פאנעם געווען טרויעריק.

ווער ווייסט, ווי לאנג וואלט זיך נאך געצויגן בענצלס פארצווייפלונג, ווען ניט...

עס האט אנגעהויבן שאריען אף טאג. די ערשטע שטראלן האבן זיך אריינגעשלייכט דורך דער פארטקע פון פענצטער און מיטגעבראכט מיט זיך כוואליעס פרישע לופט. אין אזעלכע פרימארגנס שלאפט זיך באזונדערס גוט. און אלע קראנקע זיינען טאקע זיס געשלאפן, ווער שטיל און ווער מיט א „ניגן". בענצל האט נאך ניט אינגאנצן אופגעריסן די אויגן, און פלוצעם האט ער באמערקט — אפן טישל לעבן זיין בעט שטייט א בוקעט בלומען, פרישע בלומען. ערשט

נעכטן אין אָוונט איז דאָ קיין זאַך ניט געווען. בענצל האָט פּאַרדעכטיק אַ קוק געטאָן אויף אַלע בעטן אין פּאַלאַטע, נאָר די שכיינים זייַנען געשלאָפן. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן די קאָלדרע און זיך אוועקגעזעצט. ניט אָפּרייַסנדיק זייַן בליק פון די בלומען, האָט ער אַרייַנגעצויגן טיף אין די לונגען זייער רייעך. מיט די אויסגעדאַרטע פינגער פון דער געזונטער האַנט האָט ער אַ גלעט געטאָן די סאַמעטענע ציכטיקע בלעטלעך:

„וועמעס אַרבעט קאָן דאָס זייַן? און עפשער איז עס גאָר אַ טאַעס?"

בענצל האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף די שלאָפנדיקע און זיך אוועקגעלייגט אין בעט. פון־דעסטוועגן, ווער איז עס? ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט איניקע טעג צוריק האָט זיך די דע־זשורנע קראַנקן־שוועסטער טאַניע צוגעזעצט אויף זייַן בעט, נעכטן אויך. זי האָט אַפילו אַ פרעג געטאָן, צי ער איז אַ פאַרהייראַטער. צי דען זאָל דאָס זייַן זי?

פּאָר מיטיק איז געקומען אין פּאַלאַטע די פאַבריקמאַכערשע טיאָטיע זינע. צוויי מאָל אַ וואָך קומט זי אין פּאַלאַטע. ווען מען אַפּגאָלן און ווען מען אָפשערן. בענצל איז געווען פאַרוואַקסן פון קאָפּ ביז די פיס. ווען טיאָטיע זינע פלעגט קומען אין פּאַלאַטע, פלעגט זיך בענצל מאַכן שלאָפנ־דיק. נאָר דאָס מאָל...

— ווי פאַרלאַנגט איר, קראַנקער, זאָל איך אייַך שערן: באָקס אָדער פּאָלקע? — האָט העפ־לעך געפרעגט טיאָטיע זינע.

— איך האָב פייַנט באָקס, און טאַנצן איז ניט פאַר מייַן עלטער, — האָט צום ערשטן מאָל געפרווּווט אַ שפּאַס טאָן בענצל.

— ווי זשע זאָל איך אייַך שערן, פעטערל?

— שערט, ווי איר ווילט. שערט אויף טאַנגאָ אָדער גאָר פאַקסטראָט, נאָר מאַכט מיר אַ מענטשישן קאָפּ.

אַז טיאָטיע זינע האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט בענצלען, זייַנען מיר אַלע געבליבן ווי גע־פּלעפטע. ער איז ייִנגער געוואָרן אויף אַ יאָר צען. די אויגן זייַנען פריילעכער געוואָרן. עפּעס לעבעדיקס האָט אין זיי אָנגעהויבן צו פינקלען.

קאָסטיע האָט אַ בורטשע געטאָן:

— אָט דאָס איז אַ סורפּריז! אַבי איך האָב געמיינט, אַז אין פּאַלאַטע איז צוגעקומען כאָטש איין אַלטיטשקער.

בענצל האָט אַ שמייכל געטאָן און ניט געענטפערט. אַ גאַנצן טאָג זייַנען באַ אים פון קאָפּ ניט אַרויס די בלומען. אין אָוונט איז געקומען אויף דער וואַכטע די קראַנקן־שוועסטער מאַשע. זי איז שוין געווען ניט גאָר יונג. אומגעפער אַ יאָר פערציק. דאָ אין שפּיטאָל האָט זי געאַרבעט נאָך פאַר דער מילכאָמע. אַלע האָבן געוווּסט, אַז קיין קינדער האָט זי ניט. איר מאַן איז פאַר־צווייייאָרן געשטאָרבן. שטענדיק אין ערנסטע, איז זי געווען צו די קראַנקע שטרענג, נאָר זייער איבערגעגעבן. דאָס מאָל האָט זי, אַרייַנגייענדיק אין פּאַלאַטע, זיך מיט אַלעמען באַגריסט, נאָר דעם איינציקן בענצלען געשיקט אַ שמייכל. דערצו האָט זי נאָך אַ פרעג געטאָן:

— פונוואַנען קומען צו אייַך אַזעלכע וווּנדערבאַרע בלומען?

— מע האָט מיר געבראַכט אַ מאַטאָנע, — האָט בענצל געענטפערט, קוקנדיק מאַשען גלייַך אין די אויגן אַרייַן.

— מיסטאָמע האָט אייַך עמעצער שטאַרק ליב...

— אָדער יאָ, אָדער ניט. ווער דאַרף אַזאַ קאַליקע, ווי איך?

— אָט זעט איר דאָך, אַז עמעץ דאַרף, — האָט מאַשע געענטפערט און איז פּאַמעלעך אַרויס פון פּאַלאַטע.

ביז איצט האָט קיינער אין פּאַלאַטע ניט געלייגט קיין אַכט אויף בענצלען און זייַנע בלומען. נאָר ניקאָלאַיַ האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— דו זעסט שוין, בענצל, אַז עס האָט געלוינט זיך אָפּשערן. מיר ברענגט קיינער ניט קיין בלומען. זאָג נאָר, בענצל, דו האָסט דאָ עמעצן אין שטאָט?

— האָבן האָב איך קיינעם ניט, נאָר מאַלע וואָס עס מאַכט זיך. עפּשער האָט זיך עמעצער אָפּגעפונען?..

אין איניקע טעג אַרום האָבן זיך אויף בענצלס טישל ווידער באַוויזן בלומען און שאָקאָלאַד דערצו, און ווידער, ווי אין די פריקע טעג, האָט קיינער וועגן דעם ניט גערעדט.

בענצל האָט זיך אָפּגעגאָלט. ווען די סאַניטאַרקע סאָניע איז אַרייַן אין פּאַלאַטע, האָט ער געבעטן פריש וועש. סאָניע האָט געבראַכט אַ פריש וועש, אַ נייַע פּיזשאַמע מיט רויטע און ווייַסע פּאַסן.

די כעוורע אין פּאַלאַטע האָבן זיך איבערגעווונקען, נאָר בענצל האָט עס ניט באַמערקט. ער האָט זיך פאַמעלעך איבערגעטאָן, איבערגעלאָזט הענגען דעם לינקן אָרבל, דערנאָך אים אַרײַנגערוקט אין קעשענע. ווען סאַניע איז אַרײַן אַ צווייט מאָל אין פּאַלאַטע, האָט בענצל ניט אופגעהערט צו קוקן אַף איר. עפּשער איז דאָס גאָר איר אַרבעט?

— וואָס איז דאָ הײַנט אין טעלעוויזאָר? — האָט בענצל אַ פרעג געטאָן סטאַם אין פּאַלאַטע אַרײַן.

— בענצל, — האָב איך שוין ניט אויסגעהאַלטן, — צו אײַער געזונט דאַרפט איר דען אַ טעלעוויזאָר?

— און וואָס וועט זאָגן דער ראַדיקוליט? — האָט זיך אַרײַנגעמישט מײַן שאָכן.

— און עפּשער וועט איר אופהערן צו כוויזעקן? אַף לערנען אַנדערע זײַט איר באַלאָנים, — האָט ניט אויסגעהאַלטן זשעניע, — ער ווייסט אַליין, וואָס ער האָט צו טאָן.

— אויב זיי האָבן פון דעם פאַרגעניגן, זאָלן זיי כוויזעקן, — האָט בענצל געענטפערט, — עפּשער לינדערט עס זיי די ווייטעקן...

אַף בענצלס טישל האָבן זיך אַלץ באַוויזן בלומען און זיסקײַטן.

די לעצטע נעכט איז בענצל געשלאָפן ניט רויִק. ער האָט באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכן אַ סאָף, כאַפּן דעם שולדיקן. כאָטש טיף אין האַרצן באַ אים האָט זיך באַהאַלטן אַ פּאַכעד, אַז נאָכדעם קאָנען זיך אופהערן צו באַווײַזן די מאַטאָנעס.

און וויפל בענצל האָט זיך ניט אָנגעשטרענגט צו ליגן וואַך אַ גאַנצע נאַכט, האָט אים ניט געהאָלפן. דער שלאָף האָט געפאָדערט זײַנס. ער פלעגט אײַנשלאָפן און פאַרשלאָפן דעם גאַסט.

מיר האָבן זיך געמאַכט ניט וויסנדיק, אַז מיר זעען בענצלס מאַטאָנעס. און בלויז סאָקאָלאָוו האָט איינמאָל ניט אויסגעהאַלטן און אָנגעהויבן אײַנטײַנען מיט בענצלען:

— ווען דו וואָלסט געווען אַ פישער, וואָלסטו געוויס געוווּסט, אַז באַ פיש איז דאָס בלוט רויט, אָבער קאַלט. ניט אַנדערש, בענצל, אַז אין דײַנע אָדערן פליסט בלוט פון אַ פיש. אַזויפיל יאָרן זײַנען דורך נאָך דער מילכאָמע, צי דען האָסטו ניט געקאָנט געפינען אַ פרײַנט אין לעבן?

— אַזאַ פרײַנט, ווי איך האָב געהאַט, וועל איך שוין קיינמאָל ניט האָבן... — האָט בענצל געזאָגט, און צום ערשטן מאָל פאַר די לעצטע טעג איז זײַן פּאָנעם ווידער געוואָרן מאַרעשכוירעדיק.

יענע נאַכט איז בענצל לאַנג געלעגן מיט אָפענע אויגן. אַף מאָרגן האָט ער פאַרשלאָפן זײַן פרישטיק. ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט, איז אַפן טישל לעבן בעט ניט געווען קיין בוקעט פרישע בלומען. דערפאַר איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן אַ גלאָז אַ דרײַעקיקער קאָנווערט, אָט פונקט אַזאַ, ווי אין די מילכאָמע־יאָרן. מיט קליינע אויסיעס איז אויבן געווען אָנגעשריבן „דאָראָגאָמו דרוגו באַלאַיעוו ב."[1].

דאָס האַרץ האָט באַ בענצלען אָנגעהויבן שטאַרקער צו קלאַפּן. אָט־אָט וועט עס אינגאַנצן אַרויסשפּרינגען. מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער גענומען דעם בריוו.

בענצל האָט אַ וואַרף געטאָן אַ בליק אַף די אַרומיקע. אַלע זײַנען געווען פאַרטיפט אין עפּעס אַן אַרבעט; ווער עס האָט געלייענט און ווער עס האָט געשפּילט אין דאַמקעס.

בענצלס אויגן האָבן זיך אײַנגעגעסן אין די אויסיעס. „טײַערער בענצל! באַ מיר איז געווען פונקט אַזאַ גורל, ווי באַ דיר. די מילכאָמע האָט צוגערויבט באַ מיר מײַן פרוי און דרײַ קינדער. און דאָך האָב איך געפונען אין זיך מוט צו לעבן. ווער קאָן דיך פאַרשטיין בעסער, ווי איך? דערפאַר האָב איך גענומען אַף זיך די שווערע אופגאַבע דיר אָנצושרײַבן. איך האָף, אַז דו וועסט אונדז גוט פאַרשטיין און קיין פאַריבל ניט האָבן. אונדזער ציל איז געווען אַרויסצורײַסן דיך פון פאַרצווייפלונג, צווינגען דיך אַרומקוקן זיך און זען, אַז די וועלט איז שיין און אַז אַרום זײַנען פאַראַן אַ סאַך גוטע מענטשן. עפּעס דוכט זיך אונדז, אַז דו ביסט שוין אַפן ריכטיקן וועג. אַדאַנק אונדזערע טײַערע דאָקטוירים פאָר איך הײַנט אַ געזונטער אַהיים. מאָרגן וועסטו אויך פאַרלאָזן די פּאַלאַטע. לויט דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס לאַד איך דיך אײַן צו זיך, ווי אַ כאָשעווען גאַסט. פאַרגעס ניט, אַז אויב דו וועסט קומען אָן אַ ווענטקע, וועסטו מוזן כאַפּן פיש מיט אַ נעץ. דאָס וועט זײַן שווערלעך פאַר דײַן האַנט. זײַ געזונט און גליקלעך".

צום סאָף איז געשטאַנען די אונטערשריפט פון סאָקאָלאָוו אין נאָמען פון דער גאַנצער פּאַלאַטע.

[1] דעם טײַערן פרײַנט באַלאַיעוו ב. (רוסיש).

## בראָניע סינעלניקאָווא

### דער פרילינג גייט

ער קומט מיט א גוטן און ווארעמען רעגן,
ער ברענגט אונדז די ערשטע, די קליינינקע געסט —
פון ווייַטן זיי קומען אף הימלשע וועגן,
זיי איילן, די פייגל, עס ווארט זייער נעסט.

ער גייט שוין זייַן קלייד, ס׳זאָל פאר אלעמען קלעקן, —
די סעדער מיט גרינס זאָלן ווערן באצירט.
ער אָטעמט און רוישט און די ערד נעמט ער וועקן —
דו זעסט, ס׳האָט דאָס אייַז אינעם טייַך זיך גערירט!

איך גיי קעגן פרילינג, איך קום אים אנטקעגן
אן אָטעם צו טאָן מיט זייַן לויטערער שייַן.
כ׳האָב ווידער א פרילינג אף וועגן באגעגנט
און נאָך מיט א פרילינג מייַן לעבן באנייַט.



## אווראָם שעכטמאן

### עפעלעך און בארעלעך

עפעלעך און בארעלעך,
וויַינשעלעך און פלוימען,
שטייען פולע קאָשעקעס
בא דער באָבע נוימען.

ווען קומען אייניקלעך
וויַיסינקע און שווארצע,
וועט די באָבע אלעמען
צודריקן צום הארצן.

וועט די באָבע נוימעלע
גלעטן זיי די קעפעלעך,
מעכאבעד זייַן די אייניקלעך

מיט וויַינשעלעך,
מיט פלוימעלעך,
מיט בארעלעך,
מיט עפעלעך.



## יעפים קאָלטעניוק

### א נייַער טאָג

אינעם לויטערן באגינען,
ווען די זון איז נאָך באהאלטן,
ווען אף גראָזן הויכע, גרינע
ליגט א זילבער־טוי א קאלטער,
ווען די בלומען אין די סעדער
האלטן נאָך פארמאכט די אויגן,
ווען אף ביימער צווישן בלעטער
שוויַיגן אומרויִקע פויגלען, —
האָב איך ליב מיט פרייד און רעגונג

גיין דעם זון־אופגאנג אנטקעגן,
טרינקען דאָרשטיק זייַנע שטראלן,
וואשן זיך מיט פרישע טויען,
הערן, ווי מייַן הארץ טוט שאלן,
רופט צו שאפונג, דראנג און בויונג;
שרייַען צו מייַן שטאָט דער ליבער,
וואָס איז פול מיט בלי און זומער:
— שטיי אוף, ארבעטס־מענטש, דו גיבער,
ס׳איז א נייַער טאָג געקומען!



# דרײַ נאָוועלעטן

## 1. אײניקלעך

איבּערן ריוו, ווו עס ליגן טויזנטער אומשולדיקע קאַרבּאַנעס, רוישן סאָסנעס. צוקאַפּנס פון ריוו פאַרנייגן זייערע צווײַגן ווײַסע בּערעזעס. ווען די זון לאָזט זיך אַראָפּ הינטערן ראַנד פונעם ווײַטן וואַלד, צינדן זיך אָן די ווײַסע שטאַמען פון די בּערעזעס, ווי יאָרצײַט־ליכט.

אהער בּין איך געקומען מיט מײַנעם אַן אַלטן גוטנפרײַנט. אין דער גרוב ליגט אויך זײַן פאָטער. מיט אונדז זײַנען מיטגעגאַנגען מײַן פרײַנטס צוויי זין. זיי האָבּן אוועקגעלייגט בּלומען אפן דענקמאָל, וואָס איז דאָ געשטאַנען:

— טאַטע, מירן אָנקלאַפּן, זאָל דער זיידע וויסן, אַז מיר זײַנען געקומען.

מײַן פרײַנט האָט געשוויגן, ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס מע האָט אים דערציילט: בּאַם ראַנד פונעם ריוו שטייט זײַן פאָטער, דער קאַלווירטישער שמיד. ער וואַרפט די פאַשיסטן גלײַך אין די נימעסע צורעס ארײַן:

— שיסט, א בּראָך אין אײַערע בּיינער! עס וועלן נאָך קומען מײַנע אײניקלעך...

מײַן פרײַנט האָט שווער א זיפץ געטאָן און געענטפערט די זין:

— מע דאַרף ניט, קינדער. ער האָט געוווּסט, אַז איר וועט קומען...

## 2. פרידנס־טויבּן

די נײַע גאַס האָט געשמעקט מיט פאַרבּ, וואַפּנע, אַספאַלט און האָט נאָך קיין נאָמען ניט געהאַט.

א גרויסער קאָמבּײַן האָט צוערשט צעשאָטן די שוואַרצע קאַשע און דערנאָך אײַנגעפּרעסט זי מיט די וואַלצן.

קוים האָט די מאַשין פאַרקערעוועט אין א זײַט, האָבּן כוואַרע יינגלעך אָנגעהויבּן ארײַנ־שטעקן אין דעם נאָך וואַרעמען אַספאַלט קליינע ווײַסע שטיינדלעך. עס זײַנען אויסגעוואַקסן צוויי ריזיקע טויבּן. אַף די אויסגעשפּרייטע פליגל איז ווידעראַמאָל מיט ווײַסע שטיינדלעך געווען אויסגעלייגט דאָס וואָרט „פרידן" אַף פאַרשיידענע שפּראַכן.

איצט פאַרשטיי איך, פאַרוואָס מײַן זון איז צו מיר נעכטן צוגעשטאַנען, איך זאָל אים ווײַזן, וויאַזוי מע שרײַבּט אָן אַף יידיש דאָס וואָרט „פרידן".

— יינגלעך, פון וועג אַראָפּ!

— פעטערל פעטיע, נאָך א רעגעטשקע.

דער קאָמבּײַנער האָט אָפּגעשטעלט די מאַשין און איז ארויסגעקראָכן פון דער קאַבּינע. אליין נאָך גאָר א יונגער בּאָכער, האָט ער נײַגעריק א קוק געטאָן, וואָס האָבּן דאָ די כוואַרעלײַט אָפּגעטאָן אַזוינס.

— נו, קונדייסים, לאָמיך אויך א קוק טאָן. ווער איז דאָ דער גראַמאַטנער? אַף וועלכע שפּראַכן איז עס?

— אָט דאָס, זעסטו אליין, איז אַף רוסיש, דאָס — אַף ענגליש, דאָס — אַף שפּאַניש, דאָס — אַף יידיש און דאָס — אַף פראַנצויזיש...

— נו, וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, „פרידן" קלינגט אַף אַלע שפּראַכן אויסגעצייכנט.

דער פּרעס איז זיך דורכגעגאַנגען איבּער די שטיינדלעך. די ווײַסע טויבּן וועלן זיך שוין איצט שטענדיק טראָגן אין די ווײַטע ווײַטן.

און די גאַס האָט מען א נאָמען געגעבּן — „פרידנס־טויבּן".

## 3. א גרויס פונדערווײַטן

ווי גרויסע זילבערנע שטורעם־פייגל, זײַנען געשטאַנען די לײַנערס „איל־18“. זיי זײַנען געווען נאָרוואָס פון רעמאָנט, ווי אָקאָרשט פון דער נאָדל אַרויס. נאָך א שאָ און נאָך א שאָ, און די פליִער פון דער אינדישער אוויִא־קאָמפּאַניע וועלן זיך אופהייבן אף זיי אינדערלופטן. דער קורס — דאָרעם־מיזרעך. ווי מע איז זיך דאָ נויהעג שוין א היפּשע צײַט, שרײַבן די אוויִא־טעכניקער אינעם אָרט, ווו עס פאַרייניקן זיך די עלעראָנען מיט די פליגל, אף פאַרשיידענע שפּראַכן איין קורץ וואָרט:

Мир, Peace, Pokój

איך האָב אויך מיט געדרוקטע אויסיעס אָנגעשריבן אף ייִדיש: „שאָלעם“.

דאָס איז געווען ערעוו נײַ־יאָר. און פרילינג האָבן די „אילן“, ווי וואַנדער־פייגל, זיך ווידער אומגעקערט צו אונדז.

איך בין צוגעגאַנגען צום באַקאַנטן לײַנער און אופגעהויבן דעם עלעראָן. אין איין שורע מיט מײַן וואָרט „שאָלעם“ האָט עמעצער אָנגעצייכנט א פליוס און אף מאַמע־לאָשן אָנגעשריבן דאָס וואָרט „פרײַנטשאַפט“...

## כראָניק

### נײַע ביכער אין ייִדיש

צווישן די ייִדישע ביכער, וועלכע עס גיט אַרויס דער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“ צוזאַמען מיטן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, איז נאָרוואָס דערשינען און געפינט זיך אין פאַרקויף עלי שעכטמאַנס ראָמאַן „ערעוו“. דאָס בוך האַלט 15 דרוקבויגן און שטעלט מיט זיך פאָר א פראַכט־אויסגאַבע. דער אוטאָר פון די איליוסטראַציעס איז דער יונגער קינסטלער ד. ליִאָן.

עס געפינען זיך אין דרוק און וועלן אינגיכן דערשײַנען נאָטע לוריעס „הימל און ערד“ (א ראָמאַן אין דרײַ טיילן) און מוישע טייפס „אויסדערוויילטס“ (א פּאָעטישע זאַמלונג פון לידער, באַלאַדעס און פּאָעמעס).

באַ דער געלעגנהײַט גיבן מיר צו וויסן די לייענער, אַז די אויסגאַבעס אין ייִדיש קאָן מען אויך אויסשרײַבן דורך פּאָטשט, לויטן אַדרעס:

Москва, Рыбный переулок, 2,
отдел «Книга—почтой»
книжного магазина № 64.

### נײַער אלבאָם פונעם קינסטלער זינאָווי טאָלקאַטשאָוו

אין קיִעווער פאַרלאַג „מיסטעצטוואָ“ (קונסט) איז דערשינען א נײַער אלבאָם פונעם באַקאַנטן ייִדישן סאָוועטישן קינסטלער זינאָווי טאָלקאַטשאָוו. אף דער טונקל־גרויער הילע טיילט זיך אויס מיט שוואַרצע אויסיעס דאָס וואָרט „אָשווענטשים“.

די צייכענונגען און געמעלן ווערן באַגלייט מיט צוויי פאָרווערטער: פונעם סאָוועטישן פליִער יו. צורקאַן, וואָס איז בײַס דער מילכאָמע געווען א געפאַנגענער אין א ריי פאַשיסטישע טויט־לאַגערן, און פונעם דיכטער לעאָניד פערוואָמײַסקי, וועלכער דערציילט וועגן דעם לעבן און שאַפן פונעם קינסטלער און וועגן די רעפּראָדוקציעס, וואָס זײַנען אײַנגעשלאָסן אינעם אלבאָם.

ז. טאָלקאַטשאָווס צוויי אַלבאָמען — „מײַדאַנעק“ און „די בלומען פון אָשווענטשים“ — זײַנען דערשינען אין פוילן. מיט „אָשווענטשים“ ווערט פאַרענדיקט די טרילאָגיע פונעם קינסטלער וועגן די היטלעריסטישע רעציכעס.

### י. מעראַסעס „אייביקער שאָך“ אין רוסיש

אין נומער 8 פון זשורנאַל „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו“ איז אָפּגעדרוקט אין א רוסישער איבערזעצונג ייִצכאָק מעראַסעס ראָמאַן „אייביקער שאָך“, וועלכער איז צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 5 פון 1964 יאָר.

### א נײַער בײַטראַג אין דער סאָוועטישער סעמיטאָלאָגיע

אף א סעסיע פון דער לענינגראַדער אָפּטיילונג פונעם אינסטיטוט פון די פעלקער פון אזיע זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן נײַ־אַנטדעקטע שריפטלעכע דענקמעלער פון די מיזרעך־פעלקער. די אָנטיילנעמער פון דער סעסיע האָבן אויסגעהערט א ריי פאָרטראַגן פון די סעמיטאָלאָגן מ. זיסלין, מ. יעליאַזאַראָווא און א. גאַזאָוו־גינזבערג, אין וועלכע זיי באַהאַנדלען אייניקע פּראָבלעמען פון דער געשיכטע און הײַנטצײַטיקן צושטאַנד פון העברעיש.

א גרויסן אינטערעס האָט אַרויסגערופן דער פאָרטראַג פונעם יונגן סעמיטאָלאָג א. גאַזאָוו־גינזבערג וועגן דער באַוווסטער מעגילע „די מילכאָמע צווישן די זין פון ליכט און די זין פון כוישעך“. דער פאָרשער האָט דערווידערט קעגן א ריי קאָרעקטיוון, וועלכע אייניקע געלערנטע האָבן אַרײַנגעטראָגן אין דער מעגילע.

דאַוויד דיִאַמאַנט
(פּאַריז)

# אין די רייען פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרײַך

האיאָר האָט די פּראָגרעסיווע מענטשהײַט אין גאָר דער וועלט געפײַערט דעם 20־טן יאָר־טאָג פונעם ניצחון איבער די דײַטשיש־פאַשיסטישע האָרדעס. אין די שלאַכטן קעגן דעם פאַשיזם האָבן אָנטיילגענומען אַלע פרײַהײַטסליבנדיקע פעלקער פון דער וועלט. אָבער דאָס ערשטע אָרט אין דער אַנטיהיטלערישער קאָאַליציע האָט פאַרנומען דער סאָוועטנפאַרבאַנד, וועלכער האָט אָף זײַנע אַקסלען אויסגעטראָגן די גרעסטע און שווערסטע קאָרבאָנעס אין אָט דער שוידערהאַפטער מילכאָמע. אַ בעקאָוועדיקן כיילעק אין דעם ניצאָכן האָט אויך דאָס פראַנצויזישע פאָלק.

פראַנקרײַך מיט זײַנע דעמאָקראַטישע און רעוואָליוציאָנערע טראַדיציעס האָט געפירט דעם קאַמף קעגן די נאַציסטן אין אַנדערע באַדינגונגען, איידער די סאָוועטישע פעלקער. די פּאַטריאָטישע אינטערעסן פון פראַנקרײַך, די שטרעבונג פון די פראַנצויזישע פאָלקסמאַסן צו פרײַהײַט און אומאָפּהענגיקײַט זײַנען אָבער פולשטענדיק צונויפגעפאַלן מיט די אינטערעסן פונעם סאָוועטישן פאָלק. און אַנדערש האָט עס גאָר ניט געקאָנט זײַן: די געשיכטע לערנט אונדז, אַז אין די אַנטשיידנדיקע היסטאָרישע עפּאָכעס זײַנען די אינטערעסן פון די דאָזיקע צוויי לענדער אין גרעסטן טייל צונויפגעפאַלן.

מיר האַלטן פאַר וויכטיק צו באַקאַנען די לייענער כאָטש מיט אַ טייל פון די סאָוועטישע ייִדן, וועלכע האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם קאַמף קעגן היטלעריזם אָף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע, אין די רייען פון דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג (רעזיסטאַנס).

## ווער זײַנען זיי?

די סאָוועטישע מענטשן, וועלכע האָבן בייס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע זיך געפונען אין פראַנקרײַך אָף די טעריטאָריעס, וואָס זײַנען אָקופּירט געוואָרן דורך די נאַציסטן, דאַרף מען אײַנטיילן אין דרײַ קאַטעגאָריעס: 1) קריגסגעפאַנגענע, 2) דעפּאָרטירטע פון אַנדערע לענדער און 3) אימיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין פראַנקרײַך ביז דער מילכאָמע.

צווישן די סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך אײַנגעשלאָסן אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, זײַנען קיין ייִדן, נאַטירלעך, ניט געווען, ווײַל באַם פאַרכאַפּן סאָוועטישע מענטשן אין געפאַנגענשאַפט פלעגן די היטלעריסטן טייקעף אָפּקלײַבן די „קאָמיסאַרן און ייִדן״ און דערשיסן אָדער דעפּאָרטירן אין די טויט־לאַגערן (סאָביבאָר, אָשווענטשים, טרעבלינקע און פיל אַנדערע).

קיין יידן האָבן זיך ניט געפונען אויך אין דער צווייטער קאַטעגאָריע, דה. צווישן די דעפּאָר־טירטע פון אנדערע לענדער. יידן פלעגן די נאַציסטן דעפּאָרטירן פון אַלע אָקופּירטע לענדער נאָר אין די טויט־לאַגערן.

בלייבט איבער די דריטע קאַטעגאָריע, דה. אַזעלכע, וועלכע האָבן אין דער צייַט צווישן די צוויי וועלט־מילכאָמעס אימיגרירט קיין פראַנקרייַך. מע קאָן צוגעבן צו זיי אויך א טייל יידן פון די קריגסגעפאַנגענע, וועלכע עס האָט זיך אייַנגעגעבן אויסצובאַהאַלטן פון די היטלעריסטן זייער יידישע אָפּשטאַמונג.

## יידן אין דער פראַנצויזישער רעזיסטאַנס

„רעזיסטאַנס" — דאָס איז די פראַנצויזישע באַצייכענונג פונעם באַגריף ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אין פאַרשיידענע לענדער ווערט די קאָנצעפּציע פון רעזיסטאַנס אויפגעפאַסט פאַר־שיידן. אייניקע זעען ניט אייַן קיין שום כילעק צווישן דעם פּאַרמילכאָמעדיקן קאַמף קעגן פאַ־שיזם און דעם קאַמף, וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן די היטלעריסטישע אָקופּאַנטן.

מיר באַטראַכטן דאָ דעם אויסדרוק רעזיסטאַנס אין דעם זין, ווי ער איז אויפגעפאַסט אין פראַנקרייַך, דה. אַלס ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן די היטלערישע אָקופּאַנטן. אין רעזיסטאַנס זייַנען געווען פאַרייניקט קאָמוניסטן, גאָליסטן, רעפּובליקאַנער — קורץ, יענע אַלע, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר א פרייַ פראַנקרייַך. אין פּאָליטישער הינזיכט אָבער האָבן דאָס הויפּט־אָרט פאַרנומען די קאָמוניסטן און גאָליסטן.

באַלד נאָך דער היטלעריסטישער אינוואַזיע אין פראַנקרייַך האָט די פראַנצויזישע קאָמו־ניסטישע פּאַרטיי זיך געווענדט מיט א רוף צום גאַנצן פאָלק, אופאַדערנדיק יונג און אַלט אַרייַנ־צוטרעטן אין דער באַוועגונג פון ווידערשטאַנד קעגן די היטלערישע אָקופּאַנטן. אינעם רוף, אונטערגעשריבן דורכן גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי מאָריס טאָרעז און סעקרעטאַר זשאַק דיקלאָ, איז געווען געזאָגט:

> „פראַנקרייַך האָט געליטן א מאַפּאַלע, דאָס לאַנד איז אָקופּירט און דערנידעריקט. אָבער קיינמאָל וועט אַזאַ גרויס פאָלק, ווי אונדזערס, ניט ווערן קיין פאָלק פון שקלאַפן... פראַנקרייַך מיט זייַן רומפולער פראַגאַנגענהייַט וועט זיך ניט שטעלן אף די קני... ניט די באַזיגטע גענע־ראַלן, ניט די אַפעריסטן, ניט די פאַרדאָרבענע פּאָליטיקער קאָנען אופשטעלן פראַנקרייַך. די גרויסע האָפענונג אף נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייַונג וועט פאַרווירקלעכט ווערן נאָר דורכן פאָלק. דער פראָנט פון פרייַהייַט, פון אומאָפּהענגיקייַט און פון דער ווידער־אופלעבונג פון פראַנקרייַך קאָן געשאַפן ווערן אַרום דעם אַרבעטער־קלאַס..."

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די סאָוועטישע יידן, וועלכע זייַנען אַרייַנגעטראָטן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, האָבן, ווי די מערהייַט אימיגראַנטן פון אנדערע לענדער, געקעמפט אין די רייען פון יענע אָרגאַניזאַציעס און גרופּירונגען, וואָס זייַנען אויסגעבילדעט געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַזעלכע פאַרייניקונגען זייַנען געווען ניט ווייניק. מיר וועלן אָנרופן כאָטש אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ווי די מ.אָ.י. (אָרגאַניזאַציע פון אויסלענדישע אַרבעטער), וואָס האָט אין גייַסט פון די נאָבעלע טראַדיציעס פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם פאַרטיידיקט די אויסלענדישע אַרבעטער קעגן דער ווילדער עקספּלואַטאַציע מיצאַד די קאַפּיטאַליסטן.

זאָל דאָ אויך געזאָגט ווערן, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פראַנקרייַך האָט אין איר קאַמף קעגן נאַציזם מוטיק געקעמפט אויך קעגן אַנטיסעמיטיזם און ראַסיזם. די ערשטע צוויי יאָר פון דער אָקופּאַציע איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געווען די אייַנציקע, וואָס איז ענערגיש אַרויסגעטראָטן קעגן די ראַסן־פאַרפאָלגונגען. זי האָט אַרויסגעגעבן אין הונדערטער טויזנטער עקזעמפּליאַרן מאַסן־אופרופן, פּראָקלאַמאַציעס און בראָשורן, ווי: „אַנטיסעמיטיזם — דאָס געווער פון רעאַקציע!", „נידער מיטן באַרבאַרישן ראַסיזם!", „נידער מיטן אַנטיסעמיטיזם, קאָוועד די יידישע כאַוויירים, וועלכע זייַנען געפאַלן אין קאַמף פאַר דער פרייַהייַט און אומאָפּהענגיקייַט פון פראַנקרייַך!", „די נאַצישע גרויזאַמקייַטן אין פּאַריזשער ראַיאָן (וועגן דעם לאַגער דראַנסי)", „שטייט אוף קעגן די באַרבאַרן!", „זיי זייַנען אויסער די ראַמען פון דער ציוויליזאַציע". די קאָמ־פּאַרטיי האָט אויך אַרויסגעגעבן א טעאָרעטישע בראָשור „אַנטיסעמיטיזם, ראַסיזם און די יידן־פראַגע" און אנדערע ווערק.

די ייִדישע אַנטיילנעמער אין רעזיסטאַנס זײַנען געווען אויסערסט אַקטיוו, זייער טעטיקייט האָט געטראָגן דעם פאַרשיידנסטן כאַראַקטער. זיי זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין די רייען פון פ.ט.פּ. (פרײַשיסער און פּאַרטיזאַנער), זיך באַטייליקט אין די קאַמפּס־גרופּן, וועלכע זײַנען געשאַפן געוואָרן דורך דעם „פאַרבאַנד פאַר ווידערשטאַנד און קעגנזײַטיקער הילף" („אוניאָן"), זיי האָבן געדרוקט און פאַרשפּרייט די אומלעגאַלע ווידערשטאַנד־פּרעסע אין ייִדיש און פראַנצויזיש, אָרגאַניזירט הילף פאַר די קאָרבאַנעס פון אַנטיסעמיטיזם, אַרויסגעריסן ייִדישע קינדער פון די נעגל פון דער געסטאַפּאָ (אין אַ סאַך פאַלן האָבן זיי עס געטאָן מיט געווער אין די הענט), געשאַפן אין די אומלעגאַלע פּראָפּאַריינען גרופּעס, וועלכע האָבן דורכגעפירט סאַבאָטאַזש־אַקטן אין די אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער דײַטשישער אַרמיי, געקעמפט אין די רייען פון מ.ב.צ.ר. (נאַציאָנאַלע באַוועגונג קעגן ראַסיזם), אויך אין די רייען פונעם „נאַציאָנאַלן פראָנט"[1]. אין די געגנטן פון צאָפן־ און מיזרעך־פראַנקרײַך זײַנען זיי אין 1943 צוגעטראָטן צום שאַפן פּאַרטיזאַנישע מאַכנעס פון די סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע און דעפּאָרטירטע. אין דעם פּראַט איז זייער טעטיקייט געווען מאַמעש ניט אָפּצושאַצן, ווײַל זיי זײַנען געווען קימאַט די איינציקע, וואָס האָבן באַהערשט רוסיש, אוקראַיִניש און ווײַסרוסיש.

מיר ווייסן, אַז אין דער סאָוועטישער אַרמיי און אין דער סאָוועטישער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָבן געקעמפט מענטשן פון העכער 60 פעלקער און פעלקערשאַפטן. פראַנקרײַך איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין פילנאַציאָנאַלע מעלוכע. נאָר באַם אויסברוך פון דער מילכאָמע האָבן אויסגעדריקט זייער ווילן פרײַוויליק אַרײַנצוטרעטן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי אויסלענדער פון זיבן און פערציק פעלקער. צווישן זיי זײַנען געווען 40 טויזנט ייִדן, וועלכע האָבן בעשײַטע אימיגרירט קיין פראַנקרײַך (סאַכאַקל האָט די צאָל אײַנגעוואַנדערטע ייִדן צוזאַמען מיט די פּרויען, קינדער און זקיינים באַטראָפן 150 טויזנט מענטשן).

אין דער רעזיסטאַנס האָבן די ייִדישע אַנטיילנעמער זיך געפילט ניט איזאָלירט. זיי זײַנען געווען גלײַכבאַרעכטיקטע מיטגלידער פון אַ גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער פעלקער־מישפּאָכע. זיי האָבן זיך געשלאָגן האַנט בא האַנט מיט פראַנצויזן, איטאַליענער, פּאָליאַקן, טשעכן, דײַטשישע אַנטיפאַשיסטן, עסטרײַכער, רומענער, שפּאַניער, אַרמענער, אונגאַרן, יוגאָסלאַוון, פיל סאָוועטישע בירגער און אַנד.

די ייִדישע אַנטיילנעמער אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָבן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם נאָכגעפאָלגט נאָך די העראָיִשע שלאַכטן פון דער סאָוועטישער אַרמיי, אויך נאָך די הייסע קאַמפּס־רופן פון די סאָוועטישע ייִדן. מיט ענטוזיאַזם האָבן זיי געלייענט די רעדעס אָפן ערשטן מאָסקווער מיטינג פון די פאָרשטייער פונעם ייִדישן פאָלק דעם 24 אווגוסט 1941, אָף וועלכן עס זײַנען אַרויסגעטראָטן דער פאָלקס־אַרטיסט פון פּססר שלוימע מיכאָעלס, דער פידלער דאָוויד אויסטראַך, דער רעזשיסער ס. אייזענשטיין, די שרײַבער אי. ערענבורג און ד. בערגעלסאָן, אויך ייִדן סאָלדאַטן און קאָמאַנדירן פון דער סאָוועטישער אַרמיי. עס איז אומעגלעך איבערצוגעבן דעם רושעם, וואָס עס האָט געמאַכט דער מאַניפעסט, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן אָף דעם דאָזיקן מיטינג און איז אונטערגעשריבן געוואָרן דורך אַ גרויסער צאָל ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, וויסנשאַפט־טוער, קינסטלער, אַרטיסטן, זשורנאַליסטן.

„...אונדזער פאָלק וועט ניט אונטערגיין. דאָס פאָלק פון ראַמבאַם, שפּינאָזע, מענדעלסאָן, הײַנע, איינשטיין, דאָס פאָלק, וואָס האָט שוין מיט טויזנטער יאָרן צוריק געענטפערט זײַנע פײַניקער מיטן שטאָלצן „לאָ אמות, כי אחיה"[2], ענטפערט אויך הײַנט זײַנע פײַניקער: „איך וועל ניט שטאַרבן, נאָר לעבן".

די רעזיסטאַנס־קעמפער האָבן מיט באַגײַסטערונג נאָכגעפאָלגט די העלדנטאַטן פון די סאָוועטישע קריגסלײַט, דערונטער ייִדן. די ידיִעס וועגן דעם האָבן זיי געשעפּט אין דער אומלעגאַלער ווידערשטאַנד־פּרעסע. זיי פלעגן וועגן יעדן נײַעם העלדנטאַט איבערגעבן פון מויל צו מויל. אַזעלכע ידיִעס פלעגן זײַן אַ מאָראַלישע באַוואָפענונג, אַ קוואַל פון נײַע, פרישע קויכעס.

צווישן די ייִדישע אַנטיילנעמער אין דער רעזיסטאַנס זײַנען געווען אַ סאַך אָפּשטאַמיקע פון וואָלין (לויצק, וולאַדימיר־וואָלינסק, ראָוונע אאַ.), פון בעסאַראַביע, טראַנסילוואַניע, ליטע, לעטלאַנד, לוואָוו און אומגעגנט. קיין גענויע ידיִעס וועגן זיי האָבן מיר נאָך דערווײַל ניט. מיר

---

[1] דער נאַציאָנאַלער פראָנט איז געשאַפן געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין מײַ 1941. אין אים זײַנען געווען פאַרייניקט אָרגאַניזאַציעס און פּערזענלעכקײַטן, וועלכע האָבן געהערט צו די פאַרשיידנסטע פּאָליטישע שאַטירונגען.

[2] לוי אָמוס, קי עכיע.

ווייסן נאָר, אַז אייניקע פון זיי האָבן נאָכן קריג אומגעקערט זיך קיין סאָוועטנפאַרבאַנד אַף שטענדיקער וווינונג. דאָס זײַנען:

שורא כאַכאַם — אַ מוטיקע פרוי, וואָס האָט אָרגאַניזירט די פרויען אין דער רעזיסטאַנס אין די יאָרן פון דער היטלערישער אָקופּאַציע. כּוץ דעם, איז זי בייס דער אָקופּאַציע און אויך שפּעטער געווען סעקרעטאַר פון מאַרסעלער אָפּטיילונג פונעם „פאַרבאַנד פאַר ווידערשטאַנד און קעגנזײַטיקער הילף" („אוניאָן"). זי וווינט הײַנט אין קעשענעוו (מאָלדאַוויע);

טשערנין — אַ געוועזענער קעמפער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע, בייס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע געווען טעטיק אין דער פראַנצויזישער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג (מאַקי). ער וווינט איצט אין ריגע (לעטלאַנד);

גאַסטאָן גרינער — אין דער רעזיסטאַנס געווען טעטיק אַלס סעקרעטאַר פונעם אייניקייט־קאָמיטעט, ווו ער איז געווען אַ פאַרשטייער פון די קאָמוניסטן. אַף דעם פּאָסטן האָט ער געאַרבעט ביז זײַן אָפּפאָרן קיין סאָוועטנפאַרבאַנד. ווי אונדז איז באַוווּסט, האָט ער געקליבן זיך באַזעצן אין אָדעסער געגנט.

גענויערע יעדיִעס זײַנען פאַראַן וועגן אַ ריי קעמפער, וועלכע זײַנען געפאַלן מיט אַ העלדנטויט אין די שלאַכטן קעגן דער בלוטיקסטער פאַשיסטישער כײַע. אייניקע זייערע ביִאָגראַפיעס, וועלכע זײַנען פולער אויסגעשטודירט, ברענגען מיר דאָ.

## יויסעף קלישטש און זײַן פרוי אנריִעט



יויסעף איז געבוירן אין 1915 אין שטעטל קלישקאָוויטש (בעסאַראַביע). זײַן מוטער איז געשטאָרבן בייס דעם קימפּעט, זײַן באָבע, בא וועלכער ער האָט זיך געהאָדעוועט, איז געווען אַ פרומע יִדענע און געוואָלט געבן אים אַ רעליגיִעזע דערציִונג.

זײַן פאָטער, אַ בוכהאַלטער, אַ פאָרגעשריטענער מענטש, האָט אָבער געשיקט יאָסלען אין דער כאָטינער גימנאַזיע. דאָס יינגל האָט אַרויסגעוויזן זעלטענע פייִקייטן צו מאַטעמאַטיק.

נאָך אַלס גימנאַזיסט האָט יאָסל ענערגיש שטודירט סאָציאַלע פּראָבלעמען און איז געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע טוער אין דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע „דער רויטער גימנאַזיסט". אינגיכן האָט ער דערוואָרבן גרויס אויטאָריטעט צווישן דער שול־יוגנט און האָט אַנטוויקלט אַן אַקטיווע טעטיקייט אויך צווישן דער פויערישער יוגנט, צווישן די קינדער פון אָרעמפויערים.

קיין מאַרקסיסטישע ליטעראַטור איז אין כאָטין בייס דער באַיאַרישער הערשאַפט ניט געווען. וועגן אויסשרײַבן מאַרקסיסטישע ווערק פון סאָוועטנפאַרבאַנד האָט מען גאָר אַפילע ניט געטאָרט טרוימען. באַהערשנדיק גוט שפּראַכן, האָט יאָסל אַליין איבערגעזעצט פון פראַנצויזיש דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" און גרעסערע שטיקלעך פון ענגעלסעס „אַנטי־דיורינג". פיל קאָמוניסטישע קעמערלעך האָבן מיט דער הילף פון יאָסלס איבערזעצונגען שטודירט די קלאַסיקער פון מאַרקסיזם.

יויסעף קלישטש איז געווען אַ פלאַמיקער רעדנער, אַ טאַלאַנטפולער אָרגאַניזאַטאָר און אַ מעסירעסנעפעשדיקער רעוואָליוציאָנער. העלפן אַ כאַווער אין אַ נויט איז געווען פאַר אים אַן עמעסער פאַרגעניגן.

פאַרענדיקט די גימנאַזיע, איז יאָסל אָנגעקומען אין בוקאַרעשטער פּאָליטעכניקום. אויך דאָרט האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זײַנע גרויסע פייִקייטן. נאָך אַלס סטודענט איז ער ארײַנ־

געטראָטן אין דער רומענישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און איז געוואָרן איינער פון אירע אַקטיווע פונקציאָנערן.

די יונגען פון דער פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישער אָרגאַניזאַציע „אײַזערנע גוואַרדיע" האָבן צו וויסן געגעבן דער סיגוראַנצע וועגן דער קאָמוניסטישער טעטיקייט פון י. קלישטש. מע האָט אים אַרעסטירט און צײַטווײַליק, ביזן געריכט, אַרויסגעלאָזט אויף קויציע. נאָר צום געריכט האָט ער זיך ניט געמאָלדן.

אין 1936 איז פאָרגעקומען אין בוקאַרעשט אַ גרויסער אַנטיקאָמוניסטישער פּראָצעס. פאַרן געריכט זײַנען געשטאַנען אַרום הונדערט קאָמוניסטן. אַלע זײַנען זיי פאַרורטיילט געוואָרן צו שווערער טפיסע. יאָסל איז הינטער די אויגן פאַרמישפּט געוואָרן צו פינף יאָר קאַטאָרגע־טפיסע. צוזאַמען מיט אַ גרופּע כאַווירים (מוישע שוסטער, שמעלקע ווײַסבערג, טקאַטשמאַן, מאָטל סאַקציער, כאַווערטע בוזי טײַך און אַנדערע) אַנטלויפט ער פון רומעניע קיין פּאַריז.

אין פּאַריז קומט יויסעף אָן אין סאָרבאָנער אוניווערסיטעט, אין ליטעראַרישן פאַקולטעט. ער פירט אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעט צווישן די סטודענטן און אויך צווישן דער ייִדישער אַר־בעטער־יוגנט, אַנטוויקלט אַ פּאָליטישע און קולטורעלע טעטיקייט אינעם „יוגנט־קלוב" פון די אַרבעטער (א.י.ק.), דרוקט זיך אין דער „נײַער פּרעסע"[1].

באַלד ווי עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מילכאָמע, איז קלישטש פרײַוויליק אַרײַנ־געטראָטן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, וווּ ער האָט געדינט אַלס קוילנוואַרפער.

פון סאַמע אָנהייב פון דער פאַשיסטישער אָקופּאַציע איז ער אַקטיוו טעטיק אין דער רעזי־סטאַנס. ער איז איינער פון די ערשטע שלאַכטלײַט אינעם „ערשטן אָטריאַד פון פרײַשיסער און פּאַרטיזאַנער" (פ.ט.פ.). אין דעם דאָזיקן אָטריאַד האָבן זיך געפונען אַ סאַך ייִדן פון אונגאַרן, רומעניע, בעסאַראַביע, טראַנסילוואַניע, בוקאָווינע. דאָס זײַנען געווען אין דער מערהײַט רעוואָ־לוציאָנערע אַרבעטער און אינטעליגענטן.

ניט געקוקט אויפן שווערן געזונט־צושטאַנד (ער האָט געליטן פון אַ לונגען־פעלער), באַטיי־ליקט זיך קלישטש אין אַלע קריגס־אַקציעס פונעם אָטריאַד. די פ.ט.פ. האָט נאָך דעמלט ניט געהאַט קיין געווער. האָט יאָסל מיט זײַנע כאַווירים אַליין געגרייט אויפרײַס־פלעשער און אויפ־געריסן מיט זיי היטלעריסטישע גאַראַזשן און אויטאָ־פּאַרקן.

יויסעף קלישטש צייכנט זיך אויס אַלס באַגאַבטער קריגסמאַן. אין 1943 ווערט ער באַשטימט אַלס שעף פונעם „ערשטן אָטריאַד". ער פירט דורך מיטן אָטריאַד אַ גלענצנדיקע אַטאַקע קעגן „זאָלדאַטענהיים" אויפן בולוואַר סימאָן באָליוואַר. די דאָזיקע אַטאַקע איז אַרײַן אין דער געשיכטע פון דער רעזיסטאַנס אַלס איינע פון די באַדײַטנדיקסטע אַקציעס.

דעם 6 יוני 1943 האָט יויסעף קלישטש אַטאַקירט מיט זײַן אָטריאַד צוויי פאַשיסטישע מילי־טער־טיילן, וועלכע האָבן מאַרשירט אויף די גאַסן פון קלישי (אַ שטעטל הינטער פּאַריז). די אַטאַקע איז זייער געלונגען, די היטלעריסטן האָבן אָנגעציילט היפּש טויטע און פאַרווונדעטע.

יויסעף אַליין איז אויך פאַרווונדעט געוואָרן און האָט ניט געקאָנט אָפּטרעטן. די היטלעריסטן, ווילד פון רעציכע, האָבן אַרויסגערופן די אוויאַציע. צענדליקער באָמבירער האָבן אַטאַקירט דעם פּלאַץ פון דער אַטאַקע, וועלנדיק איבערשנײַדן די פּאַרטיזאַנער דעם וועג פאַר צוריקטריט. יויסעף האָט זיך קוים דערשלעפּט צו אַ קעלער פונעם הויז אויף דער גאַס דע ל'אַבּרעוואַר, נו־מער 2. די פאַשיסטן זײַנען געפאַלן אויף זײַנע שפּורן און גענומען האָלען אין קעלער מיט קוילן. יויסעף האָט געוואַרט, ביז זיי וועלן זיך דערנעענטערן. די דאָזיקע טאַקטיק האָט ער זיך אויס־געלערנט פונעם באַרימטן פילם „טשאַפּײַעוו". ווען די היטלעריסטן זײַנען שוין געווען ניט ווײַט פון אים, האָט ער מיט זײַן אויטאָמאַט אָוועקגעלייגט צוויי דײַטשן. מיט אַ גערדיכט פײַער גייט צו צום קעלער אַ נײַע גרופּע עסעסאָווצעס. יויסעף באַגעגנט זיי מיט אַ פרישער פּאַרציע קוילן. אַרום קעלער ליגט שוין אַ שפּאָר ביסל טויטע און פאַרווונדעטע פאַשיסטן.

די דאָזיקע שלאַכט האָט געדויערט העכער זעקס שאָ. פון איין זײַט — באַ הונדערט עסעסאָוו־צעס. פון דער אַנדערער — איין יויסעף.

אַ דורכגעלעכערטער פון קוילן, פאַרלוירן אַ סאַך בלוט, ווערנדיק אַלץ שוואַכער און שוואַכער, האָט יויסעף מיט דער לעצטער קויל העלדיש פאַרענדיקט זײַן לעבן...

דעם 7 יולי 1946 האָט דער מוניציפּאַל־ראַט פון קלישי באַם אָנטייל פון „נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד פון פרײַשיסער און פּאַרטיזאַנער", „נאַציאָנאַלן רומענישן פראָנט אין פראַנקרײַך", „פאַרבאַנד פאַר ווידערשטאַנד און קעגנזײַטיקער הילף" („אוניאָן"), „געזעלשאַפט פון בעסאַראַבער לאַנדס־

---

[1] ווײַזט אויס, ער האָט זיך געכאַסמעט מיט אַ פּסעוודאָנים, ווײַל אין די קאָמפּלעקטן „נײַע פּרעסע" פון יענע יאָרן האָבן מיר זײַן נאָמען ניט געפונען.

ליִיט" פֿייַערלעך צוגעפּעסטיקט אַ מירמלנעם געדענק־טאָוול אָפּן הויז, וווּ עס איז פֿאָרגעקומען די העראָיִשע שלאַכט.

אויך אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, אין כּאַטינער מוזיי, שײַנט אַראָפּ פֿון וואַנט דאָס ליכטיקע פּאָנעם פֿונעם אומפֿאַרגעסלעכן העלד יוסף קלישטש. אַ בעקאָוועדיק אָרט פֿאַרנעמט דער שטאָלצער קעמפֿער קעגן היטלעריזם אין טשערנאָוויצער מוזיי פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג.



ערעוו דער היטלערישער אָקופּאַציע פֿון פּאַריז, אין דעקאַבער 1940, האָט יוסף קלישטש כאַסענע געהאַט מיט אַנריִעט טאַוואַראָוסקע. אַנריִעט איז געבוירן אין פּאַריז, נאָר אירע עלטערן האָבן געשטאַמט פֿון בעסאַראַביע. אין אַ יאָר אַרום איז אין דעם קליינינקן געזינדל צוגעקומען אַ ייִנגעלע סערזש (סערגיי).

דער העלדנטויט פֿונעם מאַן און דער אַרעסט פֿון די עלטערן אין נאָיאַבער 1943 האָבן דערוועקט אין אַנריִעט אַן אומגעצוימטן נעקאָמע־געפֿיל. אַלס מיטגליד פֿונעם „נאַציאָנאַלן פֿאַרבאַנד פֿון פֿרייַשיסער און פּאַרטיזאַנער" ווערט זי אַ פֿאַרבינדלערן און גיט זיך אָפּ דער געפֿערלעכער אַרבעט פֿון טראַנספּאָרטירן געווער און אַמוניציע. די געסטאַפּאָ שפּירט זי אויס, און דעם 9 מאַרט 1944 ווערט זי אַרעסטירט צוזאַמען מיט אירע שוועסטער.

אין די פּייַניקונגס־קאַמערן פֿון דער „ספּעציִעלער בריגאַדע" פֿון געסטאַפּאָ פֿירט זי זיך אויף ווי אַ מוטיקע פּאַרטיזאַנערן. נאָך לאַנגע פֿאַרהערן וואַרפֿט מען זי אַרייַן אין דער פּאַריזשער פּרויען־טפֿיסע „לאַ פּעטיט כאַקעט". פֿון דאָרט פֿירט מען זי אַריבער אין דער פֿרען־טפֿיסע הינטער פּאַריז, וועלכע איז געווען באַרימט מיטן גרויסן קאָנטינגענט פּאַטריאָטן, וואָס זײַנען פֿאַרורטיילט צום שיסן. פֿון דער פֿרען־טפֿיסע שיקט מען זי אין פּייַניקונגס־לאַגער דראַנסי. דעם 31 יולי 1944 ווערט זי דעפּאָרטירט, וואָס האָט אָף דער דעמלטיקער שפּראַך באַטייַט פֿאַרמישפּעט צום טויט.

דעם 4 אויגוסט 1944, דרייַ וואָכן פֿאַרן פּאַריזשער אופֿשטאַנד, האָט מען אַנריִעטען געבראַכט קיין אָשווענטשים, ווו מע האָט זי גלייַך אָפּגעפֿירט אין די גאַז־קאַמערן.

## מישעל ראַלניק

געבוירן אין 1908 אין פּלונגיאַן, אַ קליין שטעטעלע אין ליטע, ניט ווייַט פֿון טעלץ (געוועזענע קאָוונער גובערניע). די פֿאַמיליע פֿון מישעל ראַלניק איז געווען אַ טיפּישע פֿאַר יענע צייַטן. דער פֿאָטער אַ לאַמדן, געזעסן טאָג און נאַכט אין בעסמעדרעש בא דער געמאָרע. די שפּייַזגעבערן איז געווען די מוטער, וואָס האָט געהאַלטן אַ שניט־קראָם.

קימאַט אַלע מיטגלידער פֿון מישעלס געזינד זייַנען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן. לעבן געבליבן זייַנען נאָר זייַנע דרייַ ברידער. איינער פֿון זיי — הערשל — איז אַן אַדוואָקאַט, פּראַקטיקירט אין קאָוונע (קאַונאַס). אין דער יוגנט איז ער געווען אַ טוער פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג בא זיך אין שטעטל און פֿון 1940 — געדינט אין דער רויטער אַרמיי. ער פֿאַרמאָגט דעם טיטל דאָקטאָר פֿון פֿילאָלאָגישע וויסנשאַפֿטן און איז אויטאָר פֿון אייניקע ליטעראַטור־פֿאָרשערישע ווערק. זייַן טאָכטער — מאַשע — האָט איבערגעלעבט אַלע שוידערן פֿון ווילנער געטאָ, איז געשלײַדערט געוואָרן איבער פֿיל טויט־לאַגערן. זי איז דער אויטאָר פֿונעם באַרימט געוואָרענעם טאָגבוך „איך מוז דערציילן", וועלכן זי האָט געשריבן אין ליטוויש און יידיש. דאָס טאָגבוך איז איבערגעזעצט אָף רוסיש און אָף אַנדערע שפּראַכן, האָט זיך געדרוקט אין דער פֿעריִאָדישער פּרעסע און איז דערשינען (אָף אייניקע שפּראַכן דרוקט זיך עס איצט) אין באַזונדערע אויסגאַבעס. הייַנט צו טאָג וווינט מאַשע ראַלניק אין לענינגראַד.

מישעל ראַלניק האָט קינדווייַז געלערנט אין כיידער, נאָכדעם — אין יעשיווע. קיין פּאַריז איז ער געקומען אין עלטער פֿון צוואַנציק יאָר. ער האָט דאָ שטודירט יוריספּרודענץ און געווען אַקטיוו אין די אַרבעטער־קרייַזן.

פֿאַר אונדז, פּאַריזשער, איז מישעל ראַלניק איינע פֿון די צענטראַלע פֿיגורן פֿונעם פּראָגרעסיוון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. נאָך אין די דרייַסיקער יאָרן איז ער געווען דער מענטש, וואָס האָט געוואָרפֿן אַ בריק צווישן די יידישע מאַסן און דער פֿראַנצויזישער קולטור.

מ. ראַלניק איז געווען איינער פֿון די פֿירער פֿון דער קולטור־ליגע (אַ פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע), איינער פֿון די גרינדער פֿונעם סעמינאַר פֿאַר מאַרקסיזם־לעניניזם, וואָס האָט געגרייט יונגע טוער פֿאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט געלייענט לעקציעס וועגן לעניניזם און אַנדערע וויסנשאַפֿטן אינעם אַרבעטער־אוניווערסיטעט (שפּעטער פּאָלקס־אוניווערסיטעט).

דעם אוטאָר פון די דאָזיקע שורעס איז אַלס סעקרעטאַר פון דער יִדישער סעקציע בא דער „רויטער הילף" (הײַנט „סעקור פּאָפּולער" — „פאָלקס־הילף") אויסגעקומען מיטצואַרבעטן מיט מישעל ראַלניקן, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַדוואָקאַט פון דער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען אַ שווערער פּעריאָד פון רעפּרעסיעס קעגן אויסלענדער. מ. ראַלניק האָט מיט עמעסער מעסירעס־נעפעש, ניט שאַנעווענדיק זײַנע קויכעס און טאַלאַנט, געטאָן אַלץ, קעדיי פּאַרטיידיקן די קאָר־באָנעס פון דער רעאַקציאָנערער רעגירונג. ער איז אַרויסגעטראָטן אין די געריכטן און גלײַכ־צײַטיק פּאַרעפנטלעכט בראָשורן און אַרטיקלען אין דער אַרבעטער־פּרעסע. אויך באַם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, ווען די דאַלאַדיע־רעגירונג האָט אַזוי גערודעפט די אַרבע־טער־טוער, ווען אַלע רעאַקציאָנערע פּאַרטייען, דערונטער די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, האָבן געטאָן אַלץ, קעדיי דיסקרעדיטירן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, איז מישעל געבליבן טרײַ דעם אַרבע־טער־קלאַס. און ווען אַפילע די היטלעריסטן האָבן אָקופּירט פראַנקרײַך, איז מ. ראַלניק ניט אוועק פון זײַן פּאָסטן. קאָלזמאַן עס איז נאָך געווען אַ מעגלעכקײַט, האָט ער פאָרגעזעצט צו פּאַרטיידיקן די קאָרבאָנעס פונעם נאַצישן טעראָר.

דעם 25 יון 1941, באַלד נאָך דעם פאַרעטערישן אָנפאַל פונעם היטלער־דײַטשלאַנד אַפן סאָוועטנפאַרבאַנד, האָט די פּאַריזער אָפּטיילונג פון געסטאַפּאָ אַרעסטירט די גאַנצע גרופּע קאָמוניסטישע אַדוואָקאַטן, צווישן זיי אויך מישעל ראַלניקן. זיי אַלע זײַנען אָפּגעפירט געוואָרן אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער רויאַליע (לעבן קאָמפּיען).

אויך אין לאַגער האָט מ. ראַלניק ניט אָפּגעשטעלט זײַן געזעלשאַפטלעכע טעטיקײַט. ער האָט דאָרט געגרינדעט אַן אָרגאַניזאַציע פון ווידערשטאַנד און סאָלידאַריטעט מיט די קאָרבאָנעס. אין געציילטע כאָדאָשים האָט די אָרגאַניזאַציע צעטיילט צווישן די באַזונדערס ליידנדיקע לאַ־גערניקעס 200 טויזנט פראַנק. זי האָט אויך אָנגענומען מיטלען צו אינפאָרמירן די פראַנצויזישע עפנטלעכקײַט וועגן דער לאַגע אין רויאַליע.

דעם 19 סענטיאַבער 1941 האָט די געסטאַפּאָ אָפּגעקליבן פונעם לאַגער 17 אַרעווניקעס, דערונטער מישעל ראַלניקן. אף ראַלניקן האָט מען אויפגעהאַנגען אַ פּלאַקאַט: „ראַלניקאָס מישעל (יודע), פון פּאַריזש, פּראָפּאַגאַנדיסט פון קאָמוניסטישע אידייען". אים מיט זײַנע כאַווײרים האָט מען געשמידטע אין קייטן, געפירט איבער די גאַסן אין אַ לאַסט־וואָגן, אף וועלכן מע האָט אויך אויפגעשטעלט זייערע אָרנס (טרונעס). אף מאָרגן זײַנען די אַלע 17 פּאַטריאָטן לויטן באַפעל פונעם בלוטיקן שטולפּנאַגעל דערשאָסן געוואָרן אַפן באַרג וואַלעריען.

מיר קאָנען דאָ ניט פאַרשווײַגן אַזאַ פאַקט, וואָס באַווײַזט די מוט און העלדישע דרייסטקײַט פון מישעל ראַלניק און זײַנע כאַווײרים. באַם פירן זיי צום עקזעקוציע־פּלאַץ האָבן די געסטאַפּאָ־לײַט פאַרגעסן מיטצונעמען די שליסלען פון די קייטן, אין וועלכע עס זײַנען געווען געשמידט די אַסירים, וואָס מע האָט געפירט צום טויט. די געסטאַפּאָ־לײַט האָט דאָס ווייניק געקימערט. נאָר ראַלניק און זײַנע כאַווײרים האָבן מיט זייער לעצטער ענערגיע פּראָטעסטירט, געמאָלדן, אַז זיי ווילן שטאַרבן ווי פרײַע מענטשן, ניט קיין געשמידטע אין קייטן. און זיי האָבן זיך זייערס דער־שלאָגן, כאָטש זיי האָבן צוליב דעם געמוזט נאָך עטלעכע שאָ געפינען זיך אין פײַנפולער דער־וואַרטונג פונעם טויט.

מישעל ראַלניק איז געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט אין עלטער פון 33 יאָר. די ידיִע וועגן דעם טראַגישן אומקום פון די דרײַ באַרימטע קאָמוניסטישע אַדוואָקאַטן — פּיטאַר, האַזש און ראַלניק — איז אויפגענומען געוואָרן דורך דער גאַנצער פראַנצויזישער אינטעליגענץ מיט טיפן טרויער.

■

אונדז איז געווען באַוווּסט, אַז אינעם טאָג פון זײַן אומקום האָט מישעל ראַלניק אָנגעשריבן פון דער טפּיסע „סאַנטע" אַ בריוו צו זײַן פרוי בעלאַ. נאָר ערשט אין 18 יאָר אַרום האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן אויסצוזוכן אין די אַרכיוון דעם בריוו. ער אָטעמט מיט גלויבן און רויקײַט און כאַראַקטעריזירט פולשטענדיק אונדזער מוטיקן און נאָבעלן מישעל ראַלניק. מיר ברענגען דאָ אייניקע אויסצוגן פון אים.

„...הײַנט אָוונט איז מען געקומען אין לאַגער פון רויאַליע אונדז נעמען: פּיטאַ, האַזש און מיך. מע איז געקומען אונדז מעלדן אין טפּיסע „סאַנטע"..., אַז מאָרגן אינדערפרי וועט מען אויספירן דעם טויט־אורטייל איבער אונדז אַלס אַרעווניקעס..."

„...ווי פײַנלעך עס איז צו דענקען, אַז מע האָט נאָך [סאַכאַקל] עטלעכע שאָ צו לעבן, דאַן ווען מע איז נאָך יונג, ווען מע איז נאָך 33 יאָר אַלט און מע איז פול מיט לעבנסלוסט..."

מיט גרויסער קראַפט קלינגען די פאָלגנדיקע שורעס פונעם בריוו:

„...זאָג מײַנע פרײַנט, אַז אַ קויל האָט געטראָפן [אין] מײַן האַרצן, אָבער מע האָט [פון האַרצן] ניט אַרויסגעריסן דעם אידעאַל, וועלכער האָט מיך באַהויכט..."

# יאנקעוו (זשאק) אינזעל



געבוירן אין 1909 אין דראָהאָביטש (אוקראַינע) אין אן אר־בעטער־מישפּאָכע. געענדיקט די עלעמענטארע שול, איז ער צו 13 יאָר אוועק ארבעטן.

צו 17 יאָר פאָרט יאנקעוו אוועק קיין פּאַלעסטינע און טרעט דאָרט אריַין אין דער קאָמוניסטישער פּארטיי, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אן אומלעגאַלער לאגע. ער דערלערנט ספּע־ציעל דעם פאך פון א שאָפער און ווערט א פארבינדלער צווישן די אומלעגאַלע סעקציעס, וועלכע זיַינען צעשפּרייט איבערן לאנד.

אן אויסגעצייכנטער קעמפער, דורכגעדרונגען מיט די אי־דייען פון פּראָלעטארישן אינטערנאַציאָנאַליזם, פאַרשטייט אינ־זעל, אז דער קאמף קעגן קאָלאָניאַליזם, קעגן עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג קאָן האָבן דערפאָלג בלויז דעמאָלט, ווען עס וועלן אײַנגעשטעלט ווערן ברידערלעכע באַציִונגען צווישן די יידן און אראבער. ער באַהערשט די אראבישע שפּראַך, און די פּארטיי טרויט אים אָן די ארבעט פון אָרגאַניזירן א געהיימע דרוקעריַי. ניט געקוקט אף די אומ־געהייערע שוועריקייַטן, פּילט ער גלענצנדיק אויס דעם אויפטראַג.

בייס די באַרימטע קאמפן קעגן די קאָלאָניזאַטאָרן אין יאָר 1936 ווערט אינזעל ארעסטירט. נאָך א לאַנגן ארומשלעפּן אים איבער פארשיידענע טפיסעס שיקט מען אים ארויס פון לאנד. ער מיט זיַין פרוי פּעלאַ קומען דעמאָלט קיין פּאריזש.

אין פראנקרייַך שליסט ער זיך איַין אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, וואָס פאָרט קיין שפּאַניע פארטיידיקן די רעפּובליק קעגן דעם פראנקאָ־אופשטאנד. אין שפּאַניע דינט ער אלס שאָפער אין אן ארטילערישער אָפּטיילונג, פירט פּאנאנדער איבער די מיליטער־טיילן גע־ווער. גלייַכצייַטיק באַשטימט מען אים אלס אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער גרופּע אין זיַין ארטילערישער באַטאריי.

דער צווישנפעלקערלעכער רעאַקציע איז געלונגען אוועקצושטעלן פראנקאָן בא דער מאכט. אינזעל קערט זיך אום קיין פראנקרייַך און פאַלט אריַין אין פארשיידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. סאַפּקאָלאָסאַף פארשיקט מען אים קיין ווערנע, ווו מע האַלט פּאָליטישע „פארברעכער". אזוי־ווי ער שטאמט פון אוקראַינע, דערשלאָגן זיך פאַר אים די סאָוועטישע פארשטייער דאָס רעכט ארויסצופאָרן קיין פּסס‏ר. נאָר סאַכאַקל צוויי טעג פאַר זיַין אָפּפאָרן פאַלן אָן די היטלעריסטן אפן סאָוועטנפארבאנד. וועגן באַפרייַען זיך פונעם לאַגער קאָן שוין קיין רייד ניט זיַין.

מיט דער הילף פון כאַווירים גיט זיך איַין אינזעלן צו אַנטלויפן. ער קומט אָן קיין טולוז. מע שיקט אים אף ארבעט אין דער פּוילישער גרופּע. ווען עס ווערן געגרינדעט די ערשטע אָטריאַדן פון פרייַשיסער און פּארטיזאנער, שטעלט זיך אינזעל בעראָש פון איינעם אזא אָטריאַד. ער צייכנט זיך אויס אלס גלענצנדיקער מיליטער־מאַן, פירט דורך א ריי געלונגענע אָנפאַלן אף די דייַטשישע מיליטערישע קאָלאָנעס, אָרגאַניזירט דיווערסיעס און אופרייַסן פון צוגן מיט היטלעריסטן. אין דעקאַבער 1943, בייס איינער אָן אַקציע פון די פּארטיזאנער, פאַלט אינזעל אריַין צו די היטלעריסטן אין די הענט. מע פארשפּאַרט אים אין דער פעסטונג רעמפּאר סענט־עטיען, ווו ער שטייט אויס שוידערהאַפטע פּייַניקונגען, מע רייַסט אים ארויס די נעגל פון די הענט און פיס, די האָר פון קאָפּ. נאָר קיינע יעדיִעס וועגן זיַינע כאַווירים גיט זיך די מערדער ניט איַין צו באַקומען פון אים.

זומער 1944 ווערט יאנקעוו (זשאַק) אינזעל צוזאַמען מיט זיַין יונגן פראנצויזישן קאַמפּס־כאַווער פראַנסוא לאַפּאָרג דעפּאָרטירט. אפן וועג קיין דייַטשלאַנד מאַכן זיי בײדע א פּרווו ארויס־צושפּרינגען פונעם צוג. גראָד אין דעם מאָמענט ווערט דער צוג באָמבארדירט דורך דער אמע־ריקאַנער אוויִאַציע. זיי פאַלן ארונטער אונטער א האָגל קוילן. ווי א געטרייַער פאָטער, שפּרייט אינזעל אויס זיַינע הענט און באַשיצט מיט זיַין אייגענעם קערפּער דעם יונגן קאַמפּס־כאַווער, וואָס איז קוים 17 יאָר אַלט. דער יוגנטלעכער איז געראַטעוועט, אָבער זשאַק איז דורכגעלעכערט פון קוילן. אין די לעצטע רעגעס פון זיַין לעבן שרייַט ער אויס, איבערכאַזערנדיק די שטאָלצע ווערטער פון גאַבריִעל פּערי: „און אויב איך וואָלט ווידער געדאַרפט אָנהייבן, וואָלט איך אויסגע־קליבן דעם זעלבן וועג".

דעם 20 פעוראַל 1946 האָט דאָס ניַי־געשאַפענע קאָמוניסטישע קעמערל אין פּאריזש זיך א נאָמען געגעבן „זשאַק אינזעל".

## לייזער מוטשניק

לייזער גאָלדמאַן (אַזוי איז געווען זײַן פּסעוודאָנים) שטאַמט פֿון בעסאַראַביע (פּאָלעשט). ער וואָלט היאָר אַלט געוואָרן זעכציק יאָר. זײַן פֿאָטער איז געווען אַן אָרעמער שנײַדער. צו 16 יאָר איז לייזער געוואָרן אַ לעדער־אַרבעטער.

דער דראַנג צו וויסן האָט אים געשטויסן צו ווערן אַן אָרגאַניזאַטאָר פֿון אַ יוגנט־ביבליאָטעק, ווײַל דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקײַט צו פֿאַרנעמען זיך מיט זעלבסטבילדונג. אַ באַזונדערן אינטערעס האָט ער אַרויסגעוויזן צו מאַרקסיסטישער ליטעראַטור. די רומענישע פּאָליציי האָט אים געהאַלטן אין איין רודעפֿן. ער איז פֿיל מאָל אַרעסטירט געוואָרן. האָט ער סאַפּקאָלסאַף פֿאַרלאָזן זײַן געבורטסשטאָט פּאָלעשט און איז אַריבערגעפֿאָרן קיין יאַסי. נאָר אויך דאָ וואַרפֿט אָף אים די פּאָליציי אַן אויג פֿאַר זײַן רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט. דאַן עמיגרירט ער קיין בעלגיע.

אין דער בעלגישער שטאָט אַנטווערפּען איז אין יענער צײַט געווען אַ גוט אַנטוויקלטע אַרבעטער־באַוועגונג. לייזער אַרבעט דאָ לויט זײַן פֿאַך און ווערט גלײַכצײַטיק דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון די לעדער־אַרבעטער, אויך פֿאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר אינעם אַנטווערפּענער קולטור־פֿאַריין.

אין די יאָרן 1928—1930 האָט די בעלגישע פּאָליציי דורכגעפֿירט צאָלרײַכע אַרעסטן צווישן די אײַנגעוואַנדערטע יידישע רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער, פֿיל פֿון זיי זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון לאַנד. אויך לייזער האָט באַקומען אַ באַפֿעל צו פֿאַרלאָזן בעלגיע. ער איז אַריבער אָף אַן אומלעגאַלער לאַגע. נאָר מע האָט אים געכאַפּט, אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט צו דער גרענעץ. אָף אַ געווויסער צײַט האָט ער זיך באַזעצט אין לוקסעמבורג. אין דעם דאָזיקן קליינעם לאַנד זײַנען דעמלט געווען אַ סאַך יידישע קוילנגרעבער און מעטאַל־אַרבעטער, וועלכע זײַנען געקומען אַהער פֿון דײַטשלאַנד, בעלגיע און פֿראַנקרײַך. אַזוי ווי לייזער האָט אויך דאָ געמוזט געפֿינען זיך אין אַן אומלעגאַלער לאַגע, איז ער ענדלעך אַוועקגעפֿאָרן קיין פֿראַנקרײַך.

פֿיר יאָר האָט ער געלעבט אומלעגאַל אין פֿראַנקרײַך, איז געווען קימאַט אַרבעטסלאָז און שטענדיק געפֿונען זיך אין דער געפֿאַר צו „געכאַפּט" ווערן דורך די „רעדלדיקע", ד.ה. דורך דער פּאָליציי, וואָס פֿלעגט אַרומפֿאָרן אָף וועלאָסיפּעדן איבער די אַרבעטער־קוואַרטאַלן און כאַפּן יענע, וואָס ווױנען דאָ אומלעגאַל.

ווען לייזער האָט פֿאַרט באַקומען וווינרעכט אין פּאַריזש, האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן בײַ אַ לעדער־מאַנטלען און איז גיך געוואָרן איינער פֿון די פּאָפּולערסטע טוער צווישן די לעדער־אַרבעטער. זייער פּאָפּולער איז געווען אויך זײַן פֿרוי סאָפֿיע, די אָנפֿירערן פֿון דער אָרגאַניזאַציע „יידישע פֿרויען־באַוועגונג קעגן קריג און פֿאַשיזם". לייזער אַרבעט מיט אין דער דעמלט שטאַרק געריודעפּטער אַרבעטער־פּרעסע, ער ווערט אויסגעווײלט אין דער „אינטערסינדיקאַלער קאָמיסיע" — אין דער פֿאַרייניקונג פֿון די יידישע אַרבעטער בײַ דער אַלגעמיינער קאָנפֿעדעראַציע פֿון די רעוואָליוציאָנערע פֿראַנצויזישע פֿראַפֿאַריינען, מע באַשטימט אים אַלס רעדאַקטאָר פֿון דער צײַטונג פֿון די אָרגאַניזירטע פּופּצן טויזנט אַרבעטער — „אַרבעטער־שטימע".

ווען עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מילכאָמע, טרעט לייזער פֿרײַוויליק אַרײַן אין דער פֿראַנצויזישער אַרמיי. שפּעטער האָט די פּעטען־רעגירונג, ווײַזט אויס, מיטן ציל אויסצודריקן אַ „דאַנק" די פּאַטריאָטן, באַפֿוילן, מע זאָל די וואָלאָנטיאָרן פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרמיי אינטערווענירן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. לייזער מוטשניק (גאָלדמאַן) איז פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אינעם לאַגער פֿון סעטפֿאָן. די לאַגער־באַדינגונגען האָבן זיך שווער אָפּגערופֿן אָף זײַן געזונט, און ער איז צוויי כאָדאָשים אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל. ווען ער איז געוואָרן דעמאָביליזירט, האָט ער זיך אומגעקערט קיין פּאַריזש און געשטעלט זיך אין די רייען פֿון דער אומלעגאַלער „יידישער אינטערסינדיקאַלער קאָמיסיע". ער און זײַן פֿרוי סאָפֿיע ווערן אַקטיווע אָנטיילנעמער אינעם קאַמף קעגן היטלעריזם און אין דער רעזיסטאַנס.

דעם 21 אווגוסט 1941 באַפֿאַלן די עסעסאָווצעס און די פּאָליציי דעם 11־טן באַצירק פֿון פּאַריזש, ווו עס זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן צאָלרײַכע אַקציעס פֿון ווידערשטאַנד קעגן די היטלעריסטן. צווישן די אַרעסטירטע געפֿינט זיך אויך לייזער. מע שלײַדערט אים אַרײַן אינעם סאַמע שוידערלעכן קאָנצענטראַציע־לאַגער — אין דראַנסי, פֿונוואַנען עס זײַנען אַוועקגעפֿירט געוואָרן אין די טויט־לאַגערן 120 טויזנט יידן. אין אָט דעם לאַגער האָט ער זיך געפֿונען ביזן 1942 יאָר.

טראָץ די אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען, איז ער אויך דאָ געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פֿון דער אינערלעכער רעזיסטאַנס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געשטאַנען אין געהיימע פֿאַרבינדונגען מיט דער אויסערלעכער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

דער טאָג פון 16 יול 1942 איז, ווי באַוווּסט, געווען דער בלוטיקסטער פאַר די ייִדן אין פראַנקרײַך. דרײַסיק טויזנט מענער, פרויען, קינדער און זקנים זײַנען געוואָרן אַרעסטירט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־דעפּאָרטאַציעס. צוגן מיט טויזנטער דעפּאָרטירטע זײַנען אָפּגע־גאַנגען צו עטלעכע מאָל אין וואָך. דעם 19 אויגוסט 1942 איז לייזער מוטשניק (גאָלדמאַן) דע־פּאָרטירט געוואָרן קיין אָשווענטשים. ווי ער איז אַהין געבראַכט געוואָרן, האָט מען אים אָפּגע־פירט אין גאַז־קאַמער.

## וואַכטעל־בוקאָווינער



וואַכטעל איז, ווײַזט אויס, געווען זײַן עמעסע פאַמיליע. בו־קאָווינער — אַ פּסעוודאָנים, וואָס באַצייכנט זײַן אָפּשטאַמונג (פון בוקאָווינע).

אַ געבוירענער פון סאַדיגערע (אוקראַיִנע), איז ער אין 1916, נאָך אַלס קינד, מעגולגל געוואָרן אין טשערנאָוויץ. דאָ איז ער געוואַקסן, האָט געלערנט און געוואָרן אַן אַרבעטער. די ערשטע צײַט איז ער געווען טעטיק אין די פּראָפעסיִאָנעלע פאַריינען, און אין 1924 האָט ער שוין געפונען זיך צווישן די גרינדער פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין טשערנאָוויץ.

מיט דער צײַט איז וואַכטעל־בוקאָווינער געוואָרן איינער פון די באַגאַבטסטע פּערזענלעכקײַטן אין דער קאָמוניסטישער באַווע־גונג. די רומעניש־סיגוראַנצע האַלט אים אין איין פאַרפאָלגן, און ער איז געצוווּנגען צו עמיגרירן.

אין 1931 קומט וואַכטעל־בוקאָווינער קיין פּאַריזש. דער מאָנ־מאַרט, דה. דער 18־טער באַצירק פון פּאַריזש, איז אין יענער צײַט געווען געדיכט באַפעלקערט מיט ייִדישע אַרבעטער אימיגראַנטן, וועלכע האָבן ערשט געדאַרפט אַרײַנגעצויגן ווערן אינעם ווירקונגס־קרײַז פון די פּראָגרעסיווע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

וואַכטעל־בוקאָווינער איז געוואָרן אַן אַקטיווער אָרגאַניזאַטאָר פון דער דאָזיקער באַפעל־קערונג, דעריקער צווישן די אַרבעטער פון זײַן פאַך (מענער־שנײַדער).

די ייִדישע קאָמוניסטישע אַרבעטער־פּרעסע איז דעמלט געווען האַלב־לעגאַל, זי האָט זייער אָפט געמוזט טוישן איר נאָמען, קעדיי פאַרזיצן איר עקזיסטענץ. עקזיסטירט האָט זי נאָר אַדאַנק דער גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקײַט פון אירע פאַרשפּרייטער. איינער פון זיי איז געווען וואַכ־טעל. אינגיכן ווילט מען אים אויס אין דער ייִדישער אינטערסינדיקאַלער קאָמיסיע, וואָס פונק־ציִאָנירט בא דער פּילמיליאָניקער אַרבעטס־קאָנפעדעראַציע. ער ווערט זייער פּאָפּולער צווישן די פּאַריזשער ייִדישע אַרבעטער. זײַן לענגלעך פּאָנעם מיט די שוואַרצע געדיכטע האָר, זײַן עטוואָס הינקעדיקער גאַנג (ער איז געווען קראַנק אָף אַ פוס) איז ערעוו דער מילכאָמע געווען גוט באַקאַנט צווישן די פּאַריזשער ייִדישע אַרבעטער אויך אויסער דעם מאָנמאַרט.

נאָך דער אינוואַזיע פון די היטלעריסטן איז וואַכטעל־בוקאָווינער ענערגיש און אומדער־שראָקן צוגעטראָטן צום אָרגאַניזירן די אומלעגאַלע סינדיקאַלע גרופּן, וועמעס הויפּט־אויפגאַבע עס איז געווען — סאַבאָטירן די פּראָדוקציע, וועלכע באַדינט די דײַטשישע מילכאָמע־מאַשין.

אין אָקטיאַבער 1942 איז וואַכטעל־בוקאָווינער אַרעסטירט געוואָרן. דרײַ טעג און דרײַ נעכט האָט מען אים געפּײַניקט אָן אויפהער, ער זאָל אַרויסגעבן זײַנע כאַוויירים. די עסעסאָווצעס האָבן אָבער קיין איין וואָרט פון אים ניט אַרויסגעריסן. אַ פיזיש צעבראָכענעם האָט מען אים געבראַכט צו טרײַבן קיין דראַנסי.

אויך אין דעם דראַנסי־געגנעם איז געווען אַן אומלעגאַלע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע. אַ קראַנקער, האָט וואַכטעל־בוקאָווינער גענומען אין איר אַן ענערגישן אָנטייל. ער האָט אײַנגע־שטעלט אַ פאַרבינדונג מיט די רעזיסטאַנס־טויער, וועלכע האָבן זיך געפונען אָף דער פרײַ, און דורך דעם באַוואָרנט דעם לאַגער מיט דער אומלעגאַלער ווידערשטאַנד־פּרעסע. דאָס איז געווען אין דער צײַט פון די פאַרביטערטע שלאַכטן אָף דער וואָלגע. אַדאַנק דער דאָזיקער פּרעסע זײַנען די לאַגערניקעס געווען אין קורס פון די געשעענישן.

דעם 19 נאָיאַבער 1942 האָבן די עסעסאָווצעס אָפּגעקליבן אינעם דראַנסי־לאַגער אַ גרויסע צאָל מענער, פרויען, קינדער און זקנים פאַר דעפּאָרטאַציע. צווישן די דעפּאָרטירטע איז געווען אויך וואַכטעל־בוקאָווינער.

פארן אוועקגיין צום דעפּאָרטאַציע־עשעלאָן האָט ער, געזעגענענדיק זיך מיט דער כאַווערטע ע. ס., געזאָגט די ווערטער, וואָס האָבן געקלונגען, ווי א צוואָע:

„גיב איבער מײַנע כאַווירים, אז ווו איך זאָל זיך ניט געפינען, וועל איך שטענדיק דערפילן מײַן פליכט אלס ארבעטער, אלס קאָמוניסט".

## באַריא (באַרעך) לערנער

געבוירן אין 1914 אין שטעטל ליפקאן (בעסאראביע). בייס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע זײַנען די עלטערן אנטלאָפן קיין קאמענעץ־פּאָדאָלסק. אין 1920 האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין בעסאראביע און נאָך לאנגע וואָגלענישן זיך באזעצט אין טשערנאָוויץ, וואָס האָט זיך דעמלט געפונען אונטער דער הערשאפט פון דער באָיארישער רומעניע.

צו 15 יאָר האָט באַריא זיך אײַנגעשלאָסן אין דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פון דער שול־יוגנט. אין א יאָר ארום האָט מען אים ארעסטירט און אָפּגעהאלטן אין טפיסע 4 כאָדאָשים.

ווען ער איז ארויס פון טפיסע, האָט מען אים אין גימנאזיע צוריק ניט אָנגענומען. ער איז געוואָרן א „פּאָליטיש ניט זיכערער עלעמענט". ער פאָרט אוועק קיין בוקארעשט, טרעט ארײַן אין דער קאָמוניסטישער פארטיי און ווערט א פּראָפעסיאָנעלער פארטיי־טוער, לעבנדיק אומלעגאַל. אָף דער פארטיי־ארבעט טיילט ער זיך אויס מיט זײַן פּאָליטישער רײַפקײַט, הויכן אָרגאַניזאַטאָרישן טאלאַנט און ווערט אויסגעוויילט אלס מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פונעם קאָמוניסטישן יוגנט־פארבאנד.

פון דעמלט אָן דערפילט לערנער דעם עמעסן טאַם פון לעבן אומלעגאַל, ווי א פּראָפעסיאָנעלער רעוואָליוציאָנער. עס הייבט זיך פאַר אים אָן א סעדרע ארעסטן, רעדיפעס, פלייטעס פון טפיסע. נאָר זײַן מוט און מעסירעסנעפעש ווייסן ניט קיין גרענעץ. ווען ער איז אַלט געוואָרן 19 יאָר, איז ער בייס אָן אָרדנטלעכן ארעסט אויסגעשטאַנען אכזאָריעסדיקע פּײַניקונגען. אָבער די פּײַניקער האָבן פון אים גאָרנישט ניט דערשלאָגן זיך. ער איז דעמלט אָפּגעזעסן אין טפיסע דריטהאַלבן יאָר.

עס קומט אָן זײַן פריזיוו־עלטער. מע נעמט אים אָף מיליטער־דינסט. איצט וויקלט ער פאַנאַנדער א רעוואָליוציאָנערע ארבעט צווישן די סאָלדאַטן.

געענדיקט די מיליטער־דינסט, קערט זיך לערנער ווידער אום צו זײַן ארבעט אין צק פון קאָמיוג. עס ברעכט אויס דער בירגערקריג אין שפּאַניע, און דער 23־יאָריקער באַריא פאָרט אהין, קעדיי אײַנשליסן זיך אין די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. צוליב דעם צוועק קומט ער קיין פראַנקרײַך. נאָר פאָרן פונדאַנען קיין שפּאַניע איז שוין צו שפּעט: מיט דער הילף פון די דײַטשישע און איטאַליענישע פאשיסטן האַלט פּאַ א זיג דער קאודילאָ פראַנקאָ, די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס זײַנען פאַנאַנדערגעלאָזט. באַריא בלײַבט אין פאריזש.

1939. עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מילכאָמע. באַריא טרעט ארײַן פרײַוויליק אין דער פראַנצויזישער ארמיי, קעדיי קעמפן קעגן דעם פאשיזם. צוזאַמען מיט פיל אנדערע פאריזשער יידן שיקט מען אים קיין בארקארעס. דאָ ווערט ער שווער קראַנק און באפרײַט פון דער ארמיי.

ווען די נאַציסטן רײַסן זיך ארײַן קיין פראַנקרײַך, וואַנדערט באַריא מיט זײַן פרוי און קינדער איבער די מילכאָמע־וועגן. די היטלעריסטישע אוויאַציע באָמבירט אָן אופהער די מילכאָמע־פּליטים — פרויען, זקיינים און קליינע קינדער. דאָס געזינד לערנער גייט פארבײַ דעם ברענסער לאַגער. דאָרט ווערט ער אינטערנירט און אָפּגעשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער ריזעוואַלט. די באַדינגונגען אין לאַגער זײַנען שוידערלעכע — די ווישי־רעגירונג שוינט נישט ניט קיין יידן, ניט קיין שפּאַנישע רעפּובליקאַנער. עס ווילדעוועט א פאַרוויסטנדיקע עפּידעמיע צווישן די קינדער. עס קומט אום אויך באַריעס א קינד.

מיט דער הילף פון דער טולוזער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע פון „אוניאָן" געלינגט ב. לערנערן מיט זײַן פרוי האַדאַסע צו אנטלויפן פון לאַגער און קומען קיין פאריזש. דאָס איז געשען אין די אווגוסט־טעג פון 1941, ווען אין פאריזש, אין 11־טן אראַנדיסמאַן, איז פאָרגעקומען די גרויסע אָבלאַווע, וואָס האָט געגעבן דעם ערשטן קאָנטינגענט (פינף טויזנט מענטשן) אינטערנירטע פאַרן לאַגער אין דראַנסי.

באַריא ווערט טייקעף א מיטגליד פון דער נאָרוואָס געגרינדעטער יידישער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג („צווייטער אַטריאַד"). מע באַשטימט אים אלס אָנפירער פון א גרופּע. ער אָרגאַניזירט א ריי געלונגענע דיווערסיעס, דערונטער אָן איבערפאַל אָף א דײַטשישן האָטעל. זײַן גרופּע פאַרוואַרפט מיט באָמבעס דעם פּלאַץ דע לאַ קאָנקאָרד, וואָס געפינט זיך אנטקעגן דער געבײַדע פון דײַטשישן פלאָט־מיניסטעריום.

שפּעטער באַשטימט מען באַרעכן אַלס אָנפירער פון דער פּראָדוקציע פון באָמבעס פאַר די יידישע פּאַרטיזאַנער. אויף דער גאַס רי סענט־אַנדרעי־דעז־אַר, אין לאַטיינישן קוואַרטאַל, עפנט ער אַ לאַבאָראַטאָריע און באַ איר אַ סקלאַד פון אופּרייס־מאַטעריאַלן. דעם 28 יוני 1943 ווערט לער־נערס באַהעלטעניש אויפגעדעקט דורך דער פּאָליציי. דער דרייסטער פּאַרטיזאַנישער אָנפירער צוזאַמען מיט זיין פרוי האַדאַסע ווערן אַרעסטירט און שרעקלעך געפּייניקט.

ווען באַרעך טרעפט זיך צופעליק מיט זיין פרוי אין איינעם פון די פּייניקונגס־לאַגערן, זאָגט ער איר: „איך מאַך זיך ניט קיין שום אילוזיעס, וואָס מיך דערוואַרט. איך האָב קיינעם ניט אויסגעגעבן און וועל קיינעם ניט אויסגעבן, אין דעם מעגסטו זיין זיכער!"

דעם 20 סעפּטעמבער איז ב. לערנער פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט. ערעוו דער עקזעקוציע האָט ער געשריבן צו זיין פאָטער:

„...מיין טייערער פּאַפּאַ!.. איך וואָלט דיך וועלן זען אַ לעצט מאָל, אָבער איך טרייסט מיך מיטן געדאַנק, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועסטו עפּשער קומען מיר אויסדריקן דיין ליבע אויף מיין קייווער. דעדע, מיין פרוי, איז אַוועק, און דאָס קינד געפינט זיך באַ פריינט. איך וואָלט וועלן, אַז דו זאָלסט זיי קאָנען צוריקגעפינען נאָכן קריג.

איך בעט דיך, מיין טייערער טאַטע, זיי ניט טרויעריק און פאַרליר ניט די האָפענונג. אַלע מענטשן שטאַרבן, אַ טייל פריער, אַנדערע שפּעטער. איך דאַרף דאָס טאָן היינט...

זיי מויכל פאַרן שלעכטס, וואָס איך טו דיר. נעם אַרום מיין מוטער און מיין שוועסטער. אַדיע, איך קוש אייך.

באַריאַ".

## ווילי שאַפּירע



ווילי שאַפּירע איז איינס פון די הערלעכסטע געשטאַלטן אין דער יידישער רעזיסטאַנס. ער איז געווען דער אַקטיווסטער טוער אין די שווערע אָקופּאַציע־יאָרן, סעקרעטאַר פון דער אינטערסינ־דיקאַלער קאָמיסיע. זיינע העלדנטאַטן אַלס פּאַרטיזאַנער, זיין העראָאישע האַלטונג אויפן פּראָצעס און באַם גיין צום עשאַפאָט האָבן פאַרוואַנדלט דעם נאָמען ווילי שאַפּירע מאַמעש אין אַ לע־גענדאַרער פיגור.

שלוימע־וואָלף (ווילי) שאַפּירע איז געבוירן אין 1910 אין סקאַלאַ (אוקראַינע). צו 20 יאָר פאָרט ער אַוועק קיין פּאַלעסטינע, וווּ ער נעמט אַ לעבהאַפטיקן אָנטייל אין דער פּראָגרעסיווער באַ־וועגונג. דעם 1 מיי 1931 האָט מען אים אַרעסטירט און נאָך צוויי יאָר טפיסע אַרויסגעשיקט פון לאַנד.

אין 1933 קומט ווילי קיין עסטרייך, וווּ ער שליסט זיך גלייך איין אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ווען די נאַציס אָקופּירן עסטרייך, זעצט ווילי אומדערמידלעך פאָר זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין די אויסערסט געפערלעכע אומלעגאַלע באַדינגונגען.

אין סעפּטעמבער 1938 פאַלט די געסטאַפּאָ אויף זיינע שפּורן. ער אַנטלויפט קיין פראַנקרייך.

ווען די דייטשן רייסן זיך אַריין אין פראַנקרייך, נעמט זיך ווילי ענערגיש צום אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין קאַמף קעגן דעם אָקופּאַנט. ער וויקלט פאַנאַנדער צווישן זיי אַ ברייטע באַווע־גונג פון סאַבאָטאַזש קעגן דער דייטשישער אַרמיי און נעמט אַליין אַן אומיטלבאַרן אָנטייל אין די סאַבאָטאַזש־אַקציעס.

אין פעברואַר 1943 ווערט ווילי שאַפּירע קאָאָפּטירט אין סעקרעטאַריאַט פון דער אינטער־סינדיקאַלער קאָמיסיע באַ דער אונטערערדישער ס. זש. ט. אַדאַנק זיין ענערגיע ווערט די אַרבעט שטאַרק אויפגעלעבט. זייער פיל טוט ער אויך אין פּראַט פון אויסגעפינען פּראָפּטוער, וועלכע זאָלן פאַרבייטן די אַרעסטירטע כאַווירים.

---

[1] דעדע — דאָס איז האַדאַסע, אַן אַקטיווע טוערן אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג און באַרעך לערנערס לעבנס־באַגלייטערן. זי איז צו יענער צייט דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אָשווענטשים. צום גליק, איז זי געבליבן לעבן און נאָך דער מילכאָמע ווידער איינגעשלאָסן זיך אין דער אַקטיווער טעטיקייט פון די יידישע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס אין פּאַריזש.

ווילי שאַפּירע נעמט אַ מעסירעסנפעשדיקן אָנטייל אין דער אַקציע, וועלכע די אינטערסינ־דיקאַלע קאָמיסיע האָט פֿאָרגענומען אין 1943 אין צוזאַמענהאַנג מיטן אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ; ער טרעט אַרויס אַף פאַרזאַמלונגען אין די פאַבריקן, מאָביליזירט מענטשן פאַר די פּאַר־טיזאַנער.

אין יול 1943 קומען פאַר גרויסע אַרעסטן צווישן די אָנפירנדיקע טוער פון דער אינטער־סינדיקאַלער קאָמיסיע. ווילי שטייט געטריי אַף זיין קאַמף־פּאָסטן. די בעסטע טוער פון די פּראָ־פאַריינען שליסן זיך דעמלט איין אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. ווילי איז אויך אין דעם פאַל צווישן די ערשטע, — ער ווערט אַ פּאַרטיזאַנער.

געפינענדיק זיך צווישן די אָנפירער פון „צווייטן אָטריאַד יידישע פּאַרטיזאַנער", פירט ער דורך אַ ריי באַוואָפנטע אָנפאַלן אַף דייטשישע מיליטער־טיילן, אָרגאַניזירט באַן־קאַטאַסטראָפעס, אין וועלכע עס קומען אום הונדערטער היטלערישע סאָלדאַטן און אָפיצערן.

בייס איינעם פון די באַוואָפנטע איבערפאַלן אַף אַ מיליטערישן טראַנספּאָרט ווערט ווילי שאַפּירע אַרעסטירט. צוזאַמען מיט שלוימע גזשיוואַטש און אַנדערע פּאַרטיזאַנער ווערט ער גע־שטעלט צום קריגס־געריכט און פאַרמישפּעט צום טויט.

## גאָלדע באַנטשיק

געבוירן אין 1912 אין קעשענעוו (בעסאַראַביע) אין אַן אַרבעטער־מישפּאָכע. זי איז אין געזינד געווען די זעקסטע. ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מילכאָמע און איר טאַטע איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, איז די דאַקקעס און נויט פון דעם געזינד געווען אומדערטרעגלעך.

צו צוועלף יאָר איז גאָלדע געוואָרן אַן אַרבעטערן אין אַ מאַטראַצן־פאַבריק. די אַרבעטער קאָנען ניט אויסהאַלטן די ווילדע עקספּלואַטאַציע און דערקלערן אַ שטרייק. גאָלדע איז אויך צווישן די שטרייקנדיקע. זי ווערט אַרעסטירט. נאָכן אַרויסגיין פון טפיסע שמוגלט זי דורך די גרענעץ און געפינט זיך דריי כאָדאָשים אין סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָס פרייע לעבן אין לאַנד פון די סאָוועטן מאַכט אַף איר אַ גוואַלדיקן איינדרוק. זי קערט זיך אום קיין רומעניע, קעדיי דער־ציילן וועגן דעם די אַרבעטער. נאָר דאָ איז זי ווידער אַריינגעפאַלן אין די נעגל פון דער פּאָליציי און אָפּגעזעסן זעקס כאָדאָשים אין טפיסע.

נאָך דער באַפרייונג ווערט זי אַן אַקטיווע טוערן אין קאָמיוג און, פאַרשטייט זיך, אַן אָפטע „איינוווינערן" אין די טורמעס. זי פאָרט אַוועק קיין בוקאַרעשט און קומט אָן אין אַ טעקסטיל־פאַבריק, ווו זי איז דער אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון אַ שטרייק, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ זיג. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אָט דעם זיג איז זי ווידער אויסגעשטאַנען אַרעסטן און רעדיפעס.

אין 1938 פאָרט גאָלדע אַוועק קיין פּאַריזש, ווו זי ווערט אַן אַקטיווע טוערן אין „שפּאַנישן קאָמיטעט", וואָס שיקט הילף די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס אין שפּאַניע.

די געקאָוועטע שטיוול פון די היטלער־האָרדעס טרעטן אַרויף אַף דער פראַנצויזישער ערד. עס הייבט זיך אָן די גרויסע ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון די פּאַטריאָטן. גאָלדע ווערט אַ פּאַרטי־זאַנערן. איר צוויייאָריק מיידעלע דאָאָרעס גיט זי איבער אַ באַקאַנטער פראַנצויזישער פאַמיליע. צוליב פאַרזיכטיקייט זעט זי זיך זעלטן מיט איר מאַן.

גאָלדען פעסטיקט מען צו צום „ערשטן אָטריאַד" אַלס פאַרבינדלערן מיטן צענטער פון די פּריישיסער און פּאַרטיזאַנער. אירע אויפגאַבן זיינען: אונטערהאַלטן אַ שטענדיקע פאַרבינדונג מיטן הויפּט־שטאַב; אָרגאַניזירן בא זיך אין שטוב אַ סקלאַד פון געווער און אופּרייס־מאַטעריאַלן; ווען אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע ווערט באַופטראַגט דורכצופירן אַן אַקציע, צושטעלן צום אָרט פון דער אַקציע דאָס נייטיקע געווער און באַלד נאָך דער אַקציע טייקעף צוריקנעמען עס.

די אַלע אויפגאַבן האָט גאָלדע אויסגעפילט גלענצנדיק. איר דרייסטקייט און העראָיזם האָבן מאַמעש ניט געוווסט קיין מאָס. זי האָט פאַרמאָגט די פייקייט קאַלטבלוטיק צו קוקן דעם טויט אין די אויגן, ניט אָפּשרעקן זיך פאַר קיין שום געפאַר.

דעם 16 נאָיאַבער 1943 האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־אַרעסטן צווישן די פּאַרטיזאַנער. עס איז אַרעסטירט געוואָרן אויך גאָלדע באַנטשיק. זי האָט העלדיש אַריבערגעטראָגן די שוידערהאַפטע פּייניקונגען. איר נאָמען איז געוואָרן באַרימט אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּראָצעס איבער די „דריי און צוואַנציק" איינגעוואַנדערטע, בעראָש פון וועלכע עס זיינען געשטאַנען מאַנושיאַן, באָטשאָוו און ריימאַן. אַף דעם פּראָצעס איז זי געווען איינע פון די אָנגעקלאָגטע. איר האַלטונג איז געווען

אזא ווירדיקע און העלדישע, אז אפילע די פארקויפטע זשורנאליסטן האָבן ניט געקאָנט ווארפן אף איר כאָטש א שפּרענקעלע שמוץ.

גאָלדע באָנטשיק איז צוזאמען מיט אלע אָנגעקלאָגטע פארמישפּעט געוואָרן דורכן דייַטשישן קריגס־טריבונאל צום דערשיסן. איר איז אָבער פאַרגעשטאנען אן אכזאָריִעסדיקער טויט. מע האָט זי קלוימערשט באַגנעדיקט און אָפּגעשיקט קיין דייַטשלאַנד אף צוגאָב־אויספאָרשונגען, דה. אף צוגאָב־פּייַניקונגען. לעסאָף איז זי געשטעלט געוואָרן אין שטוטגארט פאר א נייַעם קריגס־טריבונאל און ווידער צוגעמישפּעט געוואָרן צום טויט דורך אָפּהאקן דעם קאָפּ מיט א האק. דער אורטייל איז אויסגעפילט געוואָרן דעם 10 מייַ 1944, ווען גאָלדע איז אלט געוואָרן 32 יאָר.

עטלעכע שאָ פאר איר מארטירער־טויט האָט גאָלדע באָנטשיק געשריבן צו איר טאָכטער:

„מייַן טייַער טעכטערל, מייַן טייַער ליבלינגל! דייַן מאמע שרייַבט דיר דעם לעצטן בריוו, מייַן טייַערינקע. מאָרגן 6 אזייגער דעם 10 מייַ וועל איך מער ניט עקזיסטירן.

מייַן ליבלינג, ווייַן ניט! דייַן מאמע ווייַנט אויך ניט. איך שטארב מיט א רויִק געוויסן און מיט דער פולער איבערצייַגונג, אז דו וועסט האָבן א מער גליקלעך לעבן און צוקונפט...

דייַן מוטער באָנטשיק גאָלדע.

שטוטגארט, מייַ 1944.

טייַערע פרוי,

איך בעט אייַך איבערגעבן נאָכן קריג דעם דאָזיקן בריוו מייַן טעכטערל דאָלאָרעס. דאָס איז דער לעצטער ווונטש פון א מוטער, וואָס האָט נאָך צו לעבן 21 שאָ. א דאנק".

## דרייַ זייַנען זיי געווען...

דרייַ שוועסטערקינדער: אנדרע קאץ, איוו ווייַס (טיבאָר) און עטיען גאָלדבערגער. די ביאָ־גראפיע פון דעם מוטיקן פארטיזאנער אנדרע קאץ דארפן מיר דאָ ניט ברענגען, ווייַל, צום גליק, לעבט ער און איז טעטיק אינעם פארבאנד פון די געוועזענע ווידערשטאנד־קעמפער.

איוו ווייַס איז געבוירן אין 1925. אין דער צייַט פון דער נאציסטישער אָקופּאציע האָט זייַן מישפּאָכע געוווינט אין טולוז. זייַן פאָטער איז דעפּאָרטירט געוואָרן, געבליבן איז בלויז זייַן מוטער.

ווייַס טרעט אריַין אין דער פארטיזאנער־אייניהייַט „ליבערטע" אין גרענאָבל. ער צייכנט זיך אויס אין א ריי גלענצנדיקע אקציעס. ווען די פּאָליציי איז געפאלן אף זייַנע שפּורן, ווערט ער איבערגעפירט אינעם פארטיזאנער־באטאליאָן „קארמאניאָל" אין ליאָן.

יאנוואר 1944. דער באטאליאָן „קארמאניאָל" אָרגאניזירט א סאבאָטאזש־אקט אף א וויכ־טיקן באן־צענטער. ווייַס איז געשטאנען אף דער וואך מיט אן אווטאָמאט אין האנט. דאָס איז אגעוו געווען דער אייציקער אווטאָמאט אין דער גרופּע. פלוצעם זייַנען די פארטיזאנער באפאלן געוואָרן דורך די זש.מ.ר. (די ברוטאלסטע רעפּרעסיע־פאָרמירונג בא דער ווישי־רעגירונג). ווייַס עפנט אף זיי אן אווטאָמאטן־פייַער. אין שלאכט ווערט ער פארווונדעט אין דער רעכטער האנט. פארלירט דעם אווטאָמאט און פאלט אום. נאָר אין א רעגע ארום שטעלט ער זיך אוף און, ניט געקוקט אף די ווייטעקן, כאַפּט ער דעם אווטאָמאט מיט דער לינקער האנט און באשיסט די אָנ־פאלער. ווען אלע זייַנע כאווירים זייַנען שוין געווען אויסער געפאר, האָט ווייַס ערשט דעמלט זיך צוריקגעצויגן.

אזא איז געווען איוו ווייַס.

בייס א דורכפאל פון אייַנער אן אקציע ווערט ער ארעסטירט. זייַן האלטונג אין טפיסע איז געווען אן אויסערסט מוטיקע. וועגן דעם דערציילט אונדז א בריוו פון זייַנעם א טפיסע־כאווער. פארן טויט האָט איוו ווייַס געזאָגט: „איך ווייס, פאר וואָס איך גיי שטארבן. אויב איך וואָלט ווידעראמאל אָנגעהויבן מייַן לעבן, וואָלט איך זיכער געטאָן דאָס זעלבע. איך גיי צום טויט מיט א רויִק געוויסן, ווייַל איך ווייס פאָרויס, אז די מערדער וועלן באקומען זייער שטראָף".

עטיען גאָלדבערגער איז געבוירן אין 1918. אין 1941 איז ער אָנגעקומען לערנען אין טולוזער אינזשעניערן־שול, אפן עלעקטרישן פאקולטעט, נאָכדעם האָט ער געלערנט אין גרענאָבל.

אין נאָיאבער 1943 טרעט ער אריַין אין פ.ט.פ. צוזאמען מיט זייַנע שוועסטערקינדער אנדרע קאץ און טיבאָר ווייַס.

אלע פאראנטוואָרטלעכע אופטראָגן פלעגט ער אויספילן מיט העכסטער פּינקטלעכקייַט. ער איז געווען שטארק באליבט בא זייַנע אונטערגעאָרדנטע. וועגן עטיענס טעטיקייַט קאָן מען דער־

ציילן אָן א שיר פאַקטן. מיר וועלן זיך באַנוגענען מיט דעם עפּיזאָד, וואָס האָט זיך געענדיקט פאַר אים טראַגיש.

דעם 8 מאַרט 1944 האָט עטיען גאָלדבערגער אָנגעפירט מיט אַן אַקציע פון אַנטוואָפענען 8 זשאַנדאַרמען. די אַקציע איז געלונגען. נאָר איין פּאַרטיזאַנער איז אַרעסטירט געוואָרן. אין דער וווינונג פונעם פּאַרטיזאַנער איז פאַרבליבן א סאַך מאַטעריאַלן און געווער. עטיען איז אַוועק אויף רי פּאָל־בער, קעדיי אָפּרייניקן דאָס צימער פון די קאָמפּראָמעטירנדיקע מאַטעריאַלן. עס איז שוין אָבער געווען שפּעט, 8 אויסוואורפן פון דער מיליץ — דינער פון די עסעס — האָבן שוין אַרו־מגעוועט אין צימער. עטיען האָט בא זיך געהאַט קיין געווער. די באַנדיטן זיינען אים באַפאַלן און מיט א שווערן שטול געשלאָגן אין קאָפּ. דערנאָך האָבן זיי אים געגנעריקט מיט די פיס, ביז ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. די מערדער האָבן זיך אָפּגערוט און געוואַרט: צי לעבט ער נאָך?

עטיען עפנט לאַנגזאַם די אויגן. זיין בליק פאַלט אויפן טיש, אַרום וועלכן עס זיצן די עסעס־דינער. לעבן זיי ליגט אַן אויטאָמאַט. עטיען גיט האַסטיק א שפּרונג אויף, כאַפּט דעם אויטאָמאַט און הייבט אָן שיסן. 4 מערדער זיינען דערהאַרגעט, די איבעריקע — פאַרוואונדעט. די שיסעריי האָט אָבער צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט. אין צימער זיינען אַריין נייע פּאָליציאַנטן. ווידער פאַרהערן, פּראַגן, זיי ווילן דאַפקע וויסן זיין עמעסן נאָמען און בירגערשאַפט. לויט די דאָקומענטן הייסט ער אַנרי דאַלאַז, א פראַנצויז. גאָלדבערגער האַלט זיך מיט שטאָלץ און ווירדע, ער ענט־פערט ניט אויף קיינע פראַגן, זאָגט קיין וואָרט ניט וועגן זיינע קאַמפּס־כאַווירים.

עטיען גאָלדבערגער איז דערשאָסן געוואָרן אין דער פעסטונג „פאָר דע לא ראָטער". זיין קערפּער איז באַערדיקט אויפן ליאָנער בעסוילעם „לא גיליאָטיער". מע האָט זיין נאָמען ניט אויפגע־דעקט און אויף דער מאַציייווע איז ער פאַרשריבן ווי אַנרי דאַלאַז.

## דאַוויד ראַפּאַפּאָרט



דאַוויד ראַפּאַפּאָרט, א רייכע און בונטע פּערזענלעכקייט, האָט מיט א באַזונדערער פּראַכט זיך אַרויסגעוויזן אין דער פינצ־טערער טקופע פון דער דייטשיש־פאַשיסטישער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך. ער האָט מאַקריוו געווען זיין לעבן, קעדיי העלפן די קאָרבאָנעס פון נאַציזם.

געבוירן אין 1888 אין פּראָסקוראָוו (אוקראַינע, איצט הייסט די שטאָט כמעלניצק). אין אָנהייב פון הייַנטיקן יאָרהונדערט, ווען די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט זיך אינטענסיוו אַנטוויקלט און אויך אין דער יידישער סוויווע האָט געברויזט מיט פּאַרטייען און פּאָליטישע גרופּירונגען, איז דאַוויד צו 17 יאָר אַריינגעטראָטן אין דער פּויאַלעציָעניסטישער פּאַרטיי.

אין 1904 פאָרט דאַוויד אַוועק קיין בעלגיע, וווּ ער קומט אָן אין בריסעלער אוניווערסיטעט אויפן פאַקולטעט פון סאָציאָלאָגיע. ערעוו דער רעוואָליוציע פון 1905 קערט זיך ראַפּאַפּאָרט אום קיין רוסלאַנד און באַזעצט זיך אין בערדיטשעוו.

אין די יאָרן 1911—1914 שטודירט ראַפּאַפּאָרט אין דער שווייץ, אין לאָנדאָן און פּאַריזש. ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע איז ער ווידער אין דער היים. אין די גרויסע געזעלשאַפט־לעכע אויפטרייסלונגען נעמט ער ניט קיין שום אָנטייל, ער האָט זיך צו יענער צייט שוין דער־ווייַטערט פון פּאָליטישן לעבן. נאָר רוסלאַנד האָט איבערגעלעבט צוויי מילכאָמעס — די אימ־פּעריאַליסטישע און דעם בירגערקריג, דאָס לאַנד איז כאָרעוו, עס הערשן הונגער, עפּידעמיעס, עס וואָגלען אַרום אָן א דאַך איבערן קאָפּ יעסוימים, אַלמאָנעס און היימלאָזע. דאַוויד ראַפּאַפּאָרט ווידמעט זיך אינגאַנצן דער הילף־אַרבעט. ער אָרגאַניזירט קינדערהיימען, מיט דער הילף פון דער יונגער סאָוועטנמאַכט טוט ער אַלץ, קעדיי ליקווידירן די קינדער־פאַרוואָרלאָזטקייט. אין 1920 קומט דאַוויד ראַפּאַפּאָרט אָן קיין וואַרשע, ווו ער פאַרנעמט זיך אויך דאָרטן מיט דער הילף־אַרבעט.

נאָך לאַנג פאַר דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָט ראַפּאַפּאָרט זיך באַזעצט אין פּאַריזש, געאַרבעט אַלס זשורנאַליסט און פאָטאָגראַף. ער איז דאָ געווען איינער פון די אָנפירער פון דער „פעדעראַציע פון יידישע געזעלשאַפטן", אויף אים איז געלעגן די אַכרייעס פאַר דער סאָציאַלער און קולטורעלער אַרבעט.

אין די יאָרן פון דער היטלער־מאַגייפע האָט דאָוויד ראַפּאַפּאָרט געשטעלט זיך בעראָש פון דער סאָציאַלער אינסטיטוציע אַף רי אמלאָ. ווי באַוווּסט, איז דער פראַנצויזישער יודענראַט („אוזשיף״), געשאַפן דורך דער געסטאַפּאָ, אַריינגעדרונגען אין אַלע יידישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן אויסגעקליבן דעם שווערן וועג פון אומלעגאַלער טעטיקייט (ער האָט ניט געוואָגט אַריינצושטעקן די נאָז בלויז אין יענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין רעשוס פון די קאָמוניסטן). אויך „רי אמלאָ״ איז קאָנטראָלירט געוואָרן דורכן יודענראַט. נאָר דאָוויד ראַפּאַפּאָרט האָט אונטערן צודעק פון „רי אמלאָ״ געשאַפן אַ געהיימע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט העלפן די קאָרבאָנעס פונעם נאַציזם. אין באַדינגונגען, ווען די געפאַר האָט געלויערט אַף שריט און טריט, דער כאַלעף איז מאַמעש געלעגן אַפן האַלדז, האָט ראַפּאַפּאָרטן זיך איינגעגעבן אַרומצוריינגלען זיך מיט מעסירעסנעפעשדיקע אָנגעשטעלטע, דאָקטוירים, מעדיצינישע שוועסטער, וועלכע האָבן געוווּסט איין זאַך: אין יעדער רעגע זיין גרייט צו העלפן דעם נויטבאַדערפטיקן.

דאָוויד ראַפּאַפּאָרט האָט זיך אויך ניט אָפּגעשראָקן פון איינשטעלן אַ געהיימע פאַרבינדונג מיט קאָמוניסטן, צווישן זיי מיט יידל קאַרמאַן, איינעם פון די אָנפירער פון דעם „פאַרבאַנד פון ווידערשטאַנד און קעגנזייטיקער הילף״ („אוניאָן״).

די לינקע רעזיסטאַנס־אָרגאַניזאַציע האָט צוגעשטעלט דאָוויד ראַפּאַפּאָרטן פאַר די יידן, וועלכע ער האָט אויסבאַהאַלטן, שפּייז־פּראָדוקטן (די פּראָדוקטן פלעגן די פּאַרטיזאַנער פאַרכאַפּן ביים זייערע אָנפאַלן אַף די שטאָט־ראַטן), פאַלשע שפּייז־קאַרטן און בלויע אַרבעטס־בעגאַדים פאַר יענע, וואָס האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס פאַבריק־אַרבעטער.

דאָוויד ראַפּאַפּאָרט האָט אויסגעדריקט זיין פאַרלאַנג פּערזענלעך אַריינצוטרעטן אין אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע און אָנטיילנעמען אין דיווערסיע־אַקטן. נאָר מאַכמעס זיין עלטער און געזונטצושטאַנד האָט זיין פאַרלאַנג ניט געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן.

די קאָמוניסטן האָבן פאַרגעלייגט דאָוויד ראַפּאַפּאָרטן אַריבערצוגיין אַף אַן אומלעגאַלער לאַגע צוזאַמען מיט זיין גאַנצן אַפּאַראַט. זיי האָבן זיך אונטערגענומען צו באַזאָרגן אים פאַר דעם צוועק מיט אַלעם נייטיקן. צום באַדויערן, האָבן דעמאָלט צו שטאַרק געהערשט די אילוזיעס וועגן דער מעגלעכקייט צו פירן אַ לעגאַלע טעטיקייט. ניט אַלע, דערונטער אויך דאָוויד ראַפּאַפּאָרט, האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס נישטערן געהיימע געסטאַפּאָ־אַגענטן און די לעגאַלע אינסטיטוציעס זיינען פאַר די עסעסאָווצעס נייטיק אַף צו כאַפּן לעגאַלע אָדער האַלב־לעגאַלע יידן.

די עסעסאָווצעס זיינען ניט איין מאָל באַפאַלן די גאָרקיכן פון „רי אמלאָ״. נאָר ווען מע האָט געזאָגט ראַפּאַפּאָרטן, אַז מע דאַרף פאַרמאַכן די גאָרקיכן, האָט ער געענטפערט, אַז די אַלטע לייט, וואָס קומען אַהין עסן דעם אָרעמען מיטיק, האָבן דערקלערט, אַז אויב מע וועט פאַרמאַכן די גאָרקיכן, וועלן זיי מוזן אַוועקגיין אין לאַגער דראַנסי...

דאָוויד ראַפּאַפּאָרט האָט גוט געזען, אַז דער שלייף אַרום זיין האַלדז פאַרציט זיך אַלץ שטייפער. האָט ער נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין טעטיקייט. איינמאָל איז אַ ייד, וואָס האָט באַקומען אַ פאַלשע שפּייז־קאַרטע, אַרעסטירט געוואָרן. אים האָט אויסגעפעלט מוט אַף ניט צו ענטפערן, ווער עס האָט אים די שפּייז־קאַרטע געגעבן. דעם 1 יולי 1943 איז אַ גרופּע געסטאַפּאָ־אינספּעקטאָרן באַפאַלן „רי אמלאָ״ און אַרעסטירט דאָוויד ראַפּאַפּאָרטן, זיין פרוי און אייניקע אָנגעשטעלטע. מע האָט אים אָפּגעשיקט אין דער פעסטונג פון ראַמענוויל, ווו מע פלעגט נעמען אָרעווניקעס צום דערשיסן. פון דאָרט האָט מען אים אַריבערגעפירט קיין דראַנסי, דערנאָך דעפּאָרטירט קיין אַשווענטשים.

אין אַשווענטשימער טויט־לאַגער האָבן די יידן קאָמוניסטן דערקענט דאָוויד ראַפּאַפּאָרטן און מיט אַלע קויכעס געפּרוווט אים ראַטעווען. די ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע פון דעם טויט־לאַגער, וועלכע איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דייטשישע און פוילישע אַנטיפאַשיסטן, האָט אין אייניקע פאַלן יאָ געקאָנט לינדערן די ליידן פון דעם אָדער יענעם העפטלינג, און זי האָט געטאָן אַלץ, קעדיי אויסנוצן יעדע מעגלעכקייט.

אַלפרעד בעסערמאַן, איינער פון די טוער פון דער געהיימער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע אין אַשווענטשים, האָט באַשריבן די מאַמעש מעסירעסנעפעשדיקע אופמערקזאַמקייט, מיט וועלכער די כאַווײרים האָבן אַרומגערינגלט דאָוויד ראַפּאַפּאָרטן. צום אומגליק, האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן, די עסעסאָווצעס האָבן אים אומגעבראַכט אין דער גאַז־קאַמער.

# שמועל (מוניע) נאַדלער



שמועל (מוניע) נאַדלער געהערט צו יענע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן אויסגעפורעמט דאָס פּראָגרעסיווע פּאָנעם פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט אין פראַנקרייך. ער איז געווען א טאַלאַנטפולער רעדאַקטאָר פון דער ארבעטער־פּרעסע, אן ענער־גישער, באַגאַבטער קולטור־טוער און מיטבויער פון פאַרשיידענע ייִדישע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס. זײַן רײַכן און פּראָדוקטיוון לעבנסוועג האָט ער פאַרענדיקט מיט ערע אין די העראָישע רייען פון רעזיסטאַנס.

געבוירן איז ער אין 1908 אין גליניאַני (אוקראַינע). זייער פרי וואַכט אין אים אויף דער שרײַבער־טאַלאַנט. שוין צו צוועלף יאָר האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן לידער. אין 1932 ווערט ער א מיטגליד פון דער וואַרשעווער פּראָגרעסיווער שרײַבער־גרופּע „ליטעראַרישע טריבונע".

קיין פראַנקרייך איז שמועל נאַדלער געפאָרן שטודירן. ער האָט געענדיקט דעם קאַנער אוניווערסיטעט אַלס אינזשעניער־עלעקטריקער.

אין 1934, ווען אין פּאַריז האָט זיך געגרינדעט די פּראָגרעסיווע ייִדישע טעגלעכע צײַטונג „נײַע פּרעסע", איז מוניע נאַדלער געוואָרן דער סעקרעטאַר פון רעדאַקציע און איינער פון די רעדאַקטאָרן. אין זײַן ארבעט איז ער געווען אומדערמידלעך: ער האָט אָרגאַניזירט דעם צײַ־טונגס־מאַטעריאַל, רעדאַגירט אים און אַליין א סך געשריבן. דערבײַ פלעגט אים קלעקן צײַט אָף באַזוכן די פּיליצאַליקע פאַרזאַמלונגען אין די סינדיקאַטן (פּראָפּאַריינען), קלובן און אַנדערע אינסטיטוציעס, קעדיי געבן וועגן זיי גענויע באַריכטן אין דער צײַטונג.

אַן עמעס העראָישן כאַראַקטער האָט מוניעס ארבעט אין דער „נײַער פּרעסע" געטראָגן אין די פינצטערע יאָרן פון דער היטלער־מאַגייפע. די צײַטונג איז דעמאָלט ארויסגעגעבן געוואָרן אומלעגאַל, די באַדינגונגען זײַנען געווען אומבאַגרײַפלעך שווערע: עס איז ניט געווען קיין פּאַ־פּיר, קיין דרוק־פאַרב, שטענדיק האָט געלויערט די געפאַר, אז אָט־אָט כאַפּט מען דיך, מע פּײַניקט און מע ברענגט אום אַלס ייִד, אַלס קאָמוניסט. בא אזעלכע אומשטענדן האָט מוניע נאַדלער רעדאַגירט די ייִדישע אויסגאַבע און צוזאַמען מיט יאַסעק בורשטין אויך די פראַנצויזישע אויסגאַבע פון דער „נײַער פּרעסע", וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „נאָטר־וואַ" („אונדזער שטים"), כוץ דעם, האָט ער געפירט א גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע ארבעט צווישן דער ייִדישער אינטעליגענץ, אַרײַנציִענדיק זי אינעם אַלגעמיינעם ווידערשטאַנד־קאַמף.

מוניע האָט רעדאַגירט און ארויסגעגעבן דעם ערשטן נומער „זש'אַקיז" — דעם אָרגאַן פון דער „פראַנצויזישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג קעגן ראַסיזם" אין דער גאַנצער צאָפן־זאָנע.

אין פרילינג 1942 האָבן די ייִדן פּאַרטיזאַנער דורכגעפירט דעם באַרימטן אופרײַס אין דער דײַטשישער לאַבאָראַטאָריע אָף רי זשאָפּרוא סענט־הילער. צוויי פּאַרטיזאַנער, באַט און צימער־מאַן, האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט זייערע לעבנס. א ביסל שפּעטער איז ארײַנגעפאַלן אין די נעגל פון דער פּאָליציי אויך שמועל נאַדלער. דעם 10 אויגוסט 1942 איז ער דערשאָסן געוואָרן.

שמועל (מוניע) נאַדלער האָט איבערגעלאָזט א רײַכע פּובליציסטישע און ליטעראַרישע יע־רושע. אכוץ די זאַכן, וועלכע זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער „נײַער פּרעסע" און אין פיל אַנדערע אויסגאַבעס, זײַנען נאָך אים פאַרבליבן ניט פאַרעפנטלעכטע לידער, א ניט פאַרענדיק־טער ראָמאַן.

ש. נאַדלערס קערפּער געפינט זיך אין אייביקער רו אָפן בעסוילעם פּער־לאַשעז, לעבן דער קאָמונאַרן־וואַנט.

# שמוליק זאַלטאַן

געבוירן אין 1912. אין די יוגנט־יאָרן האָט שמוליק מיט זײַנע עלטערן אריבערגעוואַנדערט קיין פּאַלעסטינע, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס פורמאַן.

פאַר אַקטיווער טעטיקייט אין קאָמיוג האָט מען אים ארעסטירט און ארומגעשלעפּט איבער פיל טפיסעס, ביז די ענגלישע מאַנדאַט־מאַכט האָט אים ארויסגעשיקט פון לאַנד.

געקומען קיין פּאַריז, איז זאַלטאַן צוזאַמען מיט פיל אַנדערע פּאַלעסטינער אַנטיפאַשיסטן אוועקגעפאָרן קיין שפּאַניע קעמפן קעגן דעם גענעראַל פראַנקאָ. ווען ער קערט זיך אום קיין

פראַנקרײַך, אינטערנירט אים די פראַנצויזישע מאַכט אינעם לאַגער גירס, פונוואַנען אים געלינגט צו אַנטלויפן.

זאַלטאַן קומט ווידער קיין פּאַריז, אָבער אין אַ שווערער צײַט: סאַמע ערעוו דער אינוואַזיע פון די נאַציזישע האָרדעס. שמוליק שליסט זיך טייקעף אײַן אין דער אומלעגאַלער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. מע טרויט אים אָן זייער פאַראַנטוואָרטלעכע אויפטראַגן. ער פּילט זיי שטענדיק אויס פּינקטלעך און צייכנט זיך אויס מיט זײַן דרייסטקייט און אויסגעהאַלטנקייט.

אין איינעם אַ נאָכמיטיק אין יולי 1942 איז שמוליק אַ רויִקער געגאַנגען אין גאַס מיט אַ שיין רענצל אין האַנט. אין רענצל איז געלעגן אופּרײַס־מאַטעריאַל, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר די פּאַריזשער פּאַרטיזאַנער. ניט דאָס ערשטע מאָל פירט זאַלטאַן אַזאַ טראַנספּאָרט, און שטענדיק טוט ער עס רויִק. דאָס מאָל אָבער האָט ער באַלד אין אָנהייב באַמערקט, ווי צוויי פּילערס גייען אים נאָך טראָט בײַ טראָט. ער האָט ניט באַוויזן צו פאַרקערעווען ערגעץ אין אַ הויף, ווי זיי זײַנען אים באַפאַלן.

מיט אַ פלינקער באַוועגונג רײַסט זיך שמוליק אַרויס פון זייערע הענט און לאָזט זיך לויפן. אים האָבן אָנגעיאָגט עטלעכע קוילן, און ער איז געפאַלן מיט דורכגעשאָסענע פיס.

געקומען צו־זיך איז שוין זאַלטאַן אין שפּיטאָל. לעבן זײַן בעטל איז געשטאַנען אַ קראַנקן־שוועסטער. ער האָט געהערט, ווי דער פראַנצויזישער דאָקטער טײַנעט:

— אין אַזאַ צושטאַנד קאָן מען אים אין ערגעץ ניט פירן. מע דאַרף אים היילן.

נאָר אַ סאָלדאַטיש קאָל מיט אַ דײַטשישן אַקצענט האָט גראָב געענטפערט:

— מיר וועלן אים שוין אַליין היילן.

ווען ער האָט ווידער געעפנט די אויגן, האָט ער זיך דערזען אין אַן איינצל־קאַמער.

איינמאָל האָט ער דערהערט, ווי מע קלאַפּט צו אים אין וואַנט. נאָך אין די פּאַלעסטינער טפיסעס האָט ער זיך אויסגעלערנט צו פירן אַ געשפּרעך מיט די כאַווירים, וואָס זיצן אין די שכײַנעסדיקע קאַמערן, דורכקלאַפּנדיק זיך מיט די פינגער אין וואַנט. מע האָט בײַ אים געפרעגט:

— ווער ביסטו, כאַווער?

— שמוליק זאַלטאַן, פון פּאַלעסטינע.

— פאַראַן דאָ נאָך פּאַלעסטינער יאַטן. קום צו צום פענצטער, מיר ווילן דיך זען.

— איך קאָן ניט, כאַווער, זיי האָבן מיך צוגעבונדן צום בעט...

ווען שמוליקס וווּנדן האָבן זיך טיילווײַז פאַרהיילט, האָט מען אים געבראַכט אַ פּאָר קוליעס און אַוועקגעפירט אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ אַף פאַרהערן. מע האָט אים געהייסן דערציילן, ווער האָט מיט אים געאַרבעט אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. נאָר אַפילע מיט דער הילף פון די סאַמע ראַפינירטע פּײַניקונגען האָט מען זיך גאָרנישט ניט געקאָנט דערוויסן בײַ אים.

יעדן פאַרטאָג פלעגט מען אים, אַ פאַרמוטשעטן, אַ פאַרבלוטיקטן, אַרײַנשלײַדערן צוריק אין דער איינצל־קאַמער. באַלד פלעגט ער אָנקלאַפּן אין וואַנט, קעדיי צו וויסן געבן זײַן כאַווער סאַשע, אַז ער לעבט.

אַזעלכע פאַרטאָגן האָבן זיך איבערגעכאַזערט אַ סאַך מאָל.

אין דעם כמורנעם פרימאָרגן פון 13 אָקטיאַבער 1942 האָט סאַשע קיין קלאַפּ אין וואַנט פון שמוליקן שוין ניט געהערט...

פון שמוליקס טפיסע־כאַווירים זײַנען לעבן געבליבן זייער ווייניק. נאָר די ווייניקע האָבן דערציילט מיט פּראַטים די אַלע פאַקטן, קעדיי דער נאָמען שמוליק זאַלטאַן זאָל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

## יויסעף וואָלף (באָטשאָוו)

אַ באָכער פון 23 יאָר איז יויסעף אַוועק פון דער היים צופוס, קעדיי דורכרײַסן זיך קיין שפּאַניע און שלאָגן זיך אין די רייען פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. זעקס כאָדאָשים וואַלגערט ער זיך אין פיל עטאַפּ־טפיסעס, אין וועלכע ער פאַלט אַרײַן צוליב שמוגלען די גרענעצן. נאָר סאָפּקאָלסאָף דערגרייכט ער זײַן ציל.

ווען פראַנקאָ האָט מיט דער הילף פון היטלערן און מוסאָלינין באַזיגט די קעמפער פאַר דער רעפּובליק, איז יויסעף וואָלף צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע רעפּובליקאַנישע קעמפער אינטערנירט געוואָרן אין די פראַנצויזישע לאַגערן אַרזשעלעס און גירס, פונוואַנען מע האָט אים דעפּאָרטירט קיין דײַטשלאַנד.

אין וועג האָט יויסעף אָרגאַניזירט די פליִטע פון די דעפּאָרטירטע. אַלע זײַנען אַרויסגעשפּרונגען פונעם לויפנדיקן צוג. וואָלף אַליין איז געשפּרונגען דער לעצטער. נאָך לאַנגע מאַטערנישן איז ער אָנגעקומען קיין פּאַריז.

אין פאַריזש זײַנען דעמלט אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע גרופּעס פּרײַשיסער און פּאַרטי־זאַנער. יויסעף (אונטערן פאַמיליע־נאָמען באַטשאָוו) ווערט באַשטימט אַלס שעף פון דעם „ערשטן אָטריאַד", וואָס באַשטייט פון אונגאַרישע, רומענישע, טראַנסילוואַנער און בוקאָווינער בירגער.

פאַקטיש איז יויסעף באַטשאָוו דער פּיאָנער פון דער יידישער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין פּאַריזש און אין דער אומגעגנט. דאָס האָט ער, באַטשאָוו, דער ערשטער דורכגעפירט אַן אָנפאַל אויף אַ פּאַריזשער פּראַכט־וואָקזאַל און פאַרניכטעט אַ גרויסע צאָל סכוירעס, וועלכע די דײַטשן האָבן זיך געקליבן ארויספירן.

באַטשאָווס אָטריאַד ווערט מיט דער צײַט ספּעציאַליזירט אויף אָרגאַניזירן קאַטאַסטראָפעס פון צוגן מיט דײַטשיש מיליטער און עסעסאָווצעס, ווי אויך פון דײַטשישע פּראַכטצוגן. אַלס אַן אינזשעניער אַ כימיקער איז יויסעף באַטשאָוו זייער דערפינדעריש און איז געוווען פיל שווערי־קײַטן אינעם אויספילן די דיווערסיעס.

שפּעטער ווערט באַטשאָוו שוין באַשטימט אַלס שעף פון „פּערטן אָטריאַד", וואָס אָרגאַני־זירט צוג־קאַטאַסטראָפעס פון אַ גאָר גרויסן פאַרנעם, זיי מאַכן אַן גרויסע כורבונעס אינעם דײַטשישן באַן־וועזן.

דעם 27 נאָיאַבער 1943 ווערט יויסעף באַטשאָוו אַרעסטירט און פאַרמישפּעט דורכן דײַטשישן קריגס־טריבונאַל צום טויט.

---




# פרײַנט באַגעגענען זיך ווידער

ווי אַלעמאָל אין אָט דער צײַט, איז ווײַסמאַן אויך יענעם אָוונט געזעסן באַם טעלעוויזאָר. דער דיקטאָר האָט געמאָלדן, אַז עס הייבט זיך אָן אַ ליטעראַרישע טראַנסליאַציע, און האָט געגעבן דאָס וואָרט דעם רוסישן פּאָעט מיכאיל דודין...

— זעט נאָר, — האָט מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם אויסגעשעפּטשעט ווײַסמאַן, — דאָס איז דאָך ער, דער אַרטילעריסט מישקע, צוזאַמען געווען אויפן פראָנט, אין איין פּאָלק!

צום טעלעוויזאָר זײַנען צוגעגאַנגען דער זון קים, דאָס טעכטערל ליזע און די פרוי.

— קוקט! קוקט!.. און שווײַגט, דערנאָך וועל איך אײַך אַלץ דערציילן...

...ווען די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, האָט דימע ווײַסמאַן געדינט אין דער אַרמיי. אַ „פּאָסטן" האָט ער פאַרנומען ניט פון די געהויבענע — אַ פאַבריקמאַכער אין פּאָלק. ווי אַלע איבעריקע סאָלדאַטן, האָט ער זיך געלערנט שיסן, פויזען אויפן בויך, אָבער מיטן פּענדזל און מיטן גאָלמעסער האָט ער זיך ניט געשיידט.

— אַ ריין געגאָלטער סאָלדאַט, — פלעגט ער זאָגן, — שלאָגט זיך בעסער...

אַ שטיקל עמעס איז אין דעם זאָג זײַנעם, ווײַזט אויס, יאָ געווען, מאַכמעס אַז עס פלעגט זיך מאַכן אַ שטילע מינוט, פלעגט לעבן זײַן ערדשטיבל שטענדיק שטיין אַ ריי. און דימע ווײַסמאַן, דימע דער בעריע, האָט אומדערמידלעך געטאָן זײַן אַרבעט.

אָפטלעך פלעגט זיך אַראָפּכאַפּן אַהער אויך מיכאיל דודין. ער האָט פאַרגעלייענט די סאָלדאַטן זײַנע לידער, דערציילט פרייִלעכע געשיכטעס, זיך געכאָכמעט. אַזוי זײַנען זיי געוואָרן גוטע פרײַנט — דימע ווײַסמאַן און מישע דודין.

וואָס אַ טאָג, זײַנען די שלאַכטן געוואָרן אַלץ פאַרביטערטער. דער פּאָלק, ווו עס האָבן געדינט ווײַסמאַן און דודין, האָט פאַרטיידיקט דאָס האַלב־אינדזל כאַנקאָ.

שפּעט באַנאַכט האָבן די פאַשיסטן אָנגעהויבן באַשיסן דימעס ראָטע, וואָס איז געשטאַנען לעבן דעם דאָרף לאַפּוויק. מיט יעדער מינוט איז די לאַגע געוואָרן אַלץ שווערער. מע האָט געדאַרפט אָפּטרעטן. דער סוינע איז שוין געווען גאָר נאָענט... און דעמלט האָבן די סאָוועטישע סאָלדאַטן אַרויסגערופן אויף זיך דאָס פײַער פון אונדזער אַרטילעריע. די ערד האָט מאַמעש געציטערט פון די אויפרײַסן. עס האָט זיך געדאַכט, אָט־אָט וועט זי צעריסן ווערן אויף שטיקער.

פאַרטאָג האָט זיך די אַטאַקע פאַרכלינעט. די פאַשיסטן האָבן זיך אומגעקערט אויף זייערע פּאָזיציעס.

...דערינערונגען, דערינערונגען, דערינערונגען.

לויטן באַפעל פון דער קאָמאַנדשאַפט עוואַקוירט זיך דער סאָוועטישער גאַרניזאָן פון דעם האַלב־אינדזל כאַנקאָ אויף דער שיף „אוראַל". דער פײַנט באַשיסט אָן אויפהער די שיף. און דאָך קומט מען אין לענינגראַדער פּאָרט בעשאָלעם, אָן פאַרלוסטן, אין פולער אָרדענונג. ערשט דאָ האָט מען זיך דערוווּסט, אַז לענינגראַד איז פאַרקלעמט אין די צוואַנגען פון בלאָקאַדע.

שלאַכטן אין ראַיאָן פון איזשאָרע. די ערשטע וווּנד. דער ערשטער שפּיטאָל. און דערנאָך ווידער שלאַכטן, שלאַכטן: אויף דער לאַדאָגער אָזערע, באַם דורכרײַסן די בלאָקאַדע, אויף די סיניאַווינער הייכן. שלאַכטן קעגן דער שפּאַניש־פאַשיסטישער „בלויער דיוויזיע", שלאַכטן בײַ נאַרווע, וויבאָרג, אין עסטלאַנד.

אָנגעהויבן האָט דימע אַלס פּאָלק־פאַבריקמאַכער, געוואָרן איז ער אַ פּאָלק־אַרטילעריסט, גוואַרדיע־יעפרייטאָר.

בייס איינער א שלאכט האט זיך א מינע אופגעריסן נאענט לעבן ווײַסמאנען. ער האט נאך קיין וויטעק ניט געפילט, נאר די פיס האבן זיך אליין אונטערגעבראכן, ער איז געפאלן אין אנ־מאכט אף דער ערד.

— דימקע איז פארווונדעט! — האט א געשריי געטאן עמעצער פון די סאלדאטן.

אין עטלעכע שא ארום איז שוין ווײַסמאן געלעגן אפן טיש, איבער אים זײַנען געשטאנען אנגעבויגן די דאקטוירים.

ווען ווײַסמאן האט אין צוואנציק יאר ארום דערזען אפן עקראן פון טעלעוויזאר זײַן פראנט־כאווער דודין, מיט וועלכן ער האט זיך צעשיידט בא לענינגראד, האט ער אים אנגעשריבן א בריוו, דערציילט וועגן זײַן לעבן, וועגן זײַן ארבעט, וועגן זײַנע פריידן אוןליידן, וועגן דעם, אז ער לעבט איצט אין טשערנאוויץ.

דער ענטפער איז געקומען אומגעריכט, ריכטיקער געזאגט, ניט געקומען... עס האבן אים געהערט מיליאנען מענטשן בייס דער טראדיציאנעלער שאבעסדיקער טראנסליאציע „דאס בלויע פײַערל".

דער באוווסטער דיכטער, ערשטער סעקרעטאר פון דער לענינגראדער אפטיילונג פונעם פארבאנד פון די סאוועטישע שרײַבער מיכאיל דודין האט דערציילט:

— אפן האלב־אינדזל כאנקא האב איך געהאט א כאווער דימע ווײַסמאן, א פאריקמאכער. ווען עס איז געקומען די צײַט, האט ער „געגאלט" די פאשיסטן מיטן אווטאמאט, „באשפריצט" זיי פונעם קוילנוווארפער... צעשיידט האבן מיר זיך מיט יארן צוריק, און וועגן דעם פרײַנט מײַנעם האב איך גארנישט ניט געוווסט ביז דער לעצטער צײַט. און אט איז א בריוו פון אים. ער לעבט אין טשערנאוויץ. געווען פארווונדעט, פארבליבן אןביידע פיס.

איך גלייב, דימע, אז דו הערסט און דו זעסט מיך איצט. זײַ מיר הארציק געגריסט און הער אויס מײַן ליד, וואס איך ווידמע דיר...

אף מארגן, זונטיק איז עס געווען, איז ווײַסמאנס שטוב פול געווען מיט באקאנטע און אומ־באקאנטע. אלע זײַנען זיי געקומען צווינטשן דעם העלד אלדאסגוטס.

און ווידער האבן זיך אנגעהויבן דערינערונגען... די געסט קוקן פאנאנדער א פארגעלטן בויגן פאפיר, ווײַסמאנס שלאכט־כאראקטעריסטיק. אונטערגעשריבן האט זי דער קאמאנדיר פון פאלק קורבאטאק. אט וואס דארט ווערט געזאגט:

„דער גווארדיע־יעפרייטאר דמיטרי קירילאוויטש ווײַסמאן האט געדינט אין פאלק פון מארט 1940. פאר דער צײַט האט ער צוזאמען מיטן פאלק זיך באטייליקט אין אלע אפעראציעס, האט העלדיש פארטיידיקט דאס האלב־אינדזל כאנקא, האט זיך ארויסגעוויזן אלס אויסגעהאלטענער, שטאנדהאפטיקער רויטארמייער, וועלכער קאן אויספילן א באליביקע שלאכט־אופגאבע. נאך דער עוואקואציע פונעם האלב־אינדזל האט ער פארטיידיקט לענינגראד, איז געווען צווישן די, וועלכע האבן זיך די ערשטע פארייניקט מיטן וואלכאווער פראנט, האט אנטיילגענומען אין באפרײַען די קארעליש־פינישע ססר, עסטלאנד און אין פארניכטן די קורלענדישע גרופע היטלעריסטן.

פאר דער געוויסנהאפטיקייט און מוטיקייט אין שלאכט איז כאווער ווײַסמאן באלוינט גע־ווארן מיטן ארדען „סלאווא" פון דער דריטער מאדרייגע, מיט די מעדאלן „פאר געוואגטקייט", „פאר שלאכט־פארדינסטן", „פאר פארטיידיקן לענינגראד".

דער געוועזענער גווארדייער דערמאנט זיך, ווי נאך אין שפיטאל האט אים געפײַניקט דער געדאנק, צי וועט ער, א קאליקע אן פיס, געפינען זיך אן ארט אין לעבן, צי וועט ער קענען ברענגען נוץ. דער דאזיקער געדאנק האט אים געמאטערט אזוי לאנג, ביז ער האט זיך דערוווסט וועגן אלעקסיי מארעסיעוון, וואס האט, פארלירנדיק ביידע פיס, זיך דאך אומגעקערט צום שטור־וואל פונעם שלאכט־עראפלאן און האט ניט אופגעהערט שלאגן דעם סוינע.

ווײַסמאן האט זיך אויך, אזוי צו זאגן, אומגעקערט צום שטורוואל. ער ארבעט און ארבעט גוט.

אינעם בריוו צו מיכאיל דודינען האט ער געשריבן:

„וועגן מיר פארגעסט מען ניט, וועגן מיר זארגט מען, די מעלוכע האט מיר געגעבן אן א גראשן געלט אן אווטאמאשין „זאפאראזשיעץ". איך סטארע זיך צו ארבעטן אזוי, אז קיינער זאל ניט דארפן אף מיר ראכמאנעס האבן. אין טאג פון דער סאוועטישער ארמיי האט דער שעף פון אונדזער צעך געזאגט וועגן מיר: „דאס איז אונדזער אלעקסיי מארעסיעוו". און איך בין שטאלץ דערמיט".

ניט לאנג צוריק האט דער פאטשט־טרעגער געבראכט ווײַסמאנען א באנדעראל פון לענינ־גראד.

„טײַערער דימע! — שרײַבט דודין. — א דאנק דיר פאר דעם, וואס דו לעבסט און דענקסט. און איך האב דיך שוין געהאלטן פאר א טויטן.

א שווערע דאָליע באַ דיר, פּריַינט מיַינער, נאַר, ווי איך פאַרשטיי פונעם בריוו, פאַלסטו ניט אַראָפּ באַ זיך, און איך בין צופרידן דערמיט. איך בין צופרידן, וואָס דו האָסט א היים, א מיש־פּאָכע, וועגן וועלכע דו דאַרפסט זאָרגן. און אַן זאָרג וועגן עמעצן איז דאָך דאָס לעבן קיין לעבן ניט".

כוץ דעם בריוו זיַינען אין דער באַנדעראָל געלעגן צוויי ביכער.

וויַיסמאַן עפנט איינעם פון זיי — „די ליד פון דעם באַרג וואָראַנדאַ". אָף דער ערשטער זיַיט — אַן אויפשריפט: „דימע וויַיסמאַנען, איינעם פון די העלדן פון דעם דאָזיקן בוך".

אין שטוב ווערט שטיל, ווען וויַיסמאַן לייענט אין דער הייך די ליד, וואָס דודין האָט גע־ווידמעט אים, זיַין שלאַכט־כאַווער:

Горячий луч последнего рассвета
Едва коснулся острого лица.
Он умирал. И, понимая это,
Смотрел на нас и молча ждал конца.
Нелепа смерть. Она глупа тем боле,
Когда он, руки разбросав свои,
Сказал: «Ребята, напишите Поле,
У нас сегодня пели соловьи».
И сразу канул в омут тишины
Трехсотпятидесятый день войны... [1]

יאַנקעוו פייגין,
קאַוואַלער פונעם אָרדען „סלאַוואַ",
אינוואַליד פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע.

---

[1] (א הייסער שטראַל פון דעם באַגינען
האָט אים דערוואַרעמט, אופגעוועקט פון שלאָף.
ער האָט געגאָסן און עס גוט באַזיניקט,
געקוקט אָף אונדז און שטיל דערוואַרט דעם סאָף.

דער טויט איז פרעך. ער שאַרט זיך שטיל, פּאַוואָליע
צום גויסעס, וואָס האָט ברייט די הענט צעשפּרייט
און האָט געזאָגט: „איך בעט אייַך אָנשריַיבן מיַין פּאָליען:
כ'האָב היַינט געהערט, דער סאָלאָוויי זיך זיס פאַרגייט".

און איז אין טהאָם פאַרזונקען. ניט קומען וועט צוריק
דער טאָג דריַי הונדערט פופציקסטער פון קריג...)

יידיש — א. ג.

# כראָניק

## ניַיעס פון אויסלאַנד

### 8־טער קאָנגרעס פון אַרגענטינער „איקוף"

אין אַרגענטינע איז פאָרגעקומען דער 8־טער קאָנגרעס פון דער פּראָ־גרעסיווער יידישער קולטור־אָרגאַני־זאַציע „איקוף". אין אים האָבן זיך באַטייליקט 225 דעלעגאַטן פון א ריי שטעט פון לאַנד און א דעלעגאַציע פונעם אורוגוויַיער „איקוף". אָף דער דערעפענונג איז אַרויסגעטראָטן מיט אַן אַריַינפיר־רעדע דער פּאַרזיצער פון אַרגענטינער „איקוף", דער באַ־קאַנטער שריַיבער און קולטור־טוער צאַלעל בליץ.

## אַן אוניקאַלע אויסגאַבע

די מעלוכע־דרוקעריַי אין לייַפּציג (דיַיטשישע דעמאָקראַטישע רעפּובּ־ליק) האָט אַרויסגעגעבן א קאָפּיע פון אַן אוניקאַלן מאַכזור, וואָס איז געפונען געוואָרן אין די קעלערן פון לייַפּציגער אוניווערסיטעט פאַר יודאַ־יִסטישע וויסנשאַפטן. מע האַלט, אַז דער מאַכזור איז דערשינען מיט אַן ערעך 500 יאָר צוריק און שטעלט מיט זיך פאָר אַן אוניקאַלע אויסגאַבע ניט בלויז אין דיַיטשלאַנד, נאָר, מעג־לעך, אויך אין גאַנץ אייראָפּע.

## געשטאָרבן אווראָם אייזן

אין ניו־יאָרק איז געשטאָרבן דער איבערזעצער אווראָם אייזן. ער האָט באַריַיכערט די יידישע ליטעראַטור מיט איבערזעצונגען פון די ענגלישע און אַמעריקאַנער קלאַסיקער. באַזונ־דערס איז א. אייזן געווען באַוווּסט מיט די איבערזעצונגען פון שעקס־פּירס „קיניג ליר" און בייַראָנס „דער געפאַנגענער פון שילאָן". ער האָט אויך איבערזעצט א ריי שאַפונגען פון אוואַלט וויטמען און טאָמאַס מאָר.

דער פאַרשטאָרבענער האָט פיל יאָרן געאַרבעט אָף דער יידישער איבערזעצונג פונעם טאַנאַך.

ליטעראַטור און קונסט

ישׂראל סערעבריאַני

# דער גוטער נאָמען

(גרונט־שטריכן פון האַלקינס שאַפן)

לייג צו דעם אויער צו דער הוילער ערד,
ווי שוווער זיך דרייט די ערד — האָסטו געהערט?
לייג צו דעם אויער צו מײַן האַרצן — הערסט, דאָרט קוועלט,
דאָרט דרייט זיך אויך, דאָרט גרייט זיך אויך א נײַע וועלט.

ש. האַלקין.



שמועל האַלקין שטאַמט פונעם טיפּיש ייִדישן שטעטל אין ווײַסרוסלאַנד — ראָהאַטשאָוו. ער איז געבוירן אין 1897 און איז געווען דער נײַנטער אין געזינד! קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן, אַז אין קיין מילך און האָניק האָט ער זיך ניט געבאָדן, ווײַל קיין „מאַיאָנטקעס, פעלדער און וועלדער“ האָבן זײַנע עלטערן ניט פאַרמאָגט. די איינציקע ירושע, — שרײַבט האַלקין, — וואָס איז פאַרבליבן „פון זיידעס און עלטערזיידעס“, איז געווען: „א שיינער ניגן, א גוטער נאָמען, א טיפזיניק מוסער־האַסקלדיק שפּריכוואָרט, א ווונדערלעכע געשיכטע, וואָס איז אין דער מישפּאָכע איבערגעגאַנגען פון דאָר צו דאָר, פון מויל צו מויל... א רײַכע, א שיינע ירושע“[1].

מיט דער דאָזיקער רײַכער און שיינער ירושע האָט זיך האַלקין, א צוואַנציקיאָריק באָכער, געלאָזט אין וועג. דאָס איז געווען ניט קיין לײַכטער וועג: אין לאַנד האָט געפלאַקערט דער בירגערקריג. ער איז געקומען קיין קיִעוו, ווו ער האָט געטרוימט זיך לערנען מאָלערײַ, דערנאָך קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. דאָרט האָט ער זיך באַגעגנט מיט א ריי דיכטער און געשאַפן זײַנע ערשטע לידער, צווישן זיי אויך א העברעיִשע רעוואָליוציאָנערע ליד, געווידמעט דעם ערשטן מײַ („לראשון למאי“). אין 1920 האָט האַלקין אָפּגעדרוקט זײַנע ערשטע לידער אין דער צײַטונג „קאָמוניסט“.

פון דניעפּראָפּעטראָווסק איז ש. האַלקין אוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע. אָבער זײַן ערשט ביכעלע „לידער“ (1922) איז נאָך דערשינען אין קיִעוו, אין דער זעלבער סעריע פון קאָאָפּעראַטיוון פאַרלאַג „ווידערוווקס“ (קליינע ביבליאָטעק „ליריק“), ווו עס זײַנען דערשינען די ערשטע ביכלעך פון אַרן קושניראָוו, איציק פעפער, ליפע רעזניק, מוישע כאַשטשעוואַצקי, אווראָם וועלעדניצקי, אי. שויכעט, מ. שאַפּיראָ און אנד.

דאָס זײַנען געווען נאָך ווײַט ניט קיין רײַפע, נאָך ניט קיין זעלבשטענדיקע לידער, עס לאָזן זיך באַזונדערס פילן אין זיי געוויסע סימבאָליסטישע אײַנפלוסן, פון וועלכע עס זײַנען ניט פרײַ געווען דאַסראָוו דעמאָלטיקע ייִדישע דיכטער פון קיִעוו.

וועגן דעם דאָזיקן ערשטן ביכעלע שרײַבט האַלקין אין זײַן דערמאָנטער אווטאָביאָגראַפיע:

„אויב... פאַר האָפּשטיינען איז זײַן ערשט בוך „בײַ וועגן“ (ווי פאַר לייב קוויטקאָ זײַן בוך „טריט“ און פאַר

---

[1] ש. האַלקין. אווטאָביאָגראַפיע (דער רוסישער טעקסט פון דער ביאָגראַפיע איז ארײַן אין דער אויסגאַבע פון גאָסליטיזדאַט אונטערן נאָמען «Советские писатели. Автобиографии». דער ייִדישער טעקסט איז געדרוקט געווען אין „מאָרגן־פרײַהײַט“).

פערעץ מאַרקישן „שוועלן") געווען די גרויסע זיכערע שיף, וואָס האָט דורכגעשניטן א נײַעם וועג פאַר דער דעמלט נאָך יונגער יִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע, וואָלט איך מײַן ערשטע זאַמלונג „לידער" פאַרגליכן מיט א קליין שיפל, אין וועלכן מע האָט מיך אָפּגעפירט פון ברעג אינמיטן יאַם און געזאָגט: אָט דאָ שפּרינג אַרויס און שווים..."

שפּעטער, נאָך זײַן גרויסער און רײַכער אייגענער דערפאַרונג, קומט האַלקין צום אויספיר, אַז „דער גרעסטער, אָריגינעלסטער דיכטער הייבט ניט אָן פון זיך אַליין, אין דער אָדער יענער מאָס הויערט אַף אים די ירושע פון די פריִערדיקע דורות שפּעטער... איצט וואָלט איך אַליין, גיכער ווי אן אַנדערער, געקאָנט אָנווײַזן אַף אייניקע ליטעראַרישע שפּורן בא מיר, וועלכע זײַנען, צום גליק, געווען פאַר מיר מאַזלבראַכעדיק.

אַזעלכע אופּווירקלער וואָלט איך אָנגערופן עטלעכע, וועלכע האָבן געלעבט אין פאַרשיידענע לענדער און אין פאַרשיידענע צײַטן: פּושקין און געטע, טיוטשעוו און באַראַטינסקי, איבן־גאַבירעל פון שפּאַניע און די אַלטע כינעזישע ליריקער, טאַגאָר און יעהודע האַלייווי, אָמאַר כאַיאַם און מאַיאַקאָווסקי"[1].

האַלקין האָט גוט געקענט די העברעיִשע ליטעראַטור פון אַלטערטום. די ווירקונגען פון אָט דער ליטעראַטור לאָזן זיך פילן סײַ אין דער בילדערישקײַט, סײַ אין דער פּאָעטישער שפּראַך פון זײַנע לידער.

האַלקינס ערשטער לערער איז געווען זײַן עלטערער ברודער, וועגן וועלכן ער דערציילט אין דער אווטאָביאָגראַפיע. אויך אין דער ליד „א בריוו פון א פּאַסטעך" לייענען מיר וועגן זײַן ברודער:

...ער שרײַבט: כ'האָב באַקומען דעם בויגן,
ווו איך בין באַשריבן אין גראַמען;
דערבײַ איז געזעסן די מאַמע,
געלאַכט און געווישט זיך די אויגן.

דו האָסט דאָרט באַשרײַבן פאַרגעסן,
אַז איך האָב געלערנט דיך דיכטן,
ניט איין מאָל איך פלעג דיר פאַריכטן
און צושרײַבן אייגענע פערזן...

(זש. „שטערן", 1934, נומ. 10).

האַלקין רעדט ניט בלויז וועגן ליטעראַרישע אײַנפלוסן, נאָר אויך וועגן לעבנס־ווירקונגען, — פון „מענטשן פון דײַן דאָר, פון געזעלשאַפטלעכע פערזענלעכקײַטן און פּאַרטיי־טוער", פון זײַן אייגנאַרטיקער דערציִונג און שטייגער אאַוו. דער „טרויער־צוג" פון די פּליטים פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע איז אים אַרײַנגעפאָרן „גלײַך אין האַרצן און אין מויעך אַרײַן, ווי שוין די ערשטע פור וואָלט מיטן דישל געגעבן א זעץ אין דער ברוסט און געעפנט דאָרט דעם טויער און דורכגעלייגט א וועג פאַר גרויסע מענטשלעכע לײַדן..."[2]

אַזעלכע און נאָך גרעסערע „טרויער־צוגן" איז האַלקינען אויסגעקומען צו זען אויך א סאַך שפּעטער — אין דער צײַט פון בירגערקריג, באַזונדערס אין די גרויזאַמע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. אַף די אַלע אומגליקן און מענטשלעכע לײַדן האָט זיך אָפּגערופן דער דיכטער...

[1] „אווטאָביאָגראַפיע".
[2] דאָרט.

האַלקינס צווייטע גרעסערע זאַמלונג „ווײ און מוט" (1929) איז שוין מער רײַף און זעלבשטענדיק. כאָטש דער דיכטער איז זיך מוידע, אַז אויך אין דעם בוך האָט ער נאָך „געבלאָנדזשעט".

דער נאָמען פונעם בוך איז, ווי באַוווסט, „אַנטליִען" בא האָפּשטיינען — פון זײַנער א שורע „ווײ און מוט איצט קאָן איך ניט צעטיילן". פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ניט בלויז א שורע — דאָס איז א גאַנצע גאַמע פון געפילן און געדאַנקען, וועלכע האָבן דאַן באַהערשט א ריי דיכטער נאָך די פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד. דער נאָמען אַליין זאָגט זייער א סאַך וועגן דעם כאַראַקטער פונעם בוך. דאָ איז פאַראַן אַן אָפּטייל „1923", וואָס האָט אַרויסגערופן שאַרפע דיסקוסיעס. אַהער איז אַרײַן אויך די פּאָעמע „ווײ און מוט", וועלכע איז דער לייטמאָטיוו פונעם גאַנצן אָפּטייל.

נאָר ווי עס טרעפט אָפט אין אַזעלכע פאַלן, האָבן אייניקע קריטיקער, אין פּאָלעמישן אַזאַרט, צוזאַמען מיטן וואַסער אַרויסגעוואָרפן אויך דאָס קינד. מע האָט איינגאַנצן „פאַרזען" די גרעסטע מערהײַט לידער פון דער זאַמלונג, וועלכע זײַנען ווײַט פון סקעפּטיציזם און יִיעש, שוין אָפּגערעדט פון נאַציאָנאַליזם; פרײַ פון וועלכע־ניט־איז וואַקלונגען און ספּייקעס אין דער ליכטיקער צוקונפט פון אונדזער לאַנד. אין די דאָזיקע לידער הערשן מונטערע און מוטיקע מאָטיוון, ליכטיקע און פריידיקע פאַרבן. זיי באַזינגען דאָס שעפערישע פרידלעכע לעבן, די סאָציאַליסטישע בויונג, ליבע, נאַטור.

אין דעם זעלבן בוך איז אײַנגעשלאָסן א ציקל לידער אונטערן נאָמען „געפאַר". דער דיכטער איז טיף אויפגעבראַכט קעגן די פאַרביסענע סאָנים פון דער סאָוועטנמאַכט און רופט צום אַקטיוון קאַמף קעגן די אַמעריקאַנישע און ענגלישע אימפּעריאַליסטן. ער טרעט אַרויס קעגן די מילכאָמע־אונטערצינדער, וועלכע שטערן אונדזער פרידלעכער בויונג.

איינער פון די אינטימסטע און ראַפינירטסטע ליריקער, א פּאָעט, וועלכער איז געקומען אין דער ליטעראַטור „מיט א בראָכע אַף די ליפּן", וועלכער האָט זיך אין זײַן ערשטע ביכעלע „געקלאָגט", אַז ער „קאָן נאָר בענטשן", געפינט האַלקין שאַרפע, שנײַדנדיקע ווערטער קעגן די סאָנים:

אַלעמאָל איך נעם זיך פאַרן ביקס,
אַלעמאָל איך נעם זיך פאַרן מעסער —
אַז אומעטום, אַז רעכטס און לינקס,
איז איינס פון אַנדערן ניט בעסער.

אַז ווו איז ערגעץ דאָרט ניו־יאָרק,
און ווו געוועלטיקט ערגעץ טשעמבערלען
דאָרט —
איז אומעטום דער זעלבער שאַרך
פון גאַנג פון בלוטיקן אַריבער לענדער.

די ליד איז דאַטירט 1926. שפּעטער האָט האַלקין אַהער אַרײַנגעשטעלט נאָך א וויכטיקע סטראָפע:

מע וויל אונדז אומוואַרפן אינמיטן גאַנג,
מע וויל צעשטערן אונדז די רו און פרידן —
אַז גרויל אַמאַליקער, וואָס איז פאַרגעסן לאַנג,
זאָל קומען ווידער.

(„דער בוים פון לעבן", ז. 91).

האַלקינס בוך „קאָנטאַקט" (1935) איז שוין אינגאַנצן געווענדט פּאַרויס. דאָס געמיט פונעם דיכטער איז שוין גאָר אַן אַנדערס. ווי אַ מאָטאָ צום בוך גייט האַלקינס באַוווּסטע ליריש־פילאָסאָפישע ליד — „דאָס גלאָז איז דורכזיכטיק און ריין", וואָס איז, אייגנטלעך, אַן איבערגע־דיכטעטער טראַדיציאָנעלער מאָשל. די ליד איז אָבער אינ־גאַנצן אין „קאָנטאַקט" מיט אונדזער הײַנטצײַטיקייט, זי איז געווענדט קעגן עגאָצענטריזם און אינדיווידואַליזם און שליסט זיך אײַן אין אונדזער ווירקלעכקייט, זײַנ־דיק פאַרבונדן מיט דער „גאַנצער ערד", מיט דער „גאַנ־צער וועלט", מיטן „אַרבעטס־פאָלק":

דאָס גלאָז איז דורכזיכטיק און ריין, —
דו זעסט דורך דעם די גאַנצע וועלט:
ווער עס וויינט און ווער עס קוועלט.
נאָר ווי דו האָסט איין זײַט פאַרשטעלט
מיט זילבער־פאַרב, וואָס האָט די ווערט
אַ גראָשן געלט, צי עטוואָס מער, —
פאַרשווינדט פון אויג די גאַנצע ערד,
פון ריינעם גלאָז אַ שפּיגל ווערט,
און ווי דער שפּיגל זאָל זײַן ריין —
דו זעסט אין אים נאָר זיך אַליין.

(„קאָנטאַקט")

האַלקין ווערט דער דיכטער פון טיפע מענטשלעכע אי־בערלעבונגען, פון פילאָסאָפישער באַזיניקונג פונעם אַרום. מײַסטערהאַפט ווערט זײַן ליריק, מיט סאַמע קאָמפּלי־צירטע עמאָציעס ווערן אַנגעזעטיקט זײַנע פּרעצעזע דיכטערישע מיניאַטורן, צאַרט און טרעפלעך קלינגט דאָס פּאָעטישע וואָרט. די פּערזענלעכע, לירישע, סאַמע אינ־טימע לידער זײַנען איצט פאַרוועבט און פאַרבונדן מיטן גאַנצן אַרום, און פאַרקערט — די אַלגעמיינע טעמעס און מאָטיוון זײַנען אין פולסטן קאָנטאַקט מיטן אייגענעם „איך" פונעם דיכטער:

דײַנע טרוימען טוען באַנג דיר?
האָסט דערזען אין פליש און בלוט זיי?
ס'איז די ראָד פון רעוואָלוציע
נאָך קיינמאָל פעסט אַזוי געגאַנגען?..

(ז. 26).

אָדער:

ס'איז דײַן פרייד צו דיר געקומען
אין אַ ווינטער־טאָג אַ לינדן,
מיט געזאַנג און פרישע ווינטן
דיך באַ טשאַפּרינע גענומען

און אַרויסגעפירט פון ווענט דיך,
און דיך מיטגעשלעפּט אין גאַסן,
אויף דײַן שטערן אָפּן בלאַסן
וויפל שיינע פרייד געוווען דאָן!

(ז. 35).

אין דער ליד „ס'איז פילבאַר די וואָגשאָל...", געווידמעט מיכאָעלסן, זײַנען פאַראַן אַזוינע עמאָציאָנעל־אַנגעזע־טיקטע שורעס:

עפּשער צו טײַער עס קאָסט דאָס געווינס,
און בלינדקייט פון האַרצן איז פּרוכטבאַרער
אָפּטמאָל,
נאָר גוט, וואָס דאָס האַרץ שטייט שוין
מער ניט צו דינסט
באַ וואָגשאָל מיט בלינדקייט געשטראָפטער.

(ז. 39).

האַלקין וויל שוין מער ניט זײַן אַ בלינדער קנעכט באַם האַרצן, און כאָטש „צו טײַער עס קאָסט דאָס געווינס", דערפאַר איז עס שוין מער ניט בלינד, נאָר געבענטשט מיט קלאָרקייט און זיכערקייט אין דעם שווער דעראַבערטן און דערגרייכטן.

אָט אַזוי איז איצט „רײַף און צײַטיק געוואָרן" האַל־קינס ליד, וואָס האָט „לאַנג זיך געלײַטערט, געקלאָרט..."

■

האַלקין איז אַן עכט נאַציאָנאַלער דיכטער. ער איז אָבער ווײַט פון נאַציאָנאַליזם. ער איז גוט באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון זײַן פאָלק און ער באַזינגט זײַנע פּראָגרעסיווע, העלדישע טראַדיציעס, זײַן איצטיקן קאַמף קעגן פאַשיזם און אימפּעריאַליזם.

ווי אַ סאָוועטישער דיכטער, איז האַלקין זייער פילבאַר צו דער סאָציאַלער פּראָבלעם, און זי שטייט באַ אים שטענדיק אויפן ערשטן אָרט.

באַ אים וועט איר טרעפן אַ סך טראַדיציאָנעלע אַסאָ־ציאַציעס און פאָרשטעלונגען, אַלעגאָריעס און פּילדײַטיקע רעמאַזים. זײַן שפּראַך און מאַניר זײַנען פאָלקסטימלעך־בילדערישע, „געפעסטעטע" (לויט זײַן אייגענעם אויס־דרוק) און דערהויבענע, נאָר דאַסראַוו קלאָרע און צו־טריטלעכע. ער דרייט זיך ניט אַרויס פון שאַרפע נאַציאָ־נאַלע פּראָבלעמען, אָבער ער גיט זיי אַ ריכטיקע דיכ־טערישע אינטערפּרעטאַציע.

אין האַלקינס ווײַטערדיקן שאַפן קאָן מען ניט זעלטן טרעפן איבערופן מיט מאַיאַקאָווסקיס דיכטונג. אין די ביכער „פאַרן נײַעם פונדאַמענט", „קאָנטאַקט" ציטירט ער אַמאָל בוכשטעבלעך מאַיאַקאָווסקיס שורעס (פון דער פּאָעמע «Хорошо» און אַנדערע), נאָר אים אינטערע־סירט ניט די אויסערלעכע פאָרם — די אַזויגערופענע שורעס־„לייטערלעך" (כאָטש באַ אים זײַנען פאַראַן אויך אַזעלכע עקספּערימענטן), נאָר די אייגנאַרטיקע דיכטערישע באַזיניקונג פון דער ווירקלעכקייט, די פייִקייט אַקטיוו זיך אַרײַנצומישן אין לעבן, די ברייטע טעמאַטיק, פּאָליטישע פּערספּעקטיוו און צילגעווענדטקייט. האַל־קין רופט זיך אָפּ אויף די וויכטיקסטע געשעענישן פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, פון סאָוועטישן שטייגער. אין דער זאַמלונג „פאַרן נײַעם פונדאַמענט" שרײַבט ער:

כאַזויירים, כ'וועל אײַך דערציילן הײַנט פּראָסט
(אַ כאַוער איז דער, וואָס עס פילט מיך הײַנט
מיט),
ווען כ'קען זיך באַפרײַען פון ריטם פון ליד,
וואָלט איך אויף אַן אײַנפאַכער שפּראַך זיך
צעלאָזט.

די „ראַפּפּ"־קריטיק האָט אָפט געשטויסן האַלקינען, ווי אַ ריי אַנדערע דיכטער, אויפן וועג פון גרילצנדיקער דע־קלאַראַטיווקייט. אָט די קריטיק האָט זיך אָפט געסטאַרעט אָפּטרײַבן דעם דיכטער פון אַלדאָס קאָנקרעטע, נאַציאָ־נאַלע, געפּרוווט פאַרשטאָפּן די קוואַלן פון זײַן אָרגאַנישן שאַפן. דאָס בוך „פאַר דעם נײַעם פונדאַמענט", וועלכן מע קאָן באַטראַכטן ווי אַן איבערגאַנג־עטאַפּ אין האַלקינס שאַפן, לײַדט טאָקע פון אַזאַ אויפריכטיקער דעקלאַראַטיווי־קייט, באַשרײַבערישקייט.

די ליקווידאַציע פונעם „ראַפּפּ"־ווילקיר און די קאָנסאָ־לידאַציע פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור נאָכן ערשטן שרײַבער־צוזאַמענפאָר האָט זיך פּאָזיטיוו אָפּגערופן אויך

אַף האַלקינס שאַפן. אין זײַן ליד „דאָס באַפרײַטע האַרץ" (1939) לײענען מיר:

קינדער און יוגנט און עלטערע לײַט,
קוקט זיך צו בעסער און שטרענגט דאָס
גהער אָן.
בליציק וועט זײַן איצט פון צײַטן די בײַט,
אָפּגײן וועט יענער, וואָס שטײט אָן א זײַט.
ווײל איז צו דעם, וואָס דער צײַט וועט געהערן.

■

האַלקינס גרויסער טאַלאַנט האָט זיך גאָר שטאַרק אַנטפּלעקט אין די נאָכמילכאָמעדיקע ווערק. דער נאָכמילכאָמע־פּעריאָד איז, ווי באַוווּסט, געווען זײער א קאָמפּליצירטער פאַר די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן. די היטלערישע אינוואַזיע האָט בא אַלע פעלקער פאַרשאַרפט די נאַציאָנאַלע געפילן. די סאָוועטן־רעגירונג, די קאָמוניסטישע פּאַרטײ האָבן געשאַנעוועט און אָפּגעהיט די דאָזיקע געפילן פון נאַציאָנאַלער זעלבסטווירדע און די פעסטע טראַדיציעס פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם. האַלקין האָט אויך נאָך דער מילכאָמע ניט איגנאָרירט די שאַרפע פראַגן פונעם פאָלקס־לעבן. די מאָטיוון פון „ווײ" האָבן זיך ווידער באַוויזן אין זײַן שאַפן. אין זײַנע נאָכמילכאָמעדיקע קלאַסישע לידער און פּיעסן זוכט ער און געפינט א ריכטיקע לײזונג פון די קאָמפּליצירטסטע פראַגן. ווי אין דער יוגנט, איז ער ווידער געווען „פול ווי א מילגרוים" מיט ליבע צום מענטש און צו דער נאַטור, מיט האָפענונגען און טרוימען, מיט גרויסע פרײדיקע דערוואַרטונגען...

די צוױי נאָכמילכאָמע־ביכער, וואָס האַלקין האָט אַרויסגעלאָזט אין ייִדיש, טראָגן זײער באַלערנדיקע און כאַראַקטעריסטישע נעמען: „ערדישע וועגן" (1945) און „דער בוים פון לעבן" (1948, „אויסגעווײלטע ווערק"[1]). דאָס זײַנען ניט קײן צופעליקע נעמען. קײנמאָל איז האַלקין ניט געווען אַזוי נאָענט צו דער ווירקלעכקײַט — צו די „ערדישע וועגן" און צום לעבעדיקן לעבן, ווי איצט, נאָך דער מילכאָמע.

אין זײַנע פילאָסאָפישע נאָכמילכאָמעדיקע לידער, באַלאַדעס און פּאָעמעס באַהאַנדלט האַלקין פאַרשײדענע פּראָבלעמען — סײַ פון דער הײַנטצײַטיקײַט, סײַ פונעם ווײַטן אַמאָל און פון דער אײביקײַט (ליבע, טויט). אַף די אַלע פראַגן, וואָס באַאומרויִקן דעם דיכטער, זוכט ער און געפינט אַן ענטפער אין דער מאַרקסיסטיש־לעניניסטישער פילאָסאָפיע פון דער געזעלשאַפט און נאַטור, אין דער סאָוועטישער פּראָגרעסיווער וויסנשאַפט, אין אונדזערע גרויסע אידעאַלן. פאַראַן בא אים אויך אַזעלכע פּראָבלעמען, וועלכע ווערן אין זײַן דיכטונג בלויז געשטעלט, אָבער ער אײַלט זיך ניט צו געבן אַף זײ א קאַטעגאָרישן ענטפער. ער ווײסט נאָר, אַז דאָס איז „דער בוים פון לעבן", און דאָס איז שוין גאַנץ גענוג. אַזאַ איז זײַן ליד „געהײמע וועגן":

געהײמע וועגן האָסטו אויסגעצײלט,
וואָס זײער שפור פאַרבלײַבט פון אויג פאַרהוילן:
דער וועג פון שלאַנג אַף פעלדזנשטײן אַף הוילן,
א צווײטן פעלדז, ווען זי האָט אויסדערווײלט;
אין יאַם — דער וועג פון לײַכטן זעגלשיף;
דער שפור פון פויגל־פלי אין הימל־טיף.
נאָר מער פון אַלץ פאַרבלײַבט פאַר דיר
א וווּנדער —
דער וועג פון מאַן צו פרוי — אים צײלסט
באַזונדער.
און איך וואָלט דיך אַף נאָך א וועג געפרעגט,
וואָס וועלן כ'וואָלט, ניט ווערן זאָל פאַרמעקט
דורך שטויב פון טאָג און ניט דורך ווינט
באַנאַכט, —
דער וועג, וואָס פאַנגט זיך אָן אין מײַן געדאַכט,
קרײַזט דורך א וועלט און גליקלעך לאָזט
זיך אויס
אין אָט דער ליד — א פינגער־שפּאַן די גרויס.

(„סאָוועטיש היימלאַנד",
1963, נומ. 1, ז. 70)

האַלקינען איז אין א געוויסער מאָס אויסגעקומען צו דערזאָגן דאָס, וואָס זײַנע טראַגיש־אומגעקומענע מיטצײַטלער האָבן ניט דערזאָגט. דאָס זײַנען אײניקע נײַע לידער־סאַכאַקלען, וועלכע זײַנען פּובליקירט געוואָרן שוין נאָך זײַן טויט. אָט נעמט, אַשטײגער, זײַנע לידער אַני־מײַמינס, געשריבן אין דער כאַראַקטעריסטישער פאַר אים בילדערישער און געדאַנקלעכער מאַניר. אײנע פון זײ הײסט „טרײַהײַט":

ניט לויט איר לענג און ברײט מע מעסט די שיף,
און אויך ניט וויפל וואָלקנס שוואַרצן רויך
זי הויכט אַרויס פון זיך אין בלויער הויך, —
נאָר וויפל ס'דריקט איר לאַסט די יאַמען־טיף.
און כאָטש איר מאָס, איר אײַנגעשטעלטע גרויס
איז וויפל יאַם־וואַסער זי שטויסט אַרויס, —
מײַן מאָס פאַר איר פאַרבלײַבט: ווי טרײַ, ווי לאַנג
די שיף — זי היט איר לאַסט פון אונטערגאַנג.

(„פאָלקס־שטימע", 1960)

אָט אין אַזעלכע געצײלטע שורעס האָט דאָך האַלקין געזאָגט קימאַט אַלץ, מיט וואָס ער אַלײן און מיר אַלע האָבן געלעבט און געאָטעמט און אין וואָס עס איז דער זין פון אונדזער עקזיסטענץ. דאָ האָט איר סײַ די „וואָלקנס שוואַרצער רויך" און סײַ „ווי טרײַ, ווי לאַנג די שיף — זי היט איר לאַסט פון אונטערגאַנג". דאָס געהערט דאָך אויך צו „דעם בוים פון לעבן", צום סאַמע איקער.

אָט שוין פון די עטלעכע לידער, געדרוקט נאָך זײַן טויט, זעט זיך אַרויס גאַנץ האַלקין — אָט אַזאַ, ווי ער האָט זיך אויסגעפורעמט פאַר די שווערע און העראָיִשע יאָרן פון אונדזער זײַן.

אין א צווײטער ליד פון „א פינגער־שפּאַן די גרויס" — אַכט שורעס — דערצײלט אונדז דער דיכטער זײער דײַטלעך, אַף וועמען עס האַלט זיך „אונדזער שײנער ביניען". גראָד „אַף די, וואָס בלײַבן שטיל און קײנמאָל ניט דערמאָנטע", פאַר זײ „דאָס לעצטע גיסטו אָפּ — דו גיסט אַוועק דאָס לעבן". דער דיכטער געזעגנט זיך ווידער וועגן גרויסער ליבע און גלוסטונג צום לעבן:

איך בין מיט גלוסטונגען, גלײַך ווי א מילגרוים, פול,
ווו יעדעס קערנדל פאַרנעמט זײַן נעסט און גוול.

[1] אונטערן זעלבן נאָמען, אין דעם זעלבן יאָר, איז דאָס בוך דערשינען אויך אין רוסיש. דערנאָך זײַנען דערשינען אין רוסיש נאָך 3 גרעסערע און קלענערע זאַמלונגען אַלטע און נײַע לידער האַלקינס. דערין צוױי זאַמלונגען נאָך זײַן טויט. א רײ לידער אין רוסיש און ייִדיש זײַנען פאַרעפנטלעכט אין די סאָוועטישע זשורנאַלן „נאָווי מיר", „סאָוועטיש היימלאַנד" און אַנד.

נאָר צווישן אַלע זיי היַינט קענטלעכער איז מיר
דאָס גלוסטונג־קערנדל, וואָס שטאַרק דערמאָנט
אָן איר, —
אָן דער, וואָס צוליב איר אויך אַדאָמען דערמאָנסט,
און רופן כאַווע זי, צי אַנדערש, ווי דו קאָנסט.

געווען פאַר איר ביסט גרייט זיך אויסשנײַדן א ריפּ,
און אַלדי פײַניקונג צו אָנעמען פאַר ליב.
פאַר איר פון קינדוויַיז אָן א הייכל האָסט געבויט,
וואָס ענדיקן וועסט אים א רעגע פאַרן טויט.
אַפילע איצט איך וואך, ווען ס׳זינקט אין שלאָף
די וועלט, —
א שטיינדעלע איך זוך, וואָס צום געבייַ נאָך פעלט.

אזוי האָט געקענט זאָגן בלויז האַלקין! פאַר אים איז כאַראַקטעריסטיש די דאָזיקע „קייטלדיקע רעאַקציע", די אידיי וויקלט זיך פאַנאַנדער און קאָנקרעטיזירט זיך אין אַלץ א ברייטערן קרײַז עמאָציאָנעל־אָנגעלאָדענע געדאַנקען, מאָטיוון און בילדער. דער פינאַל קומט, ווי א בליציקער „אופרײַס", וואָס באַלײַכט און פאַרסאַכאַקלט די גאַנצע פּאַנאָראַמע אין דער ליד.

האַלקין שעפּט, ווי באַוווּסט, סײַ פון די טראַדיציאָנעלע יידישע מעקוירים און סײַ פון דער אייראָפּעיִשער פּאָעזיע און ליטעראַטור (זע זײַן ציקל לידער „פון רו און אָפּרו" אין בוך „דער בוים פון לעבן"). אָבער דורך אַלץ און אַלעמען געפינט ער דעם וועג צו זיך — צו דעם אייגענעם „וועלט־באַשאַף", צו זײַן אייגענער דיכטערישער וועלט, וואָס איז פון קיינעם ניט אָפּגעפרעמדט.

אין דעם זין איז זייער אָנשוילעך זײַן ליד פונעם דערמאָנטן ציקל, א ליד, וואָס הייסט טאַקע „דער בוים פון לעבן", געווידמעט שאַלעם־אַלייכעמען:

און פאַל איך צו אַמאָל צו זײַנס א וואָרט,
וואָס ער האָט אויסגערעדט צי שווײַגנדיק
פאַרשריבן,
מיר דוכט זיך אויס: איך שטיי אף יענעם אָרט,
פונוואַנען אַדאָם איז געווען פאַרטריבן.

צום בוים פון לעבן צי איך אויס מײַן האַנט,
א ריר — און פון זײַן זאַפט וועל איך פאַרזוכן,
און גאָט וועט צווישן בלעטער מיך ניט זוכן,
ווײַל מײַן באַגלייטער שטייט מיט מיר באַנאַנד.

און אויב ס׳איז קינדוויַיז מיר געווען פאַרווערט
צו לאַכן הויך, נאָר זעלטן ווען א שמייכל,
האָב איך געגלויבט, געהאָפט, אַז אין זײַן הייכל
מײַן שמייכל קומען וועט דורך גאָר דער ערד.

און איצט, ווען קיינער קאָן מיר ניט פאַרבאָטן
אַפילע וויינען, ווען א שטיין דריקט אָן צו
שווער, —
כ׳רוף ווידער אים, ווײַל ווער נאָך פילט, ווי ער,
ווען ווידער הויל דערקענט אַמאָל זיך אַדאָם.

האַלקין זוכט שטענדיק זײַנע טרײַסטע „באַגלייטער", ווען ער ציט אויס זײַן האַנט צום „בוים פון לעבן". זײַן דיכטונג איז דעריבער קיינמאָל ניט איינזאַם, זי איז שטענדיק דורכגעדרונגען מיט ריינע מענטשלעכע איבערלעבונגען און ראַפינירטע לײַדנשאַפטן.

■

האַלקין איז ניט בלויז א דיכטער, נאָר אויך א דראַמאַטורג.

די יידישע סאָוועטישע דראַמאַטורגיע האָבן געשאַפן דאָס־ראָוו ניט דראַמאַטורגן, נאָר פּראָזאַיִקער, דיכטער, אַקטיאָרן און אַפילע קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער (בערגעלסאָן, דאַניעל, רעזניק, מאַרקיש, גאָדינער, פינטשעווסקי, קושניראָוו, דאָברושין, אויסלענדער, וועוויאָרקע, איסער לעווין, לויטער, גערשענזאָן, הובערמאַן און אַנד.). האַלקין איז געווען איינער פון זיי, און זײַנע פּיעסן האָבן אָפּגעקלונגען פון דער בינע („שולאַמיס", „באַר־קאָכבא", „אַרן פרידמאַן", „דער שפּילפויגל"), זײַנען פּובליקירט געוואָרן אין יידיש און רוסיש („באַר־קאָכבא", „שולאַמיס", „אף טויט און לעבן").

האַלקין איז געקומען צו דער דראַמאַטורגיע, צום טעאַטער (אויב ניט רעכענען אייניקע פריִיִקע דראַמאַטישע פּרוּוון) גאַנץ שפּעט, סאַמע ערעוו דער מילכאָמע, אין 1938—1939. ער איז געגאַנגען צום טעאַטער פריִער דורך זײַנע איבערזעצונגען פון שעקספּירן און פון סאָוועטישע דראַמאַטורגן („קיניג ליר", „פּראָפעסאָר פּאָלעזשײַעוו"), דערנאָך — דורך זײַנע היסטאָרישע און לעגענדאַרישע דראַמאַטישע פּאָעמעס („באַר־קאָכבא", „שולאַמיס"), ביז דער דראַמאַטורגיע אף הײַנטצײַטיקע טעמעס. ער האָט אויך געשאַפן א פּיעסע, וועלכע מע קאָן אָנרופן היסטאָריש־פאָלקסטימלעכע; די געשעענישן קומען דאָ פאָר אין אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט („דער שפּילפויגל").

סײַ האַלקינס איבערזעצונגען און סײַ זײַנע זעלבשטענדיקע דראַמאַטורגישע שאַפונגען, ווי זײַן דיכטערישע טעטיקײַט אין אַלגעמיין, זײַנען צווישן זיך ענג פאַרבונדן און פאַר אים אָרגאַניש.

עס איז פאַראַן מיכאָעלסעס אַן אַרויסזאָגונג וועגן האַלקינס איבערזעצונג פון „קיניג ליר":

„זוכנדיק אַן איבערזעצער פאַר דער פּיעסע „קיניג ליר", האָב איך ניט צופעליק אָפּגעשטעלט זיך אף האַלקינען. פאַר זײַן דיכטערישן שאַפן איז כאַראַקטעריסטיש די מערקווירדיקע פּאַשטעס, וואָס פּאָרט זיך מיט ביבלישער דערהויבנקײַט פונעם פּערז.

אָט די אייגנשאַפט פון זײַן טאַלאַנט האָב איך געהאַלטן פאַר באַזונדערס ווערטפול בענעגייע „קיניג ליר".

...דער סטיל פון האַלקין דעם דיכטער אַנטשפּרעכט וווּנדערלעך דעם סטיל פון שעקספּירס טראַגעדיע. באַזונדערס האָט זיך האַלקינען אײַנגעגעבן יענע סצענע, ווו ליר הייבט אָן שיטן מיט קלאָלעס. לויט זייער פאָרם רופן זיך די קלאָלעס איבער מיט יענעם אָרט אין דער ביבל, וואָס מע רופט די „טויכעכע" און ווו עס ווערן אויסגערעכנט די קלאָלעס קעגן די זינדיקע.

ליר, וואָס דערמאָנט בעפּיירעש מיט עפּעס איִעוון, שיט מיט אַזוינע קלאָלעס, וואָס לויט זייער פּאַראַלעלגעמיינערונג און בילדערישקײַט דערמאָנען זיי גלענצנדיק די טויכעכע"[1].

אין דער יידישער סאָוועטישער דראַמאַטורגיע און אין טעאַטער איז אָבער האַלקין אַרײַן אַדאַנק זײַנע צוויי אויסגעצייכנט איבערגעדיכטעטע דראַמאַטישע פּאָעמעס „שולאַמיס" און „באַר־קאָכבא". „שולאַמיס" איז געבויט אף דעם סוזשעט פון דער באַוווּסטער טאַלמודישער לעגענדע, וואָס איז לעכאַטכילע באַאַרבעט געוואָרן פאַר דער בינע דורכן גרינדער פונעם יידישן טעאַטער אַווראָם גאָלדפאַדן. אים טאַקע, „צום הונדערטסטן יאָר פון זײַן געבוירן, איז געווידמעט מיט ליבע אָט דאָס ווערק"

---

[1] ס. מ. מיכאָעלס. אַרטיקלען, שמועסן, רעדעס. מאָסקווע, פאַרלאַג „איסקוסטוואָ", 1965, ז. 112—116 (רוסיש).

(האַלקין). האַלקינס „שולאַמיס" איז געשטעלט געוואָרן אין אַלע ייִדישע מעלוכע־טעאַטערן פון סאָוועטנפאַרבאַנד.

גאָלדפאַדנס מעלאָדראַמע איז שוין לאַנג פּאָפּולער אין פאָלק, באַזונדערס די לידער, געזאַנגען און טענץ. בא גאָלדפאַדענען האָט די לעגענדע אופגעהיט איר רעליגיעזע באַפאַרבונג, איר פּאַטאַלן כאַראַקטער (די ווילדע קאַץ און דער ברונעם, דער עצבא עלויהים, א קאָל פון בייס־האַמיקדעש אאַוו.). גאָלדפאַדן איז טרײַ דער טראַדיציע און אויך דער צײַט, ווען ער האָט געשאַפן זײַן ווערק (סאָף אכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט).

האַלקינס דראַמאַטישע פּאָעמע איז אָנגעשריבן שוין לויט א נײַעם נוסעך, ער האָט אַרײַנגעפירט אייניקע נײַע פערסאָנאַזשן און סיטואַציעס. די פּאָעמע פאַרמאָגט אַלע כיינען פון דער האַלקינישער ליריק. באַזונדערס צייכענען זיך אויס זײַנע פּאָלקסטימלעכע פּאַסטאָראַלע ליבע־לידער, פון וועלכע עס ווייעט מיט ווינט, זון, פעלד און בלומען. א ריי לעגענדאַר־העראָישע און הומאָריסטישע סצענעס, באַזונדערס די סצענעס מיט שולאַמיסעס כאַסאַנים. הײַנט די פּלאַמיקע עראָטיש־טעמפּעראַמענטפולע עגאָצענטרישע לידער פון דער רײַכער, שיינער אוויגאַיִל, די נאַיוו־האַרציקע און פּאַטריאָטישע לידער פון שולאַמיס און אנד.

אין דער פּאָעמע איז אופגעהיט דער היסטאָרישער קאָלאָריט און גלײַכצײַטיק זײַנען אונטערגעשטראָכן די סאָציאַלע מאָמענטן, דאָס אַלץ, וואָס עס מאַכט די לעגענדע נאָענט צו אונדזער צײַט: די פרײַהײַטליבנדיקע פּאַסטעכער און זייער העלד אווישאַלעם, די טרײַע און פּאַטריאָטישע שולאַמיס, דער פּאָלקס־זינגער, זיי אַלע ווערן אנטקעגנגעשטעלט דער רײַכער אריסטאָקראַטיע, דער צעבאַלעוועטער עגאָיִסטישער אוויגאַיִל, די פאַרשיידענע קויהאַנים, „דאָקטוירים", שפּרעכער, שטערנזעער און אנד.

גאַר א וויכטיקע שעפערישע אַרבעט האָט האַלקין דורכגעמאַכט אין דער היסטאָרישער דראַמע „באַר־קאָכבאַ". אויך דאָ ברענגט האַלקין אַרײַן א ריי נײַע פערסאָנאַזשן און סיטואַציעס און גיט א ריכטיק היסטאָריש בילד פון דער צײַט און פון די געשעענישן.

באַר־קאָכבאַס אופשטאַנד קעגן רוים — דאָס איז שוין קלאָר ניט קיין לעגענדע, נאָר א ווירקלעך־היסטאָרישער פאַקט. די האַנדלונג קומט פאָר צווישן 132—135 יאָר פון דער נײַער צײַט־רעכענונג.

„אַרבעטנדיק אף דער היסטאָרישער טעמע, — שרײַבט א. גורשטיין, — האָט האַלקין (צוזאַמען מיטן טעאַטער) געשטעלט פאַר זיך אַן אופגאַבע — באַווײַזן די עלעמענטן פון פאָלקס־העראָיזם, וואָס האָט שטענדיק געלעבט אינעם קאַמף פון די פּאָלקסמאַסן קעגן זייערע אונטערדריקער און עקספּלואַטאַטאָרן, אין זייער קאַמף פאַר פרײַהײַט, ערע און אומאָפּהענגיקייט. פון דעם שטאַנדפּונקט איז דער היסטאָרישער עפּיזאָד, וואָס האַלקין האָט גענומען, — באַר־קאָכבאַס אופשטאַנד קעגן דער רוימישער הערשאַפט, — זייער א באַדײַטנדיקער...

האַלקינען האָט זיך אײַנגעגעבן אופצושטעלן דעם ווירקלעכן דעמאָקראַטישן אינהאַלט פון באַר־קאָכבאַס אופשטאַנד"[1].

קימאַט אין איין צײַט (1944—1945) האָט האַלקין אָנגעשריבן צוויי פּיעסן: „דער שפּילפויגל" און „אף טויט און לעבן". די ערשטע איז געשטעלט געוואָרן דורכן פאַרדינסטפולן אַרטיסט פון רעפּובליק ביניאָמין שוואַרצער אין אָדעסער טעאַטער (אופגעפירט אין טאַשקענט); די צווייטע איז געדרוקט געוואָרן אין ייִדיש און אין רוסיש, נאָר ניט געשטעלט געוואָרן. „אף טויט און לעבן" איז געשריבן אין פּערזן, אין דעם ייִדישן וואַריאַנט איז זי באַצייכנט אלס „דראַמאַטישע פּאָעמע".

די האַנדלונג פון דער פּיעסע „דער שפּילפויגל", ווי עס ווײַזט אָן דער אַווטאָר, קומט פּאָר אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און די געשעענישן פון דער פּיעסע „אף טויט און לעבן" קומען פּאָר „אין פּוילן בייס דער דײַטשישער אָקופּאַציע".

די פּיעסע „אף טויט און לעבן" (זי האָט געהייסן אויך „געטאָגראַד", אין דער רוסישער אויסגאַבע „דער אופשטאַנד אין געטאָ") איז אָנגעשריבן אין דער זעלבער מאַניר, ווי „באַר־קאָכבאַ", — אין העראָיִש־טראַגישן פּלאַן און אין פּערזן. כאָטש אין די צוויי ווערק זײַנען, ווי באַוווּסט, קינסטלעריש פאַרקערפּערט גאָר פאַרשיידענע עפּאָכעס און פּאָלקס־גוירהאַלעס, זײַנען אין זיי אָבער פאַראַן אויך וועזנטלעכע קרויוויִשע מאָמענטן: דאָס איז קאַמף פאַר פרײַהײַט, קעגן טיראַניע. האַלקין באַווײַזט אין זײַן פּיעסע „אף טויט און לעבן", אַז דער קאַמף אין געטאָ שטיצט זיך סײַ אף די העראָיִשע טראַדיציעס פון דער ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט, סײַ אף די העראָיִשע זיגן פון דער סאָוועטישער אַרמיי.

האַלקין אַליין אין זײַן דערמאָנטער „אַווטאָביאָגראַפיע" האָט געזאָגט אזוי וועגן זײַן דראַמאַטורגיע:

„אזוי ווי באַם שרײַבן באַזונדערע לידער, אזוי אויך אין דער דראַמאַטורגיע האָב איך שטענדיק געדענקט דרײַ קלאָלים: ערשטנס, וואָס הייסט נײַס? — ברעך דעם קאָפּ, ווערסטו וויסן. צווייטנס, אז א דראַמאַטיש ווערק ווערט געשאַפן ניט נאָר פאַר דער בינע, אז ס'מוז פאַרמאָגן אייגענע אריכאַס־יאָמים, דאָס הייסט זײַן אויסגערעכנט אף א גרויסן ליטעראַרישן קיִעם. און, דריטנס, — אז אין א ווערק, אפילע אזעלכעס, וואָס טראַקטירט פּראָבלעמען און געשעענישן זייער ווײַטע פון אונדזער הײַנטצײַטיקייט, זאָל זיך פילן שאַרף דער שעפערישער טאָך און וועלט־באַנעם פון א סאָוועטישן שרײַבער".

ווי מיר האָבן שוין געזען, האָט האַלקין אין זײַן דראַמאַטורגישער און דיכטערישער פּראַקטיק שטרענג אָפּגעהיט די דאָזיקע קלאָלים און געבאָטן.

מיט האַלקינען פאַרענדיקט זיך א גאַנצע עפּאָכע אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג. ער געהערט צו די ערשטע גרויסע שעפער און אָנהייבער פון דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע. פאַר דאָסראָוו פון אונדזערע הײַנטצײַטיקע טאַלאַנטפולע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער זײַנען פּאַשעט ניט אָרגאַניש און קימאַט ניט צוטריטלעך אייניקע קוועלן, פונוואַנען האַלקין און זײַנע מיטצײַטלער (שוואַרצמאַן, האָפשטיין און אפילע מאַרקיש און קוויטקאָ) האָבן געשעפּט. זייער רײַכע לעבנס־דערפאַרונג איז אַן אַנדערע. איצט דאַרף זיך אָנהייבן א ביסל אַן אַנדער היסטאָריש־ליטעראַרישער כעזשבן. אונדזער נײַער דאָר באַגאַבטע און גרעאַטענע דיכטער פאַרמאָגט נאָך דערצו א גאָר רײַכע ירושע (דאָס, וואָס האַלקין און זײַנע מיטצײַטלער האָבן בעשײַטע ניט פאַרמאָגט) — דעם לעבעדיקן קוואַל פון אונדזער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע, וואָס האָט זײַן באַזונדערן טאַם, זײַן באַזונדערן ניגן, זײַנע רײַכע, קרישטאָלענע פאַרבן.

דער נײַער דאָר פּאָעטן האָט שוין פיל געשעפּט פון דעם דאָזיקן קוואַל, און אף זייער שאַפן האָט ער געווירקט מאָזלבראָכעדיק.

---

[1] א. גורשטיין. אויסגעוויילטע אַרטיקלען. מאָסקווע, פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", 1959, ז. 190 (רוסיש).

כ. לויצקער, מ. מײַדאַנסקי

# דער שפּראַכפאָרשער עליע ספּיוואַק

## (צו זײַן 75־טן געבורטסטאָג)

עליע ספּיוואַק איז געבוירן דעם 22 אָקטיאַבער 1890 אינעם שטעטל וואַסילקאָוו (קיִעווער גובערניע), אין אַ ניט־פאַרמעגלעכער האַרעפּאַשנער מישפּאָכע. זײַן וועג, דער וועג פון אַ באַלמעלאָכעס אַ זון צו בילדונג, איז געווען ניט קיין לײַכטער. אין דער קינדהײַט האָט ער באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דערציִונג. געלערנט אין כיידער, נאָכדעם אין דער שטעטלשער רוסישער פאָלקשול. שפּעטער האָט ער זיך אַלס עקסטערן דערשלאָגן אַ דיפּלאָם פון אַ הויזלערער. ערשט די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט געעפנט פאַר אים טיר און טויער צו די שעפערישע ראַכוועסן.

דאָס ערשטע לערנבוך זײַנס איז דערשינען אין 1920, דאָס לעצטע — אין 1939. סאַכאַקל האָט ער אָנגעשריבן 20 לערנביכער פאַר פאַרשיידענע טיפּן שולן און קלאַסן: „ייִדישע שפּראַך“, „אונדזער וואָרט“, „רייד־אַנטוויקלונג“, „סטיליסטישע געניטונגען“, „שפּראַך־קולטור“ אאַ. די ערשטע כרעסטאָמאַטיעס און שפּראַך־לערנביכער פאַר דער ייִדישער סאָוועטישער שול זײַנען געווען עליע ספּיוואַקס.

אינעם שפּראַך־אונטערריכט און אין דער שפּראַך־פאָרשונג האָט ספּיוואַקן געצויגן צו זיך דער וואָרט־אוצער פון דער שפּראַך, קוידעמקאָל — דאָס קינסטלערישע וואָרט, דער זאַפטיקער פאָלקס־אויסדרוק. אין זײַנע לערנביכער געפינט איר פונעם שענסטן און בעסטן אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור און אין פאָלקס־שאַפונג פון פאַרשיידענע עפּאָכעס.

פון 1931 הייבט זיך אָן אַ נײַער עטאַפּ אין ספּיוואַקס טעטיקײַט. ער ווערט אײַנגעלאַדן פאַר אַן עלטערן וויסנשאַפטלעכן מיטאַרבעטער אין דער פילאָלאָגישער סעקציע פונעם אינסטיטוט פאַר ייִדישער קולטור בא דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע (מיט דער דאָזיקער סעקציע האָט דאַן אָנגעפירט נאָכעם שטיף). דאָ טיילט ער זיך גלײַך אויס אַלס באַהאַוונטער און טיכטיקער שפּראַכטוער. נאָך נ. שטיפס אומגעריכטן טויט (1933) ווערט ספּיוואַק באַשטימט אַלס אָנפירער פון דער סעקציע, און זינט 1936 שטייט ער בעראָש פון דער גאַנצער וויסנשאַפט־אַרבעט אין געביט פון ייִדישער קולטור אין דער אוקראַיִנישער אַקאַדעמיע.

די שפּראַך — אַ דערשײַנונג אַ געזעלשאַפטלעכע — ווערט אין דער סאָוועטישער לינגוויסטיק געפאָרשט אַף די טעאָרעטישע יעסוידעס פון דער מאַרקסיסטיש־לעניניִשער מעטאָדאָלאָגיע. צוליב דעם איז נייטיק קוידעמקאָל פעסטצושטעלן, וואָס איז דער מעהוס פון שפּראַך, וויִאַזוי איז זי געבונדן מיטן מענטשלעכן זײַן, דענקען און באַוווסטזײַן, וויִאַזוי איז זי אופגעקומען און פון וואָסערע פאַקטאָרן הענגט אָפּ איר אַנטוויקלונג. זוכנדיק אַן ענטפער אַף אָט די פראַגעס, האָט ספּיוואַק אָנגעשריבן זײַן בוך „מאַרקס און ענגעלס וועגן שפּראַך און שפּראַך־פּראָבלעמעס“ (1934). דאָס דאָזיקע ווערק האָבן וואַרעם אופגענומען סײַ די סאָוועטישע, סײַ די פּראָגרעסיווע אויסלענדישע לייענער.



אינעם XIX יאָרהונדערט האָט זיך אין דער לינגוויסטיק אַנטוויקלט אַ נײַע ריכטונג — די פאַרגלײַך־היסטאָרישע שפּראַכפאָרשונג. רייד̈נדיק וועגן דעם פאַרגלײַך־היסטאָרישן מעטאָד, האָבן מאַרקס און ענגעלס אויסגעדריקט זייער באַזונדערע צופרידנקײַט דערמיט, וואָס די שפּראַכפאָרשונג האָט זיך צו יענער צײַט געשטעלט אַפן וועג פון אַ פּינקטלעכער וויסנשאַפט. זיי האָבן הויך געשעצט אירע דערגרייכונגען; באַנאַנד דערמיט האָבן זיי אײַנגעזען אין דער נײַער שפּראַכפאָרשונג מעטאָדאָלאָגישע פעלערן און אָנגעוויזן דערויף.

ספּיוואַק האָט אין זײַן בוך גענוי אַנאַליזירט מאַרקס׳ און ענגעלסעס אַרויסזאָגונגען אין אָט דער פראַגע און באַלויכטן קריטיש אייניקע פאַלשע לינגוויסטישע קאָנצעפּציעס, וועלכע האָבן פריִער געהאַט און האָבן אויך איצט אַן אָנהאַנג.

אַ סאַכאַקל פון 10 יאָר פון עליע ספּיוואַקס אַרבעט אין דער ייִדישער פאָרשונג איז זײַן מאָנאָגראַפיע „נײַע וואָרטשאַפונג“. ער האָט זי פאַרענדיקט אין 1937 (דערשינען 1939). די סאַמע קאָמפּעטענטע לינגוויסטן פון דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע (מ. יאַ. קאַלינאָוויטש, אַ. יו. קרימסקי) האָבן אָפּגעשאַצט דאָס דאָזיקע בוך אַלס אַ היפּשן וויסנשאַפטלעכן אופטו. אין 1938 איז דער אווטאָר פון דער מאָנאָגראַפיע אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

פון דעמלט אָן פארבינדט זיך ספיוואק נאָך ענגער מיט די אוקראַיִנישע וויסנשאפטלעכע קרייַזן, ער טרעט ארויס אַף פארשיידענע לינגוויסטישע סעסיעס און באַטייליקט זיך אין די אוקראַיִנישע און רוסישע צייַטשריפטן סייַ מיט איבערגעזעצטע פראגמענטן פון זייַנע ייִדישע ארבעטן, סייַ מיט לעקסיקאָלאָגישע ארטיקלען וועגן אוקראַיִניש און רוסיש.

די מאָנאָגראפיע „נייַע וואָרטשאפונג" האָט ספיוואק פארטיידיקט אין מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט ווי א דאָקטאָר־דיסערטאציע; אַלס אָפיציעלע אָפּאָנענטן זייַנען ארויסגעטראָטן די פּראָפעסאָרן — דאָקטאָרס פון פילאָלאָגישע וויסנשאפטן מ. וו. סערגיִעווסקי[1], י. מ. נוסינאָוו, א. כ. שאפיראָ. אין זייערע רעצענזיעס איז אָפּגעמערקט, אז ספיוואקס בוך איז א ווערטפולער צושטייַער ניט בלויז פאר דער ייִדיש־פאָרשונג, נאָר פאר דער סאָוועטישער לינגוויסטיק אינגאנצן גענומען און פאר דער אַלגעמיינער שפראכוויסנשאפט. פראָפ. סערגיִעווסקי האָט געשריבן: „ספיוואקס ארבעט איז וויכטיק און אינטערעסאנט ניט בלויז פאר לייענער, וואָס ארבעטן ספעציעל אין געביט פון ייִדיש, נאָר פאר פילאָלאָגן און לינגוויסטן, ווייַל זי אנטהאלט א רייַכן און באַלערעוודיקן שטאָף, וועלכער באַלויכט אַלגעמיינע פראגן פון דער אויסבילדונג פון ליטעראַרישע שפראכן און קלאָרט אויס די סאָציִאַל־היסטאָרישע באדינגונגען פון זייער אנטשטייונג, אנטוויקלונג און רעגולירונג".

שאפנדיק די מאָנאָגראפיע, האָט ספיוואק דורכגעמאכט א גרויסע פאָרשונגס־ארבעט. ער האָט טיף דורכגעאקערט אַלע געשיכטלעכע פלאַסטן פון דער ייִדישער לעקסיק, אָנגעהויבן פונעם XVI יאָרהונדערט, אנאַליזירט די לעקסיקאָגראפישע ווערק פון פארשיידענע פעריִאָדן, דורכגעשטודירט די ייִדישע פובליציסטיק פון XIX און XX יאָרהונדערטן, אויסגעפאָרשט די שפראך פון דער פראָקטיאַבערישער און סאָוועטישער קינסטלערישער ליטעראַטור, — און קימאט דאָס אַלץ טעאָרעטיש איבערצייַגנדיק אָפּגעשפיגלט אין זייַן ווערק.

די נייַע וואָרטשאפונג, די אומגעהייערע באַרייַכערונג און דעם אופבלי פון דער שפראך באטראכט ספיוואק פולשטענדיק ריכטיק אַלס רעזולטאט פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג. ער נעמט אוף דעם דאָזיקן פראָצעס אין אספעקט פון פעלקער־פרייַנטשאפט: די נייַע וואָרטשאפונג שילדערט ער אַלס א געמיינזאמע דערשייַנונג פון די סאָוועטישע שפראכן. די אייגנארטן פון דער ייִדישער לעקסיק, יעדע אייגנטימלעכקייַט פונעם שפראכלעכן הייַנט ווערט דאָ באטראכט אַף דער באזע פון דער געשיכטלעכער צוגרייטונג, מיט היסטאָרישע אנאַלאָגיעס פון אנדערע שפראכן.

דער אווטאָר טרעט ארויס קעגן דער איינזייַטיקייַט און אויבערפלעכלעכקייַט, וואָס עס האָבן באַם פאָרשן ארויסגעוויזן ייִדישע לינגוויסטן פון פארשיידענע קאָנצעפּציעס, דערין איינִיקע סאָוועטישע.

לאָמיר נעמען די פראגע וועגן דער ראָליע פון די סעמיטישע (העברעיִשע און אראמעיִשע) ווערטער אינעם איצטיקן ייִדיש.

ס'איז געווען א צייַט, ווען אין דער סאָוועטישער פרעסע איז די פראגע וועגן די סעמיטיזמען געשטעלט געוואָרן אזוי: צי דארף מען זיי ביכלאַל גאָר ניצן אין ייִדיש? די, וואָס האָבן געהאלטן, אז ניין, האָבן געטייַנעט, אז די סעמיטיזמען זייַנען שייַעך בלויז צום אויסדריקן רעליגיעז־רוכניִעסדיקע באגריפן און אז ניט אף אָט דעם אינהאלט איז אויסגערעכנט די אנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראַרישער שפראך.

אין דער מאָנאָגראפיע „נייַע וואָרטשאפונג" ווערט דערוויזן, אז די סעמיטיזמען באצייכענען אויך, ווי ס'דריקט זיך אויס דער אווטאָר, „א גאנץ פייַן פעקל וואָכעדיקע באגריפן און פאָרשטעלונגען". דאָס זעלבע פארקערט: פיל ניט־סעמיטיזמען — ייִדישע ווערטער, וואָס גייען פון דייַטש און פון די סלאווישע שפראכן, באדינען אויך רעליגיעז־גייַסטיקע באגריפן. ספיוואק איז מאסקים דערמיט, אז א צאָל סעמיטיזמען זייַנען איצט ארויסגעפאַלן פונעם אקטיוון געברויך. מיר קומען אָן צו זיי סייַדן צוליב אנטירעליגיעזער פראָפאגאנדע אַדער צוליב סטיליזירן אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור די רייד פון פערסאָנאזשן.

אין פאסיוון לעקסישן פאָנד גייען אָבער אריבער אויך די ניט־סעמיטיזמען, וואָס באצייכענען אָפּגעלעבטע באגריפן. ס'איז, אלזאָ, אבסאָליוט ניט ריכטיק צו קעמפן קעגן העברעיִזמען ביכלאַל — בלויז איבער זייער אָפּשטאם. זייער פיל אייַנגעבירגערטע סעמיטיזמען ווערן ברייט געניצט אינעם איצטיקן ליטעראַרישן ייִדיש, און ס'איז ניט שייַעך אָפּצוזאָגן זיך דערפון. מיט אָט דעם שטאנדפונקט שטימט, אגעוו, די איצטיקע פראקטיק פון אונדזער ליטעראַרישער שפראך.

א צווייטע פראגע איז די ראָליע פון סלאוויזמען אין ייִדיש. אין די סאָוועטישע באדינגונגען איז די ייִדישע פאָלקסמאסע באזונדערס געקניפּט און געבונדן מיט דער ארומיקער ניט־ייִדישער באפעלקערונג. דאָס האָט זיך אָפּגערופן אף דער מינדלעכער ייִדישער שפראך: אין איר האָבן זיך אייַנגעוועבט א סאך רוסישע ווערטער, באזונדערס טערמינען. איינִיקע געזעלשאפטלעכע טוער האָבן געהאלטן, אז אַלע רוסיזמען, וואָס טרעפן זיך אין דער מינדלעכער שפראך, דארף מען אייַנבירגערן אויך אינעם ליטעראַרישן ייִדיש. די קאָמוניסטישע פארטיי, די סאָוועטישע וויסנשאפטלעכע און ליטעראַרישע געזעלשאפטלעכקייַט האָט שטענדיק פארורטיילט דעם פארייַנפאכערישן, נאָכשלעפערישן צוגאנג צו דער ליטעראַרישער שפראך, און דאָס איז שייַעך אויך צו ייִדיש.

אין ספיוואקס מאָנאָגראפיע פארנעמט די פראגע וועגן סלאוויזמען אין ייִדיש אן אָנגעזעענעם אָרט. ער שרייַבט: „דער הייַנטצייַטיקער ייִדיש פארדייעט אויסגעצייכנט און וועט ווייַטער פארדייען סלאווישן וואָרטשטאָף... דאָס האָט אָבער ניט צו טאָן מיט דער טענדענץ סטאם צו סלאוויזירן די ייִדישע שפראך און דערמיט מינערן אירע אייגענע פאראנענע מעגלעכקייַטן". ער אנאַליזירט די ארגומענטן לעטויוועס א נייַער רוסיש־ייִדישער שפראך און שטעלט פעסט זייער פאלשקייַט. ער ברענגט פאלן, ווען סלאוויזמען, אפילע ניט־אייַנגעבירגערטע, שפּילן א פאָזיטיווע ראָליע אין קינסטלערישע ווערק אַלס מיטל פון סטיליזאציע, נאָר ער פראָטעסטירט קעגן די פאקטן, ווען דער שרייַבער ווערט אָן דאָס געפיל פון קינסטלערישער מאָס און פאָטאָגראפירט פּאַשעט די שפראך פון די פערסאָנאזשן, ווי זי שטייט און גייט.

אין מעשעך פון זייַן גאנצער וויסנשאפטלעכער טעטיקייַט האָט ספיוואק ניט אופגעהערט צו ארבעטן איבער ווערטערביכער — אַלגעמיין־שפראכלעכע און טערמינאָ־

[1] ס'איז קעדייַ צו באצייכענען: פראָפ. מ. סערגיִעווסקי (ווי דער פריִער דערמאָנטער אקאד. א. קרימסקי) האָבן געקענט ייִדיש און, ווי די אנדערע ספיוואקס אָפּאָנענטן, געלייענט זייַנע וויסנשאפטלעכע ארבעטן אין אָריגינאַל.

לאָגישע. אונטער זײַן אָנפירונג זײַנען אין קאבינעט פאר ייִדישער קולטור פון דער אוקראַיִנישער וויסנשאפט־אקאַדעמיע צונויפגעשטעלט געוואָרן דרײַ טערמינאָלאָגישע ווערטערביכער (מאטעמאטישער — דערשינען אין 1935, געאָגראפישער — דערשינען אין 1936, רעכטלעך־אדמיניסטראטיווער — ארויסגעגעבן אין 1941) און צוויי אַלגעמיינע: רוסיש־ייִדישער און אוקראַיִניש־ייִדישער (עס האָבן זיך פארהיט זייערע מאנוסקריפטן). די מעטאָדאָלאָגישע פרינציפן פון הער לעקסיקאָגראפישער ארבעט האָט ספיוואק כאראקטעריזירט אין די פאָרעדעס צו די אָנגעוויזענע ביכער. די פראגע וועגן טערמינאָלאָגיע האָט ער באזונדער באלויכטן אינעם שלוס־קאפיטל פון דער מאָנאָגראפיע „נײַע וואָרטשאפונג“.

די דערשינענע טערמינאָלאָגישע ווערטערביכער האָבן אין זייער צײַט געהאט א וועזנטלעכע פראקטישע באדײַטונג. נאָך א גרעסערע ראָליע איז בארופן צו שפילן דאָס רוסיש־ייִדישע ווערטערבוך, וואָס ווערט איצט געגרייט צום דרוק.

עליע ספיוואק האָט אייפערדיק ליב געהאט דאָס עכטע קינסטלערישע וואָרט, ער איז געווען זײַן וואכזאמער ריטער. אין דער ליטערארישער סוויווע, מיט וועלכער ער האָט געהאט אן ענגן קאָנטאקט, האָט ער געשעמט אלס אווטאָריטעט, און די שרײַבער, וועלכע שטרעבן שטענדיק צו פארפולקומען די שפראך פון זייערע ווערק, פלעגן גערן זײַן צו הערן ספיוואקס א מיינונג, זיך האלטן מיט אים אן אייצע סײַ וועגן באזונדערע שפראך־מאָמענטן, סײַ וועגן ווערק אינגאנצן גענומען.

ספיוואקן האָבן שטארק גערעגט די פראָבלעמען פון איינהײַטלעכער ליטערארישער שפראך: אירע אורקוואלן און אנטוויקלונג, ווי אויך די פארהעלטעניש צווישן דער ליטערארישער און אומגאנגלעכער שפראך. די לייזונג פון אָט די פראָבלעמען האָט ער געזוכט קוידעמקאָל אין דער שפראך פון די קלאסיקער. ער האָט באוויזן אָנצושרײַבן אויספאָרשונגען וועגן דער שפראך און דעם סטיל פון אלע דרײַ קלאסיקער פון דער ייִדישער ליטעראטור. אָנגעהויבן האָט ער פונעם פאָלקסטימלעכסטן און פאָפולערסטן צווישן זיי — אין זײַן בוך „שאָלעם־אלייכעמס שפראך און סטיל“ (קיִעוו, 1940).

די „פאָרשטופע“ אין דער אנטוויקלונג פונעם ליטערארישן ייִדיש זעט ספיוואק אײַן נאָך אין דער ערשטער העלפט פונעם XIX יה. אין די ווערק פון י. אקסענפעלד, וועמעס שפראך „איז נאָך היפש סטיכיש, ניט גענוג אָרגאניזירט“, און פון ש. עטינגער, וועלכער איז „דאָך פארבליבן ניט מער, ווי א ליכטיק פירהויז, וואָס האָט ערשט געזאָלט ברענגען אין די גערוימע און גוט אויסגעשטאטע געבײַען פון מענדעלעס, פון שאָלעם־אלייכעמס, פון פערעצעס שאפן“... און ספיוואק קומט דירעקט צו דעם, וועמען ער באטיטלט ווי „דער בארופענער און געבענטשטער גרונטלייגער פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראטור און שפראך“ — צו מענדעלע מויכער־ספאָרים.

דער ברייטער אוילעם קען שאָלעם־אלייכעמען אפן גרונט פון זײַן קינסטלערישן שאפן. אָבער וועגן זײַן ראָליע אינעם בויען די ייִדישע ליטעראטור, אינעם פאריינהײַטלעכן, צעמענטירן און לײַטערן די שפראך פון דער ליטעראטור, אינעם פארוואנדלען דעם „זשארגאָן“ אין ייִדיש, — וועגן דער דאָזיקער באדײַטנדיקער ארבעט שאָלעם־אלייכעמס ווייסט מען ווייניקער.

אין אָט דעם פראט עפנט ספיוואק אויף זײַן בוך מיט זייער א וויכטיק קאפיטל, וואָס לייענט זיך מאמעש מיט געשפאנטן אינטערעס. ער הייבט ארויס שאָלעם־אלייכעמס פובליציסטיק פון סאָף 80־ער—אָנהייב 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווו דער גרויסער וואָרט־מײַסטער דערשײַנט פאר אונדז אלס מוטיקער קעמפער פאר א פאָלקס־ליטעראטור און פאר א פאָלקס־שפראך, פאר „אזא לאָשן, וואָס יעדער זאָל עס קאָנען פארשטיין“. ספיוואק ברענגט דערבײַ זייער טשיקאווע מוסטערן פון שאָלעם־אלייכעמס כאראקטעריסטישע ארויסטרעטונגען אין זײַן „ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק“. אָט איז איינער אזא מוסטער: „...זי, די זשארגאָנישע ליטעראטור, איז נאָך... נאקעט און באָרוועס... מע דארף זי ערשט אָנהייבן וויקלען, אויסגלײַכן איר די יונגע ביינדעלעך, אײַנבינדן, אײַנקרעמפעווען, זי זאָל ניט דריגען מיט די פיסלעך, זי זאָל, כאָלילע, ניט ווערן האָרבאטע און זיך ניט אָנשרײַען קיין בײַכל... מע דארף זי נאָך באָדן אין א מולטער מיט קלײַען, אָפּוואשן, אָפריייניקן, אָפשנײַדן דעם נאָפּל...“

ספיוואק פירט ארײַן דעם לייענער אין שאָלעם־אלייכעמס לאבאָראטאָריע און ווײַזט, וויאזוי דער שרײַבער ארבעט אף זײַנע ווערק אין דער ריכטונג פון מאכן די ליטערארישע שפראך פאָלקסטימלעכער, מאקסימאל נאָענט צו דער אומגאנג־שפראך, פארבײַטנדיק דײַטשמערישע, ליטערארישמעסיקע ווערטער אף פאָשעטע, נאטירלעכע, נאָענטע דעם פאָלקס־לייענער (פון „א ווירקלעך מעסערל“ אין דער ערשטער אופלאגע פונעם „מעסערל“ ווערט „אן עמעסדיק מעסערל“ אין דער צווייטער אופלאגע; פון „א שיינע אידיי“ — „א שיינע אייצע“ אאוו.).

אין בוך ווערט אויך געשילדערט שאָלעם־אלייכעמס קאמף פאר אן איינהײַטלעכן, אינטערדיאַלעקטאלן ייִדישן אויסלייג.

דאָס לעצטע שטייט, אייגנטלעך, אויסער דער דירעקטער טעמע פון ספיוואקס בוך. ס'איז אָבער א ביז גאָר וויכטיקער פאָן פאר דער עצעם טעמע.

און אָט האָבן מיר פאר זיך דירעקט דעם אנאליז פון שאָלעם־אלייכעמס שפראך לויט באשטימטע לינגוואָסטישע קאטעגאָריעס.

לעקסיק און וואָרטבילדונג, דעריקער לעקסיק, דה. וואָרטבאנוץ בא שאָלעם־אלייכעמען. דאָ ווערן געבראכט עכט פאָלקסטימלעכע, יאָדערדיקע ווערטער און וואָרטבאהעפטן, דעריקער פיגורעלע, געפליגלטע, עמאָציאָנעל באפארבטע, סאָציאַל־שטייגערישע כאראקטעריסטיקעס דורך פארשיידענע פאָלקסווערטער — אזויגערופענע שטייגעריזמען, „פראָפעסיאָנאליזמען, „קלעזמער־לאָשן“ אא.

שאָלעם־אלייכעמס בארימטער הומאָר איז, ווי באוווסט, אין א היפשער מאָס אויסגעדריקט אינעם וואָרטשפיל. ספיוואק אנאליזירט אָט די שפראך־דערשײַנונג לויט אירע באזונדערע אנטפלעקונגען: וואָרטשפילעוודיקער האָמאָנים (לעמאָשל, „צונעמען“: צונעמען אין גימנאזיע — צונעמען פאר א סאָלדאט אדג.), וואָרטשפילעוודיקע צונעמעניש (מענדל דער בלעכענער, ריוועלייצי אדג.), שפּעטוואָרט („גאָלענאר“ — אָנשטאָט האָנאָראר, אדג.); אידיאָם און ווערטל, וואָס טראָגן ארײַן אי געמיטלעכקײַט, אי לעבהאפטיקײַט אין שאָלעם־אלייכעמס דערצייל־מאניר און אין זײַן דיאלאָג.

לינגוויסטיש, דערבײַ ענג געבונדן מיט דער ליטערארישער פונקציע, איז בא ספיוואקן דערלאנגט דער מאטעריאל וועגן סינאָנימיע אין שאָלעם־אלייכעמס ווערק.

א גרויס אָרט פארנעמט אין בוך דער אנאליז פון שאָלעם־אלייכעמס סינטאקס.

פאַרשטאַרקונג און גרעסערע אויסדריקלעכקײַט דערגרייכט דער שרײַבער מיט אַזעלכע מיטלען, ווי איבערכאַזערונג, איבערשטעלונג (אינווערסיע), דורך צוגעבן עמאָציאָנעל אָנגעזעטיקטע ווערטער. דאָס איליוסטרירט ספּיוואַק אויף וואַריאַנטן פונעם „מעסערל". אַשטייגער: „זע נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס אַ ביסל צעבלוטיקט, דײַן קאַדעש!" — אַזוי איז אין דער ערשטער אויפלאַגע. און אין דער צווייטער אויפלאַגע: „זע נאָר, זע, ווי ער האָט זיך דאָס אַ ביסל צעבלוטיקט, דער קאַדעש דײַנער!" אאַז״וו. ס׳ווערט געוויזן די קינסטלערישע פונקציע פונעם קורצן און פאַרברייטערטן זאַץ, פון עליפּטישער קאָנסטרוקציע (דורכלאָז פון ווערטער), פרײַערן זאַץ־באַהעפט, עקספּרעסיווע פאַראַלעלע וואַריִרונגען אַלס מיטל פון רייד־סטיליזאַציע, פון איבערכאַזערונג אַלס מיטל פון סטיליסטישער אויסדריקלעכקײַט אאַז״וו.

איינער פון די אינטערעסאַנטסטע איז דער אָפּטייל וועגן ריידסטילן און סטיליזאַציעס. דאָ ווערן אַרויסגעהויבן די אינדיווידועלע רייד־שטריכן פון באַזונדערע פּערסאָנאַזשגרופּעס אין שאָלעם־עליכעמס אומגעהײַער רײַכער געשטאַלטן־גאַלעריי. די געשטאַלטן ווערן דאָ אײַנגעטיילט לויט זייער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן טאָך און ס׳ווערט געוויזן די רייד־אייגנשאַפטן פון יעדער גרופּע. דער ריידקאָלאָריט פונעם דאָרפישן האָרעפּאַשניק: אין גרונט — טעוויעס רייד־מאַניר מיט זײַנע אָפּטע נאַטור־אַסאָציאַציעס, מיט פאָלקסטימלעכע אוקראַיִניזמען אין וואָרט, אידיאָמאַטיק אאַז״וו. מיט זײַן קלוימערשטער לאָמדישקײַט — די העברעיִשע פּסוקים מיט זייערע לאַקירדע־טײַטשן; ריידסטיל פון די לופטמענטשן: געמיש און געפּלאָנטער פון פאַרשיידנשפּראַכיקע ווערטער, זשאַרגאָניזאַציע — לעמאָשל, דאָס באַרימטע שאַדכאָנים־צעטל אין „מענאַכעם־מענדל"; ריידסטיל „הויכער גאַנג": פּאַראָדיע אויף דער באַטלאָנישער מעליצע פון אַ רעב יויזעפל דעם ראָוו, קאָמיש־פּאַטעטישע רייד פון אַ ציִעניסטישן מאַסקל; ספּעציפישער מאָדנע־מעשונעדיקער ריידסטיל פון פיניען, עליעס כאַווער פון „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס", מיט זײַן מישטײַנס געזאָגט אַראַטאָרישן נוסעך, פול מיט פּלאָנטער, הויכע, קלינגענדיקע ווערטער, גענומען פון אַלע לעקסישע קוואַלן, דעריקער רוסיזמען, — אָפּן מאַניר „איך וועל געבן אינקורצן אַ ווזגליאַד אויף דער גאַנצער פּאָלאָזשעניע, וועט איר האָבן אַ טאָטשקע זרעניע" אאַז״וו.; דער „מײַנעלאָשן"־סטיל, ווי ספּיוואַק כאַראַקטעריזירט אים: „היפּערטראָפּירטע און טאַווטאָלאָגיזירטע ריידערײַ, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט אַ שטיק ווירקלעך קאַסרילעווקער לעבן און דענקען". אַזוי ריידן די יִידענע פונעם „טעפּל", דער דערציילער פונעם „ניסרעף", פון „גיטל פורישקעוויטש" אאַ.

דער אָפּטייל „ריידסטילן און סטיליזאַציעס" שליסט ספּיוואַקס ווערטפולן בוך וועגן שאָלעם־עליכעמס שפּראַך און סטיל.

בעשאַס דער מילכאָמע זעצט ספּיוואַק פאָר זײַן אָנגעשטרענגטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. דער פּרעזידיום פון דער אַקאַדעמיע פון דער אוקראַיִנישער סאָוועטן־רעפּובליק, אַלע אַקאַדעמיקער און מיטגלידער־קאָרעספּאָנדענטן, ספּיוואַק בעסויכאָם, ווערן עוואַקויִרט קיין אופאַ (באַשקיריע). ווי אַן עכטער סאָוועטישער פּאַטריאָט זוכט עליע ספּיוואַק און געפינט דאָס, מיט וואָס ער קאָן דינען דעם פאָטערלאַנד אין אַזאַ שווערער צײַט. ער נעמט גלײַך זאַמלען מאַטעריאַל פאַר דער פאַרטראַכטער אַרבעט „די שפּראַך אין די טעג פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע".

ניט געקוקט אויף די גרויסע שוועריקײַטן באַם צונויפזאַמלען און פאַרגרייטן דעם מאַטעריאַל, איז די אַרבעט פאַרהעלטניסמעסיק גיך פאַרענדיקט געוואָרן. אין אַ בוךפאָרם האָט זיך אײַנגעגעבן צו רעאַליזירן אָט די אַרבעט ערשט אין 1946 יאָר.

דאָס קליינע ביכעלע איז אָנגעשפּיקעוועט מיט רײַכן מאַטעריאַל. גאַנץ אָפּט פירט דער פאָרשער אַרויס די שפּראַך־דערשײַנונג אויף אַ ברייטן שליאַך פון ליטעראַרישן אַנאַליז, און דאָס פּילט אָן די אָפּהאַנדלונג מיט אַ סאַך לופט און מאַכט זי עמאָציאָנעלער. ער ברענגט אַ סאַך פראַגמענטן פון לידער־שאַפונגען פון אונדזערע יִידישע דיכטער בעשאַס דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, גייענדיק פוסטריט נאָך זייערע צאַפּלדיקע דיכטערישע אַרויסזאָגונגען.

באַ אַ גינסטיקער געלעגנהײַט וואַרפט ספּיוואַק איבער אויך אַ בריק פון דער מילכאָמע־לעקסיק אויף צוריק אויש אין דער עלטערער יִידישער ליטעראַטור. אַשטייגער, דער פיגוראַלער אויסדרוק „צונג" (פאַר אַ געפאַנגענעם, באַ וועמען מע ווערט געוואָרע וועגן סוינע) דערמאָנט דעם אווטאָר, אַז ערגעץ באַ אַקסענפעלדן אין „שטערנטיכל" איז דאָס דאָזיקע וואָרט פאַראַן אין דעם זעלבן זינען: „כאַפּן אַ צונג". ווי געניט מע דאַרף זײַן אין דער גאַנצער יִידישער ליטעראַטור, אין איר לענג־און־ברייט, קעדיי האָבן אונטער דער האַנט אַזעלכע אַסאָציאַציעס!

דאָס ביכל איז פול מיט פּאַראַלעלן אין רוסיש און אַנדערע שפּראַכן. ניט זעלטן לאָזט זיך ספּיוואַק אַרײַן אין היסטאָרישע שפּראַך־עקסקורסן (אַשטייגער, באַם באַהאַנדלען דאָס מעטאַפאָריש געניצטע וואָרט „סאָקאָל" דערמאָנט ער אַ געהעריקע שטעל פונעם „געזאַנג וועגן איגאָרס כאַיִל").

אַ ווייכער לויט דער נאַטור, ווערט אָבער ספּיוואַק האַרב און סאַרקאַסטיש בייז, ווען ער ווענדט זיך אין זײַן בוך צו דער שפּראַך פונעם דאַם־סוינע, ווי ער דריקט זיך אויס אויף זײַן פאָלקסטימלעכן נוסעך. אין דער דאָזיקער לײַדנשאַפטלעכער ראָליע זײַנער טרעט ספּיוואַק אָבער ניט אָפּ אויף קיין האָר פון זײַן פאָרשערישן גאַנג. מיט וויסנשאַפטלעכער סאָלידקײַט און געוויסנהאַפטיקײַט לאָזט ער זיך אַרײַן אין שפּראַכלעכע פּאַראַלעלן אויף צו אויפדעקן דעם גענעזיס פון דעם אָדער יענעם וואָרט.

עליע ספּיוואַק געהערט צו יענעם טיפּ לינגוויסטן, וועמעס אינטערעסן טרעטן אַריבער די ראַמען פון הוילער שפּראַכפאָרשונג. באַנאַנד מיט דער שפּראַכלעכער זײַט דערלערנט ער אויך דאָס ליטעראַרישע ווערק אינגאַנצן גענומען, דערצו אויף אַ ברייטן היסטאָרישן פּאָן, דאָס הייסט אַלגעמיין פילאָלאָגיש, אַזוי אַז עס ווערן דאָ צונויפגעגאָסן דרײַ קרויווישע פילאָלאָגישע וויסנשאַפט־געביטן: געשיכטע, ליטעראַטורוויסנשאַפט און שפּראַכוויסנשאַפט.

1944. די מילכאָמע האָט זיך נאָך ניט געהאַט געענדיקט, אָבער דער ווילדער סאָף פונעם בעסטיִאַלן פאַשיזם איז שוין געווען נאָענט. די אוקראַיִנישע וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע קערט זיך אום קיין קיִעוו. עליע ספּיוואַק, אין זעניט פון זײַנע שעפערישע קויכעס, זעצט פאָר זײַן אומדערמידלעכע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. ער איז פול מיט פּלענער פאַר נײַע פאָרשונגען.

זיי זײַנען אָבער צו שטאַנד ניט געקומען. אין אָנהייב 1949 פאַלט ער אַ קאָרבן פונעם פּערזאָנען־קולט.

זײַנע ווערטפולע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן זיכערן אים אַ בעקאָוועדיק אָרט אין דער געשיכטע פון דער יִידישער קולטור.

## מיינונגען און געדאַנקען

די רעדאַקציע האָט אין איינער און דער זעלבער צײַט באַקומען צוויי אַרטיקלען מיט קימאַט אַלציינע נעמען. „באַמערקונגען וועגן אונדזער קריטיק“ האָט צוגעשיקט פון קאַזאַן מ. נאַטאַוויטש; „באַמערקונגען וועגן דראַמאַטורגיע“ — אַזוי האָט געהייסן דאָס אַרטיקל, וואָס עס האָט געבראַכט אין רעדאַקציע דער מאָסקווער קריטיקער י. ליובאָ־מירסקי.

מיר מיינען, אַז ניט צופעליק זײַנען צונויפגעפאַלן די באַמיִונגען, וואָס עס מאַכן פאַר־שיידענע שרײַבער צו געפינען נײַע וועגן און אויסדריק־מיטלען פאַר די זשאַנרען פון אונדזער ליטעראַטור. די אַלפאַרבאַנדישע באַראַטונגען וועגן די פראַגן פון קריטיק און פּראָזע, וועלכע זײַנען צונויפגערופן געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאַנד“, האָבן באַוויזן, אַז עס זײַנען דאָ ניט ווייניק פּראָבלעמען אין אונדזער ליטעראַריש לעבן, וועלכע דאַרפן באַהאַנדלט ווערן.

די רעדאַקציע האָט באַשטימט עפענען אַן אָפּטייל „מיינונגען, געדאַנקען, באַמערקונ־גען“ און גלײַך פאַרעפנטלעכן אין אים איינס לעבן דעם אַנדערן ביידע באַקומענע אַר־טיקלען, ניט ענדערנדיק די קעפּלעך באַ זיי, כאָטש מ. נאַטאַוויטש און י. ליובאָמירסקי וואָלטן זיכער אויסגעמיטן איבערכאַזערונג.

# באַמערקונגען
# וועגן אונדזער קריטיק

אָן קריטיק קאָן אַ ליטעראַטור ניט לעבן. אַ ליטעראַטור, וואָס האָט ניט קיין קריטיקער, איז, ווי מענדעלע האָט נאָך אַמאָל געשריבן, אַ „גאָרטן אָן אַ באַלעבאָס: דאָרט פּאַשעט זיך דאָס קעלבל און מאַכט אַ טעל פון די פלאַנ־צונגען...“

מיר האָבן צו פאַרצייכענען אַ ריי נײַסן אין אונדזער קריטיק און פאָרשונג פאַר די לעצטע יאָרן. נאָר מע דאַרף זיך דאָך פאַרטראַכטן אַף דעם, וואָס איז געוואָרן אַ זעלטנהײַט. ווי קיינמאָל ביז איצט, פילט איצט די ליטעראַטור דעם מאַנגל אינעם פּראָבלעמען־אַרטיקל. עס פעלן ערנסטע סאַכאַקלען און פאַראַלגעמיינערונגען: וואָס פאַר אַ נײַס האָט פאַר די לעצטע יאָרן געבראַכט ניט נאָר דער אָדער אַנדערער פּראָזאִיקער אָדער פּאָעט, נאָר די פּראָזע און פּאָעזיע אינגאַנצן גענומען? וועלכע זײַנען די שעפערישע ריכטונגען, טענדענצן, פּראָבלעמען? אַף דעם האָט נאָך דערווײַל די קריטיק ניט געענטפערט.

אָבער עס זײַנען פאַראַן איינצלנע פּרוּוון, וואָס פאַר־דינען אויפמערקזאַמקײַט.

הערש רעמעניק איז דער אַווטאָר ניט בלויז פונעם אַרטיקל „מיט הונדערט יאָר צוריק“, נאָר אויך פון די „נאָטיצן וועגן אונדזער פּראָזע“. דערווײַל זײַנען דאָס נאָך בלויז קורצע נאָטיצן. שטאַרקער איז רעמעניק אין זײַנע אַרטיקלען וועגן דעם אָדער יענעם שרײַבער. מע דאַרף אָבער ניט פאַרזען, אַז גראָד פון די אַרטיקלען וועגן באַזונדערע שרײַבער גייט רעמעניק צו גרעסערע פאַראַלגעמיינערונגען. צו די נאָטיצן וועגן אונדזער פּראָזע איז ער געקומען נאָכן אַרטיקל וועגן עליע שעכטמאַנען.

דאָס אַרטיקל וועגן שלוימע רויטמאַנען וועט אים געוויס נאָך ווײַטער פירן „אין דער וועלט פון געזאַנגען“.

פאַר דער קריטיק איז אויך גילטיק דאָס, וואָס מאַיאַ־קאָווסקי האָט געווונטשן דער דיכטונג. זאָלן קריטיקער זײַן, ווי דיכטער, „וואָס מער פאַרשיידענע און גוטע“. זאָלן זײַן פאַרשיידענע האַנטשריפטן. נאָר געדענקען דאַרף מען, אַז אַ גוטע האַנטשריפט איז די, וועלכע מע קאָן אָן שוועריקײַטן פאַנאַנדערקלײַבן. מער ווי אַלע מאָל טראַכט איך איצט וועגן דעם, אַז קריטיק דאַרף אויפהערן זײַן אַ זשאַנער פאַר „אויסדערוויילטע“, בלויז פאַר לי־טעראַטור־קענער. די קריטיק דאַרף ווערן צוגענגלעך פאַר יעדן, וואָס לייענט און האָט ליב ליטעראַטור.

אין קריטיק האָט רעכט אַף עקזיסטענץ דאָס גרעסערע פאָרשערישע אַרטיקל און די קליינע רעצענזיע, טעאָריע און מעטאָדאָלאָגיע, דיסקוסיע און פּאָלעמיק, עסיי און ליטעראַרישער פּאָרטרעט, ביבליִאָגראַפישער און ליטעראַ־טור־קריטישער איבערזיכט, סאַכאַקלען און פאַראַלגע־מיינערונגען.

ס'ווערט באַ אונדז געשאַפן נײַס אינעם זשאַנער פון ליטעראַרישן פּאָרטרעט — אינעם אויפן פון אָרגאַניש פאַרייניקן פּאָרטרעט און אַנאַליז, דערינערונג און קרי־טיש־וויסנשאַפטלעכע באַלויכטונג. מיט אַ יאָר צען צוריק האָט עפראַיִם קאַגאַנאָווסקי פאַרעפנטלעכט אַ פּרעכטיקן בוך קינסטלערישע פּאָרטרעטן „ייִדישע שרײַבער אין דער היים“. נאָר ווען איך לייען דעם פּאָרטרעט פון דאָ־וויד בערגעלסאָנען, וועלכן יאַנקעוו שטערנבערג האָט אָנגעשריבן, פיל איך די ווײַטערדיקע נאַטירלעכע אויס־ברייטערונג פונעם זשאַנער, איך זע דעם ייִדישן שרײַ־בער אין דער ליטעראַטור, ניט נאָר אין דער היים.

איך לייען מיט אינטערעס אין אונדזער זשורנאַל די לאַקאָנישע זײַטלעך פון דער „שעפערישער לאַבאָראַ־

טאָריע" און טראַכט: ווי ווויל וואָלט געווען, ווען די שעפערישע לאַבאָראַטאָריע וואָלט אופגעשלאָסן געוואָרן מיט יאָרן צוריק, ווען עס האָבן געלעבט אונדזערע גרויסע מײַסטערס? וויפל שעפערישע סוידעס וואָלטן מיר זיך פון זיי דערוווּסט! און נאָך טראַכט איך: אַף וואָס פאַר א רײַכן שעפערישן אויסטויש זײַנען הײַנט פײיִק אונדזערע לעבעדיקע שרײַבער! אין דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע זעען מיר פיל כידושים. וויכטיק איז דאָ ניט אַזוי דאָס אויסטערלישע פונעם שאַפונגס־פּראָצעס (ווי יאַנקעוו שטערנבערג זאָגט: וואָס פאַר א נאַפּקעמינע איז, צי האָב איך געשריבן, האַלטנדיק די פיס אין א שיסל מיט קאַלט וואַסער, אָדער האַלטנדיק דעם קאָפּ אין א וואָלקן פון פּאַפּיראָסן־רויך?..), ווי די צילגעווענדטקײַט און דאָס פאַראַנטוואָרטלעכקײַט־געפיל פונעם שרײַבער („קליינע פּאָעמעס — גרויסע אַכרײַעס", — זאָגט הירש אָשעראָוויטש). די „שעפערישע לאַבאָראַטאָריע" — זי איז נאָך איין נײַס אין אונדזער קאָלעקטיווער פאָרשונגס־אַרבעט.

אַן עמעסע דערשײַנונג אין אונדזער קריטיק איז הילעל אַלעקסאַנדראָווס „ייִסראָעל צינבערג און זײַן אַרכיוו". מע קאָן עס רויִק ניט לייענען. אין לענינגראַד האָט געלעבט אַן אינזשעניער, א כימיקער. ער איז געווען א גרויסער באָקי אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט פאַרעפנטלעכט וועגן איר פּילצאָליקע אַרטיקלען, אַרויסגעגעבן נײַן בענדער וועגן איר געשיכטע. ער האָט געאַרבעט איבער די קוּיכעס און זייער פיל אופגעטאָן. דער פערזאָנען־קולט האָט אים ניט געשוינט. צינבערגס פאָנד, וועלכער געפינט זיך אין אַרכיוו פון לענינגראַדער אָפּטיילונג פונעם אינסטיטוט פון די פעלקער פון אַזיע בא דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, ווערט זאָרגזאַם שטודירט און באַאַרבעט פון דעם הײַנטצײַטיקן ייִדישן סאָוועטישן ליטעראַטור־פאָרשער הילעל אַלעקסאַנדראָוו.

דער ביבליִאָגראַף הערט בא אונדז אוף צו זײַן א טרוקענער רעגיסטראַטאָר און הייבט זיך אָן אַקטיוו ארײַנמישן אין ליטעראַרישן פּראָצעס. הילעל אַלעקסאַנדראָוו וואָלט פּאַשעט געקאָנט איבערעכענען די 630 „אַרכיוואַלע איינסן" פון צינבערגס פאָנד, און דאָס אַליין וואָלט שוין געווען אַן אַנטדעקונג. נאָר ער באַגרענעצט זיך ניט דערמיט. ער באַגלייט זײַן אַרכיוו־באַשרײַבונג מיט צילגעווענדטע קאָמענטאַרן פון א ליטעראַטור־היסטאָריקער, פילט אויס א כויוו פאַר צינבערגן און דערמאָנט וועגן כויוו, וואָס קומט נאָך פון אונדזער קריטיק דעם מערקווירדיקן פאָרשער פון „ליטעראַטור בא ייִדן".

בעשײַטע האָבן אונדזערע קריטיקער און פאָרשער ניט ארײַנגעקוקט איינער צום אַנדערן אין די אַרכיוון. באַם לעבן, ווי ס'איז אָנגענומען, לייגט מען צומאָל ארײַן אין אַרכיוו צווייטראַנגיקס, אָבער נאָכן טויט באַקומט עס אַן ערשטראַנגיקן באַדײַט. איך בין זיכער, אַז אַלעקסאַנדראָווס מיטיילונג וועט דערוועקן דעם אינטערעס בא נאָך ביבליִאָגראַפן און קריטיקער צו די פאַרבליבענע אַרכיוון פון די פאַרשטאָרבענע און טראַגיש אומגעקומענע שרײַבער און ליטעראַטור־קענער, און די ווײַטערדיקע אַרכיוו־אויספאָרשונגען וועלן ברענגען וויכטיקע יעדיִעס פאַר אונדזער ליטעראַטור.

דער ביבליִאָגראַף איז דער זיקאָרן פון דער ליטעראַטור. לייענענדיק כאַצקל נאַדעלס „באַמערקונגען פון א ביבליִאָגראַף"[1], פריי איך זיך, וואָס דער „זיקאָרן" איז ניט אָפּגעשוואַכט און וואָרנט קעגן טאָעסן — אָנגעהויבן פון דעם פאָרשערס טאָעסן און געענדיקט מיט די טאָעסן פונעם „באָכער־האַזעצער"...

כאַצקל נאַדעל דערמאָנט ניט צופעליק אַן אַלטן קלאַל: „בא ליטעראַטור־פאָרשערישער אַרבעט איז נייטיק טיפע ליטעראַרישע און ביבליִאָגראַפישע בקיִעס, ביבליִאָגראַפישע פּינקטלעכקײַט. ווען עס גייט א רייד וועגן א ספּעציעלן ליטעראַרישן שטודיום, איז, נאַטירלעך, דער כויוו פונעם ליטעראַטור־פאָרשער צו וויסן, צי איז שוין די טעמע ווען־ניט־איז באַלויכטן געווען, און אויב יאָ, מיט וואָס קום איך זי דערגאַנצן, וועלכע כידושים ברענג איך". ס'איז א וואָרענונג פאַר דעם, וואָס וויל זיך ניט רעכענען מיט די נאָרמעס, וועלכע האָבן זיך שוין פון לאַנג אָן אײַנגעשטעלט אין אונדזער קריטיק און פאָרשונג. גוט, וואָס דער ביבליִאָגראַף איז אַף דער וואַך אין אונדזער ליטעראַטור!

די ליטעראַטור אונדזערע איז אַף א נײַעם אופשטײַג. האָבן מיר ניט קיין רעכט אָפּצושוואַכן די אײַנגעשטעלטע נאָרמעס און קריטעריעס, דאַרפן מיר נאָך מער פאָדערן פון זיך און פון אַנדערע, און ניט פאַרגעסן: ס'איז נאָך פאַראַן א וועלט מיט אַרבעט.

מוישע נאָטאָוויטש.

## באַמערקונגען וועגן דראַמאַטורגיע

די געשיכטע פון דער וועלט־דראַמאַטורגיע פאַרמאָגט א סאַך בײַשפּילן, ווען עס זײַנען געשאַפן געוואָרן די אַזויגערופענע לייען־דראַמעס. אַזוי, לעמאָשל, האָט א. וו. לונאַטשאַרסקי אָפּגעדרוקט זײַן פּיעסע „דער באַפרײַטער דאָן־קיכאָט" מיט אַן אָנווײַזונג „א פּיעסע צום לייענען", האַגאַם עס האָבן זיך געפונען באַלאָנים אויסנוצן אָט די פּיעסע אין טעאַטער און מע האָט זי טאַקע אופגעפירט אַף דער בינע.

אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער דראַמאַטורגיע באַגעגענען מיר אויך באַלערעוודיקע בײַשפּילן אין דעם פּראַט. שאָלעם־אַלייכעמען האָט ווי דאָס האַרץ געזאָגט, אַז זײַן „יאַקנעהאָז" — א שאַרפע סאַטירע אַף דער קיִעווער ייִדישער בורזשואַזיע — וועט ניט זויכע זײַן אופגעפירט ווערן אַף דער בינע.

און אַזוי איז טאַקע געשען: די קיִעווער ייִדישע בירזשעוויקעס האָבן באַם פאַרלעגער אָפּגעקויפט און פאַרברענט דעם גאַנצן טיראַזש פון אָט דער אָפּגעדרוקטער פּיעסע. שאָלעם־אַלייכעם האָט, ווײַזט אויס, באַשלאָסן אַרויסוואַרפן פונעם קאָפּ דעם פאַרלאַנג אַרויסצוברענגען „יאַקנעהאָז" אַף דער בינע, און זי איז אַדהײַעם פאַרבליבן א לייען־דראַמע, ניט געקוקט דערויף, וואָס זי איז רײַך מיט אויסגעשפּילטע זשאַנערוווע סצענעס.

ייִצכאָק־לייבוש פּערעץ האָט אויך געוויס זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז עמעץ וועט קריגן כיישעק אופירן אין טעאַטער זײַן „באַנאַכט אַפן אַלטן מאַרק".

דעם זייער פרי אומגעקומענעם ביינוש שטיימאַן האָט מינאַסטאַם זיך ניט געכאָלעמט, אַז זײַן דראַמאַטישע פּאָעמע „מאָשיִעך־בען־יויסעף" וועט קריגן אַזאַ רומפולן טיקן אין דער קיִעווער מעלוכישער ייִדישער טעאַטערסטודיע „קולטור־ליגע".

אינטערעסאַנטע בײַשפּילן אין דעם פּראַט געפינען מיר אין דער דראַמאַטורגיע פון אַנדערע פעלקער. מיר וועלן

[1] „סאָוועטיש הײמלאַנד", נומ. 3, 1965.

אינקורצן דערמאָנען בלויז איינעם פון זיי. דער באַוווסטער פילאָסאָף סענעקא האָט געשריבן הויך־אינטעלעקטועלע פּיעסן, וואָס אופירן זיי אין טעאַטער איז געווען שווער: אין זיי האָבן געפעלט פאַרוויקלונגס־מאָמענטן, און דעם מאסן־צושויער איז שווער געווען אויסזיצן עטלעכע שאַ נאָכאַנאַנד.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז יעדער דראַמאַטורג שפּירט אַ גרויסע באַפרידיקונג, ווען זײַן ווערק ווערט אופגעפירט אין טעאַטער. אָבער אויך די לייען־דראַמע בלײַבט אַ געזעצלעכער זשאַנער. אויב אַ פּיעסע ווערט ניט געשטעלט אָף דער בינע, פאַרלירט זי דאָך ניט איר ליטעראַריש־קינסטלערישן ווערט.

אַ ריי וועלט־דראַמאַטורגן זײַנען געוועזענע אַקטיאָרן. זיי האָבן גוט געוווּסט, מיט וואָס מע קאָן פאַרכאַפּן דעם צושויער. שעקספּיר האָט אין אַ ריי טראַגעדיעס אַרײַנגעפירט אַ לץ. אין „קיניג ליר" פאַרנעמט דער לץ אַן אָנגעזעען אָרט. אין „האַמלעט" איז דער קאַברען בימקום לץ. כּוח דעם, דערמאָנט מען דאָ דעם לץ יאָריק. ווײַזט אויס, אַז מע האָט געמוזט דאָס טראַגישע צונויפפּאָרן מיט דעם קאָמישן, כּדי לינדערן דעם ווייטעק באַם צוזען די לײַדן פונעם טראַגישן העלד.

נאָך קלאָרער וועט אָט די האַשאָרע זײַן, ווען מיר וועלן פאַרגלײַכן האַלקינס דראַמאַטישע פּאָעמע „באַר־קאָכבאַ" מיט גאָלדפאַדנס פּיעסע אָף דעם זעלבן סוזשעט, הגם ס'איז ניט אַזוי גרינג אַזאַ אַוועדע. סײַ פון אידייִשן, סײַ פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט איז האַלקינס פּיעסע אַ פּרעכטיק ווערק פון אונדזער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, בעשאַס גאָלדפאַדנס פּיעסע איז קינסטלעריש פיל שוואַכער סײַ אין זין פון היסטאָרישער וואָרהאַפטיקײַט, סײַ לויט איר דראַמאַטורגישן געוועב, סײַ אין דער שפּראַך. ס'איז געשריבן קימאַט צום סאָף פונעם נײַנצעטן יאָרהונדערט און געבליבן איז עס אָפן ניוואָ פון אַ געוויינלעכער מיטלאַלטערלעכער מיסטעריע. און דאָך שווימט אַרוף אַ פראַגע: פאַרוואָס האָט גאָלדפאַדנס „באַר־קאָכבאַ" אין משך פון פיל צענדליקער יאָרן פאַרכאַפּט קאָלאָסאַלע מאַסן ייִדישע צושויער, בעשאַס האַלקינס עכטע, גלענצנדיקע היסטאָרישע דראַמע האָט פאַרהעלטניסמעסיק ניט לאַנג זיך אײַנגעהאַלטן אינעם רעפּערטואַר פונעם ייִדישן טעאַטער?

גאָלדפאַדן האָט געוווּסט דער סאָד, וויִאַזוי צו נעמען דעם צושויער אין געפענקעניש, דעם סאָד, וואָס מיר רופן אים „סצענישקײַט" (אָדער — „טעאַטראַלישקײַט"). דער קאָמיקער, דער לץ איז אַלעמאָל געווען דער ליבלינג פון דער ייִדישער צושויער־מאַסע. דער קאָמיקער איז קימאַט אַלע מאָל געווען דאָס קוועקזילבער, דאָס פעפערל אין דער ייִדישער פאָרשטעלונג. און גאָלדפאַדן האָט טאַקע אין זײַן „באַר־קאָכבאַ" אַרײַנגעפירט די בופאָנישע, די קלאָונישע פיגור פון פּאַפּוסן. אָט דער פּאַפּוס, וועמען גאָלדפאַדענען האָט זיך אײַנגעגעבן צו שילדערן מיט פאַרטיפטקײַט (פּאַפּוס איז, אייגנטלעך, לויט זײַן מהות, געווען אַ טראַגיקאָמישע פיגור — ער איז דאָך לײַדנשאַפטלעך, הגם האָפענונגסלאָז, געווען פאַרליבט אין דינען), און אָט די קאָנטראַסטן־שפּיל, ווען דאָס קאָמישע האָט זיך געראַנגלט מיט דעם טראַגישן, — דאָס אַלץ האָט געוואָרפן אַ באַזונדערן כיין אָף אַ ריי סצענעס פון דער פאָרשטעלונג, און דער צושויער איז מיטגעריסן געווען פון אָט דעם צויבער.

עס וועט עפשער ניט זײַן קיין גרויסער טאָעס, אויב מיר וועלן פון דעם שטאַנדפּונקט באַטראַכטן אָשעראָוויטשעס דראַמאַטישע פּאָעמע — „די וואָרענונג" (אָפּגעדרוקט אין נומ. 2 „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן 1961). אַוואַדע איז זי אַדאַנק איר אַקטועלקײַט, אַדאַנק דער קלאָרקײַט פון איר אידיי, דער זויבערקײַט פון איר שפּראַך — אַ וויכטיקער בײַטראָג אין אונדזער ליטעראַטור. צי קאָן מען אָבער ריידן וועגן אופירן אַזאַ ווערק אָף דער בינע? און דאָס גופע, וואָס די באַגעגעניש פון די פּערסאָנאַזשן קומט פאָר אין אַ פינצטערער הייל, ווּהין מענטשן ראַטעווען זיך פון דער אומגעהײַערער קאַטאַסטראָפע, פונעם גורל פון דער דריטער וועלט־מילכאָמע, דאָס גופע וואַרפט אַרוף אַן איימע אָפן צושויער און איז אימשטאַנד אָנזעטיקן די אַטמאָספער פונעם צושויער־זאַל מיט אַ גוואַלדיקער אומהיימלעכקײַט, מיט שוידער און ייִעש. ס'איז אַ ספק, צי קאָן אַזאַ פאָרשטעלונג באַ הײַנטיקער צײַט זײַן באַרעכטיקט. אויבפּראַט נאָך, ווען האַנדלונג האָבן מיר דאָ אַ מינימום. גאָר אַנדערש איז, ווען מיר באַטראַכטן דאָס דאָזיקע ווערק ווי אַ לייען־דראַמע. און מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט אָשעראָוויטשעס דראַנג אָנשרײַבן זײַן ווערק אין דער פאָרם פון אַ דראַמע. אַזוי צו טאָן האָט אים דיקטירט זײַן אינערלעכע באַדערפעניש צו אופרעגן דעם לייענער און אים צווינגען פאַרטראַכטן זיך איבער דער וויכטיקסטער הײַנטצײַטיקער פּראָבלעם — וויִאַזוי אויסמײַדן די שרעקלעכסטע קאַטאַסטראָפע.

אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 4 פאַרן 1962 געפינען מיר נאָך אַ פּיעסע: הובערמאַנס איינאַקטער — „די ערד איז קײַלעכדיק". ס'איז אַ קאָמעדיע. דעם אַוטאָר האָט דאָ באַגײַסטערט אַ דערפרייענדיקע דערשײַנונג, וואָס מיר באַמערקן אינעם לעבן פון דער פאָרגעשריטענער יוגנט: די בעסטע פון אונדזערע יוגנטלעכע, ווי נאָר זיי באַקומען הויכע בילדונג, רײַסן זיך אַהין, ווּ מע נייטיקט זיך אַמשטאַרקסטן אין זייערע קענטענישן, — זאָל עס זײַן אַ פאַרוואָרפן ווינקל, אַ העק, זאָל עס זײַן ווײַט־ווײַט, אַפילע אָף יענער זײַט גרענעץ פונעם לאַנד. די מאַמעס זייערע, די באָבעס קאָנען ניט פאַרשטיין, צוליב וואָס זייערע קינדער דאַרפן זיך לאָזן אין אויסרײַסעניש, מעיִוועער־לעיאַם, אַז דאָ, אונטער דער נאָז, איז פאַראַן אַזויפיל אַרבעט... אָט אַזעלכע צוויי באָבעס פירט אַרויס הובערמאַן אין זײַן קאָמעדיע. באַ איינער פון זיי וויל דאָס אייניקל — אַ דאָקטער — זיך אַוועקלאָזן קיין אינדיע היילן דאָרט קראַנקע, דאָס אייניקל פון דער צווייטער באָבע, וואָס שמועסט מיט דער ערשטער אין קופּע פונעם וואַגאָן, האָט עס אַ צי געטאָן קיין קובאַ...

„די ערד איז קײַלעכדיק" איז אַן עכט שטייגערישע קאָמעדיע, און עס וואָלט ניט געשאַט זי אויסנוצן אַלס אַ טעאַטראַלע פאָרשטעלונג. אָבער יאָגנדיק זיך נאָך עקזאָטיק, האָט דער אַוטאָר אַ הייב געטאָן דאָס צויבערשטעקעלע פון זײַן פאַנטאַזיע און — עס קומען צו כאָלעם אָט די צוויי באַרײדעוודיקע באָבעס... פידעל קאַסטראָ און נערו! זיי באַדאַרפן עס אײַנטײַנען מיט די צוויי באָבעס (וועלכע שלאָפן אָף זייערע באַנקבעטלעך), אַז דער אײַנפאַל פון זייערע אייניקלעך איז גאָר ניט אַזוי אָפּגעפרעגט.

אין דער זעלבער קאָמעדיע געפינען מיר נאָך אַ מאָמענט, וואָס רופט באַ אונדז אַרויס ספּייקעס. עס האַנדלט זיך וועגן פינאַל. ווען די עלטערע פרויען פאַרלאָזן דעם צוג, באַגעגענען זיי טאַקע די זעלבע צוויי אייניקלעך, וועגן וועלכע עס איז אין וואַגאָן פאָרגעקומען דער שמועס, — אַ באָכער און אַ מיידל. דער אַוטאָר גיט אונדז אָנצוהערן, אַז אָט די צוויי יונגע כעווירע זײַנען איינער

דעם צווייטן ניט פרעמד. אָבער ס׳איז ניט קלאָר, צוליב וואָס דער אוטאָר האָט זיי אהער געבראכט.

אזויארום קאָן מען צווייפלען, צי אָט די צוויי אויבנדערמאָנטע פּיעסעס זײַנען צוגעפּאסט פּארקערפּערט צו ווערן אף דער בינע. דער פאקט אָבער גופא, וואָס אייניקע אונדזערע שרײַבער האָבן אויסדערוויילט די דראַמאטישע פאָרם פאר די געדאנקען, געפילן און געשטאלטן, וואָס רעגן זיי אוף, פארדינט אונדזער באגריסונג. דאָך איז דאָס, וואָס מיר האָבן אין דעם פראט די לעצטע צײַט דעראָבערט, — קנאפּ, זייער קנאפּ.

עמעס, עס איז באוווּסט, אז אָנשרײַבן א דראמע צי א קאָמעדיע איז א סאך שווערער, ווי א דערציילונג און אפילע ווי א פּאָעמע. מע דארף אָבער ניט פארגעסן, אז פריִער פלעגן דעם דראמאטורג שרעקן געוויסע טראדיציעס בענעגייע פאָרם (נאָך פון אריסטאָטעלס צײַטן), וואָס איבערטרעטן זיי איז געווען א האָזע. איצט איז גאָר עפּעס אנדערש. צי האָט מען אמאָל געקאָנט זיך פאָרשטעלן א גרויסע פּיעסע (וואָס מע שפּילט א גאנצן אָוונט), אין וועלכער עס פיגורירן בלויז צוויי פּערזאָנען? שוין זשע קאָן אזא פּיעסע האלטן דעם צושויער א גאנצן אָוונט אין שפּאנונג־צושטאנד? ווײַזט זיך ארויס, אז עס קאָן געמאָלט זײַן, וועהאָרײַע: דער „ליבער ליגנער“ אינעם מאָסקווער קינסטלערישן טעאטער. און דער צושויער זיצט ביזן סאָף פונעם ספּעקטאקל, און ס׳איז שווער צו קריגן אין טעאטער א בילעט.

אזא צעשטערונג פון אײַנגעשטעלטע טראדיציעס, אזא אויסברייטערונג פון די גרענעצן פון דראמאטישער פאָרם באדארף צוגעבן מוט דעם, וואָס נעמט זיך איצט שרײַבן א פּיעסע. מע דארף נאָר גרייוער זײַן אין זיך די אינערציע, מע באדארף נאָר זײַן געוואגט און דער איקער, פארשטייט זיך, זײַן טאלאנטפול.

יעשוע ליובאָמירסקי

# כראָניק

## 60־ער געבורטסטאָג פון י. גורעוויטש

דער דיכטער און איבערזעצער יויסעף גורעוויטש איז אלט געוואָרן 60 יאָר. אף דער יובילײ־באגעגעניש אין פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל“ זײַנען זיך צונויפגעקומען פיל שרײַבער, וועלכע האָבן הויך אָפּגעשאצט די פילינאָריקע פרוכטבארע טעטיקײַט פונעם יובילאר.

פון די ייִדישע שרײַבער זײַנען מיט באגריסונגען ארויסגעטראָטן ט. גען, ש. גאָרדאָן, א. גאָנטאר, מ. לעוו, ה. דאָבין אא.

יויסעף גורעוויטש האָט איבערגעזעצט אין רוסיש פיל ווערק פון די ייִדישע סאָוועטישע דיכטער און פּראָזאיִקער, דערונטער פון שמועל האלקין, לייב קוויטקאָ, אווראָם גאָנטאר, זיאמע טעלעסין, כאָנע ווײַנערמאַן, אירמע דרוקער, מישע לעוו אא. ער האָט אויך איבערגעזעצט א ריי ווערק פון שאָלעם־אליינכעמען און פּערעצן. ניט לאנג צוריק האָט י. גורעוויטש פארענדיקט איבערזעצן שאָלעם אשס ראָמאן „די מוטער“.

די פארזאמלטע האָבן ווארעם אופגענומען דעם יובילארס פאָרלעזונגען פון דערציילונגען און לידער אין זײַן איבערזעצונג.

## יעכיִעל פאליקמאַן צוגאסט בא די סעלמאשעווצעס

א גרופּע ארבעטער פון ליובערעצער זאוואָד אף אוכטאָמסקיס נאָמען (מאָסקווע) האָט זיך געווענדט מיט א בריוו צום שרײַבער יעכיִעל פאליקמאַן, דעם אווטאָר פון די ביכער „די פארווּרטיילטע נעמען געווער“ און „דער ביטערער יאָדער“, וואָס זײַנען די לעצטע יאָרן דערשינען אין רוסיש, מיט א ביטע ער זאָל בא א געלעגנהײַט זיך באגעגענען מיט די לייענער פון זייער ביבליִאָטעק און דערציילן, וויִאזוי ער האָט געשאפן זײַנע ווערק.

די דאָזיקע באגעגעניש איז פאָרגעקומען דעם 7 סענטיאבער אין זאל פון זאוואָדישן קולטור־הויז, ווו עס האָבן זיך פארזאמלט בא 300 מענטשן.

נאָך י. פאליקמאנס אויספירלעכן וואָרט איז ארויסגעטראָטן אן אלטער ארבעטער, א קאָמוניסט פון 1917, סערגיי אלעקסאנדראָוויטש באָנאָוו, דער געוועזענער אָנפירער פון דער זאוואָדישער ארבעטער־דרוזשינע, וועלכע האָט אָנטיילגענומען אין די אָקטיאבער־שלאכטן אין מאָסקווע.

י. פאליקמאנס בוך, — האָט געזאָגט ס. באָנאָוו, — האָבן בא מיר אין דער היים געלייענט קימאט אלע — די זין און טעכטער, די איידעמס און שניר. איך בין אונטערן טיפן אײַנדרוק פון די געשעענישן, וואָס ווערן געשילדערט אין זײַן ראָמאן. עס האָט בא מיר ארויסגערופן שטאָלץ דער מעסירעסנעפּעשדיקער קאמף פון ייִדן, פּאָליאקן, רוסן, וועלכע האָבן אקסל־צו־אקסל געשלאָגן זיך קעגן פאשיזם.

אף דער באגעגעניש זײַנען אויך ארויסגעטראָטן דער קאדראָווער ארבעטער מיכאיִל פּעטראָוויטש וואסיליעוו, די ביבליִאָטעקערן ראָזע יאקאָוולעוונע שטיינבערג און די אלטע ארבעטערן אנאסטאסיִא פּעטראָוונא קרוטאָווא.

ארן ראסקין

# צוויי אנטאָלאָגיעס

די לעצטע יאָרן איז אין ישׂראל דערשינען אין איוורית א ריי ווערק פון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער. מיר ווילן אין אונדזער קליינער רעצענזיע ווענדן די אויפמערקזאַמקײַט אויף צוויי אנטאָלאָגיעס: „א זאמלונג פון פּאָעזיע אין ייִדיש"[1] — צונויפגעשטעלט פון מ. באסאָק, און „ניט שטאַרבן, נאָר לעבן וויל איך"[2] — א זאמלונג דערציילונגען פון דער ייִדישער ליטעראטור אין סאָוועטנפארבאנד, צונויפגעשטעלט פון דאָוויד קנאני און אריע שאמרי.

מיט ליבע צום ייִדישן פּאָעטישן וואָרט איז צונויפגעשטעלט די אנטאָלאָגיע פון דער ייִדישער דיכטונג — „פון י.־ל. פּערעץ ביז הײַנט". אין דער הקדמה צום בוך אקצענטירט דער צונויפשטעלער מ. באסאָק די גרויסע געזעלשאפטלעכע ראָליע פון דער ייִדישער ליטעראטור, „וועלכע האָט געהאט צו טאָן מיט דער רעאלער ווירקלעכקײַט, מיט די סאָציאלע נויטן פון די מאסן". אין דעם היסטאָרישן איבערזיכט באטאָנט ער דעם גרויסן אויפבלי פון דער ייִדישער ליד אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט, ווען עס האָבן זיך געבילדעט דרײַ גרויסע צענטרען פון דער ייִדישער קולטור: סאָוועטנפארבאנד, פּוילן און אמעריקע. „אף א שמאָלן שטעך פון 40 יאָר, — באמערקט דער צונויפשטעלער, — זײַנען אויסגעוואקסן דוירעס פון פּאָעזיע". בארעכטיקט איז מ. באסאָקס באגײַסטערונג לעגאבע דער לעבנספייִקייַט פון דער ייִדישער ליד אין די שווערע יאָרן פון נאצי־קאטאקליזם. „מיט א מעכטיקן שטראָם איז זי ארײַנגעפלאָסן אין אונטערערד און אין די וועלדער". דערפאר איז אָבער אין קיין פאל ניט באגרינדעט זײַן פּעסימיזם אין באצוג צו דער הײַנטיקער ייִדישער ליטעראטור, וועלכע באשטייט, לויט זײַן מיינונג, פון „יעכידים און קיטעס, וואָס דאוונען און זינגען שירע", פון „איינצלנע אינדזלעך דאָ און דאָרט".

באם גרופּירן דעם פילצאָליקן און פארשיידנפארביקן מאטעריאל האָט דער צונויפשטעלער זיך געהאלטן בא דער כראָנאָלאָגישער אָרדענונג. אָבער אזא גרופּירונג, ווען „לענדער, טקופעס, שולן קומען בישכיינעס", טראָגט ארײַן א געוויסן סומבור; באנאנד ווערן געבראכט שרײַבער, וועלכע זײַנען קעגנזעצלעך לויט זייער וועלט־אָנשויונג, שעפערישער מאניר, קינסטלערישער ריכטונג אדג. מיר האלטן, אז די אנטאָלאָגיע וואָלט געווונען, ווען דער מאטעריאל וואָלט פארטיילט געווען לויט באזונדערע לענדער.

אף גרויסע שוועריקײַטן האָט זיך מ. באסאָק אָנגעשטויסן באם אויסוואל סײַ פון דיכטער, סײַ פון דיכטערישן שטאָף. דער וויכטיקסטער פּרינציפּ איז דערבײַ געווען: „די אָפּגעקליבענע ווערק זאָלן דערגיין צום אויער פון אונדזערע מיטצײַטלער, דעם אײַנוווינער פון ישׂראל". דער דאָזיקער פּרינציפּ, וואָס איז אן און פאר זיך א ריכטיקער, איז אָבער, ווי מיר וועלן ווײַטער זען, אָנגעווענדט געוואָרן צו איינזײַטיק און איז ניט פרײַ פון פאָרורטיילן.

אונדז אינטערעסירט, נאטירלעך, ווי איז אין דער אנטאָלאָגיע פאָרגעשטעלט די ייִדישע סאָוועטישע דיכטונג. פון נעם עלטערן דאָר סאָוועטישע דיכטער זײַנען ארײַן קימאט אלע באדײַטנדיקע מײַסטערס פון פּאָעטישן וואָרט. דערפאר אָבער איז שטארק פארענגט דאָס בילד פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע. פון דער גרויסער פּלעיאדע דיכטער, וואָס געפינען זיך אין בלי פון זייער שאפן, איז פארטראָטן נאָר ש. רויטמאן. געוויס איז ש. רויטמאן אן אינטערעסאנטע פיגור אין דער הײַנטצײַטיקער דיכטונג, אָבער פארוואָס נאָר ער? און ווו זײַנען מ. טייף, א. ווערגעליס, י. שטערנבערג, כ. מאלטינסקי, א. גאָנטאר, מ. גרוביאן, ז. טעלעסין, ר. בוימוואָל, ה. אָשעראָוויטש און אנדערע אָריגינעלע דיכטער?

כאָטש דער צונויפשטעלער באמיט זיך באם אויסוואל פון די לידער פאָרצושטעלן פארשיידענע פעריאָדן, פערזוואלירט דאָך די פּראָדוקציע פון די לעצטע יאָרן. און ווײַל די כראָנאָלאָגיע ווערט ניט אָנגעגעבן, באקומט ניט דער לייענער קיין אלזײַטיקע פאָרשטעלונג וועגן דער עוואָליוציע פונעם דיכטערס שאפן. עס העלפט ניט שטענדיק דער פּרווו פון מ. באסאָק צו געבן אזא בילד אין זײַנע קורצע ליטעראַרישע פּאָרטרעטן, ווײַל די שעפערישע כאראקטעריסטיק פאלט ניט אלעמאָל צונויף מיט דעם פּאָעטישן מאטעריאל, וואָס ווערט צו איר בײַגעלייגט.

מ. באסאָקן איז געלונגען אָנצייכענען א ריי לאַקאָנישע, נאָר טרעפלעכע ליטעראַרישע כאראקטעריסטיקעס, וועלכע טיילן זיך אויס מיט כוש פאר פּאָעזיע, מיט ליבע צו די דיכטער, וועגן וועלכע עס ווערט געשריבן. מ. באסאָק איז באהאוונט אינעם שאפן פון אייניקע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער און אין די פּראָצעסן, וואָס אונדזער דיכטונג האָט דורכגעמאכט. אים גיט זיך אײַן אויסצוגעפינען די אייגנארטיקײַט פון די קינסטלער, די באזונדערקײַטן פון זייערע שעפערישע מעטאָדן, דערטראָגן צום לייענער, אזוי צו זאָגן, דעם „אראָמאט" פון זייער פּאָעזיע.

קיינער וועט, צום בײַשפּיל, ניט שטרײַטן מיט דער באצייכענונג פון האָפּשטיינען אלס „פּאָטער פון דער נײַער ייִדישער ליד", אלס „מײַסטער פון פאָרם, וואָס פארייניקט טראדיציאָנעלע קלאסישע ווערטן מיט נאָוואטאָרישקײַט". קיינע דערווידערונגען רופט ניט ארויס, צום בײַשפּיל, אזא כאראקטעריסטיק פון אָ. שווארצמאנען: „דער רייעך פון פאראקערטער ערד... פילט זיך אין זײַנע לידער; זיי גלאנצן אויך מיט דעם בליץ־פײַער פון שיסערײַען; עס שפּירט זיך אין זיי דער נאָכמילכאָמע־טרויער, עס הערט זיך אין זיי די פּראָטעסט־שטים קעגן בלוט־

[1] משה בסוק. מבחר שירת יידיש. למן י. ל. פרץ עד ימינו!. הוצאת הקיבוץ המאוחד.

[2] לא אמות כי אחיה. כ״ד סיפורים מספרות־יידיש בבריה״המועצות. ערכו דוד כנעני, אריה שמרי. ספרית פועלים „לכל".

פאַרגיסונג, און זייער האַרץ איז אופגעפּראַלט צו רעוואָליוציע. זײַן קורצער וועג אין דער דיכטונג איז אין טאָך דער וועג פון דער קלאַסישער ליד". געוויס איז ריכטיק, אַז אי. כאַריקס ליד „איז געקומען פון די פאָלקס־קוואַלן", אַז אי. פעפערס דיכטונג „איז געבענטשט מיט לעבנספּרודלדיקער פאָלקסטימלעכקײַט, מיט לעבנספרייד און ליריזם".

ליידער, איז אָבער די אָפּשאַצונג פון די וויכטיקסטע דערשײַנונגען אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג און פון איינצלנע דיכטער ניט פרײַ פון טענדענציִעזקײַט און פאַלשע פאַרשטעלונגען. עס האָבן דאָ אַן אָרט אייניקע אויסגעדראָשענע טעזיסן פון דער אַנטיסאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע. דער צונויפשטעלער באַמיט זיך צו דערווײַזן, אַז די ייִדישע סאָוועטישע דיכטער איז, קלוימערשט, אויסגעקומען זיך ראַנגלען מיט דער פּאָליטיק פון דער סאָוועטנמאַכט, וועלכע האָט, קלוימערשט, געשטערט דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון זייער שאַפן. ער פאַרשטייט ניט, אַז גראָד אין דער טרײַהײַט דער פּאָליטיק פון דער סאָוועטנמאַכט און דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט געשטעקט דער קויעך פון דער ייִדישער דיכטונג.

קעדיי צו באַשטעטיקן זײַנע אומבאַגרינדעטע באַהויפּטונגען, באַגייט זיך מ. באַסאָק ווילקירלעך מיטן אויסוואַל פון פּאָעטישן שטאָף. אַזוי, צום בײַשפּיל, ווערט בא שוואַרצמאַנען גענומען דעריקער דאָס, וואָס דאַרף באַשטעטיקן דעם אויסגעטראַכטן טעזיס, אַז „זײַן אויער איז געווינט אויך צו האַלבע קלאַנגען, צו פאַרנעפּלטע בילדער, צו טרוימערישע שטימונגען". איר טרעפט דאָ ניט די באַרימטע שוואַרצמאַן־לידער, וועלכע זײַנען געוואָרן כרעסטאָמאַטיש, ווי, צום בײַשפּיל, „דער סוינע בא די טויערן", „אין אופשטאַנד"; מיר זעען דאָ ניט שוואַרצמאַנס לירישן העלד, וואָס איז געקומען „פון הײַזער אָרעמע, פון שטיקנדע וואַרשטאַטן", דעם מענטש פון „שטילער מי", וואָס איז „פול מיט מוט צו טאַט און לעבן". אַזאַ אויסוואַל קאָן ניט געבן קיין ריכטיקע און אַלזײַטיקע פאַרשטעלונג וועגן דעם דיכטער.

אַ ביז גאָר פאַרקריפּלט בילד באַקומט דער לייענער וועגן ל. קוויטקאָ. דער צונויפשטעלער פירט דורך דעם געדאַנק, אַז בא קוויטקאָן האָט לעכאַטכילע „געציטערט אַ שטאַרקע פאָלקס־סטרונע, זי האָט פאַרמאָגט אַ נאַטירלעכע לעבנספרייִקײַט מיט אַ שטאַרקער נעטיִע צו גראָטעסקישן און פאַנטאַסטישן", נאָר דאָס אַלץ האָט „פאַרטיליקט" די „טענדענציִעזקײַט". „דער אָנהייב פון זײַן דיכטונג, — שרײַבט מ. באַסאָק, — האָט צוגעזאָגט מער, ווי עס איז מעקויעם געוואָרן. מעגלעך, אַז דערצו האָט גוירעם געווען די טענדענציִעזקײַט, וואָס איז אייגנטימלעך דער סאָוועטישער שאַפונג", זײַן „שרײַבערישע מאַניר" האָט ניט געשטימט מיט „דעם טראָמפּייטן־געשאַל פון דער צײַט". די דאָזיקע דורכויס פאַלשע האַנאָכעס ווערן אונטערגעשטיצט דורך דעם טענדענציִעזן אָפּקלײַב פון קוויטקאָס לידער. עס זײַנען ניט פאַרגעשטעלט די ווערק „אין רויטן שטורעם", „איך בין צוגעבונדן צו מײַן גרויסן הײַנט". עס זײַנען אַרײַן נאָר דרײַ לידער, וועלכע זײַנען דאַפקע ווייניק טיפּיש פאַר קוויטקאָן: „איך זאָל כאָטש ענדיקן מײַן דינינק פידעלע", „אייסעוו" און „דו, וואָס גייסט מיר נאָך".

ס'איז אַבסאָליוט ניט קלאָר, פאַרוואָס איז ניט אַרײַן אין דער אַנטאָלאָגיע קיין איין קינדער־ליד קוויטקאָס.

אויך וועגן מ. קולבאַקן און א. כאַריקן באַקומט זיך, לויט מ. באַסאָקן, אַן אײַנרײַס צווישן דעם, וואָס געזאָגט, און דעם, וואָס געמיינט. אַשטייגער, וועגן קולבאַקן שרײַבט באַסאָק: זײַן „האַרץ איז מיט דער רעוואָליוציע, מיט איר פּאַטאָס, איר שטרענגקײַט און דין", נאָר „זײַן אויג קוקט מיט הומאָר, פון אים דרינגט אַרויס אַ לײַכטער סאָפּעק־שמייכל". בא כאַריקן איז דאָס „האַרץ מיט דער אָרדענונג. אָבער אויך אין זײַנע שאַרפע רייד, וועלכע זײַנען געווענדט קעגן דעם שטעטל און זײַנע אײַנוווינער, האָבן געציטערט לירישע סטרונעס און צווישן די שורעס האָט געבלוטיקט דער ווייטעק". ש. האַלקין, שרײַבט ער, „האָט אויך אָפּגעגעבן זײַן גאָב דער צײַט און דער אָרדענונג, אָבער געגאַנגען איז ער זײַן באַזונדערן וועג, און די ליד פון זײַן האַרץ, וואָס איז געווען איידל און דרייסט, איז דערהערט געוואָרן". אין העסקעם מיט דעם איז צווייפלהאַפטיק אויך דער אויסוואַל פון די לידער. קולבאַק, צום בײַשפּיל, איז פאַרגעשטעלט מיט די לידער „וועלט", „וואָס מיר שטאַרבן", „לידער פון אַן אָרעמאַן", „געזען האָב איך ייִדישע ווערטער", „געשרייען", „די טפילע פון אַן אָרעמאַן", „ווילנע", ד.ה. מיט לידער, ווו עס פּרעוואַלירן ייִעש־שטימונגען, עס פעלט סאָציִאַלער פּראָטעסט, עס פילט זיך ניט דעם דיכטערס פאָלקסטימלעכע סטיכיִע, זײַן לעבנס־אָפּטימיזם, זײַן זאַפטיקע ערדישקײַט.

אַ בעפּײַרעשער בילבל איז די באַהויפּטונג פון צונויפשטעלער, אַז דאָס נאַציִאָנאַלע געפיל בא אַזוינע דיכטער, ווי האַלקין, קושניראָוו, מאַרקיש, פינינבערג, איז אָפּט געקומען אין אַ סטירע מיט דער אָפיציעלער פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־רעגירונג.

מ. באַסאָק האָט אַרויסגעוויזן פיל ענערגיע באַם איבערזעצן אַף איווריט די אויצרעס פון דער ייִדישער דיכטונג. די איבערזעצונגען גופע זײַנען אין דער מערהײַט געלונגענע. עס ווילט זיך האָפן, אַז מ. באַסאָק וועט ווײַטער, פּובליקירנדיק זײַן אַרבעט, אַרויסגעבן אַן אויסגעבעסערטע ספּעציעלע אַנטאָלאָגיע פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג, וווּהין עס וועט אַרײַן אויך די ייִדישע פאָלקס־דיכטונג, די פּראָלעטאַרישע פּאָעזיע און אַ ריי דיכטער סײַ פון עלטערן דאָר, וועלכע זײַנען ניט אײַנגעשלאָסן אין דער רעצענזירטער אַנטאָלאָגיע (צום בײַשפּיל, ש. ראָסין), סײַ פון ייִנגערן דאָר, וועלכע זײַנען שעפעריש אַקטיוו הײַנט. עס ווילט זיך גלייבן, אַז אין דער נײַער אַנטאָלאָגיע וועט דער צוגאַנג צו דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג זײַן אַן אָביעקטיווער.

די צונויפשטעלער פון דער צווייטער אַנטאָלאָגיע האָבן זיך געשטעלט אַ ציל צו באַקאַנען דעם ייִסראָעל־לייענער מיט דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע פון די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע ביז די ערשטע יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. דער ציל ווערט פאָרמולירט אַזוי: „געבן דעם לייענער אַ ווי ווײַט מעגלעך קלאָר בילד וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד אין שפּיגל פון זייער ליטעראַטור". ווי ס'איז צו זען, פּרעטענדירט ניט די אַנטאָלאָגיע ברייט באַקאַנט צו מאַכן דעם לייענער מיט אַלע רײַכקײַטן פון דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע, מיט אירע שעפערישע געשטאַלטן, מיט איר קינסטלערישער אייגנאַרט. זי פאַרפאָלגט אַזוי צו זאָגן בלויז אילוסטראַטיווע דערקענטעניש־צילן. דער דאָזיקער אײַנשטעלונג איז אונטערגעאָרדנט אויך דאָס אַרײַנפיר־אַרטיקל פון ד. קנאַני, וואָס טראָגט גיכער דעם כאַראַקטער פון אַ היסטאָרישן איבערזיכט, איידער פון אַ ליטעראַריש־קריטישער אָפּהאַנדלונג.

מע דאַרף אָפּגעבן די צונויפשטעלער זייער רעכט: זיי האָבן אָפּגעטאָן א גרויסע ארבעט. פון הונדערטער ווערק האָבן זיי אָפּגעקליבן די מער כאַראַקטעריסטישע, וועלכע גיבן א פאַרשטעלונג וועגן די וויכטיקסטע פּראָצעסן פונעם יידישן לעבן אין סאָוועטנפארבאַנד. די איבערזעצונגען זײַנען ניט אַלע פון א גלײַכן ווערט, די מערהײַט אָבער איז אַלס קלאַל אַף אַן אָנעמבאַרן ניוואָ. באַזונדערס גוט זײַנען די איבערזעצונגען פון בערגעלסאָנס דערציילונגען און פון קולבאַקס „זעלמעניאַנער“.

אין דער אַנטאָלאָגיע זײַנען פונעם עלטערן דאָר יידישע סאָוועטישע פּראָזאיקער אַרײַן קימאַט אַלע זײַנע וויכטיקסטע פאַרשטייער (א פאַרדריסלעכער אויסנאַם איז מ. דאַניעל. זײַן נאָמען ווערט דערמאָנט אינעם אַרײַנפיר־אַרטיקל, אָבער מוסטערן פון זײַן אָריגינעלער פּראָזע ווערן ניט געבראַכט). פון די הײַנטיקע שרײַבער זײַנען פאַרטראָטן בלויז געציילטע.

געלונגען איז דער אָפּקלײַב פון ליטעראַרישן שטאָף צו דער טעמע רעוואָליוציע און בירגערקריג. דער אָטעם פון באַנײַונג, פון גרויסע ענדערונגען אינעם לעבן פון די יידישע מאַסן, די פרייד פון א דורעסלאַנג געדריקטער פאָלק, וואָס האָט זיך דערפילט מיט לײַטן גלײַך צווישן הונדערטער אַנדערע פעלקער אין סאָוועטישן היימלאַנד, די ליידן און ווייטעקן, וועלכע אים איז אויסגעקומען אויסצושטיין מיצאַד די ווײַסגוואַרדייִשע באַנדעס, — דאָס אַלץ ווערט איבערגעטראָגן דעם לייענער דורך אַזוינע ווערק און פראַגמענטן, ווי בערגעלסאָנס „שטורעם־טעג“, מאַרקישעס „דאָר־אויס, דאָר־אײַן“, קיפּניסעס „כאַדאָשים און טעג“, אָליעווסקיס „פון אָשערלס דערציילונגען“. דער איבערגאַנג פון די ברייטע יידישע מאַסן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, די פאַרוואַנדלונג פון נעכטיקן „לופטמענטש“ אין א נוצלעכן בירגער פון לאַנד, דער קלאַסנקאַמף אין דאָרף און שטאָט, די אײַנוואַנדערונג אין בירָאָבידזשאַן ווערט איליוסטרירט מיט פראַגמענטן פון ש. גאָדינערס „זאַוועלער טראַקט“, מ. טײַטשס „כאַווער וווּליעס טויט“, מ. קולבאַקס „זעלמעניאַנער“, ש. פערסאָווס „טאַכלעס“, ה. אָרלאַנדס „אַגלאָמעראַט“, מ. אַלבערטאָנס „שאַכטעס“, א. אַבטשוקס „הערשל שאַמײַ“, ע. גאָרדאָנס „אינגול באַיאַר“ אאַ. די גרויסע פּאַטערלענדישע מילכאָמע פון סאָוועטישן פאָלק, די אויסראָטונג פון זעקס מיליאָן יידן דורך די נאַצי־באַנדיטן, די ערשטע נאָכמילכאָמע־יאָרן ווערן באַוויזן דורך פראַגמענטן פון די ווערק פון די שרײַבער ד. בערגעלסאָן, נויעך לוריע, ש. גאָרדאָן, דער ניסטער, י. ראַבין, ט. גען, א. סטעלמאַך אאַ. עס פעלן אָבער א ריי וויכטיקע ווערק (צום בײַשפּיל, נאָטע לוריעס, י. פאַליקמאַנס אאַ.).

דאָס דערמאָנטע אַרײַנפיר־אַרטיקל פון ד. קנאַני העלפט פיל מיט דעם יִסראָעל־לייענער צו באַקאַנען זיך מיט דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט און מיטן יידישן לעבן אין סאָוועטנלאַנד. דער אַווטאָר מאַכט א היסטאָרישן עקסקורס אינעם לעבן פונעם יידישן יישעוו אין צאַרישן רוסלאַנד און שטעלט זיך ווײַטער געני אָפּ אַף די וויכטיקסטע געשעענישן נאָך דער רעוואָליוציע. ער דערציילט וועגן דעם, ווי די סאָוועטן־רעגירונג האָט פון די ערשטע טריט אירע אָן געהאָלפן די יידישע מאַסן צו ווערן קרעפטיק עקאָנאָמיש און קולטורעל. אין דער צײַט פון בירגערקריג, ווען עס האָבן געבושעוועט די ווײַסגוואַרדייִשע באַנדעס, האָט די רויטע אַרמיי גענומען אונטער איר שוץ די יידישע מאַסן. און זיי, די יידישע מאַסן, זײַנען געווען „טיף דאַנקבאַר זייערע פאַרטיידיקער און רעטער, דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וואָס האָט מיט איר גאַנצער מאָראַלישער און פיזישער קראַפט זיך געשטעלט זיי צו שוץ און אומבערעכמאָנעסדיק געקעמפט קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם און די פּאָגראָם־מאַכערס...“ אַפן סמאַך פון דאָקומענטאַלע און ליטעראַרישע מאַטעריאַלן שילדערט ד. קנאַני א ברייט בילד פון די גרויסע פּאָזיטיווע ענדערונגען, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען אין יידישן לעבן פאַר די יאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט. די יידישע ליטעראַטור, שרײַבט קנאַני, האָט זיך „באַמיט שטיין אַף דער הייך פון די גרויסע אויפטוען“. ער ווײַזט אָן אַף דער גלענצנדיקער גאַלעריי פּאָזיטיווע העלדן, וואָס די יידישע פּראָזע האָט געשאַפן; ער שרײַבט מיט רעכט וועגן אויפגעוואַכטע מאַסן, וועלכע האָבן אויסגעגלײַכט די רוקנס, ברייט און פרײַ אויפגעעפנט די אויגן און געלאָזט אין גאַנג זייערע פריִער דרעמלענדיקע פייִקײַטן. דער מעכאַבער דערציילט וועגן דער גרויסער ליבע פון די יידישע סאָוועטישע שרײַבער צום פאָלק, צו דעם סאָוועטישן היימלאַנד, וועגן זייער איבערגעגעבנקײַט דער פאַרטיי. „זיי זײַנען געווען קעמפער פאַר דער אָרדענונג, האָבן שאַרף קריטיקירט זייערע קעגנער, האָבן פאַרנומען אויסגעשפּראָכן פאַרטייִשע פּאָזיציעס“, נאָר דאָס האָט זיי ניט געשטערט „ענערגיש צו שטרײַטן קעגן די פעלערן און פאַרקריפּלונגען“, „ניט פאַרמאַכן די אויגן אַף דעם, וואָס עס פעלט נאָך“.

צום באַדויערן, איז אָבער אויך דאָס דאָזיקע אַרטיקל ניט פרײַ פון פאַרקריפּלונגען, באַזונדערס בענעגייע דער הײַנטצײַטיקער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. „הײַנטצו־טאָג, — שרײַבט ד. קנאַני, — איז ניטאָ מער קיין ליטעראַטור אין יידיש, ניטאָ מער קיין שפּיגל, סאיז צעבראָכן געוואָרן אַף פּיץ־פּיצלעך“. קעדיי דערווײַזן דעם אַווטאָר זײַן טיפן טאָעס, איז גענוג צו דערמאָנען כאָטש דאָס רעגולערע דערשײַנען פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, אַרום וועלכן עס גרופּירט זיך א באַדײַטנדיקע צאָל דיכטער, פּראָזע־שרײַבער און קריטיקער; די דערשיינענע ביכער אין יידיש, — צי דעןריידן זיי ניט גענוג דײַטלעך וועגן דעם, אַז די יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור לעבט און אַנטוויקלט זיך?

אין אײַנקלאַנג מיט דער אַנטיסאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע סטאַרעט זיך ד. קנאַני אויסגעפינען אין סאָוועטנפאַרבאַנד א ספּעציעלע „יידן־פּראַגע“.

די אַנטאָלאָגיע איז באַזאָרגט מיט א קורצער, אָבער געוויסנהאַפט צונויפגעשטעלטער ביאָ־ און ביבליאָגראַפישער פאַרצייכענונג וועגן לעבן און שאַפן פון די פאָרגעשטעלטע שרײַבער (אַווטאָר — כאַנע שמרוק).

אין אַלגעמיינעם פאָרוואָרט צום בוך ווערט געזאָגט, אַז זײַנע צונויפשטעלער האָבן בעדייע צוגרייטן א ספּעציעלע זאַמלונג פון דער יידישער סאָוועטישער דיכטונג. ווילט זיך זאָגן די מעכאַברים פון די קומענדיקע אַרבעטן וועגן דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור: וואָס אָביעקטיווער זיי וועלן זײַן סײַ אינעם אויסוואַל, סײַ אין דער אָפּשאַצונג, אַלץ ווערטפולער וועט זײַן זייער אַרבעט, אַלץ נוצלעכער וועלן זײַן זייערע באַמיִונגען.

# פון דער שעפערישער לאבאראטאָריע

מוישע אלטמאַן:

## א באגריף פון גרויס אכרײַעס

אייגנטלעך גערעדט, קיין לאבאָראטאָריע פארמאָג איך ניט, דה. ניטאָ בא מיר, ווי געווײנטלעך בא שרײַבער, קיין באשטימטע שאָען און אויך ניט קיין סיסטעם אָדער מעטאָדע פון ארבעט, און עפשער דערפאר איז מיר — בענעגייע צו זיך פערזענלעך — אזוי פריקרע צו באנוצן דאָס וואָרט ארבעט.

וואָרעם מײַן גאנצע „לאבאָראטאָריע" געפינט זיך אין גאָר א באגרענעצטער „פאָמעשטשעניע" — אין קאָפּ. דאָרטן איז דער עמעסער יאריד. מע קריגט זיך, מע אמפערט זיך, סע טוט זיך אף טיש און אף בענק, און אז סע קומט צום שרײַבן, בין איך שוין אזוי מיד, אז סע סטײַעט ניט קיין ענערגיע.

איך קען זיך (און שוין צײַט!), ווייס איך, אז אינעמעסן בין איך גאָר א שמועסער. האנאָע האָב איך פון א דירעקטן שמועס מיט א דאנקבארער אאודיטאָריע; איַי, ווי גוט סע שאפט זיך דעמלט! ווי סע שאפט זיך אומיטלבאר, אָן טינט און פאפיר. פון מענטש צו מענטש.

שרײַבער איז פאר מיר אזא מין באגריף, פאר וועלכן איך ציטער, מאמעש איך ציטער. אף אָנקליידן עמעצן אָט דעם טיטל דארף איך שוין זײַן אָנגעפילט מיט דער באציִונג, וואָס פארלאנגט מיט איבערצײַגונג, איך זאָל עס זאָגן. שרײַבער איז פאר מיר א באגריף פון גאָר א גרויסן אינהאלט. עס איז מער ווי פּאָעט, אָדער פּראָזאיִקער, אָדער בעלעטריסט. א באגריף פון גרויס אכרײַעס.

טרעפט טאקע אָפט, ווען איך הער זאָגן וועגן זיך, אז איך בין א שרײַבער, א פּיסאטעל, פיל איך זיך אזוי, ווי, אשטייגער, בעשאס איך שטיי אין אָטשערעד און א פרוי שטעלט זיך אין דער ריי הינטער מיר. עס קומט צו א צווייטע פרוי צו פארנעמען די ריי, די ערשטע וויל דערווײַל ערגעץ א לויף טאָן, זאָגט זי צו דער צווייטער, טײַטלענדיק אף מיר, אז זי שטייט הינטער אָט דעם יונגנמאן... איז ווי צו מיר, וואָס פאר א יונגערמאן בין איך! — — —

נאָר מיילע, אז מע דארף ריידן וועגן לאבאָראטאָריע, איז דאָך ניט שײַעך. איז בעקיצער, איך וואָלט געוואָלט רעאליזירן, דערפירן בעשאָלעם און ברענגען צו לײַט דאָס, וואָס איז שוין אָנגעוואָרפן: מײַנע געשיכטן מיטן אלטן ארטיסט, וועלכער פּלאָגט מיך שוין העכער א צענדליק יאָרן, די ארבעט ארום „דאָן־קיכאָט", און נאָך...

הירש בלאָשטיין:

## פון באגינען ביז אָוונט

שרײַבער פונעם עלטערן דאָר האָבן וואָס צו דערציילן, און ס'איז זייער כויוו צו דערציילן דאָס, וואָס זיי האָבן געזען, דורכגעלעבט און דורכגעמאכט. אויב דאָס שאפן פונעם שרײַבער איז ביכלאל אויך קינסטלערישע געשיכטע פון זײַן צײַט, ווערט דער שרײַבער אף דער עלטער, פארצייכענענדיק זײַנע זיכרוינעס, אין א גרויסער מאָס דירעקט א היסטאָריקער, וואָס דערציילט אף א בעלעטריסטישן אויפן וועגן די מענטשן, געשעענישן און פאקטן פון זײַן עפּאָכע און מאכט באשטימטע אויספירן פון זיי. דאָס לייגט אף אים ארוף א באזונדערע אכרײַעס: ער דארף באזיצן די פינקטלעכקײַט און געטרײַקײַט פון א היסטאָריקער צו די פאקטן און דערבײַ זײַן זייער אָפּגעהיט אינעם אָפּקלײַבן זיי, גדעדנקענדיק, אז ניט אלע פאקטן זײַנען געשיכטלעכער עמעס, אז עס זײַנען פאראן פאקטן — פּסוילעס, צופעליקע.

און שוין אפילע אָפּקלײַבנדיק די ריכטיקע פאקטן, דארף דער מעכאבער דערבײַ ניט פארגעסן, אז ער איז דאָך א דיכטער צי א דערציילער און זײַנע זיכרוינעס דארפן זײַן ניט נאָר מאטעריאל פארן היסטאָריקער, נאָר גלײַכצײַטיק א ספעציפישער קינסטלערישער זשאנער. ער טאָר אויך ניט פארגעסן, אז ניט ער, זײַן אינדיווידואליטעט, איז דער צענטער פונעם ווערק, אז ס'איז ניט בלויז אווטאָביִאָגראפיע. ניין, דאָס דארף זײַן די ביִאָגראפיע פון זײַן צײַט, געזען דורך די אויגן פון דער הײַנטצײַטיקײַט.

שוין א פּאָר יאָר, ווי איך ארבעט אף א בוך זיכרוינעס מיטן באדינגלעכן נאָמען „פון באגינען ביז אָוונט". איך האָב אף מײַן לעבן א היפש ביסל געזען און דורכגעלעבט, געהאט א סאך באגעגענישן מיט פרייד און מיט פײַן, מיט יאָרן פון נויט און פון וואָגל אין פארשיידענע לענדער, געהאט טרעפענישן מיט אינטערעסאנטע מענטשן, מיט שלעכטע און גוטע — מער מיט גוטע. נאָר (צום גליק!) מיט עלנט און איינזאמקײַט האָב איך זיך אין ערגעץ ניט געטראָפן. מע קאָן ניט זײַן עלנט אפילע אין ערגסטע צײַטן פון פאָלקישער נויט און פאריאָכונג אין די קאפּיטאליסטישע לענדער, אויב דו געפינסט זיך אף איין באריקאדע מיט די, וואָס קעמפן פאר באפרײַונג.

ווען עמעץ זאָל מיך א פרעג טאָן וועגן די פריידיקסטע טעג אין מײַן לעבן, וועל איך צו זיי צורעכענען, צווישן א סאך אנדערע, אויך אזעלכע צוויי טעג: ווען איך האָב צום ערשטן מאָל, א צעניאָריק יינגל, דערזען אין מײַן געבוירנשטעטל קײַדאן אינמיטן טאָג הונדערטער דערצאָרנטע ארבעטס־מענטשן מיט רויטע פאָנען אין די הענט און מיט פלאמיקע לידער אין די מײַלער... און דער צווייטער טאָג: אין יאָר 1927, אין בוענאָס־אײַרעס, אף א גרויסן מיטינג פון נאָדל־ארבעטער, וועלכע זײַנען ארויס אין אן אלגעמיינעם שטרײַק. איך געדענק ביז הײַנט דאָס קעלטעלע פון פרייד, וואָס עס איז מיר אדורך דורכן לײַב, ווען שטרײַקער אף דער טריבונע האָבן ציטירט פערזן פון מײַן ליד, וואָס איז געווען אין יענעם טאָג געדרוקט אף א שטרײַק־פּראָקלאמאציע...

אינעם פּראָצעס פון ארבעט איבער מײַנע זיכרוינעס שטויס איך מיך אָן אף א סאך שוועריקײַטן. דער זיקאָרן האָט גענומען אלט ווערן. דאטעס און פאקטן האָבן גענומען פארנעפּלט ווערן. קומט אויס זוכן שריפטלעכע און לעבעדיקע אײדעס. און אזעלכע זײַנען, צום גרויסן ווייטעק מײַנעם, געבליבן גאנץ ווייניק. דער היטלערישער מאסן־מאָרד האָט דעם גרעסטן טייל פון מײַנע מישפּאָכע־מיטגלידער, פרײַנט, באקאנטע, כאַווײרים פארשטומט אין די ברודער־קוואָרים. אין פארטונקלטע הארבע צײַטן זײַנען פארניכטעט געוואָרן ניט נאָר מײַן ביבליאָטעק און ארכיוו, בריוו, טאָגביכער, בילדער... ס׳קומט מיר אמאָל אויס לאנגע כאדאָשים נאָכצוזוכן און געפינען א פּינקטלעכע דאטע, אויסקלאָרן א פאקט, א סיטואציע, פּאטערן וואָכן אף ארומפּאָרענישן צוליב דעם. און איך האלט, אז פּינקטלעכקײַט אין מעמוארן איז זייער וויכטיק, באזונדערס, ווען מיר האָבן אזוי ווייניק הילפס־ביכער (לעקסיקאָנען, געשיכטעס פון געזעלשאפטלעכע, רעוואָליוציאָנערע און קולטור־באוועגונגען אאוו.). און מעמוארן, זיכרוינעס דינען צומאָל דעם היסטאָריקער אלס איינציקער מאטעריאל באם אופשטעלן א דאטע, א פאקט. איך האָב דערפאר אָפט פארדראָס, ווען איך דערזע אין דער רובריק „אפן קאלענדאר“ אין די אויסלענדישע יידישע צײַטונגען ארטיקלען און געדענק־פארצייכענישן מיט פארפלאָנטערטע, ניט ריכטיקע דאטעס און פאקטן.

איך זעץ פאָר שרײַבן לידער — אויך פון באגינען ביז אָוונט... אגעוו, די ערשטע ליד, וואָס איך האָב געדרוקט מיט העכער 50 יאָר צוריק, האָט געהייסן „באגינען“. די לעצטע ליד, די אָוונט־ליד, אײַל איך זיך ניט אָנצושרײַבן. און מיסטאמע וועל איך עס קיינמאָל אויך ניט אָנשרײַבן, ווײַל, ווי אן אײַנגעבוירענער אָפּטימיסט, וועל איך אפילע אין דער לעצטער מינוט ניט גלייבן, אז זי איז שוין די לעצטע. און די לאנגיאָריקע דערפארונג האָט מיר דערוויזן, אז צום בעסטן גיבן זיך מיר אײַן דאפקע די לידער, וואָס זײַנען געשאפן געוואָרן צוזאמען מיט דער געשעעניש און מיטן פרישן געפיל, וואָס האָט זיי ארויסגערופן.

אזוי איז געווען מיט איינער א קורצער פּאָעמע מײַנער „כואן זשאָרקע רעדט“, וועלכע איך האָב אָנגעשריבן מיט עטלעכע און דרײַסיק יאָר צוריק אין מאָנטעווידעאָ (דער הויפטשטאָט פון אורוגווײַ) בוכשטעבלעך אין עטלעכע מינוט ארום נאָכן מיטינג, אף וועלכן כואן זשאָרקע, דער דאָרטיקער באוווסטער קאָמוניסטישער טוער, איז ארויסגעטראָטן. אזוי איז געווען אויך מיט נאָך אייניקע לידער, וועלכע איך האָב ליב ביז הײַנטיקן טאָג. דער אויספיר — אן אלטער עמעס: דער שרײַבער דארף זײַן אינעם עכטן ברען פונעם לעבן.

איך זעץ פאָר מײַן ארבעט. איך וויל גלייבן, אז איך וועל מײַן „פון באגינען ביז אָוונט“ דערפירן צו א טאכלעס. איך דארף דערצו בלויז צוויי „קלייניקײַטן“: יאָרן און געזונט...

---

## בלעטערנדיק זשורנאלן און צײַטונגען

## וואָס לייענט מען איצט אין אמעריקע

דער אמעריקאנער זשורנאל „פּאבלישערס וויקלי“, וועלכער רעכנט, אז יעדער געדרוקטער מאטעריאל, וואָס באווײַזט זיך אין אן אײַנבונד, איז א בוך, האָט אין זײַן יוןנומער מיטגעטיילט, אז אין די פאראייניקטע שטאטן זײַנען זינט אָנהייב 1965 דערשינען צען טויזנט „ביכער“. דאָס איז א רעקאָרד־ציפער. וואָס שטעלן מיט זיך אָבער פאָר די דאָזיקע ביכער? צוערשט וועלן מיר זאָגן וועגן יענע, וועלכע פארדינען אופמערקזאמקײַט.

די לעצטע צײַט האָט זיך באוויזן א גרויסע צאָל ביכער ווע́גן דער באוועגונג פאר בירגער־רעכט אין די פאראייניקטע שטאטן. וועגן די העלדן פון אייניקע אזוינע ביכער האָט די יונגע נעגערשע דראמע־שרײַבערן לאָריין הענסבערי געזאָגט: „זיי קעמפן אינעם פײַער פון די בירמינגהעמער סרייפעס... זיי זײַנען יונג. זיי זײַנען פּרעכטיק. זיי זײַנען פול מיט אנטשלאָסנקײַט. מיר מוזן שאפן אזא אמעריקע, וואָס זאָל זיי ווערט זײַן“.

צום גליק פארן אמעריקאנער לייענער, זײַנען האיאָר פארעפנטלעכט געוואָרן אין די פאראייניקטע שטאטן אויך אייניקע גאנץ אינטערעסאנטע ראָמאנען. די מערהײַט פון זיי איז שנעל אויספארקויפט געוואָרן.

שוין א סאך וואָכן, ווי אין דער רעשימע פון די ביכער, אף וועלכע עס איז פאראן דער גרעסטער נאָכפרעג, פיגורירט דער ראָמאן פון בעל קויפמאן, אן אייניקל פונעם בארימטן שאָלעם־אליי‌כעם. זי האָט, ווײַזט אויס, געיארשנט באם זיידן זײַן כוש פאר הומאָר און זײַן קענען „לאכן דורך טרערן“. כוץ דעם, וואָס דער ראָמאן לייענט זיך מיט גרויס אינטערעס, אנטהאלט ער אויך א שארפע קריטיק פון ביוראָקראטישער טיפּשעס און פון שלעכטן לערן־מעטאָד, וואָס הערשט אין דער סיסטעם פון דער אמעריקאנער בילדונג, באזונדערס אין די ניו־יאָרקער ראיאָנען, וווּ עס וווינט די אָרעמשאפט און וווּ אין די שולן איז שטענדיק פינצטער און ענג. דער ראָמאן הייסט „מיט די טרעפּ פון אויבן אראָפּ“. בעל קויפמאן איז אליין 15 יאָר צײַט געווען א לערערן פון ליטעראטור אין ניו־יאָרקער שולן. באנוצנדיק זיך מיט דער פראזע פונעם דיכטער דזשאָן סיִארדי, קאָן מען זאָגן: „זי ווייסט, יאָ, זי ווייסט בעעמעס, וועגן וואָס זי שרײַבט“.

די אופמערקזאמקײַט פון פיל אמעריקאנער האָט צוגעצויגן דער נײַער ראָמאן פון דזשאָן הערסי „דער ווײַסער לאָטאָס“. דזשאָן הערסי איז דער אווטאָר פונעם באוווסטן בוך „היראָשימא“. דער איצטיקער ראָמאן איז א רוף צו קעמפן קעגן שקלאפערײַ. דער לייענער פילט, ווי הערסי זאָגט: „לייגט אכט אף דער אומענטשלעכקײַט, אף דער ביטל־באציִונג און גרויזאמקײַט מיצאד די אמעריקאנער ווײַסע מענטשן בענעגייע די נעגערן, ווען זיי האָבן פארקויפט און געקויפט ווי קנעכט“.

אָנערקענונג מיצאד די לייענער האָט באקומען וויליאם

העמפּריס ראָמאַן „די מישפּאָכע אָרודיי“. דער אַווטאָר שילדערט די אַזויגערופֿענע „טעכאַסער זיטן“. מיט זײַן שרײַב־מאַניר דערמאָנט ער מיט עפּעס מאַרק טווענען.

שטאַרק פּאָפּולער צווישן די לייענער איז דער ראָמאַן, וואָס דערציילט וועגן דער שמוציקער מילכאָמע אין וויעט־נאַם, „דער געזאַנדטער“. דער אַווטאָר, אַן אַוסטראַלישער שרײַבער מאָריס וועסט, איז געווען אין וויעטנאַם און האָט באַקומען פֿון אַוסטראַלישע דיפּלאָמאַטישע קוועלן אַ גרויסע צאָל „פֿאַרמאַכטע אינפֿאָרמאַציע“. דער ראָמאַן אַליין איז ווידערשפּרעכיק, ער פֿאַרדינט אָבער אויפֿמערק־זאַמקײַט דערמיט, וואָס ער דעמאַסקירט די שמוציקע מײַסים פֿון די אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטן און אַגענטן פֿון דער צענטראַלער אויסשפּיר־פֿאַרוואַלטונג.

צווישן די „צען טויזנט ביכער“ געפֿינען זיך אַ סאַך ראָמאַנען, וואָס זײַנען קינסטלעריש זייער און זייער מינ־דערווערטיק. עס דערשײַנען אויך פֿיל ווערק, וועלכע ווערן דורך זייערע אַווטאָרן און דורך זייערע „אַוואַנגאַר־דישע“ פֿאַרערער און קריטיקער אָנגערופֿן „אַנטיראָ־מאַנען“. אין זיי ליובט מען די „אַנטיהעלדן“. קימאַט אַלע ביכער פֿון אָט דער ריכטונג זײַנען אַ לעפּישע אָנהויפֿונג פֿון ווערטער מיט אַ שעפּע פֿון ניבלפּע. אַ טיפּישער פֿאָרשטייער פֿון אָט די „אַנטיראָמאַנען“ איז „דער לעצ־טער אַרויספֿאָר קיין ברוקלין“ פֿון הובערט סעלבי דעם ייִנגערן.

עס ווילט זיך אָנרופֿן נאָך צוויי ביכער, כאָטשבי צוליב די נעמען פֿון זייערע אַווטאָרן. דאָס זײַנען די נײַע ראָ־מאַנען פֿון נאָרמאַן מיילער און דזש. ד. סעלינדזשער.

דער הויפּט־העלד פֿון סעלינדזשערס ראָמאַן איז אַ זיבניאָריק ייִנגל מיטן נאָמען סיימור גלאַס. די טעמע — דער בריוו, וואָס דאָס ייִנגל שרײַבט פֿונעם קינדער־לאַגער צו זײַנע עלטערן און דערקלערט, פֿאַרוואָס ער, סיימור, וועט אין 24 יאָר אַרום באַגיין זעלבסטמאָרד. און אָט דאָס זיבניאָריקע ייִנגל בעט אינעם בריוו בײַ זײַנע עלטערן, זיי זאָלן אים צושיקן עטלעכע אַוראַלטע מאַנוס־קריפּטן, אַ פֿולע זאַמלונג פֿון געטעס ווערק, נאָר ניט שיקן אַנאַטאָל פֿראַנסן. ער אייצעט די עלטערן, זיי זאָלן זיך באַמיִען צו עטעמען דורך דער לינקער זײַט פֿון דער נאָז און זיי זאָלן אַראָפּנעמען די הוט פֿאַר גאָט. עפּשער איז סעלינדזשערס נײַער ראָמאַן אַ כויזעק איבער די לייענער? יעדנפֿאַלס איז ער אַליין פֿאַר זיך אַן אומזין.

וואָס שײַעך מיילערס לעצטן ראָמאַן — „דער אַמערי־קאַנער טרוים“ — רופֿן אים אָן אַ סאַך אַמעריקאַנער קריטיקער מיטן נאָמען „קאָשמאַר“.

ווי עס איז צו זען פֿון אָט די קורצע נאָטיצן, לייענען פֿאַרשיידענע אַמעריקאַנער פֿאַרשיידענע ביכער.

(פֿונעם אַרטיקל „אַמעריקאַנער ליטעראַטור און מאַקולאַטור“ פֿון דעם אַמעריקאַנער פּובליציסט ס. לורי אין „פּראַוודאַ“ פֿון 25 יול 1965).

# אין אַ נאָווינע שאָלעם אַש

מע קאָן אַלץ ניט מויכל זײַן שאָלעם אַשן זײַנע „קריסטלעכע“ ראָמאַנען. די טײַנעס זײַנען ניט אַזוי עס־טעטישע, ווי עטישע, אידעאָלאָגישע. סטײַטש, ווי נעמט עס אַ ייִדישער שרײַבער און שטעלט פֿאָר די מענטשן און די עפּאָכע פֿון קריסטוסן ניט אין טראַדיציאָנעלער שײַן. זעט, אַדרעבע, ווי די „גויִים“ האָבן זיך צעשריבן וועגן אים. ניט אַנדערש, שאָלעם אַש האָט געוואָלט זיך און אַלע אַנדערע ייִדן אָפּשמאַדן. ס'האָט שיר ניט גע־האַלטן באַם אַרײַנלייגן דעם גרויסן שרײַבער אין כיירעם.

שאָלעם אַש איז שוין לאַנג טויט. ניט ער אַליין האָט זיך אָפּגעשמאַדט, ניט ער האָט קיינעם אַפֿן דאָזיקן וועג אַרופֿגעפֿירט — שאָלעם אַש איז ניט געווען און האָט ניט פּרעטענדירט צו זײַן קיין מאַדריך האַדאָר. אָבער מ'קאָן עס אים אַלץ ניט מויכל זײַן, כאָטש ער ליגט באַערדיקט אין דער הייליקער ייִסראָעל־ערד. אים אַרונטערצורײַסן, מאַכט מען צו אַש און צו בלאָטע ניט נאָר די דאָזיקע „קריסטלעכע“ ראָמאַנען, נאָר ביכלאַל דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געשאַפֿן בעמעשעך פֿון די לעצטע יאָרן.

אין ווײַטן טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, האָט געהאַלטן אַ לעק־ציע די דיכטערן ראָכל קאָרן. די טעמע פֿון איר לעקציע: „די טראַגעדיע פֿון שאָלעם אַש“. די רעפֿערענטן איז גע־קומען צום אויספֿיר, אַז צוליב זײַן בוך „דער מאַן פֿון נויצערעס“ האָט זיך דער גרויסער שרײַבער איזאָלירט פֿון פֿאָלק. לייענען מיר אַ בריוו אין רעדאַקציע טאַקע פֿון „איינעם פֿון פֿאָלק“, אַז די לעקציע, דעריקער דער אויספֿיר, האָט איבערגעלאָזט בײַ די צוהערער אַ פּײַנ־לעכן אײַנדרוק. בײַ דער געלעגנהײַט האָט ראָכל קאָרן זיך אויך אָפּגערעכנט מיט שאָלעם אַשס „מוישע“ און מיט זײַן באַנד דערשיטערנדיקע דערציילונגען וועגן דער ייִדישער טראַגעדיע בימיי היטלער — „דער ברענענדיקער דאָרן“.

אַוודע מוז מען ניט מיט אַלץ, וואָס ס'האָט געזאָגט און געשריבן אַפֿילע אַ גרויסער שרײַבער, מאַסקים זײַן. אַוודע קאָן מען אין דער ליטעראַרישער יערושע פֿון יעדן שרײַבער, אויך פֿון די גרעסטע, געפֿינען מער שלייִ־מעסדיקע ווערק און ווייניקער. אָבער דאָס „הענגען טויטע קעץ“ אויף איינעם פֿון אונדזערע גרעסטע שרײַבער, וואָס האָט פֿאַרשאַפֿט אַ סאַך קאָוועד און כשיוועס דער ייִדישער ליטעראַטור, פֿאַרשאַפֿט ניט קיין קאָוועד די, וואָס טוען עס.

י. גוטקאָוויטש

(„ייִדישע שריפֿטן“ נומ. 4, III 1965)

# נאָטיצן אפן קאַלענדאַר

# שרײַבער און ווערק

דעם 14 אָקטיאָבער ווערט אָפּגעמערקט דער 125־טער געבורטסטאָג פונעם גרויסן רוסישן ליטעראַטור־קריטיקער, פובליציסט און רעוואָליוציאָנער דמיטרי איוואַנאָוויטש פּיסאַרעוו.



ד. פּיסאַרעוו האָט אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט אין א פּעריאָד, ווען די אויפמערקזאַמקײַט פון דער רוסישער געזעלשאַפט איז געווען צוגעשמידט צו דער פּויערים־פראַגע. שוין אין זײַן ערשטער גרויסער ליטעראַריש־פילאָסאָפישער אַרבעט „די סכאָלאַסטיק פון XIX יאָרהונדערט" איז ער אַרויסגעטראָטן ניט בלויז קעגן דעם לײַב־אייגנטום און דער צאַרישער זעלבסטהערשונג, נאָר אויך קעגן דעם מײַרעוו־אייראָפּעיִשן קאַפּיטאַליזם. באַזונדערס אינטערעסאַנט אין דעם פּראַט זײַנען די אַרטיקלען „סקיצן וועגן דער געשיכטע פון אַרבעט" (1863), „דער דענקענדיקער פּראָלעטאַריאַט" (1865), וועגן נ. ג. טשערנישעווסקיס ראָמאַן „וואָס דאַרף מען טאָן?"), „מיר וועלן זען!" (1865) אאַ.

אין יול 1862 האָבן די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען אַרעסטירט פּיסאַרעוון פאַר אן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט פּאַרטיידיקט א. הערצענען. פיר מיט א האַלבן יאָר איז ער אָפּגעזעסן אין פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג; אין די שווערע טפיסע־באַדינגונגען האָט ער ניט איבערגעריסן זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט.

ד. פּיסאַרעוו איז ניט שטענדיק געווען פרײַ פון פעלערהאַפטע אַרויסזאָגונגען אין די פראַגן פון קונסט. אין אייניקע זײַנע אַרבעטן האָט ער אַף א וווּלגאַרן אויפן אינטערפּרעטירט בעלינסקיס און טשערנישעווסקיס עסטעטישע אָנשויונגען („דער כורבן פון דער עסטעטיק", „פּושקין און בעלינסקי", 1865). ניט געקוקט אָבער דערויף, דינען ד. פּיסאַרעווס ליטעראַרישע אַרבעטן אַלס מוסטער פון הויכן עסטעטישן און אידייִשן אַנאַליז פון א קונסטווערק. אַלס בײַשפּיל פון אַזאַ אַנאַליז קאָן מען אָנרופן, אַשטייגער, דאָס אַרטיקל „היינריך היינע".

ד. פּיסאַרעוו האָט געלעבט סאַכאַקל 28 יאָר. דעם 4 יול 1868 איז ער דערטרונקען געוואָרן באַם באָדן זיך אין יאַם, הינטער ריגע.

דעם 14 אָקטיאָבער איז געוואָרן 80 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דאַוויד איגנאַטאָוו (איגנאַטאָווסקי).



ד. איגנאַטאָוו האָט זיך דערצויגן בא אָרעמע עלטערן אינעם שטעטל ברוסילאָוו (קיִעווער געגנט). אין 1906 עמיגרירט ער קיין אַמעריקע, וווּ ער הייבט אָן זײַן ליטעראַריש שאַפן. איגנאַטאָווס ערשטע דערציילונגען „ערוואַכונג" (1906), „צוויי קרעפטן" (1908) זײַנען פאַרבונדן מיטן אויפקום פון דער גרופּע אַמעריקאַנער יידישע שרײַבער „די יונגע".

אין זײַנע ווערק האָט ד. איגנאַטאָוו געשילדערט דאָס לעבן פון די יידן אין אַמעריקאַנער „קעסל־גרוב".

אַמערסטן אָריגינעל אַלס פּראָזע־קינסטלער איז ד. איגנאַטאָוו אין זײַנע אייגנאַרטיק איבערגעדיכטעטע מאָטיוון פון אַלטע יידישע פאָלקס־לעגענדעס און כסידישע מײַסעס.

אין 1919 זײַנען אין פאַרלאַג „אַמעריקע", וואָס איגנאַטאָוו האָט געגרינדעט, דערשינען זײַנע געזאַמלטע ווערק אין פיר בענדער: „אין קעסל־גרוב", א ראָמאַן אין דרײַ טיילן; „צווישן צוויי זונען" — דערציילונגען און לידער אין פּראָזע; „דאָס פאַרבאָרגענע ליכט" — געבויט אַף די מײַסעס פון נאַכמען בראַסלעווער; „וווּנדער־מײַסעס פון אַלטן פּראָג". עס זײַנען באַוווּסט אויך איגנאַטאָווס דראַמעס אַף ביבלישע טעמעס „ייִפטאַך", „גידעון" און א טרילאָגיע „אַף ווײַטע וועגן".

ד. איגנאַטאָוו האָט אָנטיילגענומען אין דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריזש אין 1937 און איז געשטאַנען נאָענט צו דעם פּראָגרעסיוון קולטור־פאַרבאַנד „איקוף".

געשטאָרבן איז דאַוויד איגנאַטאָוו אין ניו־יאָרק דעם 26 פעווראַל 1951.

דעם 6 אָקטיאָבער איז געוואָרן 75 יאָר, זינט עס איז אין גראָדנע געבוירן געוואָרן לייב נײַדוס.

אין דער געשיכטע פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע פאַרנעמט לייב נײַדוס אַן אָרט קווידעמקאָל אַלס מײַסטער פון ווערסיפיקאַציע. זײַן פּאָעטיק איז רײַך מיט אָריגינעלע גראַמען און טעכניש גוט געבויטע סטראָפן. אין זײַן שאַפן פילט זיך אַן אייגנאַרטיקע דיכטערישע קראַפט. דער דיכטער איז אָבער זייער יונג געשטאָרבן (1918) און ער האָט ניט



באוויזן צו געבן דער ליטעראַטור דאָס, וואָס ער איז פּאָטענציעל געווען בעקויעך צו געבן.

פאר די צען יאָר פון זײַן דיכטעריש שעפעריש לעבן איז לייב ניידוס געווען זייער פּראָדוקטיוו. בא זײַן לעבן האָט ער באוויזן ארויסצוגעבן נאָר איין בוך „ליריק“ (ווילנע, 1915). צוליב די שווערע מילכאָמע־באדינגונגען איז ער אָבער ניט באמערקט געוואָרן אין דער דעמלטיקער ליטעראַרישער וועלט.

ערשט נאָך זײַן פריצײַטיקן טויט, ווען אין זײַן היימשטאָט גראָדנע איז ארויס אין 1919 א זאמלונג פון זײַנע לידער אונטערן נאָמען „אינטימע ניגונים“, איז ער אָפּגעשאצט געוואָרן פון דער ליטעראַטור־קריטיק.

אין 1923 איז באַם ווארשעווער פאריין פון יִדישע ליטעראַטן און זשורנאליסטן געשאפן געוואָרן א ספּעציעלער קאָמיטעט אף ארויסצוגעבן לייב ניידוסעס אויסגעווײלטע ווערק. אין פארלויף פון עטלעכע יאָר איז פון זײַן ליטעראַרישער יערושע אָפּגעדרוקט געוואָרן: „דאָס בוך פון פּאָעמען“, „ליטווישע אראבעסקן“, „שנירלעך פּערל“, „רוסישע דיכטונג“, וואָס באשטייט פון זײַנע איבערדיכטונגען פון א. פּושקינס און מ. לערמאָנטאָווס ווערק, און א בוך „פון וועלט־פּארנאס“ (די איבערזעצונג פון שארל באָדלערס „בלומען פון שלעכטס“ און לידער פון די פראנצויזישע דיכטער ווערלען, גאָטיע אא.).

דעם 3 אָקטיאבער ווערט 70 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער רוסישער סאָוועטישער דיכטער סערגיי אלעקסאנדראָוויטש יעסענין.

ס. יעסענין האָט געשטאמט פון אן אָרעמפּויערישער מישפּאָכע פון ריאזאנער גובערניע (דאָרף קאָנסטאנטינאָוואָ, איצט יעסענינאָ). לידער האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן זייער פרי — צו נײַן יאָר.

יעסענין האָט צוזאמען מיט בלאָק, מאיאקאָווסקין און אנד. הייס באגריסט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע און אין א ריי ווערק באזונגען איר גרויסקײַט. אויב אין זײַן פּאָעמע „די פערציקטאָגיקע טפילעס“ („סאָראָקאָוסט“, 1920—1921) פילט זיך די בענקשאפט פונעם דיכטער נאָכן אלטן רוסלאנד, וואָס גייט אראָפּ פון דער ארענע, איז אין זײַנע ווערק פון 1924—1925 שוין בוילעט צו זען,



ווי ער ווערט אַלץ מער באפרײַט פון די באגרענעצטע פּאטריאַרכאלע אָנשויונגען און נעמט ריכטיקער אויף די רעוואָליוציאָנערע ווירקלעכקײַט („באלאדע וועגן די 26“, לידער וועגן וו. אי. לענינען, „רוסלאנד דאָס סאָוועטישע“, „אנא סנעגינא“ אא.). אין די דאָזיקע יאָרן האָט יעסענין געשאפן א ריי שטארקע, דורכדרינגלעכע לירישע ווערק וועגן די איבערלעבונגען און געפילן פונעם סאָוועטישן מענטשן. סערגיי יעסענינס ליבע־לידער, זײַנע ווערק וועגן דעם נײַעם שטייגער זײַנען באליבט צווישן די ברייטע לייענער־קרײַזן. באנאנד דערמיט האָט אָבער דער דיכטער ניט געקאָנט באפרײַען זיך פון די פּעסימיסטישע שטימונגען און פון דער באָהעמישער ארומרינגלונג. דאָס האָט אים געבראכט דערצו, אז אין עלטער פון 30 יאָר (1925) איז ער באגאנגען זעלבסטמאָרד.

דעם 15 אָקטיאבער 1885 איז אין סלוצק, מינסקער געגנט, געבוירן געוואָרן דער העברעיִש־יִדישער שרײַבער יִצכאָק־דויוו בערקאָוויטש.

י.־ד. בערקאָוויטש האָט אָנגעהויבן זײַן ליטעראַריש שאפן אין 1903 מיט העברעיִשע דערציילונגען. אין דעם זעלבן יאָר האָט ער פאר זײַן דערציילונג „מאָשקעלע כאזער“ באקומען די ליטעראַרישע פּרעמיע פון דעם זשורנאל „האצויפע“ (הצופה).

אין דעם פאָרוואָרט צו י.־ד. בערקאָוויטשעס ערשטער גרעסערער דערציילונג אין יִדיש „אויגערקעס“ האָט שאָלעם־אלייכעם צווישן אנדערן געשריבן:

„מיר האָבן פאר זיך א טאלאנט א געזונטן, א פרישן, וואָס לעבט, וואָס צאפּלט, וואָס שילדערט, וואָס מאָלט אונדז טיפן און בילדער פונעם אַלטעגלעכן יִדיש־מענטשלעכן לעבן“...

שאָלעם־אלייכעם האָט אונטערגעשטראָכן די רעאליסטישע עלעמענטן אין י.־ד. בערקאָוויטשעס שאפן, וועלכע האָבן אים באזונדערס אויסגעטיילט פון די מאָדערניסטישע שרײַבער אין יענע יאָרן.

י.־ד. בערקאָוויטשעס פּיעסן „אונטערן ציילעם“, „פון יענער־וועלט“, „אין די ווײַטע לענדער“ אא., ווו עס ווערט באוויזן דאָס יִדישע לעבן אין פאר־רעוואָליוציאָנערן רוסלאנד און דאָס לעבן פון די עמיגראנטן אין אמעריקע, זײַנען מיט אינטערעס אויפגענומען געוואָרן פון דעם יִדיש־אמעריקאנישן צושויער.



י.־ד. בערקאָוויטש האָט גלענצנדיק איבערגעזעצט שאָלעם־אלייכעמס ווערק אין העברעיִש. צום צענטן יאָרצײַט פון דעם גרויסן שרײַבער האָט בערקאָוויטש ארויסגעגעבן אין ניו־יאָרק א „שאָלעם־אלייכעם־בוך“, ווו ער האָט צונויפגעזאמלט א סאך ווערטפולע מאטעריאלן און דאָקומענטן וועגן שאָלעם־אלייכעמען. אויך אין זײַנע פינף ביכער „הראשונים כבני אָדם“ (האָרישוינים קיווניי אָדאָם) זײַנען פאראן אינטערעסאנטע זיכרוינעס וועגן דעם לעבן און שאפן פון די קלאסיקער פון דער יִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור.

זינט 1928 לעבט י.־ד. בערקאָוויטש אין יִסראָעל.



אילוסטראַציע צו אַלעקסיי טאָלסטאָיס
טרילאָגיע „דער וועג פון פּיַין“.

קינסטלער י. קוזקאָווסקי



דער מארש אף טאמאן. (עסקיז. לינאָגראַווירע).

קינסטלער י. קוזקאָווסקי

יויסף קוזקאָווסקי איז געבוירן אין 1902. ער איז אן אָנגעזעענער סאָוועטישער קינסטלער־רעאַליסט.

י. קוזקאָווסקי וווינט אין ריגע, וווּ ער מאָלט פּאָרטרעטן פון זײַנע מיטצײַטלער, ארבעט אף קאָמפּאָזיציאָנעלע זשאַנער־צייכענונגען און עסטאמפּ. ער איז אויך א גלענצנדיקער גראַפיקער. זײַנע איליוסטראַציעס צו ביכער האָבן גרויס דערפאָלג באם מאסן־לייענער. אן אָנגעזעענעם אָרט אין קוזקאָווסקיס שאַפונגען פארנעמט די לענין־טעמע, די געשיכטע פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע און די טעמע וועגן בירגערקריג.

אין די צוויי ארבעטן, וועלכע מיר פארעפנטלעכן, וועט דער לייענער זיך באקענען מיט י. קוזקאָווסקין אלס גראַפיקער.

